סיוויקס

# ווי אזוי אמעריקא ווערט רעגיערט

פון
הלל ראגאף

---

אין דריי טהיילען

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס“
175 איסט בראדוויי, ניו יארק
1917

## קאפיטעל 1.

# דיא נאציאנאלע רעגיערונג און דיא סטייט רעגיערונג.

דיעזע לאנד רופט זיך דיא „יונייטעד סטייטס“, דיא פעראייניגטע שטאאטען. אין איהר זיינען פערבונדען א צאהל סטייטס, וועלכע האבען בעזונדערע רעגיערונגען, בעזונדערע געזעצע, בעזונדערע קאנסטיטושאנס. אין ניו יארק סטייט, צום בייספיעל, ווערט א גאווערנאר ערוועהלט אויף צוויי יאהר, אין מאססאטשוזעטס סטייט ווערט ער ערוועהלט אויף איין יאהר, אין איינינגע אנדערע סטייטס אויף פיער יאהר. אין ניו יארק סטייט קען א מאן אדער א פרוי ניט גט'ען איינע דיא אנדערע סיידען עס ווערט בעוויעזען, אז ער אדער זיא האט געהאט געשלעכטליכען פארקעהר מיט אן אנדערען. אין נעווואדא סטייט, קען א פרוי קריגען א גט, ווען דער מאן פערלאזט איהר אויף א געוויסע צייט. אין ניו יארק סטייט האבען פרויען ניט קיין רעכט צו וואוטען; אין קאלאראדא סטייט האבען זיי דיזע רעכט גלייך מיט דיא מעננער.

און פון דעסטוועגען זיינען דיא אלע בעזונדערע סטייטס מיט זייערע פערשיעדענע געזעצע און בעזונדערע קאנסטיטושאנס פעראייניגט אין איין גרויסען פאלק, אונטער איין רעגיערונג, וועלכע געפינט זיך אין דער הויפט שטאדט וואשינגטאן. וויא אזוי, אלזא, קען דאס זיין? וויא אזוי קענען דיא סטייטס האבען אי איין רעגיערונג פאר אלעמען, אי בעזונדערע רעגיערונגען פאר יעדע?

פאר אן אויסלענדער איז דיעזע פראגע א גאנץ שווערע. זאגאר דיא אינטעליגענטען געפינען עס פון אנפאנג ניט לייכט

פארנאנדערצופלאנטערען. עס פאדערט זיך ערקלעהרונג, ווייל דיעזער סיסטעם, דיעזער סארט „דאפעלטע רעגיערונג“, זא צו זאגען, איז אן אמעריקאנער נייעס. אין יוראפ האט מען דערפון קיין מאל ניט געוואוסט; און איצטער וויים מען דארטען דערפון אויך ניט.

אין רוסלאנד, צום ביישפיעל, זיינען אויך דא גובערניעס און דיעזע גובערניעס האבען אויך יעדערע איהר אייגענעם ג־בערנאטאר, איהר אייגענע פאליציי, און זא ווייטער. דארטען אבער זיינען דיא גובערניעס בלויז אפטהיילונגען, ברענטשעס פון דיא „צענטראלע“ רעגיערונג אין פעטערבורג. דיא לאנד איז איינגעטהיילט אין גובערניעס, כדי עס זאל פאר דער צענטראלער רעגיערונג זיין לייכטער איהר צו פערוואלטען. דאס איז פונקט אזוי וויא א באס, וואס האט א גרויסע פעקטארי איבער עטליכע פלאאר, שטעלט אוועק אויף יעדען פלאאר א בעזונדערען פארמאן. דער באס אליין, אדער איין פארמאן אליין, קען אויף אלע פלאארס ניט אויפפאסען. דיא געזעצען אין אלע גובערניעס זיינען אבער פונקט דיא זעלבע, פון דיא קלענסטע ביז דיא גרעסטע. ווייל דיא איינציגע קערפערשאפט וואס האט דאס רעכט צו מאכען געזעצען פאר דער גאנצער לאנד, איז דיא צענטראלע רעגיערונג אין פעטערבורג. דיא בעזונדערע גובערניעס האבען דיעזע רעכט ניט.

אונגעפעהר דאס זעלבע געפינען מיר אויך אין ענגלאנד, כאטש ענגלאנד איז א בעגרענעצטע מאנארכיע, און אויך אין פראנקרייך, כאטש פראנקרייך איז א פאלקאמענע רעפובליק, אזוי וויא דיא פעראייניגטע שטאאטען.

אין דייטשלאנד און אין עסטרייך איז אויך דא א דאפעלטע סארט רעגיערונג. דארטען אבער איז עס פון א גאנץ אנדערער כאראקטער. עסטרייך און אונגארן זיינען כמעט צוויי בעזונדערע רעגיערונגען. יעדע פון זיי האט איהר אייגענעם פארלאמענט. אין דייטשלאנד זיינען דא טהיילען, וואס זיינען כמעט אין גאנצען אונאבהענגיג פון דער פעדעראלער רעגיערונג. א לאנד, אין וועלכער דיא בעזונדערע טהיילען זאלען צו דערזעל־

בער צייט זיין אזוי שטארק פעראייניגט און אי ווייט אפגע־זונדערט וויא אין דיא פעראייניגטע שטאאטען איז אין יוראָפּ ניטאָ.

לאָמיר יעצט טרייען צו פערשטעהן דיא רעגיערונגס־סיס־טעם אין דיעזען לאנד. דערצו וועט זיין נויטיג אלס אן הקדמה איינינע פאקטען פון דער אמעריקאנער געשיכטע.

בשעת די אמעריקאנער רעגיערונג איז אָרגאניזירט גע־וואָרען, דאָס הייסט, ווען מען האָט דאָ פערפאסט דיא קאָנסטי־טושאָן אין דעם יאָהר 1787, איז דיא לאנד בעשטאנען פון 13 קאָלאָניעס; און יעדע קאָלאָניע האָט געהאט איהר אייגענע רע־גיערונג און איהרע אייגענע געזעצע. זיי זיינען יעדע בעזונדער געוועזן א סטייט, מען קען זאָגען א נאציאָן פאר זיך. עס איז רעכט געוועזן, אז איין סטייט פלעגט ניט ערלויבען דיא צווייטע ארייגצופיהרען אין איהר סחורה. נויאָרק און ניו דזשוירזי, צום ביישפּיעל, האָבען דאמאלס געפיהרט צווישען זיך א האנ־דעלס מלחמה. א פּארמער פון ניו דזשוירזי האָט געמוזט בע־צאָהלען אן אונגעהויער גרויסען טעקס ווען ער האָט געוואָלט ברענגען זיינע תבואה און אנדערע פארם־פּראָדוקטען צו פער־קויפען אין ניו יאָרק. דיא מעהרסטע סטייטס האָבען דאמאָלסט איינע דיא אנדערע געהאסט, און האָבען איינע מיט דיא אנדע־רע קאָנקורירט.

צווישען דיעזע 13 סטייטס איז דאמאָלסט אפילו יע גע־ווען א שטיקעל פערבאנד, א פעראייניגונגס־קאָנטראקט, וועל־כען דיא קאָלאָניעס האָבען געמאכט צווישען זיך, ווען זיי האָ־בען זיך ערקלערט אונאבהענגיג פון ענגלאנד אין דעם יאָהר 1776. דיעזער קאָנטראקט האָט אָבער קיין שום ממשות ניט געהאט. אן אבמאך האט בלויז דאן א ווערדע, ווען ס'איז דאָ א מאכט, וואָס זאָל קענען צווינגען דיא צדדים זיי זאָלען פאָלגען דיא פונקטען און אָבמאך. אזא מאכט איז דאמאָלסט דאָ ניט געווען. מען האָט זיך דארום געמוזט פערלאָזען אויפ'ן יושר פון דיא בעזונדערע סטייטס, דאָס הייסט, פון די צדדים גופא, אז זיי וועלען טהאָן דאָס, וואס זיי האָבען פערשפּראָכען, און

נאטירליך, איז דיעזע ערוואַרטונג ניט ערפיללט געוואָרען.

דיא אומשטענדען האָבען אָבער ענדליך געצוואונגען דיע־זע 13 בעזונדערע סטייטס, בעזונדערע „נאַציאָנענלאך“ זיך צו פעראייניגען אונטער איין אלגעמיינע, צענטראלע רעגיערונג. זיי האָבען איינגעזעהן, אז כל זמן זיי וועלען בלייבען בעזונדער, וועלען זיי ניט קריעגען פון דיא גרויסע וועלט מעכטע דעם רעספעקט און דיא אנערקענונג, וואָס א פאָלק מוז האָבען. צוויי־טענס, זיינען זיי מיעד געוואָרען פון דיא „האנדעלס מלחמות“, וועלכע האָבען געשטערט דיא ענטוויקלונג פון ביזנעס און פון אינדוסטריען.

אָבער א צענטראלע רעגיערונג האָבען דיא גרויסע מאס־סען, צום וועניגסטענס, זעהר, זעהר ניט געוואָלט. זיי האָ־בען איהר בעטראכט פאר א געפאהר. זיי האָבען מורא געהאט. אז א שטארקע צענטראלע רעגיערונג וועט מיט דער צייט ווערען דעספאָטיש און וועט אוועקרויבען ביי דיא סטייטס זייערע רעכטע און ביי דיא בירגער זייער פרייהייט.

עס איז, אלזאָ, אבסאָלוט אונמעגליך געווען דאמאָלסט אָפּצושאפען דיא בעזונדערע סטייט־רעגיערונגען און גרינדען אויף זייער פלאטץ איין גרויסע צענטראלע רעגיערונג פאר אלע סטייטס. צווישען דיא שטאאטסלייטע, וועלכע האָבען דיא קאָנסטיטושאָן פערפאסט, זיינען געווען אזעלכע, וועלכע האָבען אזא פעסטע צענטראלע רעגיערונג גרייליך געוואלט, אָבער זיי האָבען ניט געוואגט דאס זאגאר פארצושלאָגען. ביי אלעמען איז עס געווען אן אנגענומענע זאך, אז דיא סטייט רעגיערונגען וועלען מוזען פערבלייבען אויף ווייטער; מעהר ניט זיי וועלען א געוויסע טהייל פון זייערע אויפגאבען און רעכטע און מאכט אי־בערגעבען דער נייער נאַציאָנאלער אדער צענטראלער רעגיערונג.

און דאס האָבען דיא סטייטס ווירקליך געטהאָן. זיי האָ־בען פאר זייערע אייגענע רעגיערונגען איבערגעלאָזען אללעס וואָס האט צו טהאָן מיט דעם לעבען פון דעם איינצעלנעם, פון

דער פאמיליע און פון דער אינערליכער געזעלשאפט און האנדעל. דער רעגיערונגס אויפגאבען, וועלכע האבען אבער צו טהאן מיט אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען אדער מיט דעם האנדעל און דיא איינריכטונגען און דיא פערבינדונגען צווישען דיא פערשיעדענע סטייטס,—דאס איז איבערגעגעבען געווארען צו דער ניי־געגרינדעטער נאציאנאלער רעגיערונג.

דער שכל דערפון איז א פשוט׳ער.

עס זייגען דא געזעצע, וואס מוזען ניט דוקא זיין דיא זעלבע אין אלע סטייטס. נעהמט, צום ביישפיעל, דיא געזעצע וואס מיר האבען אויבען דערמאנט: וועגען גט׳ען זיך, וועגען פרויען רעכטע. דיא אלגעמיינע לאגע פון דיא איינצעלנע בירגער לײדען אויף א האאר ניט דערפון, וואס דיעזע געזעצע זייגען אנדערש אין ניו יארק וויא אין אנדערע סטייטס.

נעהמט אבער אזא אלגעמיינע זאך וויא א האנדעלס־אבמאך מיט רוסלאנד, צום ביישפיעל. ווען יעדע סטייט וועט מאכען א בעזונדערען אבמאך מיט פערשיעדענע פונקטען, וועלען אלע סטייטס דערפון ליידען, ווייל עס וועט אויסברעכען א קאנקורענציע צווישען דיא סטייטס; און רוסלאנד וועט קענען פון אלעמען ארויסרייסען דיא בעסטע בעדינגונגען פאר זיך און געבען דיא ערגסטע פאר דיא סטייטס. דאס זעלבע איז אויך מיט אזוינע זאכען, וויא דיא פאסט אדער געלד מאכען. וויבאלד דיא פאסט געהט פון איין סטייט אין דער צווייטער, וואלט עס געווען זעהר שלעכט פאר יעדע פון זיי, אז יעדע סטייט זאל האבען א בעזונדערען סארט סיסטעם מיט בעזונדערע מעטהאדען און איינריכטונגען.

אלזא, עס זיינען פאראן אויפגאבען, וואס קענען לייכט דורכגעפיהרט ווערען פון יעדע סטייט רעגיערונג אויף איהר איינענעם ארט; און עס זיינען פאראן אנדערע אויפגאבען, וועלכע מוזען דורכגעפיהרט ווערען פאר אלע סטייטס צוזאמען. דיא ערשטע קלאססע אויפגאבען זיינען פערבליעבען אין דיא הענד פון דיא סטייט רעגיערונג ביז היינטיגען טאג. פאר דיא צווייטע קלאססע אויפגאבען איז מיט 134 יאהר צוריק, אין 1781, געגרינדעט געווארען דיא נאציאנאלע רעגיערונג.

יעדער בירגער אין דיעזער לאַנד האט איבער זיך, אלזאָ, צוויי רעגיערונגען: דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג און דיא סטייט רעגיערונג פון דער געוויסער סטייט, אין וועלכער ער וואָהנט. דער יאָך איז פאר איהם דורך דעם ניט שווערער, וויא אין דיא יוראָפּעאישע לענדער, וואו ער האָט איבער זיך ניט מעהר וויא איין רעגיערונג. דיא פפליכטען וואס דער בירגער האָט דאָרטען אלס רעגיערונגס־אונטערטהאַן זיינען ניט וועניגער ווי־דיא פפליכטען וואָס ער האָט דאָ. מעהר ניט, דאָרטען איז ער פאר אלע פפליכטען פעראַנטוואָרטליך צו איין אלגעמיינע רע־גיערונג. דאָ איז ער פאר איין טייל פעראַנטוואָרטליך צו דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג און פאר אַ צווייטער טהייל צו דע־ר סטייט רעגיערונג.

אין אלגעמיין קומען דיעזע צוויי רעגיערונגען זעלטען אין בעריהרונג און נאָך זעלטענער אין צוזאַמענשטויס. יעדע פון זי־וויסט, וויא וויט דיא פעלד פון איהר ארבייט גרייכט. און זעהט, ניט איבערצוטרעטען דיא גרענעצען.

נאָר אין גאַנצען הארמאָניש לעבען דיא צוויי רעגיערונגען צווישען זיך ניט. אמאָל איז ווירקליך שווער צו ענטשיידען צי אַ געוויסע אנגעלעגענהייט איז אַן אלגעמיינע פאָלקס־פראגע, צי זיא איז אַ לאָקאלע סטייט־פראגע. אָט, צום ביישפּיעל, האָ־בען דיא גרעסטע שטאַאַטס־לייטע פון לאַנד זיך ניט גע־קענט אייניגען מיט זעכציג, זיעבעציג יאָהר צוריק, צי דיא פראגע וועגען ניגער־שקלאַפעריי געהערט צו דער צענטראלער רעגיערונג אין וואשינגטאָן, צי זיא געהערט צו דיא בעזונדער־ע סטייט רעגיערונגען.

דיא ערשטע צייט נאָכדעם, וויא דיא צענטראלע רעגיערונג איז געגרינדעט געוואָרען, איז דאָס פאָלק געוועזען געניינט אין אזוינע פעלע צו ענטשיידען צו גונסטען דיא סטייט רעגיערונ־גען, ווייל וויא מיר האָבען שוין ערקלערט, האָבען דיא ביר־גער דאמאלס געקוקט מיט פערדאַכט, מיט שרעק אויף דער נאַ־ציאָנאַלער רעגיערונג, און האָבען איהר געוואָלט געבען וואָס וועניגער מאכט. מיט דער צייט אבער האט דאס פאָלק דאָ

גענומען א פארקעהרטע ריכטונג. דיא צענטראלע רעגיערונג ווערט איצטער אנערקענט אלס דיא וויכטיגערע, מען קען זאָגען, אלס דיא הויפט רעגיערונג. דער קאָנגרעס אין וואשינגטאָן ערלויבט זיך צו מאכען געזעצע וועגען זאכען, וואָס האָבען ווירקליך א קנאפע שייכות מיט דער אלגעמיינער לאנד פערוואלטונג, זאכען וואָס קענען גאנץ לייכט איבערגעלאָזען ווערען אין דיא הענד פון דיא פערשיעדענע סטייט רעגיערונגען. אמאָל וואָלט אזא האנדלונג פון קאָנגרעס ארויסגערופען פראָטעסטיין פון דיא בירגער און פון דיא סטייט פערוואלטער. איצטער זיינען אלע דערמיט צופריעדען.

דיא אלגעמיינע צענטראלע, נאציאָנאלע רעגיערונג ווערט מעכטיגער פון טאָג צו טאָג. דיא שרעק פון דיא גרינדער איז, אלזאָ, מקוים געוואָרען. דיא נאציאָנאלע רעגיערונג איז געוואָרען שטארקער וויא דיא סטייטס, וואָס האָבען איהר געגרינדעט. צי דאָס איז א חסרון פאר דיא בירגער, צי די הערשאפט פון דער אלגעמיינער רעגיערונג איז ווירקליך דעספאָטיש אזוי וויא דיא גרינדער האָבען ערווארטעט, דאָס איז א פראגע, וואס איז נאָך צו פריה דאָ צו פערענטפערען. מיר וועלען איהר בעהאנדלען נאָכדעם, וויא מיר וועלען דורכשטודירען דעם אויפבוי, דיא אויפגאבען, דיא פפליכטען און דיא פראקטישע ארבייט און דיא געזעלשאפטליכע רעזולטאטען פון דיעזער צענטראלע־רעגיערונג.

---

## קאפיטעל 2.

---

## דיא פערשיעדענע סאָרטען רעגיערונגען אין פערשיעדענע לענדער.

אין יעדע לאנד איז דאָ א רעגיערונג, דאָס הייסט איין מענש אָדער א גרופפע אָרגאניזירטע מענשען, וועלכע האָבען דיא מאכט צו פערפאסען געזעצע און צו צווינגען דיא איינוואָהנער זיי זאָלען דיא געזעצע פאָלגען.

אויב דיעזע פערזאנען, וואס שטעלען פאר מיט זיך דיא רעגיערונג, בעקומען זייער מאכט דורך דעם פרייען ווילען פון פאלק, דאס הייסט, אויב זיי ווערען עלעקטעט פון דיא גרויסע מאססען איינוואהנער, ווענען זיי רעגיערען דערנאך, דאן רופט מען דיא רעגיערונג א פרייע רעפובליק.

אויב דיא פערזאנען קריעגען זייער מאכט און רעכט אלס א ירושה פון זייערע עלטערען און דאס פאלק האט אין דעם קיין שום דעה ניט, דאן רופט מען דיא רעגיערונג אן אבסאלוטע מאנארכי.

פראנקרייך און שווייץ זיינען פרייע רעפובליקען. רוס־לאנד און כינא זיינען ביז מיט אייניגע יאהר צוריק געווען אב־סאלוטע מאנארכיעס.

עס זיינען אבער דא רעגיערונגען, וואס זיינען טהייל־וויין רעפובליקאניש און טהיילווייז מאנארכיסטיש. אט, צום ביישפיעל, דייטשלאנד. דארטען איז דא א קיסר, וועלכער האט אן אונגעהויער גרויסע מאכט אין דער רעגיערונג, און ער ירשנ'ט זיין אמט. ער ווערט פון פאלק ניט ערוועהלט. צו דער זעלבער צייט איז דארטען אויך פאראן א רייכסטאג, א סארט פארלאמענט, וועלכער האט אויך א גרויסע דעה אין דער רעגיערונג. אזא רעגיערונג רופט מען בעגרענצטע מאנארכיע.

דיא מעהרסטע לענדער אין יוראפ ווערען רעגיערט דורך בעגרענצטע מאנארכיען. איהר קענט אין דיעזער ליסטע ארייג־רעכענען: עסטרייך, איטאליען, שפאניען, רומעניען, בעל־גיען, האללאנד, דענמארק, נארוועגיען, שוועדען, גריעכענ־לאנד, טערקיי, רוסלאנד (כלומרשט), סערביען און זא ווייטער.

ענגלאנד איז אן אויסנאהמע. איהר רעגיערונג קען מען ניט רופען מיט קיינעם פון דיא דריי דערמאהנטע נעמען. קיין אבסאלוטע מאנארכיע איז זיא אודאי ניט. מען קען אבער אויך ניט זאגען, אז זיא איז א רעפובליק אדער א בעגרענעצטע מאנארכיע.

אין טהעארי איז ענגלאנד א בעגרענצטע מאנארכי, ווייל זיא האט א קעניג, וועלכער ירשנ'ט זיין טהראן פון זיין פאטער.

פאקטיש אָבער האָט דיעזער קעניג קיין שום מאכט ניט. ער האָט פונקט אזא דעה אין דער רעגיערונג, וויא זיין געשטאָר־בענער טאַטע, פון וועמען ער האָט זיין קרוין גע'ירשנ'ט. דער פאקט איז, דאָס אין ענגלאנד האָט דאָס פאָלק א פיעל גרע־סערע דעה אין דער רעגיערונג וויא אין אמעריקא ; און אמעריקא ווערט דאָך בעטראכט אלס אן עכט פרייע רעפובליק.

אזוי וויא אָהן א נאָמען קען קיין זאך ניט אויסקומען, רופט מען פאָרט ענגלאנד „א בעגרענצטע מאָנארכיע". און ווי עס ווייזט אויס, נעהמט זיך עס דאָס ענגלישע פאָלק גאָר ניט צום הארצען. זיי זיינען פאָרט פרייער וויא די איינוואָהנער פון פיעלע רעפובליקען .

מיט א פאָאָר הונדערט יאָהר צוריק זיינען כמעט אלע לענדער אין יוראָפּ געווען אבסאָלוטע מאָנארכיעס. דער קעניג האָט געהאט דיא גאנצע דעה און דיא גאנצע מאכט. אין איי־ניגע לענדער איז אפילו דאן יע געווען א שטיקעל פארלאמענט, וואָס האָט ביז א געוויסען גראד בעגרענעצט דעם קעניג'ס מאכט. אָבער דער פארלאמענט האָט ניט פארטראָטען דאָס פאָלק. דאמאָלסט האָט בלויז א קליינע הייפעלע אריסטאָקרא־טען און רייכע לאנד־איינגענטהימער געהאט דאָס רעכט צו וואָוטען און דער פארלאמענט פלעגט בעשטעהן פון אריסטאָ־קראטישע פארטרעטער.

אין דעם לעצטען יאהר־הונדערט האָבען דיא גרויסע מא־סען אין דיא מעהרסטע יוראָפּעאישע לענדער אויסגעקעמפפט דיא רעכט צו זיין מעהר אָדער וויניגער פארטראָטען אין דיא רעגיערונגען. אין דיא מעהרסטע פעללע האָבען דיא קעמפ־פע אָנגענומען דיא פאָרמע פון בלוטיגע רעוואָלוציאָנען גע־גען דיא אבסאָלוטע מאכט פון קעניג און פון דער רייכער ארי־סטאָקראטי. ווען דיא רעוואָלוציאָנערען פלעגען זיעגען, פלע־גען זיי ענטוועדער אין גאנצען פארניכטען דיא אלטע מאָנאר־כיע און אויפבויען א נייע פרייע רעגיערונג אויף איהר פלאץ אָדער זיי פלעגען צווינגען דיא אלטע הערשער זיי זאָלען אי־בערגעבען א טהייל פון זייער מאכט צום פאָלק, דאָס הייסט,

זיי פלעגען קריעגען דאס רעכט צו גרינדען א פארלאמענט אדער צו שיקען אין אלטען פארלאמענט פאלקס-פערטרעטער, מענשען וואס ווערען ערוועהלט פון דעם גרויסען אלגעמיינעם עולם.

מיט וואס האבען זיך דיעזע זיעגרייכע רעוואלוציאנערען געקענט פארזיכערען, אז דיא אויסגעקעמפפטע פאליטישע רעכטע, דיא נייע פרייערע פארמע פון דער רעגיערונג, וועלען שטעהן אויף שטענדיג? דיא ערפאהרונג האט זיי געלערענט, אז קעניגע און הערשער אין אלגעמיין זיינען זעהר שלעכטע ווארטס-לייטע; זיי קענען היינט פארשפרעכען גאנצע בערג און אויף מארגען ווערען נאך מעהר דעספאטיש וויא בעפאר.

און ווען דיא אלטע רעגיערונג איז אין גאנצען פערניכטעט געווארען און א נייע איז אויפגעבויט געווארען אויף איהר פלאץ, האט מען אויף דיעזער פראגע אויך געמוזט געפינען אן אנטווארט. וויא אזוי האט דאס פאלק געקענט זיכער זיין, אז דיא מענשען, צו וועמען דיא נייע רעגיערונג וועט אנפערטרויט ווערען, וועלען זיך ניט פיהרען פונקט אזוי דעספאטיש וויא דיא אלטע רעגיערונג? וויא אזוי האט מען זיך געקענט בעווארענען, אז דיא רעגיערונג זאל אויף וויטער ווירקליך בלייבען פריי?

---

## וואס הייסט א קאנסטיטושאן?

דער איינציגער און דער שטארקסטער מיטעל דערצו איז געווען אויפצושרייבען שווארץ אויף ווייס דיא נייע רעגיערונגס-פארמע, דיא געוואונענע פאליטישע פרייהייטען און ערקלעהרען און בעשטימען, אז דיעזער געשריעבענער דאקומענט איז הייליגער און העכער וויא דיא געזעצע און וויא דיא רעגיערונג אין לאנד.

אט אזא דאקומענט, אין וועלכען עס ווערט אויסגעשריעבען פון וואס פאר א בעאמטע דיא רעגיערונג זאל זיין אויפגעשטעלט, וויא אזוי דיעזע בעאמטע זאלען ערהויבען ווערען

צו זייערע שטעלעס און וואס פאר פאליטישע פרייהייטען דאס פאלק זאל האבען און זא ווייטער — אזא דאקומענט הייסט א געשריעבענע קאנסטיטושאן.

אין א לאנד, וואו דיא גאנצע הערשאפט ליעגט אין דיא הענד פון איין מאנארך, וואס בעקומט זיין מאכט בירושה פון זיינע עלטערן, דאס הייסט אין אן אבסאלוטע מאנארכיע, איז ניטא קיין קאנסטיטושאן, ווייל דיא רעגיערונגס־פארמע איז דארטען ניט קיין בעשטימטע. דער מאנארך קען איהר דאך ענדערען ווען ער וויל און וויא ער וויל. און דערצו איז דאך א קאנסטיטושאן, וויא געזאגט, א מיטעל צו בעגרענצען דיא מאכט פון דיא רעגיערער, זיי זאלען ניט קענען אוועקרויבען פון פאלק דיא פרייהייטען, וואס ער האט אויסגעקעמפפט. דיא קאנסטיטושאן איז, אלזא, העכער, הייליגער וויא דיא רעגיערונג, אדער צום ווייניגסטען, וויא דיא רעגיערער; און אין אן אבסאלוטע מאנארכיע איז דאך ניטא קיין שום גרענעץ צו דיא מאכט פון מאנארך, דארטען אין ניטא קיין געזעץ, וואס זאל זיין הייליגער אדער שטארקער וויא דער ווילען פון דעם אבסאלוטען מאנארך.

ווען מען זאגט, אלזא, אז א לאנד האט א קאנסטיטושאן, הייסט עס שוין, אז יענע לאנד האט א געוויסע פארציע פאליטישע פרייהייט. דיא פארציע קען זיך זיין גאר א קליינע, אזוי קליין ,אז פאר דיא גרויסע מאיאריטעט האט זיא קיין שום ווערטה ניט ; אבער אן אבסאלוטע מאנארכיע איז שוין דיא לאנד ניט. אויף אזוי ווייט איז א קאנסטיטושאן אימער א זיג פאר'ן פאלק.

אין גאר א פרייע לאנד אבער, אין א לאנד, וואו דיא רעגיערונג איז דורך און דורך אין דיא הענד פון פאלק, קען אמאל פאסירען, אז א קאנסטיטושאן זאל זיין א חסרון. ווארים וויא באלד דיא קאנסטיטושאן איז הייליגער און שטארקער וויא דיא רעגיערונג, קומט דאך אויס, אז אין א לאנד וואו דיא רעגיערונג איז דאס פאלק אליין, איז דארטען פאראן א מאכט, וואס איז שטארקער און הייליגער פאר'ן פאלק ,א מאכט וואס

בעגרענעצט, זא צו זאגען, דיא אבסאלוטע פרייהייט פון פאלק.

מיר וועלען דיעזען פונקט קלאהר מאכען מיט א ביי־שפיעל.

אין דיא פעראייניגטע שטאאטען איז דיא רעגיערונג אן אבסאלוט פרייע. אין טהעארי הייסט עס האלטען מיר דא, אז דאס פאלק האט דאס רעכט זיך צו רעגיערען וויא ער וויל און מאכען וואס פאר געזעצע ער וויל. און דיעזער פערלאנג און ווילען פון פאלק ווערט נאטירליך אויסגעדריקט פון דיא קאנגרעסלייט, פון דיא סענאטארען און פון פרעזידענט, וועמען דאס פאלק ערוועהלט אלס זיינע פארשטעהער.

קענען דיא קאנרעסלייט, דיא סענאטארען און דער פרע־זידענט, דיא פארשטעהער פון פאלק, ווירקליך טהאן וואס זיי ווילען? קענען זיי מאכען וואס פאר א געזעצע זיי געפעלט? ניין. זיי מוזען זיך רעכענען מיט דער קאנסטיטושאן. דיא קאנ־סטיטושאן איז היילינגער און שטארקער פאר זיי, היילינגער און שטארקער פאר'ן ווילען פון'ם פאלק וועלכען זיי דריקען אויס.

זאל דער קאנגרעס היינט אבשטימען אפצושאפען דעם סע־נאט און זאל דער פרעזידענט דעם ביל אונטערשרייבען, וועט דאס קיין ווערטה ניט האבען. דער סענאט וועט מוזען בלייבען אויף ווייטער וויא געוועז. ווייל דיא קאנסטיטושאן זאגט אז עס מוז זיין א סענאט, און דיא קאנסטיטושאן איז העכער וויא דיא געזעצע וואס דיא פאלקס־פארטרעטער, דער קאנגרעס און דער פרעזידענט, מאכען.

ענגלאנד איז שוין אין דיעזען הינזיכט מעהר פראגרעסיוו וויא אונזער לאנד. ענגלאנד האט קיין קאנסטיטושאן. אין ענגלאנד קענען דיא פאלקס פארטרעטער, דיא מעמבערס פון פארלאמענט טהאן וואס זיי ווילען. ווען דער ענגלישער פאר־לאמענט זאל היינט אפשטימען ארונטערצוּוואַרפען דעם קעניג, ווערט ער אראפגעווארפען און פארקעהרט אויך. ווען ער דער פארלאמענט זאל אפשטימען צו געבען דעם קעניג מעהר מאכט, קריעגט ער מעהר מאכט. דער פרינציפ פון דער ענגלישער רעגיערונג איז, אז דאס פאלק דריקט אויס זיין ווילען דורך דעם

פּארלאמענט, וואָס ער ערוועהלט, און דער ווילען פון פאָלק טאָר אויך א האָאר ניט בעגרענעצט ווערען. דאָס פאָלק האָט זאָגאר דאָס רעכט זיך צו פערשקלאפען, אויב שקלאפעריי געפעלט איהם בעסער וויא פרייהייט.

דיא אמעריקאנער ערקלעהרען, אז זייער רעגיערונג איז א בעסערע וויא דיא ענגלישע. זייער טענה איז, אז נאָך אלעמען איז עס בלויז א טהעאָרי, אז דיא ערוועהלטע פון פאָלק, דיא זאָגענאנטע פאָלקס פארטרעטער, טהוען דאָס וואָס דאָס פאָלק פערלאנגט. פיעלע מאָהל טהוען זיי וואָס עס איז גוט פאר זיי אליין, ניט פאר דיא גרויסע פאָלקס מאססען. און וויבאלד אזוי, זאָגען דיא אמעריקאנער, דארף דאָס פאָלק האָבען א קראפט וואָס זאָל זיין שטארקער וויא דיא רעגיערונג, וויא דיא פאָלקס פארטרעטער, א קראפט וואָס זאָל זיי קענען איינהאלטען ווען זיי טרייען צו לויפען צו נוייט, ווייטער וויא דאָס פאָלק וואָלט געוואָלט. און דיעזע קראפט איז דיא קאָנסטיטושאָן.

דערויף ענטפערען דיא ענגלענדער מיט פאקטען. זיי ווייזען אן, אז אין זייער רעגיערונג פיהרט דאָס פאָלק דורך זיינע פערלאנגען פיעל שנעלער וויא אין אמעריקא, און אז עס האָט נאָך ביז איצטער ניט פאסירט, אז דיא ענגלישע פאָלקס-פער־טרעטער זאָלען ארויסשפּרינגען פון דיא האָלאָבליעס און מיסברויכען זייער מאכט מעהר וויא דיא אמעריקאנער קאָנ־גרעסלייט.

אין ענגלאנד האָט דער פּארלאמענט דורכגעפיהרט פיעלע פּראָגרעסיווע געזעצע, וועלכע דאָ אין אמעריקא איז אונמעגליך דורכצופיהרען צוליעב דער היגער קאָנסטיטושאָן. אללע גיבען צו, אז דיא גרויסע אמעריקאנער מאסען ווילען זעהר אז אזעלכע פּראָגרעסיווע געזעצע זאָלען דאָ אויך אָנגענומען ווערען. די רע־גיערונג זאָגאר אנערקענט עס. דער בעוויין איז, דאָס מאנכע פון זיי זיינען שוין אָנגענומען געוואָרען פון קאָנגרעס און אונ־טערגעשריעבען געוואָרען פון פּרעזידענט. דאָך האָט מען זיי דאָ געמוזט פארווארפען, ווייל דיא קאָנסטיטושאָן שטעהט דיעזע געזעצע אין וועג.

דיא ראדיקאלערע דענקער אין אמעריקא גיבען צו, אז ענג־לאנד האט א פרייערע רעגיערונג וויא אמעריקא. זיי בעטראכ־טען דיא אמעריקאנער קאנסטיטושאן אלס א שטערונג צו א פאלקאמענע פאלקס רעגיערונג.

דיא גרויסע מאססען אמעריקאנער און די מעהרסטע שריי־בער און דענקער גלויבען אבער ניט אזוי. זיי האלטען דיא קאנ־סטיטושאן פאר היילינ, און שרייבען איהר צו דעם גאנצען מא־טעריאלען פראגרעסס וואס דיעזע לאנד האט געמאכט אין דיא לעצטע 126 יאהר, זייט דיא קאנסטיטושאן איז אריין אין קראפט. און דיעזע שרייבער און דענקער פארפעהלען קיינמאל ניט אנצואווייזען אויף דיא מיינונג, וועלכע איינער פון דיא גרעסטע פרעמיערס פון ענגלאנד האט אויסגעדריקט וועגען דיא אמעריקאנער קאנסטיטושאן. דיעזער פרעמיער איז געוועזען גלאדסטאן און ער האט געזאגט דאס פאלגענדע:

„דיא אמעריקאנער קאנסטיטושאן איז דיא וואונדערבא־סטע שטיק ארבייט וואס דיא מוחות פון מענשען האבען געשא־פען אין א בעגרענעצטע שטיק צייט“.

---

## קאפיטעל 3.

---

### דיא קאנסטיטושאן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

דיא קאנסטיטושאן פון דיא יונייטעד סטייטס בעשרייבט און בעשטימט וואס פאר א רעגיערונג דיעזע לאנד זאל האבען: ווער עס זאל דא מאכען דיא געזעצע, ווער עס זאל אכטונג גע־בען, אז דיא געזעצע זאלען דורכגעפיהרט ווערען און ווער עס זאל משפט'ן און בעשטראפען דיא יעניגע וואס איבערטרעטען דיא געזעצע. דיא קאנסטיטושאן בעשטימט אויך וויא אזוי דיעזע אללע רעגיערער זאלען אנגעהען מיט זייער ארבייט, זייערע אויפגאבען און זייערע פפליכטען און בעשרייבט דיא שייכות, די פארבינדונג וואס דיא אללע פערשיעדענע בעאמטע זאלען האבען איינע מיט דיא אנדערע. זיא ענטהאלט אויך א צאהל גרונד גע־

זעצע וועגען דיא פרייהייט פון דער איינצעלנער פערזאן אין דער־
געזעלשאפט.

דיא קאנסטיטושאן האט, אלזא, הויפטזעכליך צו טהאן מיט
דער פאליטישער ארדנונג פון דער אמעריקאנער געזעלשאפט. זיא
איז די העכסטע, די היילינסטע זאמלונג פון געזעצע אין לאנ־
ענ־ערן אין איהר עטוואס איז זעהר שווער, כמעט אונמעגליך. זי
אליין שרייבט פאר ווי אזוי מען מעג אין איהר עפעס צושרייבען
אדער בייטען. אויף אן אנדער פלאץ וועלען מיר דאס גענוי ער־
קלעהרען. דא איז פאר אונז גענוג צו וויסען דעם פאקט, אז
אין די 126 יאהר וואס די רעגירונג עקזיסטירט, איז אונטער גע־
וויינליכע פריעדליכע אומשטענדען כמעט קיין איינציגען מאל ניט
געלונגען צו מאכען אירגענד וועלכע ענדערונג אין דער קאנסטי־
טושאן. מיר לעבען איצטער אין אלגעמיין אונטער דער זעלבער
רעגירונגס־פארמע, אונטער די זעלבע פאליטישע ארדנונג, ווי די
אלטע אמעריקאנער מיט איבער א יאהרהונדערט צוריק. אין גע־
וויסע איינצעלהייטען האט דאס פאלק געוואונען מעהר פרייהייט,
מעהר רעכטע; אין אנדערע איינצעלהייטען האט ער זיינע אלטע
רעכטע און פרייהייטען פארלארען. אין אלגעמיין אבער, איז דיא
רעגיערונג דיא זעלבע היינט וויא אמאל.

יעדע סטייט האט אן אייגענע קאנסטיטושאן וואס בע־
שטימט און בעשרייבט דיא רעגיערונגס פארמע פון דער סטייט
און געוויסע גרונד־געזעצע, וואס דיא בירגער האלטען פאר זעהר
נויטהיג. דיעזע סטייט קאנסטיטושאנס מוזען זיך אבער רעכע־
נען מיט דער קאנסטיטושאן פון דער נאציאנאלער רעגיערונג.
זיי טארען ניט ענטהאלטען קיין פונקט, וואס איז געגען דיא נא־
ציאנאלע קאנסטיטושאן, און אויב זיי ענטהאלטען יע אזא פונקט,
האט עס קיין שום מאכט ניט.

דאס זעלבע איז מיט דיא געזעצע וואס דער קאנגרעסס אין
וואשינגטאן און דיא פערשיעדענע לעדזשיסלייטשורס אין דיא
פערשיעדענע סטייטס מאכען .זיי טארען ניט וויעדערשפרעכען
קיין פונקט אין דער נאציאנאלער קאנסטיטושאן, און אויב זיי
טהוען דאס, האבען יענע געזעצע קיין שום מאכט ניט. זיי זיינען

בטל און פסול, דערפאר וואס זיי זיינען „ניט־קאנסטיטוציאנעל“ (אנקאנסטיטושאנעל).

דיא קאנסטיטושאן אליין איז זעהר א קורצע. זיא קען גע־דרוקט ווערען אויף פופצעהן, צוואנציג פיידזשעס. פירושים אויף איהר זיינען אבער דא גאנצע ביבליאטהעקען. מיט דער אמערי־קאנער קאנסטיטושאן האט פאסירט דאס זעלבע וויא מיט דיעם אלטען אידישען חומש. מען האט אויף איהר אנגעשריעבען בערג חיבורים מיט אלערליי פשטים, פשטלאך און דריידלאך. דיא או־זאכע דערפון איז אן איינפאכע. דיא פאליטישע ענטוויקלונג פון לאנד האט פון צייט צו צייט ארויסגעשטעלט פראגען איבער וועלכע דיא לאנד, דיא געזעלשאפט אדער געוויסע קלאסען אין דער געזעלשאפט זיינען געווען צוטהיילט. יעדער צד האט גע־זוכט צו לעזען דיעזע פראגען אויף זיין ארט, וויא עס האט זיך געלוינט בעסער פאר זיינע אינטערעסען. ווען קיין היילינע קאנ־סטיטושאן וואלט ניט געווען, וואלט דעם לעצטען ווארט אין די־זע פראגען געהאט דיא מאיאריטעט אין קאנגרעסס און דער פרע־זידענט. די קאנסטיטושאן האט אבער געגעבען דעם שוואכערען, דעם מינאריטעט־צד, די מעגליכקייט צו פארטהיידיגען זיין פא־זיציאן דערמיט וואס ער האט געקענט בעווייזען אז דיא קאנ־סטיטושאן גיט איהם גערעכט. דיא ביידע צדדים האבען זיך דאן גענומען קריגען איבער דעם פשט אין דער קאנסטיטושאן, יעדער פון זיי האט געטייטשט דיא זעלבע ווערטער אויף זיין שטייגער. יעדער פון זיי האט זיך גע׳פשט׳לט און גע׳פלפול׳ט און אזוי איז ארויסגעוואקסען אן אונגעהייער גרויסע „קאנסטיטושאנעל ליטע־ראטור“; אזוי האט זיך ענטוויקעלט אן אונגעהייער גרויסע און שווערע אפטהיילונג אין דער וויסענשאפט פון געזעץ, פון לאא, וועלכע מען רופט „קאנסטיטושיאנעל לאא“, אויף וועלכע מאנכע פון דיא בעסטע קעפ פון דיעזען לאנד האבען אפגעגעבען זייער גאנצען לעבען.

בשעת דיא קאנסטיטושאן איז פערפאסט געווארען מיט 126 יאהר צוריק, איז דיא פאליטישע לאגע איז אמעריקא געווען א זאנדערבארע. דיא גרויסע מאססען, דאס פאלק איז געווען זעהר

פּאַראַרימט אַלס רעזולטאַט פון דעם לאַנגען רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף. זיי האָבען בעטראַכט דיא רייכע פאַר זייערע אונטער־דריקער און דיא רעגיערונג, איבערהויפּט דיא קאָורטס, פאַר דיא משרתים פון דיא רייכע. כמעט אין יעדע סטייט זיינען דאַמאַלסט פאָרגעקומען אויפשטאַנדען געגען דיא סטייט־רעגיערונ־גען. דיא רעוואָלוציאָנערען האָבען געצוואונגען דיא ריכטער, אַז זיי זאָלען צושליסען דיא קאָורטס און אויפהערען צו מוטשען דיא פּעראַרימטע פאַרמערס אַז זיי זאָלען באַצאָהלען זייערע חובות צו דיא רייכע לענדלאָרדס. זיי האָבען אין פיעלע סטייטס אויך געצוואונגען דיא רעגיערונגען אַז זיי זאָלען מאַכען „פּייפּער געלד" און צווינגען דיא רייכע אַז זיי זאָלען עס אָננעהמען אַלס גוט געלד, כאָטש אין דער אמת'ן איז עס קיין סענט ניט ווערטה געוועזן.

ווען מען האָט גענומען אָרגאַניזירען אַ צענטראַלע רעגיערונג וואָס זאָל פאַרבינדען אַללע סטייטס אין איין גרויסע נאַציאָן, האָבען דיא רייכע, דיא איינפלוס־רייכע בירגער געוואָלט פערפאַסען אַזא קאָנסטיטושאָן, וועלכע זאָל געבען דער גרויסער מאַססע וואָס ווייניגער קאָנטראָלע איבער דיא רעגיערונגס בעאַמטע, וואָס ווייניגער דעה אין דער רעגיערונג אין אַלגעמיין. זיי האָבען געצי־טערט פאַר דעם דעמאָקראַטישען גייסט. זיי האָבען נאָר געזוכט עצות וויא צו בעגרענעצען דיא מאַכט פון דיא גרויסע מאַססען, וויא אָפּצושטופּען זיי וואָס ווייטער פון די רעגיערונגס־בעאַמטע.

דיא גרויסע מאַססען האָבען פאַרקעהרט מורא געהאַט אַז ווען עס וועט אָרגאַניזירט ווערען אַ שטאַרקע צענטראַלע רעגיע־רונג, וועלען דיא רייכע זיך מיט איהר בענוצען זיי צו אונטער־דריקען. געגען דיא קליינע שוואַכע סטייט רעגיערונגען האָבען זיי זיך נאָך געקענט שטעלען. געגען אַ הייפעלע סטייט־מיליץ האָבען זיי געקענט מאַכען רעוואָלוציאָנען, אָבער זיי האָבען גאַנץ גוט געוואוסט אַז געגען אַ גרויסע פעראייניגטע מאַכט פון אַללע סטייטס צוזאמען, וועלכע וועט האָבען אַ סך געלד און אַן אָרגאַ־ניזירטע אַרמעע, וועט עס זעהר שווער זיין עפּעס אויסצופיהרען. זיי האָבען דאַרום געצויגען אין דער פאַרקעהרטער ריכטונג. זייע־

געשריי איז געווען אז דיא נאציאנאלע רעגיערונג זאל זיין וואס שוואכער, זיא זאל האבען וואס ווייניגער מאכט און זאל וואס מעהר שטעהן אונטער דעם דירעקטען אויפזיכט פון דעם פאלק, פון דיא גרויסע מאססען.

אויסער דעם האט דער גרויסער המון געפאדערט דיא קאנ־סטיטושאן זאל זיי פארזיכערען, אז דיא נאציאנאלע רעגיערונג וועט פון זיי ניט אוועקנעהמען דאס וואס איז אין יענער צייט בעטראכט געווארען אלס דיא הייליגסטע פרייהייטען אין רעכטע, וויא צום ביישפיעל דיא פרייהייט פון רעליגיאן, דיא פרייהייט פון דרוקען און ריידען וואס איינער וויל און זא ווייטער.

דיא פערפאסער פון דער קאנסטיטושאן האבען נאטירליך בעלאנגט צו דיא רייכערע קלאססען. פיעלע פון זיי זיינען געווען אריסטאקראטען און האבען אראפגעקוקט אויף די מאססען, וויא אויף א מאב פון אונציוויליזירטע מענשען ווענען דיא רעגיערונג דארף איינהאלטען אין צוים .מאנכע פון זיי זיינען געווען רייכע ביזנעס לייט אדער גרויסע לענדלארדס, וואס האבען זעהר פיעל געליטען פון דיא פאלקס אויפשטענדען, וועגען וועלכע מיר האבען ערשט גערעדט. דיא דעבאטען און דיסקוסיאנען איבער דיא פער־שיעדענע פונקטען פון דער קאנסטיטושאן האבען זיי אנגע־פיהרט הינטער פערשלאסענע טהירען. ווען דאס פאלק וואלט געוואוסט וואס מען האט דארטען גערעדט, ווען ער וואלט גע־וואוסט וויא אזוי מען האט דארטען פערדאמט דעמאקראטי און דאס „הערשאפט פון פאלק" וואלטען זיי זיכער מיט אלע כחות געקעמפפט אז דיא קאנסטיטושאן זאל ניט אנגענומען ווערען.

ווען דיא פערפאסערס וואלטען ניט דארפען אנקומען צום פאלק, אז דאס פאלק זאל דיא קאנסטיטושאן גוט הייסען, דאן וואלטען זיי איהר זיכער געמאכט א סך ווייניגער פריי וויא זיא איז. אזוי ווי דאס פאלק האט אבער זיי געהאלטען אין די הענד, האבען זיי געמוזט פיעלע פונקטען אריינשטעלען איבערגוואלד. דיא גאנצע קאנסטיטושאן איז דארום א פשרה צווישען דאס פאלק, וואס האט געפאדערט א פאלקאמענע דעמאקראטישע רע־

גיערונג און דיא הערשענדע קלאַסען, וואָס האָבען געזוכט א שטאַרקע מאָנאַרכיסטישע רעגיערונג. פיעלע ראַדיקאַלע שרייבער פון דער איצטיגער צייט רופען דיא אמעריקאַנער רעגירונג א „מאָנאַרכיסטישע רעפּובליק".

## קאַפּיטעל 4

## דיא פרייהייטען וואָס דיא קאָנסטיטושאָן גאַראַנטירט דעם פאָלק.

אין דיא נעקסטע קאַפּיטלעך, ווען מיר וועלען בעהאַנדלען יעדען פּונקט פון דער קאָנסטיטושאָן בעזונדער, וועלען מיר אָנצייגען וויא אזוי יעדער פון זיי איז א פּשרה צווישען דעם מאָנאַרכיסטישען גייסט און דעם דעמאָקראַטישען. אין דיעזען אַרטיקעל וועלען מיר אָנריהרען צוויי אַלגעמיינע פּונקטען, וועלכע דריקען קלאָהר און שאַרף אוים: איינער דיא דעמאָקראַטישע שטעלונג און דער צווייטער — דיא מאָנאַרכיסטישע שטעלונג.

איידער דאָס פאָלק האָט איינגעוויליגט אָנצונעהמען דיא קאָנסטיטושאָן, נאַכדעם וויא זיא איז פערפאַסט געוואָרען, האָט ער געפאָדערט, אז זיא זאָל גאַראַנטירען : 1) דיא פרייהייט פון דעם איינצעלנעם געגען דיא מאַכט פון דער רעגיערונג, און 2) דיא רעכטע פון זיין פּריוואַט-איינגענטהום.

אזוי וויא דיעזע פאָדערונגען זיינען געשטעלט געוואָרען נאַכדעם וויא דיא קאָנסטיטושאָן-קאָנווענשאָן איז שוין געווען געשלאָסען, האָט מען דיא פּונקטען ניט געקענט צושרייבען. דאָס פאָלק האָט דאַרום אָנגענומען דיא קאָנסטיטושאָן מיט דער בעדינגונג, אז גלייך וויא דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג וועט אָרגאַניזירט ווערען, זאָל דער קאָנגרעס דיעזע פּונקטען אָננעהמען אלס אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושאָן. אין פערלויף פון איניגע יאָהר זיינען דיא אַמענדמענטס ווירקליך געמאַכט געוואָרען.

וואס זיינען דיעזע פּערזענליכע פרייהייטען און אייגען־טהומס־רעכטע, וואס דיא קאנסטיטושאן גאראנטירט יעדען בירגער?

## 1. דיא פּערזענליכע פרייהייטען.

1) דער קאנגרעס טאָר ניט מאכען קיין געזעץ, אַז דיא לאַנד זאָל האבען א געוויסע פאָלקס־רעליגיאָן. ער טאָר אויך ניט בעגרענעצען דיא רעכטע פון יעדע פערזאָן צו האלטען וואס פאר א רעליגיאָן איהם געפעלט נאר.

דאס הייסט ניט, נאַטירליך, אַז אונטער דעם שוץ פון רעליגיעזע פרייהייט זאָל אימיצער מעגען אפּטהאָן זאכען, וועלכע זיינען געגען דיא געזעצע פון לאַנד. מיט א צייט צוריק איז אזא פראגע פאָרגעבראכט געוואָרען פאר'ן סופּרים קאָורט. דער געזעץ אין דיעזען לאַנד איז, אַז א מאַן טאָר ניט הייראטען מעהר וויא איין פרוי. אין יוטאהא סטייט איז אבער פאראַן א רעליגיעזע סעקטע, דיא מארמאָנען, וועלכע גלויבט, אַז עס איז א מצוה, א געטליכער געבאָט פאר יעדען מאַן צו הייראטען מיט וואס מעהר פרויען. דיא פראגע איז אלזאָ געווען: האט דאס לאַנד א רעכט דיעזע מארמאָנען צו בעשטראפען פאר ביגאמי (האבען מעהר וויא איין פרוי) צי ניט. אויב מען וועט זיי בעשטראפען, וועט עס הייסען, אַז מען בערויבט זיי פון זייער רעליגיעזע פרייהייט, וואס דיא קאנסטיטושאן גאראנטירט זיי, אדער ניט?

דיא סופּרים קאָורט האט גע'פסק'ענט, אַז רעליגיאָן האט צו טהאָן בלויז מיט גאָט, מיט דיא פערבינדונג צווישען גאָט און מענש. אבער מיט פערבינדונגען צווישען מענער און פרויען, צווישען איינצעלנע מענשען און צווישען דעם איינצעלנעם און דיא געזעלשאפט, האט רעליגיאָן גארניט צו טהאָן, און דארום איז הייראטה ניט קיין פראגע פון רעליגיאָן, און בעשרענקונג פון הייראטה קען ניט זיין קיין בעשרענקונג פון רעליגיעזע פרייהייט.

2) דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג טאָר ניט מאכען קיינע געזעצע, וואס זאָלען בעשרענקען דיא פרייהייט פון ריידען און פון דרוקען.

דער צוועק פֿון דיעזער קאָנסטיטוציאָנעלער גאַראַנטיע איז געווען, אונמעגליך צו מאַכען פאַר דער רעגיערונג איינצופיהרען אין דיעזען לאַנד אַ פרעסס צענזור, וויא אין רוסלאַנד.

עס איז דאָ ווערטה צו בעמערקען, דאס טראָץ דיעזע גאַראַנטי אין דער קאָנסטיטושאַן, האט דיא אמעריקאַנער רעגיערונג דאָך איינמאָל געמאַכט אַ פערזוך צו בעשרענקען דיא פרעסס־פרייהייט אויף אַ צאַרסקען אופן. דאס איז געווען אַ יאהר 9 נאָכדעם, וויא דיא רעגיערונג איז געגרינדעט געוואָרען. עס האבען זיך דאַן געפונען פיעלע מענשען, וואס זיינען ניט געווען צופריעדען מיט דער קאָנסטיטושאַן און מיט דיא בעאַמטע, וואס האבען געפיהרט דיא רעגיערונג. דיעזע לייטע האבען שאַרף קריטיקירט דיא רעגיערונג. דאס האט זעהר אויפגערעגט דעם דאַמאַלסדיגען פרעזידענט און דיא קאָנגרעסלייטע און זיי האבען געמאַכט אַ געזעץ, אַז דער יעניגער, וואס שרייבט געגען דער רעגיערונג און דיסקרעדיטירט דיא רעגיערונגס־בעאַמטע, זאָל שווער בעשטראַפט ווערען. דיעזער געזעץ האט אויפגערעגט דאס גאַנצע פאָלק. פון דעסטוועגען איז ער פערבליעבען אין קראַפט איינינע יאהר. מען האט איהם צוריקגערופען ערשט נאָכדעם, וויא דאס פאָלק האט ערוועהלט אַן אַנדער פרעזידענט און אַן אַנדער קאָנגרעס.

אינטערעסאַנט איז, דאס דיא סופרים קאָורט, וועלכע היט אזוי שטאַרק אָפּ אַז דיא קאָנסטיטושאַן זאָל ניט פערלעצט ווערען, האט דאַמאַלס זיך ענטזאָגט אריינצומישען אין דער פראַגע. און ווען דיעזע פראַגע איז פאָרגעבראַכט געוואָרען פאַר איהר, האט זיא זיך אויסגעדרעהט און ניט ארויסגעגעבען קיין שום ענטשיידונג.

3) דיא קאָנסטיטושאַן גאַראַנטירט דאס פאָלק דאס רעכט אבצוהאַלטען פערזאַמלונגען און אריינצושיקען פעטישאַנס צו דער רעגיערונג זיא זאָל טהאָן אדער ניט טהאָן געוויסע זאַכען.

דיא רעגיערונג מעג מיט דיא פעטישאַנס טהאָן וואס זיא וויל. זיא איז ניט מחויב זיי צו פאָלגען. זיא טאָר אבער דאס פאָלק ניט פאַרוועהרען דיא פעטישאַנס אריינצושיקען.

4) דיא קאָנסטיטושאָן בעשיצט מענשען, וועלכע זיינען בעשולדיגט אין א פערברעכען געגען דער רעגיערונג, אויף פיעלע אופנים.

ערשטענס, טאָר דער קאנגרעס ניט בעשטראָפען קיין פער־ברעכער. ער טאָר ניט אננעהמען א ביל, אז א געוויסע פערזאָן זאָל בעשטראָפט ווערען מיט טויט, מיט פריזאָן אָדער מיט איר־גענד וועלכער אנדער שטראָף. איידער א בעשולדיגטער ווערט בעשטראָפט, מוז ער גע׳משפט ווערען אין א קאָורט.

צווייטענס, טאָר דער קאנגרעס ניט מאַכען קיין „עקס פאָקטא" געזעץ, דאס הייסט ער טאָר ניט אננעהמען קיין ביל, אז א געוויסע טהאט איז א פערברעכען, נאכדעם וויא זיא איז שוין אפגעטהאָן געוואָרען. איצט, צום ביישפיעל, איז ניטאָ קיין געזעץ געגען אריינפיהרען אימיגראַנטען, וואס קענען ניט לעזען און שרייבען. אויב דער קאנגרעס זאָל אזא געזעץ מאַכען איצט, וועט מען ניט טאָרען צוליעב איהם בעשטראָפען דיא, וואס האבען אריינגעפיהרט אזוינע אימיגראַנטען בעפאָר. דער קאנגרעס טאָר אויך ניט מאַכען אירגענד וועלכע ענדערונג אין דער אַרט און וויזע וויא אַזוי דער טריעל זאָל אנגעפיהרט ווערען, אדער וויא אזוי דער פערברעכער זאָל בעשטראָפט ווע־רען, נאכדעם וויא דער פערברעכען איז שוין בעגאַנגען געוואָרען.

דריטענס, דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג טאָר ניט ארויסגעבען וואראַנטס אין האָלסייל צו ארעסטירען, צום ביישפיעל, א גאנ־צע גרופע מענשען, א גאַנצע אָרגאַניזאַציאָן א. ז. וו. אלע וואָ־ראַנטס מוזען טראָגען דיא נעמען און דיא אדרעסען פון דיא בעשולדיגטע און מוזען ענטהאַלטען דיא אורזאַכען וואָרום זיי מוזען ארעסטירט ווערען.

פערטענס, יעדער בעשולדיגטער מוז פריהער פאָרגעפיהרט ווערען פאר א גרענד דזשורי, וועלכע דאַרף איהם אינדייטען. דערנאָך איז ער בערעכטיגט גע׳משפט צו ווערען פון א דזשורי.

פינפטענס, יעדע פערזאָן, וואס ווערט ארעסטירט, טאָר ניט פערהאַלטען ווערען לאַנג אָהן א גענוגענדע אורזאַכע. ער קען פאָדערן מען זאָל איהם גלייך פאָרברייננגען אין א קאָורט

פאר א פערהער, א ריכטער זאָל ענטשיידען צי דיא פאָליציי האט אן אורזאכע איהם צו האלטען פערשפארט. דיעזעס רעכט הייסט „הייביעס קארפוס". דער קאנגרעס טאָר ניט מא־כען קיין געזעץ, וועלכער זאָל אוועקנעהמען דיעזע „הייביעס קארפוס" רעכט פון א פערזאָן. אין צייט פון אן אויפשטאנד אדער א מלחמה מעג דער קאנגרעס דיעזעס רעכט סוספענדירען אויף א געוויסער צייט.

זעקסטענס, דיא נאציאָנאלע רעגיערונג מוז געבען יעדען אנגעקלאגטען דיא מעגליכקייט גע'משפט צו ווערען עהרליך און ריכטיג: דער טרייעל מוז זיין אָפען און שנעלל, און אין זעל־בען דיסטריקט אדער סטייט, וואו דער פערברעכען איז בע־גאנגען געוואָרען; דער אנגעקלאגטער מוז וויסען קלאָהר וואס דיא קלאגע געגען איהם איז; ער מוז זעהן אלע וויטנעס, וואס טרעטען אויף געגען איהם; ער קען פאָדערען מען זאָל זיינע עדות צווינגען זיי זאָלען אויפטרעטען פאר איהם; מען קען איהם אליין ניט צווינגען ער זאָל עדות זאָגען געגען זיך אליין; ער האָט א רעכט צו פאָדערען מען זאָל צולאָזען א לאָיער איהם צו פערטהיידיגען.

5) דער קאנגרעס טאָר ניט מאכען קיין געזעץ וועגען פער־רעטהער. דיא קאנסטיטושאָן ערקלערט, אז א פעררעטהער געגען לאנד איז דער יעניגער, וואס פיהרט מלחמה געגען איהר, אדער וועלכער העלפט דיא פיינד פון לאנד. אין דעספאָטישע לענדער קען דיא רעגיערונג מאכען א געזעץ, אז דער וואס רעדט א וואָרט געגען קעניג, אדער דער וואס קריטיקירט א געוויסע האנדלונג אדער א געוויסען געזעץ פון דיא הערשער, איז א פעררעטהער. אין אמעריקא קען דאס ניט פאסירען; דיא קאנסטיטושאן שרייבט פאָר, אז פערראטה (מרידה במלכות) בע־שטעהט בלויז אין דיא דערמאָהנטע צוויי טהאטען און ניט אין קיין אנדער זאך.

דיא קאנסטיטושאן בעשיצט זעהר דיא יעניגע, וועלכע ווערען בעשולדיגט אין פערראטה. דאס איז אבסאָלוט נויטיג. פערראטה איז א שווערער פערברעכען, און ווען עס זאָל פאר

דער רעגיערונג גרינג זיין צו בעשולדיגען איינעם אין פערראטה און איהם דערפאר בעשטראפען, וואלט דיא רעגיערונג געהאט א געפעהרליכע וואפע געגען דיא מענשען, וואס זיינען מיט איהר אונצופריעדען.

אמאל פלעגט א פערדעטהער פערליערען דאס רעכט צו ירש'ענען אייגענטהום פון זיינע קרובים און ער האט אויך ניט געקענט האלטען דאס אייגענטהום, וואס ער האט פערמאגט. דיא רעגיערונג האט עס ביי איהם צוגענומען. זיינע קינדער פלעגען דאס ניט קריגען זאגאר נאך זיין טוידט.

דיא אמעריקאנער קאנסטיטושאן זאגט אויסדריקליך, אז אזא בארבארישער געזעץ טאר אין אמעריקא ניט איינגעפיהרט ווערען. א פעררעטהער מעג ירש'ענען אייגענטהום פון זיינע קרובים. און אויב דיא רעגיערונג נעהמט ביי איהם צו זיין פערמעגען אלס שטראף, קען זיא עס האלטען בלויז אזוי לאנג, וויא ער לעבט; נאך זיין טוידט מוז מען דאס אפגעבען זיינע קינדער אדער זיינע אנדערע יורשים.

---

## 2. דאס רעכט פון פריוואט־אייגענטהום.

דיא קאנסטיטושאן לאזט איבער כמעט אלע פראגען, וואס האבען צו טהאן מיט אייגענטהום צו דיא סטייט־רעגיערונגען. זיא ענטהאלט אבער איניגע פונדאמענטאלע פרינציפען, וועל־כע אי דער קאנגרעס אי דיא בעזונדערע סטייט־רעגיערונגען מוזען פאלגען. דיעזע פרינציפען זיינען וויא פאלגט:

1) א מענש טאר אין דיעזען לאנד אונטער קיינע אומ־שטענדען ניט בעטראכט ווערען פון א צווייטען מענשען אלס זיין אייגענטהום. מיט אנדערע ווערטער הייסט עס, אז שקלא־פעריי איז אין אמעריקא פערבאטען.

2) דער קאנגרעס טאר ניט ארויפלייגען א טעקס אויף וואארעס, וואס ווערען ארויסגעפיהרט פון איין סטייט אין א צווייטען, אדער פון דיעזער לאנד אין אויסלאנד.

3) דער קאנגרעס טאר ניט מאכען קיינע אויסנאהמען, ער טאר ניט ארויסווייזען קיין פארטייליכקייט אין ארויפלע־

גען טעקסעס. ווען ער טעקסט א געוויסע סחורה, מוז דיעזע סחורה טראָגען דעם טעקס אין יעדען סטייט פון דער יוניאָן, אין יעדען טהייל פון לאנד. ווען ער פאָדערט אן אינדירעקטען טעקס פון דיא פערשיעדענע סטייטס, מוז דער טעקס אזוי איינגעטהיילט ווערען, אז אויף יעדען סטייט זאָל פאַלען א טהייל לויט נאָך דיא גרויס פון זיין בעפעלקערונג; דער סטייט, וואָס האט מעהר איינוואָהנער, זאָל צאָהלען מעהר טעקסעס, און דער וואס האט ווייניגער איינוואָהנער, זאָל צאָהלען וויינינער טעקסעס.

4) דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג האט דאס רעכט אוועקצונעהמען פאר איהרע צוועקען וואס פאר א שטיק אייגענטהום זיא וויל נאר, ביי וועמען זיא וויל און ווען זיא וויל; זיא מוז אבער דעם אייגענטהימער ריכטיג בעלוינען, זיא מוז איהם בעצאָהלען וויפיעל דאס אייגענטהום איז ווערטה אויפ'ן מארקעט. אין אזוינע פעללע אפּאָינטעט געווענליך דער קאנגרעס א קאָמישאָן פון מענשען, וועלכע זיינען מבינים אויף דיא זאכען, און דיעזע קאָמישאן בעשטימט וויפיעל דאס אייגענטהום איז ווערטה. קאָנפיסקירען פריוואט אייגענטהום, דאס הייסט, צונעהמען אייגענטהום פאר דער רעגיערונג אָהנע צו בעצאָהלען דאפיר דעם בעל הבית — דאס האט דער קאנגרעס, אדער בעסער געזאָגט, דיא גאנצע נאַציאָנאַלע רעגיערונג, קיין רעכט ניט; דאס איז געגען דער קאנסטיטושאן.

---

## קאַפּיטעל 5.

### דער קאָנגרעסס און זיינע אויפגאַבען.

דער קאָנגרעסס בעשטעהט פון צוויי אבטהיילונגען: א סענאט און א „האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס“. דעם סענאט רופט מען דיא „אויבערשטע הויז“ און דיא האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס, דיא „אונטערשטע הויז“. אין דער ווירקליכקייט

זיינעןביידע הייזער גלייכע יחסנים. דער סענאט האט טאקע אין געוויסע הינזיכטען מעהר מאכט וויא דיא „האוז אוו רע־פרעזענטעטיווס"; אבער דערפאר זיינען דא אנדערע הינזיכ־טען, אין וועלכע דיא „האוז אוו רעפרעזענטעטיווס" שפיעלט א גרעסערע ראלע וויא דער סענאט. דעם בכבוד'דיגען נאמען „אויבערשטע הויז" האט דער סענאט בעקומען נאך אין דיא אלטע צייטען, ווען ער איז געגרינדעט געווארען. דאמאלסט האט מען גערעכענט, אז ער וועט בעשטעהן פון אלטע, ער־פאהרענע שטאאטסלייט, פון טיעפע דענקער און רייכע ארי־סטאקראטען. צו דיעזע ערווארטונג איז מקוים געווארען, וועלען מיר שפעטער זעהן. דעם בכבוד'ען נאמען אבער טראגט דער סענאט ביז צום היינטיגען טאג.

דיא מעמבערס פון סענאט הייסען סענאטארען. זיי ווע־רען ערוועהלט פון דיא בירגער אין דיא סטייטס. יעדע סטייט, וויא גרויס אדער וויא קליין זיא זאל ניט זיין, ער־וועהלט דיא זעלבע צאהל פארטרעטער אין סענאט. דער פרינ־ציפ איז, דאס אין סענאט זאלען אלע סטייטס האבען פונקט די זעלבע מאכט, אז דארטען, צום ווייניגסטענס, זאלען דיא גרויסע סטייטס ניט קענען מאכען געזעצע געגען דיא אינטערעסען פון דיא קליינע סטייטס.

דיא מעמבערס פון דער „האוז אוו רעפרעזענטעטיווס" אדער פון דער „נידעריגערער הויז" הייסען „קאנגרעססלייטע" אדער „רעפרעזענטעטיווס". זיי ווערען ערוועהלט פון פאלק. דיא צאהל קאנגרעססלייטע וואס יעדע סטייט שיקט, ווענדעט זיך אן דיא גרויס פון איהר בעפעלקערונג. ניו יארק סטייט האט דיא גרעסטע צאהל איינוואהנער, שיקט זיא אין דיא „האוז אוו רעפרעזענטעטיווס" דיא גרעסטע צאהל קאנגרעססלייטע. רהאוד איילענד סטייט האט דיא קלענסטע צאהל איינוואהנער, ער־וועהלט זיא דיא קלענסטע צאהל קאנגרעססלייטע.

---

## מיט וואָס פאר א געזעצע דאַרף זיך דער קאָנגרעסס אָפּגעבען.

1) דער קאָנגרעסס האָט דאָס רעכט צו זאמלען געלד דורך טעקסעס און ספּענדען דיעזע געלד אויף דיא רעגיערונגס־הוצאות.

דיא קאָנסטיטושאָן זאָגט, אז דער קאָנגרעסס מעג ארויפ־לעגען, אי א דירעקטען טעקס, אי אָן אינדירעקטען טעקס. א דירעקטער טעקס הייסט, א טעקס אויף דיא ריעל עסטייט, וואס איינער פערמאָגט, אָדער א טעקס פאר וואוטען, אָדער א טעקס אויף דיא פארדיענסטען וואָס איינער מאכט א יאָהר און זאָ ווייטער. אָן אינדירעקטער טעקס הייסט א צינז אויף געוויסע סחורות. דער קאָנגרעס קען, צום ביישפּיעל, אָפּשטימען, אז סי־גארעטס זאָלען געטעקסט ווערען, אָדער אז שנאָפּסען זאָלען געטעקסט ווערען. יעדער איינער וואס קויפט סיגארעטס אדער שנאַפּס צאָהלט ממילא א טעקס. ער צאָהלט עס ניט דירעקט צו דער רעגיערונג. דעם טעקס בעצאָהלט דער מאַנופעקטשורער פון דיא סיגארעטען אדער דיא שנאַפּס, אָבער דער מאַנופעק־טשורער נעהמט עס דערנאָך אָפּ ביים קאָסטימער.

עס זיינען אָבער דאָ א פּאָר פּונקטען אין דער קאָנסטיטו־שאָן וועגען דיעזע טעקסעס, וועלכען דער קאָנגרעסס מוז היטען. ערשטענס, ווען דער קאָנגרעסס מאכט אן אינדירעקטען טעקס, מוז דער ארטיקעל וואס ווערט געטעקסט, געטעקסט ווערען אין אלע סטייטס פון דעם לאנד גלייך. דער קאָנגרעסס טאָר ניט פאַ־דערען, אז אין ניו יאָרק סטייט זאָלען דיא איינוואָהנער מוזען צאָהלען א טעקס אויף קאפע, צום ביישפּיעל, און אין אן אנ־דער סטייט זאָלען דיא בירגער דעם טעקס ניט דארפען צאָהלען.

צווייטענס, אין פאל פון א דירעקטען טעקס, מוז דער קאָנ־גרעסס דעם טעקס איינטהיילען צווישען דיא סטייטס נאָך דער בעפעלקערונג נאָך. ווען, צום ביישפּיעל, דער קאָנגרעס בעשליסט צו טעקסען דאָס לאנד מיט 20 מיליאָן דאָלאר, מוז ער צו דער גלייכער צייט בעשליסען, וויפיעל יעדע סטייט זאָל ביישטייערען

צו דיזע צוואנציג מיליאן, און דער חלק פון יעדער סטייט דארף זיין ווערליג נאך איהר בעפעלקערונג.

אט צוליעב דיזען צווייטען פונקט האט דער סופרים קאורט מיט 16 יאהר צוריק גע'פסק'ענט, אז אן אינקאם טעקס איז געגען דיא קאנסטיטושאן. אן אינקאם טעקס הייסט, א טעקס אויף דיא הכנסה פון יעדען בירגער. געוועהנליך, ווערט אזא טעקס געלייגט בלויז אויף דיא רייכע, וועמעס הכנסה איז זעהר גרויס. אין יאהר 1894 האט דער קאנגרעסס געמאכט א געזעץ, אז דיא יעניגע בירגער פון לאנד, וואס פערדיענען מעהר וויא א געוויסע גרויסע סוממע יעדען יאהר, זאלען צאהלען אלס טעקס א געוויסען פראצענט פון זייערע פערדיענסטען. די רייכע בירגער פון לאנד האבען געמאכט א געשריי, אז דער געזעץ איז געגען דיא קאנסטיטושאן. זיי האבען אפעלירט אין סופרים קאורט און האבען געוואונען.

דער סופרים קאורט האט ערקלערט, אז דער געזעץ איז געגען דיא קאנסטיטושאן צוליעב דעם פאלגענדען טעם: אן אינקאם טעקס איז דאך א דירעקטער טעקס. און דיא קאנסטיטושאן זאגט, אז א דירעקטער טעקס מוז איינגעטיילט ווערען צווישען דיא סטייטס נאך זייער בעפעלקערונג נאך. און דאס האט דער קאנגרעסס ניט געטהאן, און האט ניט געקענט טהאן, ווייל וויא אזוי קען ער אפשטימען, אז א גרויסע סטייט זאל צאהלען א העכערען אינקאם טעקס בלויז דערפאר, וואס איהר בעפעלקערונג איז גרעסער? דער טעקס איז דאך אויף דיא פערדיענסטען, און אמאל קען אין איין קליינע סטייט זיין מעהר קאפיטאליסטען וויא אין צעהן גרויסע סטייטס.

דיא ענטשיידונג פון סופרים קאורט האט דעם געזעץ מבטל געמאכט, און מען האט געמוזט מאכען אן אמענדמענט צו דער קאנסטיטושאן אום צו קענען ענדליך אן אינקאם טעקס איינפיהרען.

2) דער קאנגרעס האט דיא פולע מאכט און דיא פולע קאנטראל איבער דיא מיליטער פון לאנד. דיא קאנסטיטושאן בעגרענעצט דא דעם קאנגרעסס' מאכט בלויז אין איין פונקט.

און דאָס איז דער פאָלגענדער : דער קאָנגרעס טאָר ניט בע־שטימען דיא הוצאות פון דער ארמעע אָדער פון דער נייווי אויף מעהר וויא צוויי יאָהר צייט. דער אבזיכט פון דיעזען גע־זעץ איז, דאָס איין קאָנגרעסס זאָל ניט קענען פערבינדען דיא הענד פון דעם קאָנגרעסס, וואס וועט ערוועהלט ווערען שפּע־טער. ווען א קאָנגרעסס וואָלט האָבען דיא מאכט צו בעשטי־מען, צום ביישפּיעל, אז דאָס לאַנד זאָל אויף דער אַרמעע ניט ספּענדען מעהר וויא א געוויסע סוממע פאר דיא נעקסטע צעהן יאָהר, דאַן וועט עס אונמעגליך זיין פאר דיא קאָנגרעססלייטע אין עטליכע יאָהר שפּעטער צו ערקלעהרען קריעג, ווען עס וועט זאָגאר נויטהיג זיין, ווייל דיא ארמעע וועט דארויף קיין געלד ניט האָבען.

דער קאָנגרעסס האָט דאָס רעכט צו מאכען וואס פאר א געזעץ ער וויל נאָר אליין אין דיא אנגעלעגענהייטען פון מי־ליטער. ער קען, צום ביישפּיעל, אָפּשטימען אז יעדער בירגע־זאָל דיענען אין דער ארמעע, אזוי וויא אין דיא יוראָפּעאישע לענדער. ער קען אויך, פארקעהרט, אפּשטימען, אין גאנצען אָפּצושאפען דיא ארמעע. אזא אונגעהויערע מאכט איבער די מיליטער האָט ניט זאגאר דער פּארלאמענט אין דייטשלאנד. דיא איינצעלנע סטייטס מוזען אויף פאָלגען דיא בעשליעסע פון קאָנגרעסס אין מיליטערישע פראגען. דער קאָנגרעסס קען צווינגען דיא סטייטס, זיי זאָלען האָבען מיליץ. ווען א סטייט וויל האָבען מיליטער פאר אירגענד וועלכען צוועק, מוז זיא זיך ווענדען צו דער רעגיערונג אין וואשינגטאָן. אליין אויפהאלטען אן ארמעע טאָר א סטייט ניט.

3) דער קאָנגרעסס איז אויך דער גאנצער בעל דעה אי־בער דעם ביזנעס־פארקעהר צווישען דיא פערייניגטע שטאא־טען און אויסלענדישע פעלקער. דער קאָנגרעסס קען ארויפ־לייגען א שטייער אויף דיא וואארעס, וואָס קומען אריין פון אנדערע לענדער.

דער קאָנגרעסס קען אויך מאכען געזעצע וועגען איממי־גראנטען, וואָס קומען אהער, אדער וועגען בירגער וואס פאָה־

רען ארויס פון דאנען. אלע געזעצע וועגען בירגערטהום ווערען געמאכט פון קאנגרעסס; ווי אזוי אן איממיגראנט קען ווערען א סיטיזען, און ווען א בירגער פערליערט זיינע סיטיזען רעכטע און זא ווייטער.

מען מוז דא אבער בעמערקען, דאס וואוטען פאר בעאמטע האט מיט בירגערשאפט גאר ניט צו טהאן. ווער עס זאל האבען דאס רעכט צו וואוטען, און ווער ניט, ווערט בעשטימט ניט פון דער נאציאנאלער רעגיערונג אין וואשינגטאן, נאר פון דיא לעדזשיסלייטשורס פון דיא פערשיעדענע סטייטס בעזונדער. אין מאנכע סטייטס איז דא א געזעץ, אז איינוואהנער וועלכע זיינען נאך ניט געווארען קיין בירגער, מעגען אויך וואוטען.

4) דער קאנגרעסס קען מאכען געזעצע צו רעגולירען דעם האנדעל, וואס געהט אן צווישען דיא פערשיעדענע סטייטס. ער קען מאכען געזעצע וועגען דיא רייללראודס, וואס פאהרען פון איין סטייט אין א צווייטע, אדער וועגען דיא גרויסע טראסטס, וואס פיהרען זייערע געשעפטען אין פיעלע סטייטס. איין זאך טאר אבער דער קאנגרעסס ניט טהאן. ער טאר ניט ארויפלעגען א טעקס אויף סחורות וואס ווערען ארויסגעפיהרט פון א סטייט, אדער אויף וואארעס, וואס ווערען אריבערגעפיהרט פון איין סטייט אין א צווייטער.

5) דער קאנגרעסס מעג מאכען געזעצע פאר דאס גאנצע לאנד, וועגען באנקראטען. דאס הייסט ניט, אז דיא פערשיעדענע סטייט לעדזשיסלייטשורס קענען ניט מאכען אייגענע געזעצע וועגען דעם. ווען עס מאכט זיך אבער, אז דיא לאאס, וואס דיא סטייט מאכט, איז אין נעגענזאץ צו דיא געזעצע וואס דער קאנגרעסס האט געמאכט, דאן האבען דיא געזעצע פון דער סטייט קיין מאכט ניט.

6) דער קאנגרעסס האט דיא גאנצע דעה איבער מאכען געלד, און בעשטימען דיא ווערדע פון אויסלענדישע געלדער. דיא סטייט רעגיערונגען טארען ניט מאכען קיין אייגענע געלד.

7) דער קאָנגרעסס האָט דאָס רעכט ארייצונעהמען נייע סטייטס אין דיא פעראייניגטע שטאאטען. ער קען אויך צוקויפען לאנד, און מאכען דערפון טערריטאָריעס. כל זמן א שטיק לאנד איז בלויז א טעריטאָריע ווערט זיא אין גאנצען רעגיערט פון דעם קאָנגרעסס. זיא האָט ניט קיין אייגענע ערוועהלטע בעאמטע מיט אייגענע געמאכטע געזעצע, וויא דיא פערשיעדענע סטייטס .זיא איז אבסאָלוט אונטער דיא הערשאפט פון קאָנגרעסס .דיא שטאָדט וואשינגטאָן, דיא הויז פון דער נאציאָנאלער רעגיערונג, געהערט אויך צום קאָנגרעסס, און ווערט רעגיערט פון קאָנגרעסס גראדע אזוי וויא א שטאָדט אין א מאָנארכיסטישע לאנד. דיא בירגער וואס וואָהנען אין וואשינגטאָן האָבען קיין דעה ניט אין דער שטאָדט רעגיערונג. דער קאָנגרעסס קען דאָרטען טהאָן וואס ער וויל. ער מוז נאָר פאלגען דיא איינינע פונקטען וועגען דיא פערזענליכע פרייהייטען פון דיא בירגער, וואָס דיא קאָנסטיטושאָן בעוואָרענט פאר זיי.

דער קאָנגרעסס האָט דיא גאנצע דעה איבער דעם פרעזידענט'ס קאבינעט און איבער דיא נאציאָנאלע קאָורטס. דיא קאָנסטיטושאָן גיט נאָר אָנצוהערענים, אז דער פרעזידענט זאָל האָבען א קאבינעט. פון וויפיעל מיניסטאָרען דער קאבינעט זאָל בעשטעהן, וויא אזוי יעדער מיניסטער זאָל ארגאניזירען זיין דעפארטמענט, וואָס דיא אויפגאבען פון דיא פערשיעדענע מיניסטאָרען זאָלען זיין, — דאָס אלעס ווערט בעשטימט פון קאָנגרעסס. דאָס זעלבע איז אויך מיט דיא קאָורטס. דיא קאָנסטיטושאָן זאָגט בלויז, אז אזוינע קאָורטס מוזען געגרינדעט ווערען. וויפיעל דזשאָדזשעס עס זאָלען זיין אין דיא קאָורטס, וואָס פאר א געהאלטען זיי זאָלען בעקומען, דיא סאָרטען קייסעס, וועלכע זיי זאָלען האָבען דאָס רעכט צו משפט'ען,—דאָס אלעס דארף בעשטימט ווערען פון קאָנגרעסס.

8) דער קאָנגרעסס האָט אויך א שטיקעל קאָנטראָל איבער אלע הויכע בעאמטע אין דער נאציאָנאלער רעגיערונג, זאָגאר איבער דעם פרעזידענט. אין פאל ער וויל דאָס, קען ער אריינברענגען קלאגען געגען דיעזע העכסטע בעאמטע, און זיי אראפ־

זעצען פון אמט. דיא קלאגען געגען דיא בעאמטע דארפען אריינגעבראכט ווערען אין דער האוז אוו רעפּרעזענטייטיווס. דיא „האוז" ערוועהלט א קאמיטע, וועלכע לעגט דיא קלאגען פאר פאר'ן סענאט. דיזע קאמיטע פיהרט דיא אנקלאגע און דער סענאט איז דער ריכטער. אין פאל דער פּרעזידענט אליין ווערט געמשפּט, איז דער טשיעף דזשאדזש פון סופרים־קאורט דער טשערמאן אין סענאט. דער טרייעל ווערט אנגע־פיהרט אויפ'ן געוועהנליכען שטייגער. דער סענאט הערט אוים דיא לאיערס און דיא עדות פון ביידע צדדים. און דערנאך שטימען די סענאטארען, צי דער אנגעקלאגטער איז שולדיג, צי ניט. אויב צוויי דריטעל פון דיא אנוועזענדע סענאטארען שטימען אז ער איז שולדיג, ווערט ער אראפּגעזעצט פון אמט. וועניגער וויא צוויי דריטעל קענען ניט פעראורטהיילען.

דער סענאט קען בלויז בעשטראפען א בעאמטען מיט אראפּזעצען איהם פון זיין אמט. ער קען אויך פסק'ענען, אז ער זאל מעהר אין זיין גאנצען לעבען ניט טארען דיענען אלס בעאמטער פאר דער נאציאנאלער רעגיערונג. קיין אנדער שטראף קען דער סענאט ניט געבען, ווען זאגאר דער בעאמטער האט בעגאנגען דעם שרעקליכסטען פארברעכען. נאכדעם, וויא דער בעאמטער ווערט אראפּגעזעצט, קען ער פון דער רעגיערונג נאך אמאל אנגעקלאגט ווערען אין קאורט און בעשטראפט ווע־רען פאר זיין פארברעכען, נאכ'ן געזעץ נאך.

אויב עס איז דא א קלאגע געגען א סענאטאר אדער א קאנ־גרעססמאן, ווערט זיא פארגעבראכט אין דער „האוז", וואו דער בעשולדיגטער זיצט. אויב ער איז סענאטאר, ווערט ער פּראצע־סירט פון סענאט, און אויב א קאנגרעססמאן—פון דיא האוז אוו רעפּרעזענטייטיווס. יעדע הויז קען מיט צוויי דריטעל שטי־מען אויסשליסען אירגענד וועלכען מעמבער.

9). די פּאסט־אפּפיסעס פון לאנד ווערן אין גאנצען קאנ־טראלירט דורכ'ן קאנגרעסס. דער קאנגרעסס בעשטימט וויפיעל געלד עס זאל יעדען יאהר געספּענדט ווערען אויף בויען נייע

פּאָסט־אָפּפּיסעס און אויף פּערבעסערען אין אַלגעמיין דעם פּאָסט־אָפּפּיס־סיסטעם.

10) דער קאָנגרעס קען ערקלערען מלחמה געגען אן אנדער פּאָלק. ער קען ארויסשיקען מיליטער צו אונטערדריקען אן אויפשטאַנד אין לאַנד גופא.

11) דיא קאָנסטיטושאָן גיט דעם קאָנגרעסס דיא מאכט צו בעשיצען דיא אינטערעסען פון פּערפאסער און ערפינדער דורך „קאפּירייטס" און דורך „פּעטטענטס". דער קאָנגרעס מעג מאַכען געזעצע, צום ביישפּיעל, אז א פּערפאסער'ס א בוך טאָר ניט איבערגעדרוקט ווערען אָהן זיין ערלויבניס ביז א געוויסע צייט. ער קען אויך פּערוועהרען נאָכצומאכען אן ערפינדונג, סיידען דער ערפינדער גיט זיין ערלויבניס דערצו.

אין וואשינגטאָן איז ווירקליך פּאראן א קאָפּירייט ביוראָ און א פּעטטענט ביוראָ, וואָס דער קאָנגרעסס האָט געגרינדעט פאר דיעזען צוועק: און דיעזע ביוראָס זיינען שטארק ביזי אויף. אין איין יאָהר ווערען דאָרטען „געפּעטטענט" אן ערך פון זעכציג טויזענד ערפינדונגען און טרייד מארקס. דיא קאָפּירייט־ביוראָ האָט אויך זעהר פיעל צו טהאָן. טויזענדע ביכער, קונסט־ווערק, מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציאָנען און זאָ ווייטער, ווערען יעדען יאָהר „קאפּירייטעט".

12) דער קאָנגרעסס האָט א רעכט צו בעשטימען דיא שטראָף פאר פאלשע געלד מאכער. פאר פאררעטהער און פאר ים־באנדיטען. ווען ער מאכט א נייעס געזעץ, קען ער אויך צו דערזעלבער צייט בעשטימען וואס פאר א שטראָף עס זאָל קומען דעם יעניגען, וואָס וועט דעם געזעץ ניט פאָלגען. אין אַלגעמיין אָבער, האָט דער קאָנגרעסס זעהר ווייניג קראפט אין בעשטימען וואס עס איז א פארברעכען, און וואָס ניט. דיעזע ארבייט געהערט אויסשליסליך צו דיא סטייט רעגיערונגען.

---

## דיא ספּעציעלע רעכטע, וואס קאנגרעסלייטע האבען.

1) דיא קאנסטיטושאן פארזאָגט, אז קאנגרעסלייטע און סענאטאָרען מוזען קריגען בעצאָהלט פאר זייערע דיענסטע.

אין מאנכע לענדער אין יוראפ קריגען דיא פערטרעטער אין דיא פארלאמענטען קיין געלד ניט; זיי מוזען טהאן זייער אר־בייט פריי. אונטער אזוינע אומשטענדען איז עס אונמעגליך פאר אן ארימאן צו זיין א פערטרעטער, ווארים ער וואלט דאך ניט האבען פון וואנען צו לעבען. דער געזעץ אין דער אמע־ריקאנער קאנסטיטושאן איז דארום זעהר גוט.

ווי גרויס דיא געהאלט פון דיא קאנגרעסלייט און סענא־טארען זאל זיין, לאזט דיא קאנסטיטושאן איבער פאר'ן קאנ־גרעס אליין צו בעשטימען. און ער העכערט טאקע דיא גע־האלט פון צייט צו צייט. ביז מיט א יאהר פופציג צוריק האט א קאנגרעסמען געקראגען דריי טויזענד דאלאר א יאהר. דער־נאך איז דיא געהאלט געהעכערט געווארען אויף פינף טויזענד. אין 1907 האט דער קאנגרעס זיך ווידער געהעכערט דיא וויידזשעס אויף 7 טויזענד פינף הונדערט דאלאר א יאהר.

יעדער קאנגרעסמען קריעגט, אויסער זיין געהאלט, געלד אויף א סעקרעטער און אויף באהן הוצאות, פון דער שטאדט וואו ער וואהנט ביז וואשינגטאן. פאר א סעקרעטער בעקומט א קאנגרעסמאן פינף הונדערט דאללאר א יאהר, און א סע־נאטאר אכצעהן הונדערט דאללאר.

2) א קאנגרעסמען קען ניט ארעסטירט ווערען כל זמן דיא זיצונגען פון קאנגרעס האלטען אן און ווען ער פאהרט צום קאנגרעס אדער אהיים פון קאנגרעס. דאס הייסט ניט, אז א קאנגרעסמען קען אין דיעזער צייט בעגעהן א פערברעכען פריי. ווען ער טהוט אפ א געוואלד־טהאט, ווען ער בעגעהט א קרימינעלען פערברעכען, קען ער יא ארעסטירט ווערען. מען קען איהם אבער ניט אויפפאדערען צו קומען אין קאורט אלס עדות אדער צו ענטפערען אויף סיוויל קלאגען, וואס אימיצער ברייגנט געגען איהם, אדער צו דיענען אלס דזשורי־מאן. א פראסטער בירגער מוז דיא אלע זאכען טהאן; אויב ניט, ארעס־טירט מען איהם. א קאנגרעסמען איז פון דיעזע פליכטען פריי.

3) דיא קאנסטיטושאן גיט יעדען קאנגרעסמען דיא פולע אונבעגרענצטע פרייהייט צו ריידען אין קאנגרעס וואס ער וויל,

זוענען וועמען און אויף וועמען ער וויל. א קאנגרעסמען דארף זיך ניט היטען מיט זיין שפּראך, ווען ער האלט א רעדע אין קאנגרעס. ער קען אנגרייפען וועמען ער וויל און מאכען דיא ערגסטע בעשולדיגונגען אויף וועמען ער וויל. קלאגען איהם פאר „לייבעל“ אדער פאר פערלוימדונג, קען איהם קיינער ניט.

---

## קאַפּיטעל 6.

## דיא „האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס“.

דיא קאָנסטיטושאָן זאָגט ניט וויא גרויס דיעזער צווייג פון קאָנגרעס מוז זיין. דער קאָנגרעס אליין האָט דאָס רעכט צו בעשטימען וויפיעל לאָנגרעסלייטע דאָס פאָלק זאָל ערוועהלען. דיא קאָנסטיטושאָן מאכט נאָר איין בעדינגונג: יעדער קאָנגרעססמאָן מוז פערטרעטען ניט ווייניגער וויא 30 טויזענד מענשען.

ווען דיא בעפעלקערונג פון דיעזער לאנד איז געווען קליין, איז דיא צאָהל קאָנגרעססלייטע אויך געווען קליין. צוזאמען מיט דעם וואוקס פון דער בעפעלקערונג איז דיא „האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס“ אויך געוואקסען און געוואקסען. דער ערשטער קאָנגרעס האָט געהאט 65 מעמבערס. דער איצטיגער קאָנגרעסס האָט 435 מעמבערס. ביים ערשטען קאָנגרעס האָט יעדער קאָנגרעססמאָן פערטראָטען 33 טויזענד מענשען; האי־יאָהר פערטרעט יעדער קאָנגרעססמאָן מעהר וויא 200 טויזענד מענשען.

יעדע צעהן יאָהר, ווען מען צעהלט איבער דיא בעפעלקערונג פון לאנד און דיא בעפעלקערונג פון יעדע סטייט, בעשטימט דער קאָנגרעסס וויא גרויס דיא „האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס“ זאָל זיין אין דיא נעקסטע צעהן יאָהר, און בעשטימט אויך וויפיעל פערטרעטער יעדע סטייט זאָל שיקען. דער קאָנ־

גרעסס קען ניט ערלויבען, אז דיא צאהל קאנגרעססלייטע זאל וואקסען פראפארציאנעל מיט דער בעפעלקערונג, ווארים דאן וואלט דער קאנגרעסס מיט דער צייט געווארען אזוי גרויס, אז עס וואלט אונמעגליך געווען דארטען עטוואס צו טהאן. ווען איצטער וואלטען, צ. ב., יעדע 33 טויזענד מענשען געשיקט איין קאנגרעססמאן, אזוי וויא דער פאל איז געווען ביים ערש־טען קאנגרעסס, וואלט דיא צאהל קאנגרעססלייטע געווען נאה־הענט צו דריי טויזענד. דער קאנגרעסס איז דארום יעדע צעהן יאהר געצוואונגען צו העכערען דיא צאהל איינוואהנער, וואס יעדער קאנגרעססמאן זאל פערטרעטען. וויא געזאגט, פערטרעט איצט יעדער קאנגרעססמאן מעהר וויא 200 טויזענד מענשען.

בעמערקט אבער דיעזען פונקט. דער קאנגרעססמאן פער־טרעט ניט בלויז בירגער, ער פערטרעט איינוואהנער. מאנכע קאנגרעסס־דיסטריקטען זיינען בעוואוינט במעט אין גאנצען פון אימmיגראנטען. וואוטערס זיינען דארטען דא ווייניג, פון דעסטוועגען זיינען זיי בערעכטיגט צו דיא זעלבע צאהל קאנ־גרעסלייטע, אזוי וויא אין זיי וואלטען אלע געווען בירגער.

דער קאנגרעסס, אלזא, דארף נאך דער קאנסטי־טושאן נאך בעשטימען בלויז צוויי זאכען: ער־שטענס, וויפעל איינוואהנער יעדער קאנגרעססמאן זאל פערטרעטען, און נעהמענדיג אין אנבעטראכט דיא בעפעלקע־רונג פון יעדע סטייט, — צו וויפיעל קאנגרעסלייטע יעדע סטייט איז בערעכטיגט. וויא אזוי יעדע סטייט זאל איהרע קאנגרעססלייטע ערוועהלען, זאגט ניט דיא קאנסטי־טושאן.

דער קאנגרעסס אליין האט אבער אין דעם יאהר 1842 געמאכט א געזעץ, אז יעדע סטייט מוז איינגעטהיילט ווערען אין דיסטריקטען, און יעדער דיסטריקט זאל ערוועהלען איין קאנגרעססמאן. דיא דיסטריקטען מוזען אלע ענטהאלטען אן ערך דיא זעלבע צאהל איינוואהנער.

דאס איז דער געזעץ. ווער עס זאל אכטונג געבען דער געזעץ זאל דורכגעפיהרט ווערען איז ניטא.. דיא אויפגאבע פון

איינטהיילען די סטייט אין קאָנגרעסס־דיסטריקטען, האָט דער קאָנגרעסס איבערגעלאָזען צו די לעדזשיסלייטשורס פון די פערשיעדענע סטייטס, און דיעזע לעדזשיסלייטשורס טהוען, נאַטירליך, וויא עס לוינט זיך פאַר זיי בעסער.

אָט, צום ביישפּיעל, איז די בעפעלקערונג פון דעם 15טען קאָנגרעס־דיסטריקט אין נויאָרק מיט אכט יאָהר צוריק גע־ווען ארום 165 טויזענד, .ווערענד די בעפעלקערונג פון דעם 18־טען דיסטריקט איז געווען 450 טויזענד. נאָך'ן געזעץ נאָך האָט אין יעדען דיסטריקט געדאַרפט זיין ארום 200 טויזענד איינוואָהנער. די לעדזשיסלייטשור, וואָס האָט איינגעטהיילט די סטייט אין דיסטריקטען אין דעם יאָהר 1900, איז געווען א רעפּובליקאַנישע. האָט זיא דעם 18־טען דיסטריקט, וועל־כער איז סאָי־וויא־סאָי געווען דעמאָקראַטיש, געמאכט גרויס וויא מעגליך און אהין אריינגעשפּאַרט די אַלע סטריטען, וועלכע זיינען בעוואוינט פון דעמאָקראַטישע וואָוטערס; פאַר דעם 15־טען דיסטריקט האָט זיא אויסגעשניטען א קליינעם קווארטאַל, וואו עס האָבען געוואוינט רעפּובליקאַנער. גרעסער מאכען דעם 15־טען דיסטריקט האָט די רעפּובליקאַנישע לע־דזשיסלייטשור מורא געהאַט, ווייל דאַן וואָלט זיא געדאַרפט צוטשעפּען די ארומיגע סטריטען און דאָרטען האָבען גראדע געוואוינט דעמאָקראַטען.

פאַר פיער יאָהרען איז די לעדזשיסלייטשור געווען א דעמאָ־קראַטישע, האָט זיא אזוי צושניטען די דיסטריקטען, אז אין דער שטאָדט ניו יאָרק האָט כמעט יעדער איינער פון די עטליכע און צוואַנציג דיסטריקטען געהאַט א מאַיאָריטעט פון דעמאָקראַטישע וואָוטערס. די קווארטאַלען, אין וועלכע עס וואוינען רעפּובליקאַנער, האָט זיא פאַרנאַנדערגעריסען אין שטיקער און יעדע שטיק צוגעטשעפּעט צו א גרויסען דעמאָקראַ־טישען דיסטריקט.

דיעזער פּאָליטישער טריק, דורך וועלכען איין פּארטיי טהיילט אוים די דיסטריקטען אזוי, אז זיא קריעגט א מעהר־צאָהל שטימען אין די מעהרסטע פון זיי, הייסט אויף פּאָ־

ליטישע שפּראַך „געררימענדער". דער װאָרט נעהמט זיך דער־
פון, װאָס דער ערשטער פּאָליטישען, װעלכער האָט דעם טריק
געמאַכט, האָט געהייסען גערריי.

---

## װער קען זיין אַ קאָנגרעססמאַן?

דיא קאָנסטיטושאָן זאָגט, אַז יעדער מעמבער פון דיא „האוז אָוו רעפּרעזענטעטיװס" מוז פריהער זיין אַ בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען ניט װייניגער װיא זיעבען יאָהר, ער מוז אַלט זיין צום װייניגסטענס 25 יאָהר און זיין אַן איינ־װאָהנער פון דער סטייט, אין װעלכע ער װערט ערװעהלט. אַ קאָנגרעססמאַן טאָר ניט האַלטען קיין אַנדער שטעלע אָדער אַמט אין דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג.

דאָס זיינען דיא בעדינגונגען, װאָס דיא נאַציאָנאַלע קאָנסטיטושאָן שטעלט. פיעלע סטייטס האָבען צוגעגעבען נאָך בעדינגונגען אין זייערע סטייט קאָנסטיטושאָנס. כמעט אַלע האָבען זיי אַ געזעץ, אַז אַ מאַן, װאָס האַלט אַן אַמט אין דער סטייט רעגיערונג, טאָר אין דער זעלבער צייט ניט זיין קיין קאָנגרעססמאַן. פיעלע סטייט קאָנסטיטושאָנס פאָדערען אויך, אַז יעדער קאָנגרעססמאַן מוז זיין אַן איינװאָהנער אין דעם דיסטריקט, װעלכען ער פערטרעט אין קאָנגרעסס.

פיעלע לאָיערס זיינען מיט דער מיינונג, אַז דיא בעזונ־דערע סטייטס האָבען קיין רעכט ניט צו שטעלען נייע בעדינגונ־גען פאַר קאָנגרעסלייטע. זיי זאָגען, אַז איבער דעם קאָנגרעס און קאָנגרעסלייטע האָט דיא סטייט רעגיערונג קיין שום דעה ניט. זיי דענקען דארום, אַז דיעזער געזעץ, װאָס מאַנכע סטייטס האָבען געמאַכט, אַז יעדער קאָנגרעססמאַן מוז װאױנען אין דעם דיסטריקט װאו ער װערט ערװעהלט, האָט קיין ממשות ניט, װייל דער געזעץ געפינט זיך ניט אין דער קאָנסטיטושאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

צו דיעזע לאָיערס זיינען גערעכט, צו ניט, דער אַלגעמיינער מנהג אין דיעזער לאַנד איז פאַר יעדען דיסטריקט צו שיקען

אין קאָנגרעסס זיינעם אָן איינעגעם איינוואָהנער. ערשטענס, האָט יעדער דיסטריקט זיין איינענע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן און דיא פּאָליטישענס ווילען בעסער האַלטען דיא דזשאָבס פאַר איינענע מעמבערס. און צווייטענס, וועט זיך א דיסטריקט שעה־מען צו נעהען זוכען א פערטרעטער פאַר זיך אין אָן אנדער פּלאַץ.

א קאָנגרעססמאַן ווערט ערוועהלט אויף צוויי יאָהר בלויז. דיא עלעקשאָנס פאַר קאָנגרעססלייטע ווערען אָפּגעהאַלטען אי־בער׳ן גאַנצען לאַנד דעם זעלבען טאָג: „דער ערשטען דיענסטאָג נאָך׳ן ערשטען מאָנטאג אין נאָוועמבער אין יעדען גראָד יאָהר“. דער לעצטער עלעקשאָן פאַר קאָנגרעססלייטע איז פאָרגעקו־מען אין 1912. דיא נעקסטע עלעקשאָנס — אין 1914, און זאָ ווייטער, א. ז. וו.

דיא אַלגעמיינע מיינונג איז, דאָס צוויי יאָהר איז א צו קורצער טערמין פאַר א קאָנגרעססמאַן. דערצו איז פאַראַן נאָך א גרויסער חסרון. דיא ערשטע זיצונג פון קאָנגרעסס פאַנגט זיך אָן 13 מאָנאַטען נאָך דיא עלעקשאָנס. אָדער, בעסער גע־זאָגט, פאַר דיא נעקסטע עלעקשאָנס. דיא קאָנגרעססלייטע וואָס זיינען ערוועהלט געוואָרען אין 1912, האָבען זיך צום ערשטען מאָל פערזאַמעלט אין וואשינגטאָן אין מאָנאַט דעצעמ־בער 1913. דאָס הייסט, אַלזאָ, אז איידער דיא קאָנגרעססלייטע האָבען נאָך אָנגעקוקט דעם קאָנגרעסס־זאַאַל, איידער זיי האָבען נאָך געטהאָן דיא ערשטע שטיקעל ארבייט אין קאָנגרעסס, דאַרפען זיי שוין אָנהויבען קלעהרען וועגען דיא נעקסטע עלעקשאָנס.

דער קאָנגרעסס איז דער בעל הבית איבער זיינע איינענע מעמבערס. ווען עס קומט פאָר אין א סטייט א סכסוך אין דיא וואַהלען און ביידע קאַנדידאַטען קליימען, אז זיי זיינען ער־וועהלט געוואָרען, דאַרפען זיי פאָרלייגען זייערע בעווייזע און זייערע טענות פאַר׳ן קאָנגרעסס און דער קאָנגרעסס פּסקנ׳ט ווער עס האָט רעכט. געוועהנליך פיהרט זיך עס אין אזא פאַל אזוי: ביידע צדדים שיקען זייערע טענות צום קליירק פון דעם

קאנגרעסס. דער קלוירק גיט עס איבער דעם „ספיקער“, דאס הייסט, דעם טשערמאן פון דער „האוז אוו רעפרעזענטעטיווס“. דער „ספיקער“ גיט עס צו א קאמיטע פון קאנגרעסלייט און דיזע קאמיטע מאכט אן אונטערזוכונג. זיא הערט אויס עדות, פערופט דיא צוויי בעלי דינים, פרעגט זיי אויס, און דאן גיט זיא ארויס איהר ענטשיידונג. נאטירליך, געווינט אין אזא טרייעל דער קאנדידאט, וועלכער בעלאנגט צו דער פארטיי, וועלכע האט א מאיאריטעט אין קאנגרעסס.

---

## דיא זיצונגען פון דיא „האוז אוו רעפרעזענטעטיווס“.

וויא געזאגט, ווערען דיא קאנגרעססלייטע ערוועהלט אין דעם מאנאט נאוועמבער פון יעדען „גראד יאהר“. זייער טערמין פאנגט זיך ערשט אן דעם פערטען מארטש דעם נעקסטען יאהר. דאס הייסט, זיי פאנגען אן צו קריגען געהאלט פון דיזען דאטום, און זיי זיינען פון דיזען טאג אן בערעכטיגט צו אלע ספעציעלע רעכטע, וואס קאנגרעססלייטע האבען. זייער אמת'ע טהעטיגקייט פאנגט זיך אבער, אונטער געוועהנליכע אומשטענדען, ניט אן ביז אין זיעבען מאנאטען ארום, ביז דעם ערשטען מאנטאג אין דעצעמבער, ווען דער נייער קאנגרעסס פאנגט אן זיין ערשטע זיצונג.

דיא קאנסטיטושאן פאדערט, אז דער קאנגרעסס זאל האבען א זיצונג יעדען יאהר. זיא שרייבט אויך פאר, אז דיא ערשטע זיצונג זאל זיין דעם ערשטען מאנטאג אין דעצעמבער. יעדער קאנגרעסס האט דארום צוויי זיצונגען : די ערשטע הייסט דיא „לאנגע“ זיצונג. זיא פאנגט זיך אן דעם ערשטען מאנטאג אין דעצעמבער אין יעדען „ניט גראדען“ יאהר (1911, 1913, 1915) און ציהט זיך טהעאָרעטיש ביז נעקסטען דעצעמבער. פאקטיש שליסט זיך דיעזע זיצונג געוועהנליך אין דיא פריהלינג אדער אין דיא זומער מאנאטען. דיא צווייטע, אדער דיא „קורצע“ זיצונג, פאנגט זיך אן דעם ערשטען מאנטאג אין מא־

נאָט דעצעמבער פון יערען „גראָד יאָהר“ און האַלט אָן ביז׳ן פערטען מאַרטש פון נעקסטען יאָהר.

אַזוי פיהרט זיך עס אונטער געוועהנליכע אומשטענדען. אין ספּעציעלע פעללע האָט אָבער דער פּרעזידענט דאָס רעכט צו פערופען אַ ספּעציעלע זיצונג פון קאָנגרעסס ווען ער וויל. אַט, צום ביישפּיעל, האָט טעפט פערופען דעם נייעם קאָנגרעסס וואָס איז ערוועהלט געוואָרען אין נאָוועמבער 1910 צו אַ ספּעציעלע זיצונג אין מאָנאַט מאַי 1911. ער האָט געהאַט נויטיגע געזעצע דורכצופיהרען און האָט ניט געוואָלט וואַרטען ביז וואַנען דער קאָנגרעסס וועט זיך צוזאַמענקומען ערשט אין מאָנאַט דעצעמבער, און האָט אַרויסגעשיקט אַ בעפעהל ער זאָל זיך צונויפקומען מיט זיבען מאָנאַטען פריהער. די קאָנסטיטושאָן גיט דעם פּרעזידענט די מאַכט אַזאַ בעפעהל אַרויסצושיקען און די קאָנגרעססלייטע מוזען איהם פאָלגען. קיין אַנדערער ווי דער פּרעזידענט האָט אָבער קיין רעכט ניט צו פערופען אַ ספּעשעל זיצונג.

ווען די מעמבערס פון די „האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס“ פערזאַמלען זיך צום ערשטען מאָל, וואַרפט מען גורל פאַר די סיטס אין קאָנגרעסס־זאַאַל. דער קאָנגרעססמאַן, וועמעס נאָמען עס ווערט פריהער אַרויסגעצויגען, האָט דאָס רעכט אויסצוקלייבען פריהער וועלכען סיט ער וויל.

אין די „האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס“ טאָר אַ מעמבער ניט האַלטען אַ רעדע מעהר ווי איין שטונדע, סיידען די גאַנצע „הויז“ שטימט אָפּ איהם צו געבען מעהר צייט. אַ מעמבער טאָר מעהר ווי איין מאָל איבער דער זעלבער פראַגע ניט ריידען. דער וואָס האָט אָבער געמאַכט דעם פאָרשלאַג, וועלכער ווערט דעבאַטירט, מעג ריידען אַ צווייטען מאָל, נאָכדעם ווי אַלע אַנדערע, וואָס האָבען געפאָדערט דאָס וואָרט, האָבען אָפּגערעדט.

דער טשערמאַן פון די „האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס“ הייסט דער „ספּיקער“. ער ווערט ערוועהלט פון די קאָנגרעסס־

לייטע, און דארום בעלאנגט ער, נאטירליך, צו דער פּארטיי, וועלכע האָט אַ מאַיאָריטעט אין דער „האוז“.

דער „ספּיקער“ ווערט פּעררעכענט אַלס איינער פון דיא הויפּט־פיהרער פון דער רעגיערונג. אין דיא אַריסטאָקראַטישע קרייזען ווערט ער אַנערקענט אַלס דער זעלבער יחסן וויא דיא דזשאַדזשעס פון סופרים קאָורט. און אין דער ווירקליכקייט איז זיין מאַכט פּיעלייכט אַזוי גרויס, אויב ניט גרעסער וויא דעם פּרעזידענט׳ס. אַ שרייבער האָט אַמאָל גערופען דעם „ספּיקער“ „דער צאַר פון דיא פּעראייניגטע שטאַאטען“.

מען קען זאָגען, אַז דער שיקזאַל פון יעדען בילל, פון יעדען פּאָרשלאַג, וואָס ווערט געמאַכט אין קאָנגרעסס, ליעגט אין דעם „ספּיקער׳ס“ הענט. ער קען אַזוי אַרראַנזשירען דעם טאַ־געס־אָרדנונג, ער קען אַזוי ענטשיידען „פּאָינטס אָוו אָרדער“, „אַפּיעלס“, און זאָ ווייטער, אַז דיא ביללס וואָס ער גלייכט ניט, זאָלען קיינמאָל ניט פאָרגעבראַכט ווערען.

אויסער דעם איז ער דער גאַנצער בעל הבית איבער דיא קאָמיטעס. מיר וועלען שפּעטער זעהען, אַז דיא גאַנצע אַרבייט פון דעם קאָנגרעסס ווערט געטהאָן פון קאָמיטעס. דער „ספּי־קער“ טהיילט איין דיא מעמבערס אין קאָמיטעס, און יעדע קאָמיטע גיט זיך אָפּ מיט אַ געווויסע טהייל פון דער אַרבייט. אַלזאָ, האָבענדיג דיא אַבסאָלוטע מאַכט אין אַפּאָינטען קאָמיטע־לייט, זעצט ער אין דיא וויכטיגסטע קאָמיטעס זיינע מענשען, קאָנגרעסלייטע, וועלכע געהערען צו זיין פּאַרטיי און אויף וועלכע ער קען זיך פּערלאָזען, אַז זיי וועלען טהאָן וואָס ער וועט זיי הייסען. דורך דיעזע קאָמיטעס קאָנטראָלירט ער דעם גאַנצען קאָנגרעסס.

אין דער פּאָליטישער וועלט ליעגט מען פונקט אַזוי פיעל וויכטיגקייט אויף דעם עלעקשאָן פון אַ „ספּיקער“, וויא אויף דעם עלעקשאָן פון אַ פּרעזידענט. פאַר אַ „ספּיקער“ קלייבט מען געוועהנליך אויס אַ קלוגען, פעהיגען פּאָליטישען, וועלכער האָט זיך שוין פון פריהער אויסגעצייכענט אַלס אַ בריה איז

אויספיהרען זאַכען אין קאָנגרעסס, און וועלכער איז קלאָהר אין דיא פּאָליטיק פון זיין פּאַרטיי.

---

## דיא קאָמיטעס פון דיא „האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס“.

אין דעם לעצטען קאָנגרעס זיינען אריינגעבראַכט געוואָרען 19,209 בילס. ווען יעדע איינע פון דיעזע בילס וואָלט פאָרגעלייגט ווערען פאַר'ן קאָנגרעס און דיסקוטירט ווערען פון אלעמען אזוי וויא עס בעדאַרף צו זיין, וואָלט ניט געסטייעט דארויף ניט צוויי יאהר, נאָר אפילו צעהן יאהר. דער קאָנגרעס האט אבער אויסגעאַרבייט א סיסטעם, דורך וועלכע ער ווערט מיט זיין ארבייט פארטיג שנעל; וויפיעל בילס מען זאָל אין איהם ניט אריינטראָגען, קען ער זיך מיט זיי אלע ספּראַווען.

וואס איז דיעזע סיסטעם?

גלייך וויא דער קאָנגרעס עפענט זיך, אפּאָינטעט דער ספּיקער קאָמיטעס, אָדער, בעסער געזאָגט, ער טהיילט איין דיא קאָנגרעסלייטע אין קאָמיטעס. איין קאָמיטע גיט זיך אָפּ מיט „פראגען איבער אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען“; א צווייטע— מיט „מיליטער־פראגען“; א דריטע—מיט פראגען וועגען „בעוויליגען געלד פאר פערשיעדענע דעפּאַרטמענטס“, א. ז. וו. ניט אלע מאָל אבער ווערען אפּאָינטעט דיא זעלבע צאָהל קאָמיטעס. אין דעם לעצטען קאנגרעס איז דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס געווען צוטהיילט אויף 61 קאָמיטעס. אין סענאַט זיינען אין זעלבען יאהר געווען 72 קאָמיטעס.

דער ספּיקער זעהט שוין, אז דיא פּאָליטישע פּאַרטיי, צו וועלכע ער בעלאַנגט, זאָל האבען א מאַיאָריטעט אין יעדער קאָמיטע, און איבערהויפּט גיט ער אכטונג, אז זיין פּאַרטיי זאָל קאָנטראָלירען דיא צעהן—צוועלף וויכטיגסטע קאָמיטעס. דיעזע קאָמיטעס טהוען דיא גאנצע ארבייט פון קאָנגרעס, קען מען זאָגען.

ווען א ביל ווערט אריינגעבראַכט אין דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס, ווערט זיא פאָרגעלעזען פאר'ן גאנצען קאָנגרעס

און דערנאָך הייסט דער ספיקער מען זאָל איהר איבערגעבען צו דער קאָמיטע, וועלכע בעהאנדעלט אזוינע פראגען. דיעזע קאָמיטע טהוט מיט'ן ביל וואס זיא וויל. זיא בעהאנדעלט איהר הינטער פערשלאָסענע טהירען. אמאָל, ווען דיא פראגע איז זעהר א וויכטיגע, האלט זיא אָפּ אָפענע זיצונגען און לא־דעט איין דאס פאָלק זיך צו בעטהייליגען אין דיא דעבאטען. זיא לאדעט אויך מייסטענס איין דעם קאָנגרעסמען, וואס האט דיא ביל פאָרגעשלאָגען, ער זאָל אנגעבען דיא אורזאכען, וואָ־רום דער געזעץ זאָל אנגענומען ווערען.

און דערנאָך בעשטימט דיא קאָמיטע וואס פאר א רעפּאָרט אריינצובריינגען אין דער „האוז" וועגען דיעזע ביל. ווען דיא ביל איז ניט קיין וויכטיגע, דאס הייסט, ווען דאס פאָלק איז אין דער ביל ניט פּעראינטערעסירט און זיא געפעלט אויך ניט דער קאָמיטע, דאן דערשטיקט זיא איהר אין גאנצען. דאס הייסט, זיא בריינגט אין קאנגרעס ניט אריין קיין שום רעפּאָרט וועגען איהר. דיעזען שיקזאל האבען כמעט צוויי־דריטעל פון אלע בילס. זיי ווערען געטוידטעט אין דיא קאָמיטעס.

מיט דיא איבעריגע בילס טהוט אויך דיא קאָמיטע וואס איהר הארץ געלוסט. זיא מאכט אמענדמענטס, שרייבט צו און מעקט אויס וואס זיא וויל און וויפיעל זיא וויל. זעהר אָפט ווערט א ביל אזוי געענדערט ווען דיא קאָמיטע ווערט מיט איהר פערטיג, אז דער קאנגרעסמאן, וועלכער האט איהר אריינגעבראכט, דערקענט איהר ניט מעהר.

ווען דיא קאָמיטע ווערט פארטיג מיט אלע איהרע בילס טראָגט זיא אריין וועגען יעדע פון זיי א רעפּאָרט אין דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס. זיא אפּאָינטעט איינעם פון איהרע מיטגליעדער, ער זאָל דעם רעפּאָרט אפּגעבען. און דיע־זער מעמבער האט דאס רעכט צו ריידען א גאנצע שטונדע, ניט מעהר, איבער יעדע ביל. ווען ער ווערט פארטיג, דאן ווערט דיא ביל דעבאטירט פון אלע מעמבערס און מען נעהמט איהר צו אבשטימונג.

טראָץ דעם, וואס צוויי־דריטעל פון אלע ביללס ווערען קיינמאָל ניט רעפּאָרטעט, סטייעט אלץ ניט קיין צייט אין קאנ־גרעס צו דעבאטירען יעדע ביל, וואס דיא קאָמיטעס רעפּאָרטען יע. דיא צייט פאר קאָמיטע־רעפּאָרטס איז אזוי קורץ, אז יעדע קאָמיטע, אויסער דיא עטליכע סאמע וויכטיגסטע, האט בלויז צוויי שטונדען צייט צו רעפּאָרטען אלע איהרע ביללס. דער קאָנגרעס איז דארום געצוואונגען אנצונעהמען כמעט יעדען קאָמיטע־רעפּאָרט וויא ער געהט און שטעהט. נאטירליך, ווען דיא ביל בעהאנדעלט א גאנץ וויכטיגע פראגע, אין וועלכער דיא גאנצע לאנד איז פעראינטערעסירט, קען מען איהר אזוי ניט אבבאפּען. אבער אזוינע ביללס זיינען זעהר, זעהר ווייניג.

דער פאקט איז, דאס פון דיא 4904 ביללס, וואס דיא קאָ־מיטעס האבען רעפּאָרטעט ביים לעצטען קאנגרעס, זיינען 4041 אנגענומען געוואָרען פונקט וויא דיא קאָמיטעס האבען זיי פארגעשלאָגען.

ווען א ביל ווערט דערשטיקט אין דער קאָמיטע, קען דער קאָנגרעסמען, וועלכער האט דיא ביל אריינגעבראכט, אויפ־פאָדערען דיא קאָמיטע, זיא זאָל אפּגעבען חשבון וועגען דעם. אבער דער קאנגרעס איז שטענדיג אזוי ביזי, אזוי פער־האוועט, אז ער באדערט זיך ניט מיט אזוינע קאָמפּליינטס. דיא קאָנגרעסלייט ווייסען אויך גאנץ גוט, אז דיא קאָמיטע וועט סיי וויא סיי אם ענדע אויספיהרען און זיי מאכען ניט קיין מחזקות.

אין דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס גופא קומען אלזאָ פּאָר זעהר, זעהר ווייניג דעבאטען און דיסקוסיאָנען איבער ביללס; אויב א ביל ווערט יע דיסקוטירט און דעבאטירט, קומט עס פאָר אין דער קאָמיטע. אין דיא גרויסע דיקע רע־קאָרדס פון דיא טעגליכע ארבייט אין קאָנגרעס ווערען געדרוקט לאנגע רעדעס, וואס דער אדער יענער קאנגרעסמאן האט גע־האלטען איבער דער אדער יענער פראגע. כמעט אלע דיעזע „רעקאָרדס" זיינען בלאָפס. דיא קאָנגרעסלייטע האבען קיינ־מאָל דיעזע רעדעס ניט געהאלטען; זיי האבען זיי בלויז

אויפגעשריעבען און געבעטען דעם קלוירק, וואס שטעלט צו־זאמען דיא רעקארדס, ער זאל זיי אריינשטעלען אלס א טהייל פון דעם טאגעס־אָדרנונג.

---

## דיא אויפגאבען פון קאנגרעסס.

דיא מאכט צו מאכען געזעצע פאר דיא פעראייניגטע שטא־אטען, געהערט צום קאנגרעס, אזוי זאגט דיא קאנסטיטושאן. די אויפגאבע פון קאנגרעסס איז, אלזא, הויפטזעכליך צו מאכען די געזעצע פון לאנד. מיר זאגען, הויפטזעכליך, ווייל וויא מיר וועלען שפעטער זעהן, האט דער קאנגרעס אנדערע אויפגאבען אויך. דאס איז ערשטענס, און צווייטענס, האט ער ניט דיא פוללע אויסשליסליכע מאכט אין דיא געזעץ־מאכונג.

פארשלאגען א געזעץ טאר ניט קיין אנדערער וויא ענט־וועדער א קאנגרעססמאן אין דיא האוז אוו רעפרעזענטייטיווס, אדער א סענאטאר אין סענאט. דער פרעזידענט אליין אדער זיינע מיניסטארען קענען קיין בילל נייט אריינטראגען. אין דיא מעססעדזשעס וואס דער פרעזידענט שיקט אריין אין קאנגרעסס רעקאמענדירט ער בלויז געוויסע געזעצע. ווען דער קאנגרעסס וויל, קען ער דיא אלע רעקאמענדיישאנס פון פרעזידענט אין גאנצען איגנארירען.

אויף אזוי ווייט, אלזא, האט דער קאנגרעס אן אונגעהויע־רע מאכט אין דער געזעץ־מאכונג. דער בילל, דער פארשלאג מוז קומען פון זיינע אייגענע מעמבערס. ווען עס קומט אבער צו אננעהמען דעם געזעץ, צו דורכפיהרען איהם פאלקאם, דארטען איז ער שוין ניט דער גאנצער בעל דעה, איידער א בילל ווערט א געזעץ, מוז ער דורכגעהןביידע הייזער: אי דיא האוז אוו רע־פרעזענטייטיווס, אי דעם סענאט, און דערנאך ערשט מוז ער אונטערגעשריעבען ווערען פון פרעזידענט. עס איז קיין אונטער־שיעד ניט וואו דער בילל ווערט פריהער אריינגעטראגען. אויב א קאנגרעססמאן האט איהם דער ערשטער פארגעשלאגען אין דיא האוז אוו רעפרעזענטייטיווס און ער איז דארטען אנגענומען

געוואָרען, מוז ער אָבגעשיקט ווערען צום סענאַט, און מוז דאָר־טען אויך אָנגענומען ווערען. אויב ער איז פריהער אריינגע־בראַכט געוואָרען פון א סענאַטאָר אין סענאַט, מוז מען איהם דערנאָך אפּשיקען אין דיא הויז אוו רעפּרעזענטייטיווס. און איןביידע פּעללע דאַרף דער פּרעזידענט איהם אונטערשרייבען, איידער ער ווערט א געזעץ.

אויב דער פּרעזידענט וועיזט צוריק א בילל, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרען אין ביידע „הייזער", דאַן האָט דער קאָנ־גרעס איין מיטעל, דורך וועלכען ער קען דעם בילל מאַכען פאַר א געזעץ, טראָץ דעם פּרעזידענט'ס ווילּלען. דיעזער מיטעל איז, דאָס אין יעדע „הויז" זאָלען צוויי דריטעל פון דיא מעמ־בערס שטימען פאַר'ן בילל. אין א געוועהנליכען פאַל איז א מאַ־יאָריטעט שטימען גענוג א בילל דורכצופיהרען. ווען דער פּרע־זידענט וועיזט איהם אָבער צוריק, מוז מען שוין האָבען צוויי־דריטעל שטימען.

דער אמעריקאַנער קאָנגרעסס איז אין אַלגעמיין ניט אזוי מעכטיג וויא דיא פּאַרלאַמענטען אין יוראָפּ. אין פערגלייך מיט דעם פּאַרלאַמענט אין ענגלאַנד איז ער זעהר, זעהר שוואַך. אין ענגלאַנד האָט דער פּאַרלאַמענט איבער זיך קיין שום אויבער־מאַכט ניט. ער איז פריי צו טהאָן וואָס ער וויל. צו מאַכען וואָס פאַר א געזעצע ער וויל. דער ענגלישער פּאַרלאַמענט קען, צום ביישפּיעל, היינט אָפּשטימען א געזעץ, אז אַלע ענגלענדער זאָ־לען ווערען מאַכמאַדאַנער און דיא בירגער וועלען עס מוזען פאָלגען. דאָ אין אמעריקא, איז אָבער ניט אזוי. דאָ מוז דער קאָנגרעס פאָלגען דיא קאָנסטיטושאָן. דיא געזעצע וואָס ער מאַכט טאָרען ניט קומען אין צוזאַמענשטויס מיט דיא גרונד־פּרינציפּען פון דער קאָנסטיטושאָן. נאָכמעהר, דיא קאָנסטיטו־שאָן גיט אָן אַלגעמיינעם אויסצוג, מיט וועלכע פראַגען דער קאָנ־גרעסס מעג זיך בעשעפטיגען. וויא מיר וועלען באַלד זעהן, זיי־נען דאָס אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע פראַגען. מיט אַלע אַנדערע זאַ־כען קענען זיך בעשעפטיגען בלויז דיא לעדזשיסלייטשורס פון די פערשיעדענע סטייטס.

דער קאנגרעסס איז, אלזאָ, ניט דיא העכסטע מאכט אין געזעץ־מאכונג. דיא קאָנסטיטושאָן שטעהט העכער פאר איהם. נאָך מעהר, ווען עס איז א פראגע, צי א געוויסער געזעץ, וואָס דער קאָנגרעסס האָט געמאַכט, איז אין אנקלאנג מיט דער קאָנ־סטיטושאָן, צי ניט, ווערט דיא פראגע ענטשיעדען אין דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס. דיא סופּרים קאָורט פון דיא פעראייניג־טע שטאַאטען האָט דאָס לעצטע וואָרט און דיא העכסטע דעה אין אזוינע ספסוכים. מיט אנדערע ווערטער הייסט דאָס, אז דיעזע קאָורט קען מבטל זיין יעדען געזעץ וואָס דער קאָנגרעסס מאַכט, מיט'ן אויסרייד, אז דער געזעץ איז געגען דיא קאָנסטי־טושאָן, אָדער בעסער געזאָגט, געגען דעם גייסט פון דיא מענ־שען, וואָס האָבען מיט 134 יאָהר צוריק דיא קאָנסטיטושאָן פערפאסט.*)

---

## דער סענאַט.

דער סענאט איז לכתחילה געגרינדעט געווארען צוליעב צוויי אורזאכען. ערשטענס, ווייל דיא פערפאסער פון דער קאנ־סטיטוציאָן האָבען מורא געהאט צו פערטרויען דיא גאנצע רעגיערונג אין דיא הענד פון האוז אוו רעפּרעזענטייטיווס, וועלכע ווערט אין גאנצען געוועהלט פון דיא גרויסע מאססען און איז געצוואונגען צו פאָלגען דעם ווילען פון דיא מאַססען; און צווייטענס, ווייל דיא קליינע סטייטס האָבען מורא געהאט, אז האָבענדיג א קליינע צאהל פארטרעטער אין דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס וועלען זיי דאָרטען אין גאנצען אונטער־דריקט ווערען פון דיא גרויסע סטייטס. דיא קאנסטיטוציאָן האָט דארום בעשאפען א צווייטען ברענטש אין קאנגרעס, א סענאט, און בעפוילען אז דארטען, איז דעם סענאט זאָל יעדע סטייט האָבען דיא זעלבע צאהל פערטרעטער, קיין אונטערשיעד־

---

*) מיר וועלען דיעזע גאַנצע פראגע גענויער בעהאַנדלען ווען מיר וועלען רעדען וועגען דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס און וועגען דיא סופּרים־קאָורט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

צו דיא סטייט האָט 7 מיליאָן איינוואהנער, וויא ניו יאָרק, אָדער עטליכע און פערציג טויזענד איינוואהנער וויא נעוואדא סטייט. זאָל זיא מעהר וויא צוויי מעמבערס אין סענאט ניט האָבען. דאס איז ערשטענס. צווייטענס, זאָלען דיא סענאטאָרען ניט ערוועהלט ווערען פון דיא גרויסע מאסען, נאָר פון דיא סטייט לעדזשיסלייטשורס. ניט זייענדיג ערעקטעט דירעקט פון פאלק וועט דער סענאט ניט פיהלען קיין ספּעציעלע פער־אנטוואָרטליכקייט, קיין ספּעציעלע פערפּליכטונג צום פאלק, און וועט אויך ניט מורא האָבען זיך איינצורייסען מיט'ן פאָלק, ווייל ער וועט דאָך ניט מוזען אנקומען צו זיינע וואוטס.

דער סענאט, אלזאָ, איז לכתחילה בעשאפען געווארען אלס א צאם, אלס א שטערונג ניט צו צולאָזען אז דיא רעגיערונג זאָל זיין צו דעמאָקראטיש; דאס פאלק זאָל אין איהר ניט האָבען קיין צו גרויסע דעה. מען מוז צוגעבען, אז דער סענאט האָט פּינקטליך דורכגעפיהרט זיין פּראגראם. ער איז אימער געשטאַ־נען אין וועג פון פאלקס־הערשאפט. ער האָט אימער בעשיצט דיא אינטערעסען פון דיא קליינע הייפעלע גבירים געגען דיא גרויסע צאהל ארימע לייט. ער האָט אין הונדערטע פעללע געשטערט דעם פּראגרעס פון לאנד און דיא פּראגרעסיווע גע־זעצע וואס דיא „נידריגערע הויז", דיא פאלקס פערטרעטעריין, איז פון פאָלק געצוואונגען געווען דורכצופיהרען.

וויא געזאגט, שיקט יעדע סטייט צוויי סענאטאָרען אין סענאט. צוויי, ניט מעהר און ניט ווייניגער. דאָס איז א גרויסער אונרעכט. דאס איז געגען יעדען פּרינציפּ פון א פרייע פאָלקס־רעגיערונג. עס איז ניט רעכט אז ניו יאָרק מיט איהרע זיעבען מילליאָן מענשען זאָל אין סענאט ניט האָבען קיין גרעסערע דעה וויא נעוואדא מיט איהרע 43 טויזענד איינוואהנער. מען האָט אויסגערעכענט, אז ווען עטליכע קליינע סטייטס, וועלכע האָבען אין גאנצען א צעהן מיליאָן מענשען, זאָלען זיך צונויפנעהמען, קענען זיי אין סענאט שטערען דיא געזעצע וואס דיא איבריגע סטייטס מיט א בעפעלקערונג פון 80 מיליאָן מענשען זאָלען וועלען דורכפיהרען.

דיא קאנסטיטושאן בעווייזט אפען, אז זיא האלט דעם סענאט פאר א וויכטיגערע אבטהיילונג פון קאנגרעס וויא דיא האוז אוו רעפרעזענטייטיווס. זיא פאדערט פון א סענאטאר מעהר מעלות וויא פון א קאנגרעסמאן. א סענאטאר מוז אלט זיין ניט ווייניגער וויא דרייסיג יאהר. ער מוז וואהנען אין דער סטייט, וועלכע ערוועהלט איהם, און ער מוז זיין א בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען ניט ווייניגער וויא ניין יאהר.

---

## וויא אזוי ווערען סענאטארען ערוועהלט ?

וויא געזאגט, פאדערט דיא קאנסטיטושאן אויסדריקליך, אז דיא סענאטארען זאלען עלעקטעט ווערען פון דיא לעדזשי־סלייטשורס אין דיא פערשיעדענע סטייטס. מיט א יאהר פופציג צוריק האט דער קאנגרעס אנגענומען א ביל, אז אלע לעדזשיסלייטשורס מוזען אפהאלטען דיא עלעקשאנס פאר סע־נאטארען אויפ'ן פאלגענדען אופן: דעם יאהר ווען דער טער־מין פון א סענאטאר פון א געוויסע סטייט האלט זיך ביים ענדי־גען, זאל דיא לעדזשיסלייטשור אויפנעהמען דיא פראגע וועגען ערוועהלען זיין נאכפאלגער דעם צווייטען דיענסטאג נאך דער ערעפנונג פון דער ערשטער זיצונג. יעדע הויז פון דער לע־דזשיסלייטשור זאל שטימען בעזונדער פאר א קאנדידאט, אויב דער זעלבער קאנדידאט בעקומט א מאיאריטעט איןביידע הייזער איז ער עלעקטעט. אויב ניט, זאלען ביידע הייזער צוזא־מענקומען און פערהאנדלען דיא פראגע אלס איין קערפערשאפט. דער קאנדידאט וואס בעקומט א מאיאריטעט ביי דיעזער פער־אייניגטער קערפערשאפט ווערט ערוועהלט. אויב עס לויפען עטליכע קאנדידאטען און קיינעם פון זיי געלינגט ניט צו קריי־גען א מאיאריטעט שטימען, דארפען דיא מעמבערס אפהאלטען מיטינגען יעדען טאג אום צוועלף אוהר און וואוטען. זיי זאלען מיטען אזוי לאנג ביז וואנען אימיצער ווערט ענדליך דאך עלעקטעט.

אמאָל פלעגט טרעפען, אז עס איז אָנגעקומען זעהר, זעהר שווער ביז וואנען א קאַנדידאט האָט ענדליך געקראָגען א מאַיאָריטעט שטימען אין לעדזשי־סלייטשור. עס זיינען געווען איינינע בעריהמטע פעללע ווען עס האָט געדויערט מאָנאטען און יאָהרען זאָגאר ביז וואנען א סענאטאָר איז ערוועהלט געוואָרען. אין פענסילוויניא סטייט האָט דער לעדזשיסלייטשור אנגעפאנגען וואוטען פאר א סענא־טאָר דעם 17טען יאנואר, 1899. ער האָט אָפּגעהאלטען טעג־ליכע מיטינגען ביז דעם 19טען אפּריל, האָט געשלאָסען דיא זיצונג ביז איבער וואקיישאָן און קיין סענאטאָר האָט ער ניט ערוועהלט. אין דעלעווער סטייט האָט דער לעדזשיסלייטשור ניט געקענט ערוועהלען קיין סענאטאָר אכט יאָהר נאכאנאנד: פון דעם יאָהר 1895 ביז דעם יאָהר 1903. אין דיעזע אכט יאָהר צייט האָט קיין קאנדידאט דארטען ניט געקענט בעקומען דיא נויטיגע מאיאָריטעט שטימען עלעקטעט צו ווערען.

דאס פאָלק איז שוין לאנג געווען געגען דעם בע־פעהל פון דער קאנסטיטושאָן, אז דיא סענאטאָרען זאָלען ער־וועהלט ווערען פון דיא לעדזשיסלייטשורס. אין דיא לעצטע פאָאר צעהנדליג יאָהר איז עס אויפגעוויעזען געוואָרען אז דיא סענאטאָרען וואס דיא לעדזשיסלייטשורס קלייבען אוים זיינען ענטוועדער אליין גרויסע געלד־מאגנאטען אָדער זיינען דיא פארטרעטער פון טראסטס און קאָרפּאָריישאָנס. אויסער דעם האָבען פיעלע אונטערזוכונגען אויפגעדעקט דיא שענדליכסטע קארופּציאָן און כאבאר סקאנדאלען אין דיעזע עלעקשאָנס. דאָס פאלק איז פאלקאם איבערצייגט, אז דער סענאט איז דורך און דורך א קערפּערשאפט פון געלד־מענשען וואס ארביי־טען אין דיא אינטערעסען פון דיא געלד־מענשען.

פאָדערען אז מען זאָל דיעזע קערפּערשאפט אין גאנצען אפשאפען, האָט דאס פאלק, נאטירליך, דעם קוראזש ניט. דאס ווערט גערעכענט צופיעל ראדיקאליש, ציפיעל רעוואלוציאָנעריש. בלויז א סאָציאליסטישער קאָנגרעסמאן האָט געהאט דיא „חוצפה“ אריינצוברייננגען א ביל אין דיא האוז אָוו רע־

פּרעזענטייטיווס אז דיא קאָנסטיטושאָן זאָל געענדערט ווערען אדער אמענדירט ווערען, און אז דער סענאט זאָל אין גאנצען אָפּגעשאפט ווערען. זיין טענה איז געווען דאס עס איז ניט נויטיג פאר דאָס פאלק אז צוויי בעזונדערע קערפּערשאפטען זאָלען פאר איהם מאכען זיינע געזעצע. איין קערפּערשאפט וואס ווערט ערוועהלט פון פאלק איז פאָלקאָם גענוג. דער ביל איז, פערשטעהט זיך, דורכגעפאלען.

דאס פאָלק האט אבער געפאָדערט, אז דער קאָנגרעס זאָל אמענדירען די קאָנסטיטושאן אזוי, אז דער סענאט זאָל ניט ערוועהלט ווערען פון דער לעדזשיסלייטשור, נאָר פון פאָלק. דיעזע פאָדערונג איז געווען אזוי אלגעמיין, אזביידע גרויסע פּאָליטישע פּארטייען האָבען ערקלערט, אז זיי זיינען בערייט איהר נאכצוגעבען. דיא דעמאָקראטישע פּארטיי האט דערפון געמאכט א קאמפּיין אישו און האט איהר אריינגעשטעלט אין איהר נאציאָנאלע פּלאטפאָרם. דער רעפּובליקאנער פּרעזידענט טעפט האָט אויך ערקלערט, אז ער האלט פון דיעזער רעפאָרם.

דיא נידריגערע „הויז" פון קאנגרעס, דיא האוז אוו רעפּרעזענטייטיווס, האָט שוין עטליכע מאָל אָנגענומען א ביל, אז דער סענאט זאָל ערוועהלט ווערען פון פאלק, אבער אז דיעזער ביל איז אריינגעבראכט געווארען אין סענאט גופא, איז ער נאטירליך דורכגעפאלען. אבער אז דאס פּאָלק וויל עפּעס, פיהרט ער עס ענדליך אויס. אין דיא לעצטע פּאָר יאהר איז עס געלונגען דעם ביל דורכצופיהרען דורך'ן קאָנגרעס און דורך דריי פערטעל פון דיא סטייט לעדזשיסלייטשורס. דיא קאָנסטיטושאן איז איצט אזוי אמענדירט, דאס דיא סענאַטאָרס ווערען איצט ערוועהלט דירעקט פון פּאָלק. דאָס איז דער לעצטער אַמענדמענט פון דער קאָנסטיטושאָן.

אינטערעסאנט איז וויא אזוי דיא סטייט רעגיערונגען האבען אין דיא פערגאַנגענע יאהרען דורך פערשיעדענע פּלענער געטרייט אליין אויסצודרעהען זיך פון דעם אלטען געזעץ אין דער קאָנסטיטושאָן. אין מאנכע סטייטס איז אנגענומען געווארען א געזעץ אז דאָס פאלק זאָל ביי דיא פּריי־

מערי עלעקשאָנס וואוטען פאר סענאטאָרען און אז דער לעדזשיסלייטשור זאָל זיין מאָראַליש פערפפליכטעט צו ערוועהלען דעם קאנדידאט וועלכען דאס פאלק ערוועהלט ביי דיא פריימערים. מיר זאָגען „מאָראַליש“ פערפפליכטעט, ווייל געזעצליך האָט מען ניט געקענט דיא לעדזשיסלייטשור קיין דעה זאָגען וועמען צו עלעקטען. דיא קאָנסטיטושאָן האָט זיי געגעבען דאָס פולע רעכט צו עלעקטען וועמען זיי ווילען און דיא סטייט רעגיערונגען האָבען ניט געקענט פון זיי דיעזע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט אוועקנעהמען. דער פאַקט איז דאָס אין איללינאָי סטייט, וואו אזא רעפארם איז איינגעפיהרט געווארען, האָט דער לעדזשיסלייטשור ביי דיא לעצטע סענאָטאָר עלעקשאָנס ערוועהלט דעם קאנדידאט, וועלכער איז ביי דיא פריימערי עלעקשאָנס מיאוס דורכגעפאלען. דער לעדזשיסלייטשור האָט, אלזאָ, ניט געטהאָן זיין מאָראלע פליכט, אָבער וויא עס ווייזט אויס, האָט ער זיך דערפון וועניג וואס אפגעגעסען דאס הארץ.

אין נעבראסקא און אין אָרעגאָן סטייטס האָבען זיי געהאט א גוטען פלאָן, דורך וועלכען זיי פלעגען דיא סענאָטאָרען פון דער סטייט לעדזשיסלייטשור אזוי אריינכאפען אין נעץ, אז זיי זאָלען מוזען פאָלגען דעם וויללען פון פאָלק. דער פלאָן זייערער איז געוועזן דער פאָלגענדער: יעדע פארטיי פלעגט אָפּהאַלטען פריימערי עלעקשאָנס, ביי וועלכע דיא מעמבערס פון דער פארטיי פלעגען שטימען דירעקט פאר דעם סענאַטאָר. ביי די רעגעלע עלעקשאָנס פלעגען די בירגער וואָוטען פאר די קאנדידאַטען, וואָס זיינען ערוועהלט געוואָרען פון ביידע פארטייען. דער לעדזשיסלייטשור איז געוועזן פערפליכטעט צו ערוועהלען דעם זעלבען קאנדידאט וואָס דאָס פאָלק האָט ערוועהלט. און אום צו פערזיכערען דאס פאלק אז דער לעדזשיסלייטשור וועט פאָלגען זיין ווילען, איז איינגעפיהרט געווארען דאס יעדער קאנדידאט פאר דער סטייט אסעמבלי אָדער פאר דעם סטייט סענאט זאָל האָבען דאס רעכט אפצודרוקען נעבען זיין נאָמען אויף'ן באלאט באקס, אז ער פערשפרעכט

צו ערוועהלען פאר סענאטאָר דעם יעניגען מאַן וואס דאס פאלק וועט ערוועהלען. עס פערשטעהט זיך, אז אום צו כאפּען וואוטס, דרוקט יעדער קאנדידאט דיעזע פערשפּרעכונג לעבען זיין נאמען. ברעכען דעם ווארט דערנאָך איז פאר דיעזע לייט ניט זעהר לייכט.

אז דיזער פּלאַן איז געווען אַ גוטער, האָט זיך ארויסגעוויזען מיט אַ פּאָאר יאָהר צוריק אין אָרעגאָן סטייט. דארטען האָט דיא רעפּובליקאנער פּארטיי ערוועהלט אַ מאַיאָריטעט אין דעם סטייט לעדזשיסלייטשור. פון דעסטוועגען האָט דיעזער מאַיאָ־ריטעט ערוועהלט אַ דעמאָקראטישען סענאטאָר, ווייל דיעזער סענאטאָר איז עלעקטעט געווארען פון פאלק און די מאַיאָריטעט פון דעם לעדזשיסלייטשור האָבען זיך ביי דיא וואהלען שריפט־ליך פערפּפליכטעט צו עלעקטען דעם יעניגען וועמען דאס פאלק וועט עלעקטען.

אַ סענאטאָר ווערט עלעקטעט אויף זעקס יאָהר. דער סענאט ווערט אָבער ניט עלעקטעט אין גאנצען מיט אמאָל, אזוי וויא דער פאל איז מיט דער האוז און רעפּרעזענטייטיווס. עס איז אזוי איינגעאָרדנעט געווארען, אז אַלע צוויי יאָהר ענדיגט זיך דער טערמין פון אַ דריטעל סענאטאָרען. עס קומט דארום אויס, אז אין אַלגעמיין איז דער סענאט אימער דער זעלבער. מיט אמאָל, צום וועניגסטענס, קענען ניט אריינקומען מעהר וויא אַ דריטעל נייע מענשען.

איינגעאָרדענט אַזוי איז דאס געווארען גלייך וויא דיא רעגיערונג איז ארגאניזירט געווארען. ביי דער ערשטער זיצונג פון ערשטען סענאט האָט מען געצויגען גורל. אַ דריטעל פון דיא סענאטאָרען האָבען ארויסגעצויגען אַ גורל, אז זיי זאָלען דיע־נען צוויי יאָהר, דיא צווייטע דריטעל, אז זיי זאָלען דיענען פיער יאָהר און דיא דריטע דריטעל — דיא גאנצע זעקס יאָהר. ווען דיא ערשטע צוויי יאָהר זיינען פארבייגעלאָפען איז דיא ערשטע דריטעל ארויסגעטראָטען פון אמט און דיא פערשיעדענע לעדזשיסלייטשורס פון דיא סטייטס צו וועלכע דיעזע סענאטאָ־רען האָבען בעלאנגט, האָבען ערוועהלט אנדערע אויף זייערע

פלעצער. דיעזען מאָל פאר דיא פולע זעקס יאָהר. אם ענדע פון דיא פיער יאָהר איז דיא צווייטע דריטעל ארויסגעטראטען און זייערע לעדזשיסלייטשורס האָבען ערוועהלט אנדערע אויף דיא פולע זעקס יאָהר. אם ענדע פון דיא זעקס יאָהר איז דיא דריטע דריטעל ארויסגעטראטען און דיא איבריגע לעדזשיסלייטשורס האָבען אָפּגעהאלטען דיא נויטיגע עלעקשאָנס. זייט דאן געהט עס אזוי אין א רעגולערע בעשטימטע ארדנונג. אלע צוויי יאָהר ענדיגט זיך דער טערמין פון א דריטעל סענאטאָרען.

עס איז אויך ווערטה צו בעמערקען דאס אין דער זעלבער סטייט ענדיגען זיך ניט דיא טערמינען פון ביידע סענאטאָרען אין זעלבען יאָהר. איינער ווערט געוועהנליך ערוועהלט מיט צוויי אָדער פיער יאָהר שפּעטער וויא דער אנדערער. דער סענאטאָר פון סטייט, וועלכער זיצט אין סענאט פון פריהער רופט זיך דער „סיניאָר", דער עלטערער סענאטאָר, דער צווייטער סענאטאָר וועלכער קומט אָן אין סענאט שפּעטער רופט זיך דער „דזשוניאָר", דער איינגערער סענאטאָר.

---

## קאַפּיטעל 8.

### א פּאָאר אַלגעמיינע בעמערקונגען וועגען קאָנגרעס.

### אונטערשיעדען צווישען דיא „האוז" און דעם סענאט.

אין אלגעמיין גענומען איז דער סענאט זעהר ענליך צו דער „האוז". ער טהוט כמעט דיא זעלבע ארבייט און כמעט אויף דעם זעלבען שטייגער. דיא סענאטאָרען האָבען דיא זעלבע ספּעציעלע רעכטע וואס קאנגרעסלייט האָבען. עס זיינען אָבער דאָ אייניגע קליינע אויך א פּאָאר וויכטיגע אונטערשיעדען. וועגען זיי וועלען מיר דאָ ריידען.

פריהער וועגען דיא קליינע אונטערשיעדען.

דער טשערמאן פון דעם סענאט ווערט ניט ערוועהלט פון דיא סענאטאָרען אליין, אזוי וויא דער פאל איז אין דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס. דער וויס-פּרעזידענט פון לאנד איז

דער טשערמאן פון סענאט. אין פאל דער וויס־פרעזידענט איז אבוועזענד, דאן ערוועהלט דער סענאט אן אייגענעם טשערמאן אויף דערווייל, ביז וואנען דער וויס־פרעזידענט קומט צוריק.

דיא זיצונגען אין סענאט ווערען אויך אנגעפיהרט אביסעל אנדערש וויא אין דער „האוז". אין דער „האוז" טאר א קאנגרעסמאן ניט רעדען מעהר וויא איין שטונדע־נאכאנאנד, אין סענאט מעג ער ריידען, וויא לאנג ער וויל.

יעצט וועגען דיא מעהר וויכטיגע פונקטען:

1) דער סענאט האט א גרויסע דעה אין דיא אפאינטמענטס וואס דער פרעזידענט מאכט אין דיא פערשיעדענע דעפארטמענטס פון דער רעגיערונג. די אלע אפאינטמענטס מוזען גוט־געהייסען ווערען פון א מאיאריטעט אין סענאט. דיא האוז און רעפרעזענטייטיווס האט אין דעם קיין שום דעה ניט. דער פרעזידענט מאכט אלע אפאינטמענטס. ער אפאינטעט דזשאדזשעס פאר דיא פערשיעדענע נאציאנאלע קאורטס, פון סופרים קאורט ביז'ן קלענסטען דיסטריקט קאורט. ער אפאינטעט מיניסטארען פאר זיין קאבינעט. ער אפאינטעט אמבאסאדארס און קאנסולס צו דיא אויסלענדישע רעגיערונגען. ער אפאינטעט פאסט מאסטערס פאר דיא פערשיעדענע פאסט אפיסעס איבער'ן גאנצען לאנד. און זא ווייטער, און זא ווייטער. דיא אלע אפאינטמענטס מוז ער אבער פארלייגען פאר דעם סענאט, און אויב דער סענאט ווייזט זיי צוריק, מוז דער פרעזידענט מאכען נייע אפאינטמענטס.

בעמערקט, דער סענאט אליין טאר קיין אפאינטמענטס ניט מאכען. ער קען זאגאר ניט רעקאמענדירען צום פרעזידענט וועמען ער זאל אפאינטען. ער האט בלויז די מאכט דיא אפאינטמענטס גוט צו הייסען אדער צוריק צו ווייזען.

2) דער סענאט מוז גוטהייסען אלע „טריטיס" (אבמאכונגען) וואס דער פרעזידענט אדער זיינע קאבינעט מיניסטארען מאכען מיט אנדערע לענדער. און דיעזע טריטיס מוזען פון סענאט אנגענומען ווערען מיט צוויי דריטעל שטימען פון דיא

צאהל סענאטאָרען וואס זיינען אנוועזענד בשעת זיי ווערען פאָרגעלעגט.

מיט די טריטים איז פונקט ווי מיט די אפּאָינטמענטס. דער סענאט אליין קען קיין טריטי מיט אן אויסלענדישע פאלק ניט מאכען. דאס בעלאנגט אין גאנצען צום פּרעזידענט און זיין קאבינעט. נאכדעם אבער וויא דער פרעזידענט שליסט דעם אָפּמאך, מוז ער גוטגעהייסען ווערען פון צוויי דריטעל פון סענאט, אויב ניט, האָט ער קיין שום ממשות ניט. דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס האָט מיט טריטים אבסאלוט גאָר ניט צו טהאָן. ניט זיא קען א טריטי מאכען, ניט זיא קען איבער איהם א דעה זאגען, נאכדעם וויא ער איז שוין געמאכט.

3) אין איין הינזיכט גיט דיא קאָנסטיטושאָן דיא „ניד־ריגערע הויז" מעהר מאכט וויא דעם סענאט. זי זאָגט, אז אלע בילס וואס האָבען צו טהאָן מיט טעקסעס, מוזען אם ערשטען אריינגעבראכט ווערען אין דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס. אויב דיא „האוז" נעהמט דיעזע בילס אָן, מוזען זיי דערנאָך איבערגעהן צום סענאט, און אָהן דעם סענאט'ס צושטימונג קע־נען זיי ניט ווערען קיין געזעץ. דאָס איז אמת. אָבער נאָך דער קאנסטיטושאָן נאָך, טאָרען אזוינע בילס לכתחילה אין סענאט ניט אריינגעטראָגען ווערען. זיי מוזען געבאָרען ווערען אין דער „האוז".

אזוי פאדערט דיא קאנסטיטושאָן. אין דער פּראקטיקע אָבער ווערט דיזער געזעץ פון דער קאָנסטיטושאָן אין גאנצען פערנאכלעסיגט. דער סענאט האָט פונקט אזוי פיעל צו טהאָן מיט דיא טעקסעס וויא דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס. ווען דיא בילס וועגען טעקסעס קומען אָן אין סענאט, טהוט מען מיט זיי וואס מען וויל. דיא סענאטאָרען מישען זיך אויף אין אלע פראגען וואס האָבען צו טהאָן מיט רעגיערונגס עקספּענסעס, כאָטש דאָס איז געגען דעם „גייסט" פון דער קאָנסטיטושאָן. דיא פערפאסער פון דער קאנסטיטושאָן האָבען געגלויבט, אז דיא הויפּט דעה זאגען אין פראגען פון הוצאה דארף זיין דיא „נידריגערע הויז", וועלכע ווערט ערוועהלט פון פאלק. זיי האָ־

בען ערקלערט, אז דער יושר פאדערט, דאס וויבאלד דיא גרויסע מאסען צאהלען דיא טעקסעס, דעקען דיא רעגיערונגס עקספענ־סעס, דארפען זיי האָבען דיא גאנצע דעה, און אזוי וויא דאס פאלק ווערט פערטראָטען ניט פון סענאט, נאָר פון דער „האוז“, דארף דער סענאט אין דיעזער פראגע האָבען וואָס ווענינער צו זאָגען.

די קאָנסטיטושאָן שרייבער זיינען אין דיעזער הינזיכט גע־ווען גאנץ גערעכט. אָבער ניט אלעס וואס זיי האָבען געוואלט איז פארווירקליכט געווארען. איבערהויפּט אין זאכען, וואס זיינען צו גונסטען דיא גרויסע מאסען, זיינען זייערע האָפ־נונגען פיעלע מאָל פערלאָרען געגאנגען.

4) געהאלט קריגען דיא מעמבערס פוןביידע הייזער גלייך. יעדער פון זיי בעקומט זיעבען טויזענד פינף הונדערט דאלאר א יאָהר. אין דיא סומען וואס זיי בעקומען אָבער פאר א סעקרעטער איז דאָ א קליינער אונטערשיעד. א סענאטאָר בע־קומט פאר א סעקרעטער אכצעהן הונדערט דאלאר א יאָהר און א קאָנגרעסמאַן בעקומט ניט מעהר וויא $1500 א יאָהר.

5) יעדער ביל, איידער ער ווערט א געזעץ, מוז דורכ־געהן ביידע הייזער, אי דיא האוז און רעפּרעזענטייטיווס אי דער סענאט מוזען איהם אננעהמען מיט א מאיאָריטעט שטימען. אין פאל דיא ביידע הייזער ווילען מאכען א געוויסען געזעץ, נאָר זייערע בילס וועגען דעם אונטערשיידען זיך אין געוויסע איינצעלהייטען, אין געוויסע וויכטיגע אָדער אונוויכטיגע פּונק־טען, טרייען זיי צו קומען צו א פערשטענדניס דורך א קאָמיטע. יעדע הויז אפּאָינטעט דריי פון איהרע מיטגליעדער און דיעזע זעקס לייטע האלטען אפּ געהיימע קאָנפערענצען און טרייען צו מאכען א פּשרה צווישען דיא צוויי בילס. צוזאמען ארבייטען זיי אויס א ביל, וועלכער וועט נאָך זייער פערשטאנד צופריע־דען שטעלען אי דיא סענאטאָרען אי דיא קאָנגרעסלייט. דיא דריי סענאטאָרען רעפּארטען דערנאָך דיעזען ביל אין סענאט און די דריי קאָנגרעסלייט רעפּאָרטען איהם אין דער „האוז“.

און יעדע הויז וואוט איבער איהם. און ער ווערט א געזעץ בלויז דאן, ווען ער שטעלט צופריעדען ביידע הייזער.

עס פאסירט אָפט, אז דיא צוויי הייזער פייטען זיך איבער א געוויסען ביל, אָדער געוויסע איינצעלהייטען אין א געזעץ. אין אזוינע פעלע געווינט אם מייסטען דער סענאט: ערשטענס, ווייל ער איז קלענער אין צאהל און דיא מעמבערס קענען זיך בעסער האלטען אייניג, און צווייטענס, ווייל דיא סענאטאָרען בלייבען לענגער אין אמט און עס געדויערט פיעל לענגער איי־דער דיא מאיאָריטעט־פארטיי פערלירט איהר קאנטראל איבער דער קערפערשאפט.

עס איז דאָ נאָך א פונקט, אין וועלכען דיעזע צוויי הייזער אונטערשיידען זיך. דיעזען פונקט קען מען ניט רעכענען צווישען דיא גאר וויכטיגע, אָבער ער איז מעהר וויא א קלייניגקייט. דאס איז דיא אָרט און ווייזע וויא אזוי דיא קאָמיטעס ווערען אפּאָינ־טעט. אין דיא האוז אוו רעפּרעזענטייטיווס ווערען דיא קאָמי־טעס אפּאָינטעט דורך דעם טשערמאן,דעם „ספּיקער“. דאס גיט דעם ספּיקער אן אויסערגעוועהנליכע צארסקע מאַכט איבער דעם קאנגרעס און דורך דעם איבער דעם גאנצען לאנד. ער אפּוינטעט אזוינע מענשען אין די וויכטיגסטע קאָמיטעס, מיט וועמען ער איז זיכער אז זיי וועלען איהם פאָלגען וואס ער וועט זיי הייסען. דאס איז אָבער ניט דער פאל אין סענאט. דארטען ווערען דיא קאָמיטעס אפּאָינטעט דורך דיא גאנצע קערפּער־שאפט, דורך דעם גאנצען סענאט.

אין סענאט ווערען דיא קאָמיטעס אפּאָינטעט אויפ׳ן פאָל־גענדען אָרט: דער סענאט ערוועהלט א קאָמיטע וואס זאָל אפּאָינטען קאָמיטעס. דיעזע קאָמיטע הייסט „דיא קאָמיטע פון קאָמיטעס“, און זיא זיטעט און בעשליסט וועלכע סענאטאָרען זאָלען דיענען אין דיא פערשיעדענע קאָמיטעס. נאטירליך, גיט שוין דיא מאיאָריטעט־פּארטיי אכטונג אז אין דער „קאָמיטע פון קאָמיטעס“ זאָל ערוועהלט ווערען איהרע א מאיאָריטעט.

---

## דער קאנגרעסס און דער פרעזידענט.

אויף דער פראגע „וואס איז דיא אויפגאבע פון קאנגרעס?" איז דער אלגעמיינער ענטפער: „דער קאנגרעס מאכט דיא געזעצע פאר די פעראייניגטע שטאאטען". דיזער ענטפער איז אבער ניט פאלקאם ריכטיג. אין דיא פריהערדיגע קאפיטלען האבען מיר געזעהען אז, ערשטענס, האט דער קאנגרעס אנדערע אויפגאבען אויך, און צווייטענס, האט דער קאנגרעס ניט דיא גאנצע מאכט, דיא גאנצע דעה איבער דיא געזעץ־מאכונג.

איין טהייל פון קאנגרעס, דער סענאט, האט אויך צווישען זיינע הויפט אויפגאבען גוטצוהייסען אפאינטמענטס און טריטים וואס דער פרעזידענט און זיין קאבינעט מאכען. אזוינע אויפגאבען האבען מיט געזעץ־מאכונג גאר ניט צו טהאן. זיי זיינען א טהייל פון דיא עקזעקוטיווע ארבייט און דארפען געהערען צו דער עקזעקוטיווע אבטהיילונג פון דער רעגיערונג, דאס הייסט, צום פרעזידענט און זיינע ארויסהעלפערס. דיא קאנסטיטושאן האט אבער, וואהרשיינליך, ניט געוואלט אנפערטרויען אזוינע וויכטיגע זאכען אין גאנצען דעם פרעזידענט און האט דארום געהייסען אז דער סענאט זאל מוזען געבען זיין צושטימונג.

דער קאנגרעס האט אויך דיא אויפגאבע צו דיענען אמאל אלס א געריכט און צו טהאן דיא ארבייט פון דער דריטער אבטהיילונג פון דער רעגיערונג: „דיא געזעצליכע אבטהיילונג". דאס פאסירט ווען א הויכער בעאמטער פערזינדיגט זיך און מען וויל איהם אראפזעצען פון אמט. די נידריגע „הויז" מאכט דאן קלאגען געגען דעם בעאמטען און אפאינטעט א קאמיטע דיעזע קלאגען פארצולייגען פאר'ן סענאט. דער סענאט הערט אויס דיא אנקלאגע פון דער „הויז" און דיא פערטהיידיגונג פון דעם אנגעקלאגטען און פסק'ענט צי מען זאל איהם אראפזעצען פון זיין אמט, צי ניט.

הייסט עס, אלזא, אז דער קאנגרעס בעזיצט אמאל דיא

מאַכט פון די עקזעקוטיווע דעפּאַרטמענט און אמאָל דיא מאַכט פון דער „געזעצליכער דעפּאַרטמענט".

אלס געזעץ־מאַכער איז דעם קאָנגרעס׳ מאַכט ניט פאָל־קאָם. גראַדע אזוי וויא דער פּרעזידענט טהיילט זיין מאַכט מיט דעם קאָנגרעס אין דער הינזיכט פון אפּאָינטמענטס און טריטיס, טהיילט דער קאָנגרעס זיין מאַכט מיט׳ן פּרעזידענט אין דער הינזיכט פון געזעץ־מאַכונג. א ביל ווערט ניט קיין געזעץ, ווען זאָגאר ער ווערט אָנגענומען פון ביידע הייזער פון קאָנגרעס, סיידען דער פּרעזידענט שרייבט איהם אונטער. אויב דער פּרעזידענט ווייזט איהם צוריק, מוז דער קאָנגרעס דעם ביל דורכפיהרען מיט א מאַיאָריטעט פון צוויי דריטעל שטימען אין יעדע „הויז" בעזונדער, איידער ער ווערט א געזעץ.

דער קאָנגרעס קומט כמעט קיינמאָל ניט אין דירעקטע בעריהרונג מיט׳ן פּרעזידענט און מיט זיין קאַבינעט. אין דיזער הינזיכט איז דיא אמעריקאַנער רעגיערונג אין גאַנצען אנדערש וויא דיא אייראָפּעאישע פרייע רעגיערונגען. דאָרטען זיינען דיא קאַבינעט מיניסטאָרען דיא אַנפיהרער פון דער מאַיאָריטעט־פּאַרטיי אין פּאַרלאַמענט. דיא מיניסטאָרען בריינגען אריין בילס, דעבאַטירען וועגען בילס און נעהמען דעם טיכטיגסטען אַנטהייל אין אַלעם וואס קומט פאָר אין פּאַרלאַמענט.

דאָ קומט דער פּרעזידענט זאָגאר קיינמאָל ניט אריין אין קאָנגרעס. (ווילסאָן איז איינער פון עטליכע אויסנאַהמען, ער לייגט זיינע מעססעדזשעס אליין פאָר פאַר׳ן קאָנגרעסס). דיא מיניסטאָרען ווערען יא אמאָל איינגעלאַדען אָפּ־צוגעבען דעם קאָנגרעס בעריכטען וועגען זייערע פערשיע־דענע דעפּאַרטמענטס, אָדער אמאָל פאָדערט פון זיי א געוויסע קאָמיטע אינפאָרמיישאָן וואס זי דאַרף וויסען וועגען א געוויסע זאַך וואָס בעלאַנגט צו א געוויסער דעפּאַרטמענט. געזעצע אָבער שלאָגט ניט דער פּרעזידענט, ניט דיא מיניסטאָרען ווען עס איז פאָר. דער פּרעזידענט ווערט בלויז אויפגעפאָדערט פון דער קאָנסטיטושאָן אריינצושיקען מעסעדזשעס צום קאָנגרעס, אין וועלכע ער זאָל זיי אַנצייגען אויף געוויסע וויכטיגע אַנגעלעגענ־

הייטען וואס מוזען פערהאנדעלט ווערען, און ער קען אויך ראטהען דעם קאנגרעס,ער זאל מאכען געוויסע געזעצע. דער־קאנגרעס איז אבער ניט פערפפליכטעט צו שענקען אירגענד וועלכע אויפמערקזאמקייט צו דיעזע עצות. ער קען זיך פון דעם מעסעדזש אויסלאכען. און אמאל פאסירט עס, אז ער טהוט דאס טאקע אויך. געוועהנליך אבער אפאינטעט דער קאנגרעס א מעסעדזש קאמיטע, וועלכע שטודירט אוים דיא אלע רעקאמענ־דיישאנס, וואס דער פרעזידענט מאכט דארטען און ברייננגט ארייי א רעפארט וועגען דעם.

---

## דיא „קאקוס" - מיטינגען פון קאנגרעסס".

יעדע פראקציע אדער פארטיי־גרופפע אין סענאט און אין דער „הויז" האלטען אפ געהיימע זיצונגען, ביי וועלכע זיי בע־שליסען, וואס פאר א שטעלונג צו נעהמען ביין וואוטען וועגען דיא פראגען, וואס וועלען פערהאנדעלט ווערען אין קאנגרעסס. דיעזע מיטינגען רופען זיך „קאקוס"־מיטינגען.

אין סענאט שפיעלט דער קאקוס א גרעסערע ראלע וויא אין דיא האוז אוו רעפרעזענטייטיוום. איידער דיא ערשטע זיצונג פון סענאט עפענט זיך, האלטען אפ דיא סענאטארען פון דער־מאיאריטעט־פארטיי א קאקוס־מיטינג צווישען זיך און בעשלי־סען וועמען זיי זאלען עלעקטען אויף דער „קאמיטע פון קא־מיטעס". וויא מיר האבען שוין בעפאר אנגעצייגט, איז דיעזע קאמיטע דיא וויכטיגסטע וואס ווערט ערוועהלט אין סענאט, ווייל זיא אפאינטעט אלע איבעריגע קאמיטעס. ווען דיא רעגו־לערע זיצונג פון סענאט עפענט זיך, טהוען אלע מעמבערס פון דער מאיאריטעט־פארטיי פונקט אזוי וויא דער קאקוס האט בעשלאסען.

עס פערשטעהט זיך, אז דיעזע קאקוס מיטינגען ווערען בעהערשט פון א קליקע פאליטישענס וואס פיהרען דיא מאשין פון דער פארטיי. דער וואס פאלגט ניט דעם בעשלוס פון דעם קאקוס ווערט בעשטראפט און פערדאמט פון דיא פארטיי־

גענאָמען אַלס „רעוואָלוציאָנער“, און פאַר אַזאַ ווידערשפּעני־
גונג קען ער שרעקליך פערפאָלגט ווערען. זעהר וועניג האָבען
דעם מוטה אַרויסצוטרעטען געגען די בעפעהלע פון דעם קאָקוס.

אין דיא לעצטע יאָהרען האָט דער קאָקוס אָנגעפאַנגען צו
פערליערען זיין וויכטיגקייט. דיא פּאַרטיי־מאַשינען זיינען איצט
אַזוי פּאָלקאָם אָרגאַניזירט, אַז עס איז מעהר ניט נויטיג צו האָ־
בען דיעזע מיטינגען. אין דיא האוז אָון רעפּרעזענטייטיוום
און אין סענאַט זיינען שטענדיג דאָ אַ געוויסע צאָהל מעמבערס,
וועלכע ווערען פון אַלע פּאַרטיי גענאָמען זייערע אַנערקענט אַלס
דיא בעפאָלמעכטיגטע הערשער, און פּאַרטיי־גענאָמען פאָלגען
דיעזע ליעדערס אָהן שום קאָקוס מיטינגען. אין דיא „האוז“
ווערען געוועהנליך דיעזע וויכטיגע מענשען ערוועהלט פאַר ספּי־
קער און פאַר דיא טשערלייטע פון דיא וויכטיגסטע קאָמיטעס.
אין סענאַט ווערען זיי אויך עלעקטעט אין דיא וויכטיגסטע
קאָמיטעס.

---

## קאַפּיטעל 9.

## דיא נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָנס פון פּאָליטישע פּאַרטייען.

דיא קאַנדידאַטען פאַר פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט,
וואָס יעדע פּאָליטישע פּאַרטיי שטעלט אַרויס, ווערען נאָמי־
נירט ביי נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָנס פון דיעזע פּאַרטייען. דיא
קאָנווענשאָנס ווערען אָבגעהאַלטען פיער מאָנאַטען פאַר דיא
עלעקשאָנס; און זיי ציהען דיא גרעסטע און טיעפסטע אויפ־
מערקזאַמקייט אין אַמעריקא און אין אַנדערע לענדער, וואו
מען אינטערעסירט זיך מיט דיא אַמעריקאַנער פּאָליטיק. מיר
וועלען דאָ געבען אַ ־גענויע בעשרייבונג וויא אַזוי דיעזע קאָנ־
ווענשאָנס ווערען פערררופען, וויא אַזוי זיי נאָמינירען דיא
קאַנדידאַטען.

יעדע גרויסע פּאָליטישע פּאַרטיי האָט אַן אָרגאַניזאַציאָן

אין יעדע סטייט. דיעזע סטייט־ארגאניזאציאנען ערוועהלען יעדערע איין דעלעגאט, וועלכע שטעלען צונויף צוזאמען א נאציאנאלע קאמיטע. זעקס מאנאט איידער מען דארף נאמינירען דעם פרעזידענט, האלט דיעזע קאמיטע אפ א מיטינג און בעשטימט דעם פלאץ און דיא צייט, וואו און ווען דיא קאנווענשאן זאל שטאטפינדען. דערנאך שיקט דיא קאמיטע ארויס אן אויפרוף צו דיא פארטיי מעמבערס אין אלע סטייטס, זיי זאלען ערוועהלען דעלעגאטען צו דיעזער קאנווענשאן.

וויפיעל דעלעגאטען קען א סטייט שיקען? דאס ווענדעט זיך אן דיא צאהל פערטרעטער וואס זיא האט אין קאנגרעסס. עס איז אנגענומען געווארען ביי דיא פאליטישע פארטייען, אז יעדע סטייט זאל בערעכטיגט זיין צו צוויי מאל אזוי פיעל דעלעגאטען, וויא דיא צאהל קאנגרעסלייטע און סענאטארען, וואס דיא סטייט האט אין וואשינגטאן. קיין אורזאכע דאפיר איז ניטא. אזוי איז דער מנהג.

ניו יארק סטייט האט 43 קאנגרעסלייטע און צוויי סענאטארען. זיא איז דארום בערעכטיגט צו 90 דעלעגאטען ביי דיא נאציאנאלע קאנווענשאנס פון דיא פאליטישע פארטייען. דיא פיער דעלעגאטען, וואס קומען פאר דיא צוויי סענאטארען, רופען זיך „דעלעגאטען עט לארדזש“, אלגעמיינע דעלעגאטען. דיא אנדערע 86, וועלכע קומען פאר דיא 43 קאנגרעסלייטע, רופען זיך דיסטריקט דעלעגאטען. דיא טעריטאריעס שיקען אויך דעלעגאטען; אבער דיא צאהל, צו וויפיעל זיי זיינען בערעכטיגט, איז ניט קיין בעשטימטע.

וויא אזוי ווערען דיעזע דעלעגאטען אויסגעקליעבען?

דיא פיער אלגעמיינע דעלעגאטען ווערען בעטראכט אלס פערטרעטער פון דער גאנצער סטייט. זיי ווערען דארום ערוועהלט פון דער סטייט־ארגאניזאציאן פון דער פארטיי. דיא איבעריגע דעלעגאטען ווערען אויסגעקליעבען אויף פערשיעדענע אופנים פון דיא פערשיעדענע פארטייען. ביי דיא רעפובליקאנער ערוועהלט דיא פארטיי ארגאניזאציאן פון יעדען קאנגרעסס דיסטריקט אין דער גאנצער סטייט זיינע צוויי דעלעגאטען,

ביי דיא דעמאָקראַטען קען דיא סטייט אָרגאַניזאַציאָן טהאָן וואָס זיא וויל. זיא קען אַלע דעלעגאַטען אַליין ערוועהלען, אָדער זיא קען דאָס איבערלאָזען צו דיא קאָנגרעסס דיסטריקטען.

דיא דעמאָקראַטען בעטראַכטען דיא נאַציאָנאַלע קאָנ־ווענשאָן אַלס א קאָנווענשאָן פון דיא פערשיעדענע סטייט אָרגאַניזאַציאָנען. דיא רעפּובליקאַנער בעטראַכטען עס אַלס אַן אַלגעמיינע פּאָלקס־קאָנווענשאָן פון דיא מיטגליעדער פון זייער פּאַרטיי.

אין מאַנכע סטייטס זיינען דאָ געזעצע, אַז דיא דעלעגאַ־טען מוזען ערוועהלט ווערען פון דיא מעמבערס פון דער פּאַרטיי ביי א „פּריימערי עלעקשאָן".

דיא נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן האָט דריי אויפגאַבען: ערשטענס, פערפאַסט זיא דיא פּלאַטפאָרמע פון דער פּאַרטיי, דיא פּרינציפּען, דיא געזעצע, דיא אישיוס, פאַר וועלכע דיא פּאַרטיי קעמפפט; צווייטענס, נאָמינירט זיא דיא קאַנדידאַטען פאַר פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט; און דריטענס, אָרגאַ־ניזירט זיא א נייע נאַציאָנאַלע קאָמיטע, וועלכע פיהרט אָן דעם קעמפּיין און פערבלייבט דיא נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציאָן פון דער פּאַרטיי ביז דער נעקסטער קאָנווענשאָן אין פיער יאָהר אַרום.

דיא נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָנס זיינען מערקווירדיג איינ־דרוקספאָל. מענשען פאָהרען פון איבעראַל גאַנצען לאַנד און פון איירָאָפּאַ זיי בייצוואוואָהנען. דער ענטהוזיאַזמוס, דיא בעגייס־טערונג, וואָס עס ווערט דאָרטען אַרויסגעצייגט, איז אונמעג־ליך זיך פאָרצושטעלען. אָפטמאָל איז א גרויסע טהייל דערפון צוגעבלאָזט. אָבער דער בלאָף איז אזוי גוט אויסגעאַרבייט, אז עס זעהט אויס וויא ריינע אויפריכטיגקייט.

דיא קאָנווענשאָן ווערט אָפּגעהאַלטען אין א ריעזיגען האָלל, וואו עס קענען אריינגעהן א צעהן, צוועלף טויזענד־מענשען. אונטען זיצען דיא דעלעגאַטען אין גרופּען. יעדע סטייט האָט איהר ווינקעל, וואו איהרע דעלעגאַטען זיינען ארומגעזעצט ארום דעם בעננער פון דער סטייט. מאַנכע סטייטס האָבען

אויף בענדט מיוזיק און פערשיעדענע קאָמישע און ערנסטע בעננערס, וואָס בעציהען זיך אויף געוויסע פּאָליטישע פראגען פון דער סטייט.

הינטער דיא דעלעגאטען און אויבען, אויף דיא גאלעריעס, זיצען דיא אַקטיווע פּאָליטישענס, וואָס זיינען אָליין קיין דע־לעגאַטען ניט, מענשען וואָס זיינען מעהר אָדער ווייניגער פּער־אינטערעסירט אין דער קאָנווענשאָן, און סתם געסט, וואָס זיינען נייגעריג בייצוואוואָהנען דיא פערהאנדלונגען.

פון דעם מאָמענט אָן וואָס דער האָלל עפענט זיך, ביז דיא קאָנווענשאָן שליסט זיך, קאָכט דאָרטען וויא אין אַ קעסעל־גרוב. דיא אויפרעגונג, דיא „עקסייטמענט", איז אונבעשרייב־ליך. פון אַלע זייטען הערט זיך דער שפּיעלען פון בענדס מיוזיק, און געוועהנליך שפּיעלען זיי דיא בעליעבטע סטריט־סאָנגס; אַלע ווייַלע ברעכט אויס אַ שטורעם פון אַפּלאָדיס־מענטען אמאָל פון איין ווינקעל, אמאָל פון אַ צווייטען. דאָס בעגריסט אַ געוויסע פראַקציאָן צווישען דיא דעלעגאטען איהרען אַ פיהרער אָדער אַ מעגליכען קאנדידאט. איבער'ן האָלל לויפען ארום מענשען צוטראָגענע, צוקאָכטע און ריידען און דעבאַטירען מיט דעם און מיט יענעם. דאָס זיינען דיא אַגענ־טען פון געוויסע קאנדידאטען, וואָס זוכען צו קריעגען וואָוטס פאַר זייערע מענשען. אַלעס זעהט אויס פער'שיכור'ט פון ענטוזיאַזמוס און אויפרעגונג.

דיא קאָנווענשאָן ווערט געעפענט דורך דעם טשערמאָן פון דער נאַציאָנאַלער קאָמיטע. איידער מען נעהמט זיך צום טאָגעס אָרדנונג, זאָגט אַ גלח אָדער אַ רב אַ תפילה. אום צו־פריעדענצושטעלען אַלעמען, איז איינגעפיהרט, אַז ביי יעדע זיצונג איז מען מכבד מיט דער תפילה אַ פאָרשטעהער פון אַן אַנדער רעליגיאָן אָדער רעליגיעזע סעקטע. ביי איין זיצונג זאָגט דיא תפילה אַ קאַטוילישער גלח, ביי דער צווייטער אַ פּראָ־טעסטאַנטישער גלח, ביי דער דריטער אַ אידישער רב, און אַזוי ווייטער.

נאָך דער תפילה שלאָגט פאַר דער טשערמאָן פון דער

נעשאָנעל קאָמיטע א טעמפּאָרערי טשערמאַן און סעקרעטערי פאַר דער קאָנווענשאָן. דיעזע קאנדידאטען ווערען אויסגעקליבען פון דער נעשאָנעל קאָמיטע איידער דיא קאָנווענשאָן עפּענט זיך. אזוי וויא זיי זיינען בלויז אויף־דערווייליגע בעאמטע און שפּיעלען א גאנץ קליינע ראָלע אין דער קאָנווענשאָן, ווערען זיי כמעט אימער ערוועהלט אָהן שום טראָבעל. דער טעמפּאָרערי טשערמאַן האלט דאַן א רעדע, וועלכע ווערט בעטראכט אלס דער שליסעל צו דער גאנצער ארבייט, וואָס דיא קאָנווענשאָן גרייט זיך צו טהאָן. ווען ער ענדיגט, אפּאָינטעט מען פאָלגענדע פיער וויכטיגע קאָמיטעס: קרעדענשעל קאָמיטע, אָרגאניזאציאָן קאָמיטע, א קאָמיטע פאַר דיא רולס און אָרדער אָוו ביזנעס, רעזאָלוציאָן און פּלאַטפאָרם קאָמיטע. דיעזע קאָמיטעס ווערען אפּאָינטעט אויף'ן פאָלגענדען ארט: מען רופט אויס דיא נעמען פון יעדע סטייט, און דער טשערמאַן פון דיא דעלעגאטען פון יעדע סטייט שטעלט זיך אויף און גיט אָן פיער נעמען פון זיינע דעלעגאטען, איינעם פאַר יעדע קאָמיטע. וועלכע נעמען ער זאָל אָנגעבען שטימען, נאטירליך, אָפּ דיא דעלעגאטען פון דער סטייט ביי א קאָקוס מיטינג איידער דיא קאָנווענשאָן עפּענט זיך.

דערמיט ענדיגט זיך דיא ארבייט פון דעם ערשטען טאָג פון דער קאָנווענשאָן.

אויף מאָרגען עפּענט דער טעמפּארערי טשערמאַן דיא צווייטע זיצונג פון קאָנווענשאָן. דיא טשערלייטע פון דיא פיער קאָמיטעס גיבען אָפּ זייערע רעפּאָרטס. די קרעדענשעל קאָמיטע בעריכטעט וועלכע דעלעגאטען זיינען בערעכטיגט צוגעלאָזען צו ווערען און וועלכע ניט. אמאָל רופט דיעזער רעפּאָרט ארויס א הייסע דעבאטע, ווייל אָן דיא צולאָזונג אָדער צוריקווייזונג פון געוויכע דעלעגאטען קען אמאָל אָפּהענגען דער שיקזאַל פון א געוויסע פראַקציאָן אין דער פּארטיי. אם מייסטענס אָבער ווערט דער רעפּאָרט פון דער קאָמיטע אָנגענומען איינשטימיג.

דער צווייטער רעפּאָרט איז פון דער אָרגאניזאציאָנס־קאָמיטע. זיא נאָמינירט דעם „פּאָירמינעט" טשערמאַן, דעם

סעקרעטער און דיא אנדערע בעאמטע פון דער קאנווענשאן. דיעזער רעפארט ווערט אויך אם מייסטענס איינשטימיג אנ־גענומען. אמאל אבער רופט ער ארויס א הייסע דעבאטע און א קאמפף, און דיא דעלעגאטען אליין ערוועהלען דיעזע בע־אמטע. דער „פערמינענט" טשערמאן פערנעהמט דאן זיין פלאץ און ער האלט א לאנגע רעדע. דיא קאמיטע אוו רולס און ארדער איז ביזנעס לעזט דאן פאר דיא פארלאמענטארישע גע־זעצע, וועלכע דער טשערמאן זאל פאלגען, ווען ער וועט פיהרען דיא מיטינגען. דערמיט ענדיגט זיך דיא צווייטע זיצונג פון דער קאנווענשאן.

דיא פערטע קאמיטע גיט אפ איהר בעריכט ביי דער נעקסטער זיצונג. זיא האט דיא שווערסטע און די א וויכ־טיגסטע ארבייט. זיא דארף אויסארבייטען דיא פלאטפארמע פון דער פארטיי. דיא פלאטפארמע איז א געמישעכץ פון צו־זאגונגען, שעהנע און פוסטע פראזען, פרינציפען, לויב־גזעזענגע פאר געוויסע פערזאנען, און זא ווייטער. געשריבען איז זיא מיט הויכע, קלינגענדע פראזען. זיא דערצעהלט איבער דיא גרויסע זאכען, וואס דיא פארטיי האט אויפגעטהאן אין דער פערגאנגענהייט. זיא דערמאנט דיא נעמען פון דיא גרויסע לייט, וואס דיא פארטיי האט געהאט, און מאכט חוזק אדער פער־דאמט אפען דיא געגנער פארטיי. אויסער דעם ענטהאלט זיא רעזאלוציאנען וועגען זאכען, וואס האבען מיט דער אמעריקאנער פאליטיק גאר ניט צו טהאן. מען שטעלט זיי אהין אריין, ווייל זיי קלינגען שעהן און קענען ווירקען אריינצוכאפען א געוויסע צאהל וואוטס. אט, צום ביישפיעל, האט דיא פלאטפארמע פון א גרויסע פאליטישע פארטיי פערדאמט רוסלאנד פאר איהרע רציחות אויף אידען. דאס איז געווען א פוסטע חניפה צו דיא אידישע בירגער אין אמעריקא, און די חניפה האט דער פארטיי געוויס אריינגעבראכט א סך שטימען.

דיא פלאטפארמע ווערט כמעט שטענדיג אנגענומען פונקט אזוי וויא דיא קאמיטע לייגט איהר פאר. ווען מען ענ־דיגט דערמיט, ערוועהלט דיא קאנוונשאן א נייע נאציאנאלע

קאָמיטע אָנצופיהרען דעם קעמפּיין און צו אַטענדען צו דיא ביזנעס פון דער פּארטיי פאר דיא נעקסטע פיער יאָהר.

דיעזע נאציאָנאַלע קאָמיטע ווערט ערוועהלט פּונקט אַזוי, וויא דיא פיער קאָמיטעס פון דער קאָנווענשאָן. דיא דעלעגאַטען פון יעדע סטייט האַלטען אָפּ צווישען זיך א קאָקוס מיטינג און קלייבען אויס איינעם פון זיך, וועלכער זאָל זיין א מעמבער פון דער קאָמיטע. דיא אַלע נעמען, וואָס דיא סטייט דעלעגאַטען האָבען אויסגעקליבען, ווערען פאר דער קאָנווענשאָן פאָרגע־לייגט, און דיא קאָנווענשאָן נעהמט זיי אַלע אָן איינשטימיג.

---

## דיא נאָמינײשאָן פון פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט.

דיא לעצטע ארבייט פון דער קאָנווענשאָן איז דיא וויכ־טיגסטע, אָדער בעסער געזאָגט, דער עיקר, צוליעב וועלכע דיא קאָנווענשאן האט זיך פערזאַמעלט; נעמליך, דיא נאָמינײשאָנס פאר פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט. דיא נאָמינײשאָנס ווע־רען געמאַכט אויף פאָלגענדען ארט:

דער טשערמאַן ערקלעהרט, אז איצטער איז אויפ'ן טאָגעס אָרדנונג דיא נאָמינײשאָנס פאר פּרעזידענט. ער רופט אויס דיא נעמען פון יעדע סטייט נאָך'ן „אלף בית" נאָך, און דיא דע־לעגאַטען פון דיא סטייטס ענטפערען צי זיי ווילען נאָמינירען אימיצען, צי ניט. אויב דיא דעלעגאַטען פון דער אויסגערופע־נער סטייט זאָגען, אז זיי האָבען ניט קיין קאַנדידאַט, רופט דער טשערמאַן אויס דיא נעקסטע סטייט. אויב זיי האָבען א קאַנדידאַט, דאַן קען איינער פון זיי ארויפגעהען אויפ'ן פּלאַט־פאָרם און נאָמינירען דעם קאַנדידאַט, אָדער זיי קענען ער־קלעהרען, אז זיי גיבען א דעלעגאַט פון אן אנדער סטייט דאָס רעכט צו מאַכען דיא נאָמינײשאָן פאר זיי.

עס איז איינגעפיהרט, אז א קאַנדידאַט ווערט נאָמינירט פון דיא דעלעגאַטען פון זיין אייגענע סטייט. ביי דער רעפּוב־ליקאנער קאָנווענשאָן פון 1904 האָט פּאסירט דאָס פאָלגענדע:

דער טשערמאן האט אויסגערופען דעם נאמען פון דער ערשטער סטייט „אלאבאמא“. דיא דעלעגאטען האבען געענטפערט, אז זיי גיבען דאס ווארט צו דיא דעלעגאטען פון ניו יארק סטייט. זיי האבען עס געטהאן דערפאר, ווייל זיי האבען געוואלט נא־מינירען רוזוועלט׳ען, און אזוי וויא רוזוועלט איז א ניו יארקער, האבען זיי געשענקט דיא עהרע פון מאכען דיא נאמינייששאן צו דיא ניו יארקער דעלעגאטען. עס פערשטעהט זיך, אז די זאך איז ארגאניזירט געווארען נאך פאר דער ערעפענונג פון דער זיצונג, און דיא אלאבאמער דעלעגאטען האבען גאנץ גוט גע־וואוסט, אז דיא ניו יארקער דעלעגאטען וועלען קיין אנדערען וויא רוזוועלט׳ען ניט נאמינירען.

דער דעלעגאט, וואס מאכט דיא נאמינייששאן, האלט א לאנגע רעדע, אין וועלכער ער לויבט דעם קאנדידאט ביז׳ן הי־מעל. ער רעכענט אויס אלע זיינע מעלות און פערענטפערט זיינע חסרונות. ווען ער ענדיגט, ווערט דער האלל פערקלונגען מיט אפלאדיסמענטען און הורראה געשרייען, וועלכע האלטען אן אמאל א האלבע שטונדע נאכאנאנד. ווען עס ווערט ענדליך רוהיג, טרעט א צווייטער דעלעגאט ארויף אויפ׳ן פלאטפארם און אונטערשטיצט דיא נאמינייששאן ווידער מיט א רעדע.

דער טשערמאן רופט דערנאך אויס דיא נעמען פון דיא אנדערע סטייטס, און אויב דיא דעלעגאטען ווילען, נאמינירען זיי אנדערע קאנדידאטען. אמאל קענען אזוי נאמינירט ווערען פינף אדער זעקס קאנדידאטען. דיא קאנווענשאן שטימט דער־נאך ווער פון דיא אלע זאל אנערקענט ווערען אלס דער איינ־ציגער קאנדידאט פאר פרעזידענט פון דער פארטיי.

און דער וואוטען געהט אן אויפ׳ן זעלבען ארט וויא דיא נאמינייששאנס. דער טשערמאן פון קאנווענשאן רופט אויס דעם נאמען פון יעדע סטייט, און דער טשערמאן פון דיא דעלעגאטען פון דער סטייט שטעהט אויף און ערקלערט פאר וועמען זיינע דעלעגאטען וואוטען.

מיר האבען אויבען אנגעוויזען אויף א וויכטיגען אונטער־שיעד צווישען דיא דעמאקראטישע פארטיי און דיא רעפובלי־

קאַנישע פּאַרטיי ביים אויסקלייבען דיא דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. דער זעלבער אונטערשיעד איז אויך ביים וואָוטען פאר דיא קאנדידאַטען. דיא דעמאָקראַטישע דעלעגאַטען שטימען אַלס סטייטס, דיא רעפּובליקאנישע — אַלס איינצעלנע. דאָס הייסט, ביי דיא דעמאָקראַטען שטימען דיא דעלעגאַטען פון יעדע סטייט אָפּ צווישען זיך פאר וועמען זיי אַלע זאָלען וואָוטען. ניו יאָרק, צום ביישפּיעל, שיקט 90 דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. איידער מען דאַרף וואָוטען פאר דיא קאנדידאַטען, האַלטען די 90 דעלעגאַטען אָפּ אַ מיטינג צווישען זיך און בעשטימען פאר וועמען זיי זאָלען וואָוטען. זיי בעשטימען עס, נאַטירליך, דורך אַ מאַיאָריטעט. לאָמיר זאָגען די צוויי קאנדידאַטען זיינען ווילסאָן און הארמאָן. אויב 46 דעלעגאַטען זיינען פאר ווילסאָן'ען, און 44 פאר הארמאָן'ען, מוזען אַלע 90 שטימען פאר ווילסאָן'ען, ווייל דיא וואָוטס פון איין סטייט טאָרען ניט צוריסען ווערען.

ביי דיא רעפּובליקאנער איז עס אָבער ניט אַזוי. דאָרטען שטימען דיא דעלעגאַטען אַלס איינצעלנע. ווען אַזא פאַל ווי דער אויבערשטער וואָלט פּאַסירט ביי אַ רעפּובליקאנישען קאָנווענשאָן, וואָלטען זיך דיא 46 געוואָוט פאר איין קאנדידאַט און דיא 44 פאר דעם צווייטען.

דאָס אַלעס איז, נאַטירליך, ניט מעהר וויא אַ מנהג, דיא קאָנווענשאָן קען צו יעדער צייט אָפּשטימען דיעזען מנהג צו ענדערען. דיא דעמאָקראַטען ערלויבען אויך דיא סטייט־אָרגאַניזאַציאָנען פון דער פּאַרטיי צו בעפעהלען זייערע דעלעגאַטען זיי זאָלען שטימען אַלס איינצעלנע.

דיא צוויי גרויסע פּאַרטייען אונטערשיידען זיך אין נאָך אַ הינזיכט. ביי דיא רעפּובליקאנער איז איינגעפיהרט, אַז דער קאנדידאַט, וועלכער בעקומט אַ מאַיאָריטעט שטימען, ווערט נאָמינירט. ביי דיא דעמאָקראַטען מוז דער ערפאָלגרייכער קאנדידאַט בעקומען צוויי דריטעל פון אַלע שטימען.

אויב קיין קאנדידאַט בעקומט ניט דיא נויטיגע צאָהל וואָוטס ביים ערשטען באַלאָט, שטימען דיא דעלעגאַטען אַ

צווייטען מאָל, א דריטען מאָל, א פערטען מאָל, ביז וואַנען איינער ווערט ענדליך נאָמינירט.

דער וויס־פּרעזידענט ווערט אויסגעקליעבען אויפ'ן זעל־בען אופן וויא דער פּרעזידענט. ער מוז אָבער זיין פון אַן אַנ־דער סטייט. דיא קאָנסטיטושאָן פערבאָט דיא עלעקטאָרס אויסצוקלייבען א פּרעזידענט און א וויס־פּרעזידענט פון דער־זעלבער סטייט.

נאָך דיא נאָמינײשאָנס אַפּאָינטעט דיא קאָנווענשאָן קאָ־מיטעס אָנצוזאָגען דיא ערפאָלגרייכע קאַנדידאַטען דאָס זיי זיינען נאָמינירט. דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט עמפּפאַנגט דיא קאָמיטע ביי זיך אין הויז און ער האַלט פאַר זיי א רעדע אָדער ער שרייבט אַן „אָננעהמונגס־בריעף" (לעטטער אָוו עקסעפּ־טענס). אין דיעזען בריעף דריקט ער אויס זיינע מיינונגען וועגען דיא פערשיעדענע פּאָליטישע פראַגען, אין וועלכע דאָס פאָלק איז אין יענער צייט פעראינטערעסירט. דער „לעטטער אָוו עקסעפּטענס" פון דעם פּרעזידענט־קאַנדידאַט איז א וויכ־טיגער פּאָליטישער דאָקומענט. ער שפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין דעם קעמפּיין: ער איז אָמאָל וויכטיגער וויא דיא אָפּי־ציעלע פּלאַטפאָרמע, וואָס דיא פּאַרטיי האָט ביי דער קאָנ־ווענשאָן פערפאַסט, ווייל דער פּרעזידענט איז ניט מחויב צו פאָלגען דיא פּלאַטפאָרמע. דער עולם ווייס גאַנץ גוט, אז מען וועט זיך ניכער פערלאָזען אויף דיא פערשפּרעכונגען וואָס ער מאַכט פערזענליך אין זיינע רעדעס, וויא אויף דיא פער־שפּרעכונגען וואָס דיא דעלעגאַטען פון דער פּאַרטיי מאַכען איידער זיי ווייסען נאָך וועמען זיי וועלען נאָמינירען פאַר פּרעזידענט.

---

## קאַפּיטעל 10.

### וויא אַזוי דער פּרעזידענט ווערט ערוועהלט.

איינע פון דיא שווערסטע פראַגען, איבער וועלכע דיא פערפאַסער פון דער קאָנסטיטושאָן האָבען זיך גוראַנגעלט

צווישען זיך א לאַנגע צייט איז געווען, וויא אזוי דער פּרעזי־דענט זאָל ערוועהלט ווערען; דאס איז געווען ביי אלעמען אַן אנגענומענע זאַך, אז אויפ'ן פאָלק פערלאָזען זיך, אז ער זאָל אליין אויסקלייבען א פּרעזידענט, קען מען ניט. מיר האבען שוין אייניגע מאָל פריהער בעמערקט, אז דיא פערפאַסער פון דער קאנסטיטושאַן האבען זעהר ווייניג געהאַלטען פון פאָלק. זיי זיינען געווען מייסטענטהיילס אריסטאָקראַטען און האבען געגלויבט, אז דיא גרויסע מאַסען זיינען צו אונוויסענד, צו לייכטזיניג מען זאָל זיי קענען אנפערטרויען מיט'ן אויסקלייבען אזא וויכטיגען בעאַמטען, וויא א פּרעזידענט. דיא פראַגע איז אלזאָ געווען: אויב ניט דאס פאָלק, דאַן ווער זאָל דעם פּרעזי־דענט ערוועהלען?

נאָך פיעלע היציגע דעבאַטען איז אויסגעאַרבייט געוואָרען דער פאָלגענדער פּלאַן:

יעדער סטייט זאָל עלעקטען א צאָהל מענשען, וועלכע זאָלען זיך רופען „עלעקטאָרס" און דיעזע עלעקטאָרס זאָלען אויס־קלייבען דעם פּרעזידענט.

ניט אלע סטייטס ערוועהלען דיא זעלבע צאָהל עלעק־טאָרס, נאַטירליך; וואס גרעסער דער סטייט, אלץ גרעסער איז זיין צאָהל עלעקטאָרס. דיא קאנסטיטושאַן ערקלערט, אז יע־דער סטייט זאָל עלעקטען דיא זעלבע צאָהל עלעקטאָרס וויא דיא צאָהל פערטרעטער, וואס ער האט איןביידע הייזער פון קאָנגרעס. ניו יאָרק סטייט, צום ביישפּיעל, האָט איצט 43 פערטרעטער אין דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס און צוויי פערטרעטער אין סענאַט. ניו יאָרק איז דארום בערעכטיגט צו 45 עלעקטאָרס. נעוואדא סטייט האָט בלויז איין פערטרעטער אין דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס און צוויי פערטרעטער אין סענאַט, און דארום קען נעוואדא ערוועהלען בלויז דריי עלעקטאָרס.

וויא אזוי זאָלען דיעזע עלעקטאָרס ערוועהלט ווערען?

דיא קאנסטיטושאַן האט פון אנפאַנג דעם ענטפער אויף דיעזער פראַגע איבערגעלאָזען אין גאַנצען צו דיא לעדזשי־

סלייטשורס פון דיא פערשיעדענע סטייטס. זיא זאָגט דאס פאָל־
גענדע: יעדער סטייט זאָל אפּאָינטען דורך וואס פאר א מע־
טהאָדע דער לעדזשיסלייטשור וועט געפעלען, א צאָהל עלעק־
טאָרס א. ז. וו.אין דיא ערשטע יאהרען, נאכדעם וויא דיא רע־
גיערונג איז נעגרינדעט געוואָרען, האבען טאקע דיא אסעמבלי־
לייט און דיא סענאטאָרען פון יעדען סטייט אליין אויסגעקליע־
בען דיא עלעקטאָרס, גראדע אזוי וויא זיי קלייבען איצט אויס
דיא סענאטאָרען. מיט דער צייט אבער האבען דיא לעדזשי־
סלייטשורס איבערגעגעבען דיעזע אויפגאבע צום פאָלק. איצט
ווערען אין יעדען סטייט דיא עלעקטאָרס ערוועהלט ניט פון
דיא לעדזשיסלייטשורס, נאר פון דיא בירגער.

---

## דיא ראָלע, וואס דיא עלעקטאָרס שפּיעלען אין דיא עלעקשאָנס.

טראָץ דעם, וואס דיא פּערפאסער פון דער קאָנסטיטושאן האבען אנגעשטרענגט אזוי פיעל ענערגיע און פערספּענדעט אזוי פיעל צייט אין דעבאטירען דיא פראגע וועגען דיא מע־טהאָדע פון עלעקטען א פּרעזידענט; טראָץ דעם, וואס זייער ענדליכער פּלאַן האט זיי געקאָסט אזוי פיעל דענקונגס־קראפט, האט זיך פון איהם אויסגעלאָזען א פּארס, אן אויסגעבלאָזענע איי. דיא עלעקטאָרס שפּיעלען איצט קיין שום ראָלע ניט אין דיא עלעקשאנס. זיי ערוועהלען ניט דעם פּרעזידענט; זיי זיינען בלויז א צוטשעפּענים. דאס פאָלק, וואס וואוט פאר זיי וויים ניט זאָגאר ווער זיי זיינען. מען שטעלט זיי ארויף אויפ׳ן טיקעט פון יוצא וועגען, ווייל דיא קאָנסטיטושאן פאָדערט עס.

דיא קאָנסטיטושאן האט מיט איהר פּלאַן געזוכט אויס־צומיידען צופיעל דעמאָקראטיזם, צופיעל פאָלקס־העררשאפט אין דיעזען לאנד. זיא האט ניט געוואָלט דערלאָזען, אז דאס פאָלק זאָל ערוועהלען דעם פּרעזידענט. דאס האט זיא ביז א געוויסען גראד אויסגעפיהרט. זיא האט אבער ניט אויסגע־

פיהרט דיא אַנדערע העלפט פון איהר אבזיכט: אז דער פּרעזי־דענט זאָל אויסגעקליעבען ווערען פון א צאָהל גרויסע מענער, וועמען דאס פאָלק האט ערוועהלט אלס זיינע פערטרעטער. וויא געזאָגט, האבען איצט דיזע פּאָרשטעהער, דיזע עלעק־טאָרס, קיין שום דעה ניט אין דיא וואהלען.

וויא אזוי ווערט דער פּרעזידענט איצט ערוועהלט אין דער ווירקליכקייט?

יעדע פּאָליטישע פּארטיי האַלט אָפּ אַ נאַציאָנאַלע קאָנווענ־שאָן און נאָמינירט א פּרעזידענט און א וויס־פּרעזידענט. פאר דיזע קאנדידאטען וואוט יעדער בירגער אין דער ווירקליכ־קייט. אזוי וויא דיא קאנסטיטושאן ערלויבט אבער ניט דאס פאָלק זאָל שטימען דירעקט פאר'ן פּרעזידענט, נארט מען דיא קאנסטיטושאן אָפּ. אין יעדען סטייט קלייבט יעדע פּארטיי אויס א צאָהל עלעקטאָרס, דיא צאָהל, צו וועלכער ער איז בע־רעכטיגט, און מען שטעלט ארויף זייערע נעמען אויפ'ן באַ־לאָט אונטער דיא נעמען פון דיא קאנדידאטען פאר פּרעזי־דענט און וויס־פּרעזידענט. טהעאָרעטיש הייסט עס, אז יעדער בירגער וואוט ניט פאר'ן פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט, נאר פאר דיא עלעקטאָרס, פאר דיא נעמען, וואס שטעהען אונ־טער דעם פּרעזידענט'ס און וויס־פּרעזידענט'ס נאמען. אין דער ווירקליכקייט וואוט ער אבער דירעקט פאר'ן פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט, ווייל דיא עלעקטאָרס קען ער ניט און וויים ניט. •

אבער, וויא געזאָגט, ביז א געוויסען גראד האבען דייא פערפאסער פון דער קאנסטיטושאן דאָך אויסגעפיהרט; אָט ווייל מען מוז מאכען אן אנשטעל, יוצא צו זיין פאר דער קאנ־סטיטושאן, פּאסירט אמאָל, אז ניט דיא מאַיאָריטעט פון פאָלק ערוועהלט דעם פּרעזידענט, נאר דיא מינאָריטעט. אין דעם יאהר 1888, צום ביישפּיעל, איז דער רעפּובליקאנישער קאנדי־דאַט בענדזשאמין הערריסאָן ערוועהלט געוואָרען פּרעזידענט, טראָץ דעם, וואס זיין געגנער, דער דעמאָקראטישער קאנדידאַט,

גראָוּוער קליוולאַנד, האט געקראגען מיט הונדערט טויזענד־
מעהר וואוטס פאר איהם.

---

## וויא אַזוי א פּרעזידענט קאַנדידאַט קען אַמאָל האָבען א מאַיאָריטעט שטימען און דאָך דורכפאַלען.

געדענקט, אַז טראַץ דעם, וואס דיא בירגער האבען ניט אין זינען דיא עלעקטאָרס בשעת זיי געהען וואוטען, שטימען זיי אָבער פאר דיא עלעקטאָרס. ווען א וואָוטער האָט אין ניו יאָרק סטייט אין יאהר 1908 געוואוט פאר טעפט'ן, דאס ער אין דער ווירקליכקייט נאר געוואוט פאר דיא 39 עלעקטאָרס, וועמעס נעמען עס זיינען געשטאַנען אונטער טעפט'ס נאמען און וועלכע האָבען שפּעטער, ווען זיי זיינען עלעקטעט געוואָרען, געוואוט פאר טעפט'ן. ווען א וואוטער האט אבער געשטימט פאר טעפט'ן אין נעוואדא סטייט, האט ער געוואוט בלויז פאר דיא דריי עלעקטאָרס, וועמעס נעמען עס האבען זיך געפונען אונטער טעפט'ס נאמען. אויב דיא רעפּובּליקאנישע פּארטיי האט געזיעגט אין יענעם סטייט, האט איהר קאנדידאט פאר פּרעזידענט בעקומען בלויז דריי וואוטס. אויב זיא האט אבער געזיעגט אין ניו יאָרק סטייט, האט זיא בעקומען 39 וואוטס.

לאָמיר דיא זאַך אויסרעכענען מיט ציפער:

לאָמיר זאָגען, צום ביישפּיעל, אז דיא צוויי סטייטס, ניו־יאָרק און נעוואדא, ערוועהלען א פּרעזידענט דורך דעם איצטי־גען פּלאן פון עלעקטאָרס; שטעלט זיך פאָר, אז ס'לויפען צוויי קאנדידאטען, איינער א רעפּובּליקאנער און דער צווייטער א דעמאָקראטישער. ניו יאָרק ערוועהלט איצט 45 עלעקטאָרס און נעוואדא ערוועהלט בלויז 3 עלעקטאָרס. דיא 48 עלעקטאָרס ערוועהלען דערנאָך דעם פּרעזידענט. עס פערשטעהט זיך, אז די עלעקטאָרס קלייבען ניט אוים פאר פּרעזידענט דעם, ווער עס געפעהלט זיי אליין, נאָר איינעם פון דיא קאנדידאטען, וועלכע זיינען פריהער נאָמינירט געוואָרען פון דיא פּארטייען. דאס מאכט אבער ניט אוים. ערוועהלט פאר פּרעזידענט ווערט דער

קאַנדידאַט, וועלכער בעקומט א מאַיאָריטעט שטימען פון דיא עלעקטאָרס.

אלזאָ, לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אז אין ניו יאָרק זיינען אפגעגעבען געוואָרען צוויי מיליאָן שטימען. פון זיי האבען דיא רעפובליקאַנישע עלעקטאָרס בעקומען א מיליאָן מיט 5 טויזענד און דיא דעמאָקראַטישע עלעקטאָרס בלויז ניין הונדערט און 95 טויזענד. דיא 45 רעפובליקאַנישע עלעקטאָרס זיינען אַלזאָ ערוועהלט געוואָרען מיט א מאַיאָריטעט פון 10 טויזענד שטימען.

לאָמיר זיך ווייטער פאָרשטעלען, אז אין נעוואדא סטייט זיינען פאר דיא דריי עלעקטאָרס אפגעגעבען געוואָרען 30 טויזענד שטימען, און אז פון זיי האבען דיא דעמאָקראַטען געקראָגען 25 טויזענד און דיא רעפובליקאַנער בלויז 5 טויזענד, און דיא דריי דעמאָקראַטישע עלעקטאָרס זיינען ערוועהלט געוואָרען מיט א מאַיאָריטעט פון 20 טויזענד.

ווען דיא 48 עלעקטאָרס פערזאַמלען זיך און וואוטען פאר פרעזידענט, קריעגט דער רעפובליקאַנישער קאַנדידאַט 45 שטימען און דער דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט בלויז דריי שטימען. ווען מען רעכענט אבער צונויף דיא וואוטס פון פאָלק, וואס זיינען אבגעגעבען געוואָרען פאר דיא צוויי קאַנדידאַטען אין ביידע סטייטס, קומט אויס, אז דיא דעמאָקראַטען האבען געקראָגען מיט גאנצע 10 טויזענד שטימען מעהר. אין ניו יאָרק סטייט האבען זיי בעקומען 995 טויזענד און אין נעוואדא סטייט 25 טויזענד, צוזאַמען אַלזאָ א מיליאָן און 20 טויזענד. דיא רעפובליקאַנער, אבער, וועלכע האבען אין ניו יאָרק בעקומען א מיליאָן מיט 5 טויזענד, האָבען אין נעוואדא געקראָגען ניט מעהר וויא 5 טויזענד, צוזאַמען האבען זיי ניט מעהר וויא א מיליאָן מיט צעהן טויזענד וואוטס, מיט 10 טויזענד ווייניגער, אַלזאָ, וויא דיא דעמאָקראַטען.

און וואס איז דער רעזולטאַט? האבענדיג מיט צעהן טויזענד ווייניגער פאָלקס־וואוטס, ערוועהלען דיא רעפובליקאַנער דאָך זייער קאַנדידאַט פאר פרעזידענט מיט דער אונגעהייערער מאַיאָריטעט פון 42 „עלעקטאָרישע“ וואוטס.

מיר האבען אנגעכאַפּט צוויי סטייטס, ווייל עס איז לייכ־טער מיט זיי צו אילוסטרירען דעם פּונקט. עס איז גרינג צו זעהן, אַז דאָס זעלבע וואס עס פּאַסירט מיט דיא צוויי סטייטס, קען פּאַסירען מיט דיא אַלע 48 סטייטס. איין גרויסער סטייט קען מיט א פּאָר הונדערט שטימען מאַיאָריטעט געבען איין פּאַרטיי מעהר עלעקטאָרישע וואוטס וויא דיא אַנדערע פּאַרטיי קען מיט א מאַיאָריטעט פון צעהנדליגע טויזענדע שטימען בע־קומען אין פינף אנדערע סטייטס.

שולדיג אין דעם איז ניט אזוי דיא קאָנסטיטושאָן וויא דיא סטייט לעדזשיסלייטשורס. ווען דיא לעדזשיסלייטשורס וואָל־טען געוואָלט, וואָלטען זיי געקענט איינפיהרען, אז דיא עלעק־טאָרס זאָלען ערוועהלט ווערען אין דיסטריקטען אזוי וויא קאָנ־גרעססלייטע. דאָס וואָלט געגעבען דיא מעגליכקייט, דיא מינאָ־ריטעט פּארטייען אין יעדע סטייט צו ערוועהלען א קליינע צאָהל פון דיא עלעקטאָרס. זייערע וואוטס וואָלטען ניט אין גאַנ־צען פארלאָרען געגאנגען, אזוי וויא דער פאל איז איצטער. אין אָנפאנג פון דעם לעצטען יאָהר הונדערט האָט דער „דיסטריקט סיסטעם" געהערשט אין פיעלע סטייטס. מיט א יאָהר צוואנציג צוריק האָט מישיגען סטייט איהם געטרייט אויף א קורצע צייט. איצטער אָבער ווערען דיא עלעקטאָרס איבעראל ערוועהלט אלע מיט אמאל פון דער גאנצער סטייט. דיא פּארטיי וואָס קריעגט דיא גרעסטע צאָהל שטימען אין דער גאנצער סטייט, קריעגט די גאנצע צאָהל עלעקטאָרס, צו וועלכע דיא סטייט איז בע־רעכטיגט.

---

## ווִיא אזוי דיא עלעקטאָרס ערוועהלען דעם פּרעזידענט.

דיא לאַנד ווייס דעם רעזולטאַט פון א פּרעזידענט עלעקשאָן, דעם אבענד פון עלעקשאָן־טאָג. גלייך וויא עס קומען אָן דיא בעריכטען פון דיא פערשיעדענע סטייטס, וועלכע פּאַר־טייען עס האָבען דאָרט געזיעגט, ווייס מען ווער דער נעקסטער פּרעזידענט וועט זיין. נאָך דער קאָנסטיטושאָן נאָך ווערען ביי

דיעזען עלעקשאן ערוועהלט בלויז עלעקטארס, און זיי דארפען ערשט שפעטער וואוטען פאר'ן פרעזידענט. דיא קאנסטיטושאן גיט זיי אויך דאס פולע רעכט צו שטימען פאר וועמען זיי ווילען. דיא עלעקטארס וואס ווערען ערוועהלט אויפ'ן רעפובליקאנישען טיקעט זיינען גאר ניט מחויב צו וואוטען פאר'ן רעפובליקאנישען פרעזידענט קאנדידאט. זיי קענען וואוטען פאר וועמען זיי ווילען אליין. נאטירליך, דאס פאלק וועלכע ערוועהלט זיי, ערווארטעט, אז זיי וועלען וואוטען פאר די רעפובליקאנישע קאנדידאטען, אבער געזעצליך זיינען זיי ניט פערבונדען דאס צו טהאן.

אפיציעל אלזא, ווערט דער פרעזידענט ניט עלעקטעט ביז וואנען דיא עלעקטארס שטימען ניט פאר איהם. דער געזעץ איז, דאס דיא ערוועהלטע עלעקטארס פון יעדער סטייט מוזען זיך פערזאמלען אין דעם זעלבען פלאץ, דעם צווייטען יאנואר נאך זייער עלעקשאן. דיא לעדזשיסלייטשור בעשטימט דעם פערזאמלונגס פלאץ. געוועהנליך איז עס אין דער קעפיטאל פון דער סטייט. ווען זיי זיינען אלע פערזאמעלט, וואוטען זיי פאר א פרעזידענט און פאר א וויים־פרעזידענט, דאס הייסט, זיי שטימען פאר דיא צוויי קאנדידאטען, וואס זייער פארטיי האט נאמינירט. דער רעזולטאט פון דיעזען וואוט ווערט אפגעשיקט צום קאנגרעסס אין וואשינגטאן.

דעם צווייטען מיטוואך אין פעברואר פערזאמלען זיך דיא סענאטארען און דיא קאנגרעססלייטע אין דער האוז או רעפרעזענטייטיווס. דער פרעזידענט פון סענאט איז דער טשערמאן. ער עפענט אויף דיא אלע רעפארטס, וואס זיינען אנגעקומען פון עלעקטארס פון אלע סטייטס, און ער צעהלט איבער דיא וואוטס. דיא קאנדידאטען וואס בעקומען דיא מאיאריטעט שטימען, ווערען עלעקטעט פאר פרעזידענט און וויים־פרעזידענט.

דיא קאנסטיטושאן זאגט, אז אום א קאנדידאט זאל ערוועהלט ווערען פרעזידענט אדער וויים־פרעזידענט, מוזען מעהר וויא א העלפט פון אלע עלעקטארס וואוטען פאר איהם. ווען עס לויפען מעהר וויא צוויי שטארקע קאנדידאטען, און יעדער פון

זיי קומט ארוים זיעגרייך אין עטליכע סטייטס, קען עס אַמאָל פּאסירען, אז דיא עלעקטאָרישע וואוטס זיינען אזוי צוטהיילט, אז קיינער פון דיא קאנדידאטען בעקומט ניט קיין פוללע מאַיאָריטעט (מעהר וויא א העלפט) שטיממען. אין אזא פאל איז קיינער פון דיא קאנדידאטען ניט עלעקטעט, אפילו ניט דער, וועלכער האָט בעקומען דיא גרעסטע צאָהל וואוטס צווישען אלעמען.

דאָס הייסט אָבער ניט, אז דיא לאנד בלייבט אָהן א פּרעזידענט, אָדער אז עס איז נויטיג אָפּצוהאלטען נאָך אן עלעקשאָן. ווען דיא עלעקטאָרס קלייבען ניט אוים א פּרעזידענט, דאן טהוט עס דיא „ניעדריגערע האוז" פון קאָנגרעסס, דיא רעפּרעזענטייטיווס. זיי קענען אָבער ניט אויסקלייבען וועמען זיי ווילען. זיי מוזען עלעקטען איינעם פון דיא דריי קאנדידאטען, וועלכע האָבען בעקומען דיא גרעסטע צאָהל עלעקטאָרישע שטימען.

ווען דער קאָנגרעסס ערוועהלט א פּרעזידענט, וואוטען ניט דיא קאָנגרעססלייטע אלס איינצעלנע נאָר אין סטייטס. דאָס הייסט, דיא קאָנגרעססלייטע פון יעדען סטייט האלטען אָפּ א מיטינג צווישען זיך, און בעשליסען דורך א מאַיאָריטעט פאר ווען דיא סטייט זאָל וואוטען. דער קאנדידאט פאר וועמען עס וואוטען מעהר וויא א העלפט פון דיא סטייטס, ווערט ערוועהלט פּרעזידענט.

אמאָל קען עס פּאסירען, אז דער קאָנגרעסס קען אויך ניט ערוועהלען דעם פּרעזידענט. עס קען טרעפען, אז קיין איינער פון דיא דריי קאנדידאטען בעקומט ניט דיא נויטיגע מעהר ווי א העלפט פון דיא סטייטס. אין אזא פאלל מאַכט מען דעם וויים-פּרעזידענט פאר'ן פּרעזידענט.

אין דער גאנצער געשיכטע פון לאנד האָט עס פּאסירט בלויז צוויי מאָל, אז דער קאָנגרעסס האָט געמוזט עלעקטען א פּרעזידענט. דיא אורזאַכע דערפון איז, דאָס מיר האָבען דיא גאנצע צייט געהאט בלויז צוויי גרויסע פּארטייען. איינע האָט דארום געמוזט שטענדיג בעקומען מעהר וויא א גאנצע העלפט

פון דיא עלעקטאָרישע וואוטס. ווען עס וואָלט דאָ געווען א דריטע גרויסע פּארטיי, וואָלט דער קאָנגרעסס גאנץ אָפט געהאט דיא עהרע צו ערוועהלען דעם פּרעזידענט.

אויב די עלעקטאָרס ערוועהלען ניט קיין וויים-פּרעזידענט, דאָס הייסט, אויב קיינעם פון דיא וויים־פּרעזידענט קאנדידאטען געלינגט ניט צו קריגען א מאיאָריטעט פון אלע עלעקטאָרישע שטימען, דאן קריעגט דער סענאט דיא עהרע צו ערוועהלען דעם וויים־פּרעזידענט. דיא סענאטאָרען קלייבען אויך ניט אויס וועמען זיי ווילען. זיי מוזען עלעקטען איינעם פון דיא צוויי קאנ־דידאטען, וועלכע האָבען בעקומען דיא מעהרסטע וואוטס פון די עלעקטאָרס. זיי וואוטען אבער ניט אלס סטייטס, וויא דיא קאנ־גרעססלייטע, נאָר אלס איינצעלנע, און דער קאנדידאט וואס קריעגט א מאיאָריטעט פון זייערע שטימען, ווערט עלעקטעט וויים־פּרעזידענט.

---

## קאַפּיטעל 11.

## די הויפּט־אויפגאַבע פון דעם פּרעזידענט.

דער קאנגרעס האט אלס זיין הויפּט אויפגאבע צו מאכען דיא געזעצע פון לאנד; דער פּרעזידענט האט אלס זיין הויפּט אויפגאבע דורכצופיהרען דיא געזעצע, וואס דער קאָנגרעס מאכט.

דער פּרעזידענט קען, נאטירליך, ניט טהאָן איינער אליין אזא ריעזיגע ארבייט. דער קאנגרעס נעהמט אָן הונדערטע בילליס יעדען יאהר. עס וואָלט געווען א פיזישע אונמעגליכקייט פאר'ן פּרעזידענט צו אטענדען צו אלע פּערזענליך. ער האט דארום א גאנצען קאבינעט מיט אויסהעלפער. דיעזע קאבינעט־מיניסטאָרען זיינען ניט מעהר און ניט וויינינגער וויא פּאָרלייטע, אויפזעהער איבער פערשיעדענע אבטהיילונגען פון דעם פּרעזי־דענט'ס ארבייט. זיי ווערען אפּאָינטעט פון פּרעזידענט אליין, און זיי זיינען, פאר אלעס וואס זיי טהוען, פעראנטוואָרטליך

צום פרעזידענט. קיינער, אויסער דעם פרעזידענט, האט איבער זיי קיין דעה ניט. מען קען דארום זאגען, אז דער פרעזידענט איז דער גאנצער „עקזעקוטיווע" אין דער אמעריקאנער רע־גיערונג.

## ווער מעג זיין א פרעזידענט אדער א וויים־פרעזידענט?

דיא קאנסטיטושאן פאדערט בלויז דריי זאכען פון דיא יע־ניגע וואס ווילען לויפען פאר פרעזידענט אדער פאר וויים־פרע־זידענט. זיי מוזען זיין געבארענע אמעריקאנער. זיי מוזען פריי־הער וואהנען אין לאנד אם וועניגסטענס 14 יאהר און מוזען אלט זיין ניט וועניגער וויא פינף און דרייסיג יאהר.

## וויפיעל מאל קען איינער ערוועהלט ווערען פאר פרעזידענט?

א פרעזידענט און א וויים־פרעזידענט ווערען ערוועהלט אויף פיער יאהר צייט. זיי קענען אבער דערנאך ווידער לויפען פאר'ן זעלבען אמט און ווידער ערוועהלט ווערען. דער אלגע־מיינער איינדרוק איז, דאס מעהר וויא צוויי מאל טאר מען קיין פרעזידענט ניט זיין. דאס איז אבער א מיסטייק. נאך דעם געזעץ נאך, נאך דער קאנסטיטושאן נאך, מעג איינער זיין פרעזידענט דעם גאנצען לעבען אויב דאס פאלק איז נאר צו־פריעדען איהם צו עלעקטען אלע פיער יאהר.

עס איז אבער אמת, אז ביז איצטער האט נאך ניט פאר־סירט אז איינער זאל זיין פרעזידענט מעהר וויא צוויי מאל. עס איז אן אנגענומענער מנהג, וועלכער איז פיליייכט שטארקער וויא א געזעץ, אז עס איז צו געפעהרליך צו ערלויבען דער זעל־בער מאן זאל זיצען אויפ'ן פרעזידענט־שטוהל מעהר וויא אכט יאהר. דיא געפאהר איז, דאס ער קען זיך אזוי איינ־זעצען, אז ער וועט דערנאך מיט געוואלד וועלען פערבלייבען.

דער מנהג שטאמט פון דעם ערשטען פרעזידענט דזשארדזש

וואשינגטאן. ער איז עלעקטעט געווארען צוויי מאָל, און ווען מען האָט איהם געוואלט עלעקטען א דריטען מאָל, האָט ער זיך ענטזאגט אנצונעהמען דעם אמט. צי ער האָט עס ווירקליך געטהאָן אויס פרינציפּ איז א גרויסער ספק. דיא אלגעמיינע מיינונג, אָבער, בלייבט, אז ער האָט געוואלט געבען זיינע נאָכפאָלגער א ביישפּיעל זיי זאָלען ניט טרייען צו פערבלייבען צו לאַנג אין אמט, כדי זיי זאָלען ניט קריגען א יצר הרע צו ווערען קעניגע פון לאַנד. אזוי שטארק איז דיעזע מיינונג איינגעוואָרצעלט אין הארצען פון פאָלק, אז ווען א פרעזידענט וואָלט איצטער געטרייט צו לויפען פאר א דריטען טערמין, וואלט ער זיכער מיאוס דורכגעפאלען. מען וואָלט איהם פערדאמט איינפאך דערפאר וואס ער פארלעצט וואַשינגטאן'ס ווילען. ביי דיא אמעריקאנער איז וואשינגטאן הייליג. ער ווערט בעטראכט פאר דעם פאטער פון דער רעפובליק, און זיין ווילען מוז אונטער אלע בעדינגונגען אפּגעהיט ווערען. דאס איז א שטיק הייליגער פאטריאָטיזמוס.

---

## אויב דעם פרעזידענט'ס אָרט בלייבט ליידיג אין מיטען טערמין.

אויב דער פרעזידענט רעזיגנירט אדער שטארבט אָדער ער ווערט אראָפּגעזעצט פון זיין אמט אין מיטען טערמין, אין מיטען דיא פיער יאָהר, דאן טרעט דער וויים־פרעזידענט אריין אין זיין שטעללע. עס האָט נאָך קיינמאָל ניט פאסירט אז א פרעזידענט זאָל רעזיגנירען. עס האָט נאָך אויך ניט פאסירט, אז מען זאָל איהם ארונטערזעצען פון אמט. אָבער פינף פרעזידענטען זיינען געשטארבען אין מיטען דערצייט, דריי פון זיי זיינען ערמאָרדעט געווארען צוליעב פאָליטישע אורזאכען.

אין פאל דער פרעזידענט איז קראנק אָדער ער פערלאָזט דיא לאַנד און קען ניט טהאָן זיינע פפליכטען, פארנעהמט דיע־

וויים־פּרעזידענט זיין פּלאַץ ביז וואנען ער ווערט צוריק גע־זונד אָדער קומט צוריק אהיים. ביז איצטער האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאסירט, אז דער וויים פּרעזידענט זאָל טהאָן דעם פּרע־זידענט'ס ארבייט, כל זמן דער פּרעזידענט האָט געלעבט. איינ־מאָל האָט זיך שוין געמאכט אז דער פּרעזידענט איז קראנק געווען נאָהענט צו דריי מאָנאטען, און ער איז געווען אין אזא לאגע, אז ער האָט ווירקליך גאָר ניט געקענט טהאָן, פון דעסט־וועגען האָט דער וויים־פּרעזידענט אויף אַ האָאר זיך ניט אַריינ־געמישט אין דעם פּרעזידענט'ס ארבייט. ער האָט עס ניט געטהאָן אוים רעספּעקט צו דעם קראנקען.

דיא קאנסטיטושאָן זאגט ניט ווער עס זאָל ווערען פּרעזי־דענט פון לאנד אין פּאלביידע, אי דער פּרעזידענט אי דער וויים־פּרעזידענט שטארבען אדער רעזיגנירען. זיא לאָזט דיא פראגע אין גאנצען איבער צום קאנגרעס ער זאָל עס ענטשיידען. מיט פינף און צוואנציג יאָהר צוריק האָט דער קאנגרעס אָנגע־נומען א ביל אז דיא קאבינעט־מיניסטאָרען זאָלען זיין דיא פּלאַץ־פּארנעהמער פון פּרעזידענט און וויים־פּרעזידענט. דער ערשטער מיניסטער וועלכער קומט נאָך'ן וויים־פּרעזידענט איז דער סעקרעטערי אָוו סטייט. נאָך איהם קומט דער סעקרעטערי אָוו דהי טרעזשורי, דערנאָך דער סעקרעטערי אָוו וואָר, דערנאָך דער אטטאָרני דזשענעראַל, דער פּאָסטמאסטער דזשענעראַל, דער סעקרעטערי אָוו דהי נייווי, און צולעצט דער סעקרעטערי אָוו דהי אינטעריאָר.

---

## ווען דער פּרעזידענט בעגעהט א פארברעכען.

קיין קאורט אין לאנד האָט ניט קיין געזעצליכע מאכט איבער'ן פּרעזידענט. דיא פּאָליציי קען אונטער קיינע אומ־שטענדען איהם ניט ארעסטירען. ווען זאגאר ער בעגעהט א מאָרד קען מען איהם ניט טשעפּען. ער שטעהט העכער וויא אלע דזשאַדזשעס און וויא אַלע קאורטס און אלע פּאָליציי בעאמטע.

איין קערפּערשאפט איז אָבער יא דאָ, וואס האָט דיא מאכט עפּעס צו טהאָן ווען דער פּרעזידענט פערזינדיגט זיך: דיעזע קערפּערשאפט איז דער קאָנגרעס אליין. דיא קאָנסטיטושאָן גיט דעם קאָנגרעס דיא מאכט צו ברייננען קלאָגען געגען דעם פּרע־זידענט און איהם אראָפּזעצען פון אמט. דיא קלאָגען מוזען אריינגעבראכט ווערען אין דער נידריגערער „הויז“, דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס. אויב זיא נעהמט זיי אָן מיט א מאַיאָריטעט שטימען, לייגט זיא זיי פאָר פאר'ן סענאט. דער סענאט איז דיא קאורט, וועלכער משפּט דעם פּרעזידענט. דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס ערוועהלט א קאָמיטע, וועלכע דיענט אלס דיא אנקלעגער. ווען דער פּרעזידענט וויל קען ער שיקען לאָיערס זיך צו פערטהיידיגען. בשעת דער טרייעל געהט אָן איז דער טשיעף דזשאָדזש פון סופרים קאורט דער טשעירמאַן אין סענאט.

אויב צוויי דריטעל פון דיא סענאטאָרען געפינען דעם פּרעזידענט שולדיג, דאַן קענען זיי איהם בעשטראפען מיט איין זאך: זיי קענען איהם אראָפּזעצען פון זיין שטעלע. מעהר וויא דאָס קען דער סענאט ניט טהאָן. נאכדעם אָבער וויא ער איז שוין אוים פּרעזידענט, קען דיא פּאָליציי איהם ארעסטירען און משפּט'ען פאר דעם פארברעכען וואס ער האָט בעגאנגען בשעת ער איז געווען פּרעזידענט, און דאַן קען דיא קאורט איהם בעשטראפען וויא א געוועהנליכען פארברעכער.

איינמאָל בלויז האָט עס פּאסירט, ווען דער קאנגרעס האָט געטרייט אראָפּצוזעצען דעם פּרעזידענט פון זיין אמט. דאס איז געווען גלייך נאָך דעם סיוויל קריעג. דער דאמאלסדיגער פּרעזידענט, דזשאהנסאָן, האָט ניט געוואלט דורכפיהרען דיא געזעצע וואס דער קאָנגרעס האָט געפאסט. ער האָט געטהאָן אלעס וואס ער האָט אליין געוואלט, אזוי וויא ער וואלט געווען ניט דער פּרעזידענט, נור דער קייזער פון לאַנד.

אָבער דיעזען איינציגען מאָל איז דער פּרעזידענט אויך ריינגעוואשען געוואָרען. עס האָט אין סענאט געפעהלט איין וואוט צו דיא פולע צוויי דריטעל אום איהם צו פעראורטהיילען.

דיא איצטיגע היסטאריקער בעטראכטען עס פאר א גליק וואס דזשאהנסאן איז פערבליבען אויף זיין שטעלע. זיי דענקען, אז ווען ער וואלט אראפגעזעצט ווערען, וואלט עס פארבליבען א מין פלעק אויף דעם אמעריקאנער פאלק, וואס עס האט אמאל געהאט א פרעזידענט וועמען מען האט געמוזט אראפשטופען פון זיין שטעלע.

---

## דעם פרעזידענט'ס און וויים-פרעזידענט'ס געהאלט.

דיא קאנסטיטושאן זאגט אז דער פרעזידענט און דער וויים-פרעזידענט זאלען קריגען בעצאהלט פאר זייער ארבייט. וויפיעל זייער געהאלט זאל זיין איז א פראגע וואס דיא קאנ־סטיטושאן לאזט אין גאנצען איבער צום קאנגרעס. זיא פאר־ביט בלויז דעם קאנגרעס צו העכערען דיא געהאלט אין פרע־זידענט'ס מיטען טערמין.

פון אנפאנג פלעגט דער פרעזידענט בעקומען 25 טויזענד דאלאר א יאהר. אין דעם יאהר 1871 איז דער געהאלט גע־העכערט געווארען אויף 50 טויזענד דאלאר א יאהר. אין דעם יאהר 1909 האט דער פרעזידענט וויעדער געקראגען א רייז און קריעגט יעצט 75 טויזענד דאלאר.

אויסער דיא געהאלט בעקומט דער פרעזידענט פון דער רעגיערונג א פראכטפאלען פאלאץ פריי, דיא „ווייסע הויז“, און פיעלע זייטיגע הוצאות, וויא רייזע קאסטען, פרינטינג, געלד פאר סעקרעטערע און קלוירקס, געלד צו בעלייכטען און בעהייצען דיא „ווייסע הויז“ און אויפצופיקסען דיא פארקס ארום דיא „ווייסע הויז“ און זא ווייטער. און זא ווייטער. ארום און ארום ספענדט דיא רעגיערונג אויף איהר פרעזידענט מעהר וויא פיער מאל 75 טויזענד דאלאר א יאהר. דיא ביכער צייגען דאס דער פרעזידענט האט אין דעם יאהר 1909 אויס־געגעבען 329 טויזענד און 420 דאלאר.

דעם וויים-פרעזידענט'ס געהאלט איז ניט מעהר וויא 12 טויזענד דאלאר א יאהר.

## וויא אזוי דער פרעזידענט ווערט איינגעשוואָרען.

„דיא פרעזידענט־עלעקשאָנס קומען פאר דיא ערשטע אָדער צווייטע וואָך אין נאָוועמבער. אין אמט טרעט אבער דער פרעזי־דענט ערשט אריין דעם 4טען מארטש פון נעקסטען יאָהר. אין דער הויפט שטאָדט פון לאנד, אין וואשינגטאָן, איז יענעם טאָג א יום טוב, ער רופט זיך „אינאָגאָריישאָן דעי".

קיין גרויסע צערעמאָניעס, אָבער, מאכט מען מיט דעם נייעם פרעזידענט ניט. מיט א פּאָאר טעג בעפאר דעם 4טען מארטש קומט ער אליין צופאהרען אין וואשינגטאן. קיינער לאָדעט איהם ניט איין, קיינער זאגט איהם זאגאר ניט אן, אז ער איז עלעקטעט. ער דערוויסט זיך דאָס אליין פון דיא ציימונגען.

אוים העפליכקייט בעזוכט ער דעם אלטען פרעזידענט אין זיין וואהנונג, אין דער „ווייסער הויז". דעם 4טען מארטש ברייננט איהם א קאָמיטע צופיהרען אין דער „ווייסער הויז" און פון דאָרטען פאהרט ער צוזאמען מיט'ן אלטען פרעזידענט אין דער „קעפיטאָל". דארטען איז פאראן אן אָפענער באלקאָן, וועלכער איז ספּעציעל געבויט געוואָרען פאר דיזען צוועק. אויב דער וועטער איז ניט שלעכט, ווערט דיא „אינאָגאָריישאָן" צערעמאָניע געפראוועט אויף דיזען באלקאָן פאר א ריזיגען פובליקום, וועלכער פעריאמעלט זיך אין סטריט ארום דער „קעפיטאָל". דער הויפט דזשאָדזש פון סופרים קאורט שווערט איין דעם נייעם פרעזידענט, און יענער ענטפערט מיט א רעדע פאר דעם גרויסען פובליקום. דיזע רעדע איז א ריין פּאָלי־טישע. אין איהר ווידערהאלט ער אלע זיינע פערשפּרעכונגען און פּאליסים וועגען וועלכע ער האָט גערעדט און אגיטירט אין דער צייט פון זיין קאמפיין.

נאָך דיזער רעדע פאהרט ער צוריק אָפּ אין דער „ווייסער הויז" און דארטען ווערט פאר איהם ארראנזשירט א גרויסער פאראד פון סאָלדאטען און מאטראזען, וועלכע מארשירען פארביי דער „ווייסע הויז". די גאנצע צייט וואס דער פאראד גע־

דויערט זיצט דער פּרעזידענט אויף א פּלאַטפאָרמע אין פראנט פון דער „ווייסער הויז“.

# קאַפּיטעל 12.

## דיא אויפגאַבען און דיא מאַכט פון פּרעזידענט.

דער פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט א געוואלדיגע מאכט. ער איז פיעל מעכטיגער וויא דער פּרע־זידענט פון דער פראנצויזישער רעפּובליק, און איז אין מאנכע הינזיכטען זאָגאר מעכטיגער וויא דיא קעניגע און קיסרים פון דיא „בעגרענעצטע מאָנארכיעס“, וויא, צום ביישפּיעל, ענג־לאנד, דייטשלאנד און איטאליען.

דיא קאָנסטיטושאָן ערקלערט, אז דער פּרעזידענט איז דער „עקזעקוטיוו“, דאס הייסט, אז זיין אויפגאבע איז אכטונג צו געבען דאס דיא געזעצע וועלכע דער קאָנגרעס מאכט זאָלען דורכגעפיהרט ווערען. ווען ער וואלט ווירקליך ניט געהאט מעהר וויא דאס אלס זיין אויפגאבע, וואלט זיין מאכט ניט געוועזען זעהר גרויס. אָבער דיא קאנסטיטושאָן „ווארפט“ איהם צו נאָך עטליכע „זייטיגע“ אויפגאבען אין דיא אנדערע אב־טהיילונגען פון דער רעגיערונג. זיא גיט איהם דיא קראפט צוריקצו־ווייזען דיא געזעצע, וואס דער קאָנגרעס מאכט, און מאכט איהם פאר'ן הויפּט ממונה אויף אפּאָינטען דיא וויכטיג־סטע בעאמטע אין לאנד. ווען מען נעהמט, אלזאָ, צונויף דיא אלע „מאכטען“, וואס דער פּרעזידענט בעזיצט אי אלס געזעץ־מאכער אי אלס דורכפיהרער פון דיא געזעצע, זעהט מען וואס פאר א ריעזיגען פּלאץ ער פארנעהמט אין דער רעגיערונג.

און דאָס איז נאָך ניט אלעס. וויא מיר וועלען שפּעטער זעהן, קען דער פּרעזידענט זעהר לייכט ווערען דער פיהרער פון דער פּאָליטישער פּארטיי וועלכע האָט איהם ערוועהלט. ער קען זיך אזוי בענוצען מיט זיין מאכט אלס פּרעזידענט, אז דיא פּאָליטישענס זאָלען זיך מוזען בויגען צו זיין ווילען; ווען ער האָט דיא פּאָליטישע מאשין אין זיינע הענד קען ער קאָנ־

טראָלירען דעם קאנגרעס, ער קען צווינגען דיא קאָנגרעסלייט און דיא סענאטאָרען זיי זאָלען מאכען דיא געזעצע וואס ער וויל. נאטירליך, דערצו פאָדערט זיך א שטארקע פערזענ־ליכקייט. רוזוועלט, צום ביישפיעל, איז געוועזן דער באָס פון דער רעפובליקאנישער פארטיי כל זמן ער איז געוועזן דער פרעזידענט. אין דער פארטיי האָבען זיך געפונען פיעלע גרויסע שטארקע פאָליטישענס, וועלכע האָבען געהאסט רוזוועלט'ן מיט זייער גאנצען הארצען. ווען זיי וואלטען נאָר געהאט דיא מעגליכקייט, וואלטען זיי איהם אין דער פארטיי בעקעמפפט. אבער ער איז געוועזן קלוג און שטארק גענוג אויסצונוצען זיין „פרעזידענטישע" מאכט אזוי, אז דיא פאָליטישענס פון זיין פארטיי האָבען פאר איהם געציטערט און געפאלגט אלעס וואס ער האָט זיי געהייסען. פרעזידענט טעפט איז שוין אזא בריה ניט געווען. דעם ערשטען טאָג וואס ער איז ערוועהלט געוואָרען האָבען אלע געזעהען, אז ער וועט ניט וויסען וויא צו קאנטראלירען זיין פארטיי. ער איז געווען א שוואכער מענש און האָט ניט געהאט דיא פאָליטישע כיטרעקייט און שטארקייט וואס רוזוועלט האט פארמאָגט.

מיר וועלען דיעזען פונקט גענויער ערקלערען אביסעל שפעטער, ווען מיר וועלען זיך בעקענען מיט דיא מאכט וואס דער פרעזידענט בעזיצט און מיט דיא פיעלע אויפגאבען וואס ער האָט אין דיא פערשיעדענע אבטהיילונגען פון דער רעגיערונג.

---

## דיא בעאמטע וואס דער פרעזידענט אפּאָינטעט און וויא אזוי ער אפּאָינטעט זיי.

דער פרעזידענט אפּאָינטעט טויזענדע בעאמטע פאר היגע און ניעדריגע שטעלעס איבער'ן גאנצען לאנד. מאנכע פון זיי אפּאָינטעט ער אליין. ער דארף דערצו ניט קיין צושטימונג פון אנדערע. מאנכע, אָבער, קען ער ניט אפּאָינטען, סיידען דיא מאיאָריטעט פון סענאט גיט איהם זייער צושטימונג.

דיא קאנסטיטושאָן רעכענט אוים געוויסע בעאמטע וואס דער פרעזידענט קען ניט אפּאָינטען אָהן דעם סענאט. דיעזע צאהל איז פערהעלטניסמעסיג קליין. אין פערלויף פון די לעצטע הונדערט און דרייסיג יאָהר האָט דער קאָנגרעס אנגענומען פיעלע בילס איבער דיעזער פראגע. דורך דיעזע בילס האָט דער פרעזידענט געקראגען דיא ריעזינע מאכט צו אפּאָינטען נאָך פיעלע הונדערטע בעאמטע. — מאנכע מיט דער צושטימונג פון סענאָט און מאַנכע זאָגאר אָהן דער צושטימונג פון סענאָט.

עס איז אן אנערקענטער פאקט, וועלכען דיא גרעכטע פאטריאָטען און פארעהרער פון דער אמעריקאנער רעגיערונג וועלען צוגעבען, אז דיא אפּאָינטמענטס, וואס דער פרעזידענט מאכט זיינען פּאָליטישע. אין דיא מעהרסטע פעלע ווייס דער פרעזידענט זאגאר ניט ועמען ער אפּאָינטעט פאר א געוויסע שטעלע. ער אפּאָינטעט וועמען מען הייסט איהם. ער מוז עס טהאָן, ווייל ווען ער זאָל ניט בעפרידיגען דיא פּאָליטישענס מיט דיעזע דזשאבס וואָלט דיא גאנצע מאשין פון דער פארטיי צופאלען אויף שטיקלאך, און אָהן דער מאשין איז דאָך דיא פארטיי גאר ניט ווערטה. מיר וועלען דאָ ערקלערען גענוי וויא דיא פערשיעדענע אפּאָינטמענטס ווערען געמאכט.

1) דיא קאבינעט מיניסטארען.—דער קאבינעט ווערט בעטראכט אלס ארויסהעלפער פון דעם פרעזידענט. דיא קאַבינעט מיניסטארען זיינען פאכלייטע, וועלכע גיבען אכטונג אויף דיא פערשיעדענע אבטהיילונגען פון דער אדמיניסטריישאָן און זעהען אז דיא געזעצע זאלען דארטען פינקטליך אויסגעפיהרט ווערען. מיט זיי בעראטה זיך אויך דער פרעזידענט איבער וויכטיגע פראגען וואס האָבען צו טהאָן מיט דער אדמיניסטריישאָן. זיי זיינען, אלזאָ, זיינע פערזענליכע העלפער און ראטהגעבער. עס איז דארום גאנץ נאטירליך, אז ער זאָל בעזיצען דיא פולע מאכט אויסצוקלייבען אלס זיינע קאבינעט־מיניסטארען וועמען ער וויל נאָר אליין.

דער גענעץ פאדערט אָבער אז דער סענאט מוז גוטהייסען דיעזע אפּאָינטמענטס. פון דעסטוועגען פאסירט עס קיינמאָל ניט, אז דער פּרעזידענט זאָל געשטערט ווערען פון סענאט אין דיעזער הינזיכט. זאגאר ווען דער סענאט האָט א מאיאָריטעט פון דעם פּרעזידענט'ס געגנער, וועלען זיי גוטהייסען אלס קאָ־בינעט מיניסטארען, ווען ער וועט נאָר אויסוועהלען. אלע אנערקענען, אז עס וואָלט געווען א גרויסער אונרעכט מען זאָל איהם צווינגען צו נעהמען אלס זיינע פּערזענליכע ארויסהעלפער און ראטהגעבער מענשען וועמען ער וויל ניט.

2) דער סענאט מוז אויך גוטהייסען דיא אפּאָינטמענטס וואס דער פּרעזידענט מאכט פאר אמבאסאדארס און קאָנסולס אוועקצושיקען אלס פארשטעהער פון אמעריקא אין אויסלאנד. אָבער אויך אין דיעזע אפּאָינטמענטס מישען זיך דיא סענאַ־טאָרען זעהר ווענינ. זיי לאָזען עס כמעט שטענדיג איבער אין גאנצען אין דיא הענד פון פּרעזידענט, ער זאָל אפּאָינטען פאר דיעזע שטעלעס וועמען איהם געלוסט זיך.

3) דער פּרעזידענט אפּאָינטעט דיא דזשאַדזשעס פון סופּרים קאורט: אויך דאָ מישט זיך דער סענאט זעלטען־ווען אריין. ער האָט זאגאר די מאכט צוריקצו־ווייזען דעם דזשאַדזש ווען ער געפעלט איהם ניט. אָבער ער בענוצט זיך מיט דיא מאכט זעהר, זעהר זעלטען.

4) דער פּרעזידענט קריעגט אויך דיא צושטימונג פון סענאט פאר אלע אפּאָינטמענטס וואס ער מאכט פאר בעאמטע אין דער ארמעע און אין דער נייווי. אָהן דעם סענאט'ס צו־שטימונג האָבען דיעזע אפּאָינטמענטס קיין ממשות ניט. אָבער דער סענאט מישט זיך אין דיעזע אפּאָינטמענטס ניט אריין.

אין גאנצען א פרייע האנד האָט אבער דער פּרעזידענט אין דיעזע אלע אפּאָינטמענטס ניט. דער סענאט מישט זיך טאקע ווענינ אריין, אָבער דיא פּאָליטישע מאשין פון דער פּארטיי זאגט אין דיעזע אלע אפּאָינטמענטס א גאנץ גרויסע דעה. אלס קאבינעט מיניסטאָרען איז דער פּרעזידענט כמעט

אימער געצוואונגען צו אַפּאָינטען מענשען וואס שטעהען הויך אין זיין פּארטיי; מענשען וואס האָבען אין עלעקשאָן צייט נעקראגען דיא פּארשפּרעכונג, אז אויב זיי וועלען העלפען דער פּארטיי וועלען זיי קריגען קאַבינעט־שטעלען. דאס זעלבע איז אויך מיט דיא אַפּאָינטמענטס פּאר אמבאסאדאָרס און קאנסולס. פּאָליטיק שפּיעלט אויך אַן אונגעהויער גרויסע ראָלע אין דיא אַפּאָינטמענטס פּאר העכערע אמטען אין דער ארמעע און אין דער נייווי. דער פּרעזידענט מוז זיך רעכענען מיט דיא אינטערעסען פון דער פּארטיי און מוז אַפּאָינטען אזוינע מענשען, פון וועמען דיא פּארטיי קען האָפען צו ציהען נוצען אין דער צוקונפט.

דיא אלע בעאַמטע, וואָס מיר האָבען אויסגערעכענט אין דיא פיער אויבערשטע גרופּען, האלטען דיזע שטעלעס ענטוועדער אין וואשינגטאָן אָדער אין אויסלאנד. זיי זיינען יעדענפאלס ניט קיין לאָקאלע בעאמטע. זיי געהערען ניט צו א געוויסע שטאָדט אָדער א געוויסע סטייט.

עס זיינען אָבער דאָ הונדערטע אנדערע אַפּאָינטמענטס, מיט וועלכע דער פאלל איז גראדע פארקעהרט. נעהמט צום ביישפּיעל דיא פּאָסטמייסטערס. זיי ווערען אויך אלע אַפּאָינטעט פון פּרעזידענט מיט דער צושטימונג פון סענאַט. זיי זיינען דורכאוים לאָקאלע בעאמטע. דיא פּאָסט אָפּיסעס בעלאנגען טאקע צו דער וואשינגטאָנער רעגיערונג, ניט צו דער סטייט־רעגיערונג. פון דעסטוועגען בעטראכטען, לאָמיר אָננעמען, דיא ניו יאָרקער איינוואָהנער דעם ניו יאָרקער פּאָסט אָפּיס אלס זייערען. און דיא פּאָליטישענס פון ניו יאָרק ערווארטען, אז דיא פּאָסטמייסטער שטעלע זאָל בעקומען איינער פון זיי, ניט א פּאָליטישען פון אַן אנדער סטייט.

אָט דיזע לאָקאלע אפּוינטמענטס ווערען אין גאנצען קאָנטראָלירט פון סענאַט. דער פּרעזידענט מאכט טאַקי דיא אפּוינטמענטס, אָבער ער אפּוינטעט דיא יעניגע, וועמען דיא סענאַטאָרען הייסען איהם. ווען ער זאָל אין אזוינע פעללע ניט פאָלגען

דעם סענאַט, דאַן וועט דער סענאַט צוריקווייזען יעדער בעאַמ־טען, וועמען ער וועט אַפּוינטען.

דער סיסטעם איז אַ מערקווירדיגער. ער האָט זיך ענטוויקעלט אויף אַ גאַנץ נאַטירליכען אַרט, און איצטער געהט עס אַזוי גלאַט, וויא אַ גוט אָנגעאייֶלטע מאַשין.

די סענאַטאָרען פון דער מאַיאָריטעט פּאַרטיי, דאָס הייסט פון דער פּאַרטיי, וואָס קאָנטראָלירט דעם סענאַט, זיינען צוויישען זיך פעראייניגט. זיי בעשיצען איינער דער צווייטענ'ס אינטערעסען. לאָמיר נעהמען אַ ביישפּיעל: מען דאַרף אַפּוינטען אַ נייעם פּאָסטמייסטער אין ניו יאָרק סטייט. דער סענאַט ווערט צום ביישפּיעל קאָנטראָלירט פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי. דיא רעפּובליקאַנער האָבען דאָרטען אַ מאַיאָריטעט שטימען, און עס זיצט אין סענאַט צוויי אָדער אפילו נאָר איין סענאַטאָר פון ניו יאָרק. אַלע רעפּובליקאַנער סענאַטאָרען אַנערקענען, אַז דער רעפּובליקאַנישער סענאַטאָר פון ניו־יאָרק האָט דאָס רעכט אויסצוקלייבען פאַר פּאָסטמאַסטער וועמען ער וויל, און דער פּרעזידענט מוז יענעם אַפּוינטען. ווען דעם פּרעזידענט געפעלט ניט דער מאַן, וועמען דער רעפּובליקאַנישער סענאַטאָר שלאָגט פאָר און ער אַפּוינטעט אַן אַנדערען, וועלען אַלע רעפּובליקאַנישע סענאַטאָרען וואָטען נעגען יענעם, און אַזוי וויא זיי זיינען דיא מאַיאָריטעט, וועט דעם פּרעזידענט'ס מאַן צוריקגעוויעזען ווערען.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז דיא אורזאַכע וואָרום דיא אַלע רעפּובליקאַנישע סענאַטאָרען האַלטען אַזוי מיט זייער ניו יאָרקער פּאַרטיי גענאָסע, איז דערפאַר, אַז ווען דער פּרעזידענט וועט דאַרפען אַפּוינטען אימיצען פון זייערע סטייטס, זאָל דער ניו־יאָרקער סענאַטאָר זיי ארויסהעלפען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז דיא סענאַטאָרען פון דער מאַיאָריטעט פּאַרטיי האָבען צווישען זיך אַ מין יוניאָן, דורך וועלכע זיי קאָנטראָלירען דיא פיעלע לאָקאַלע אַפּוינטמענטס אין זייערע סטייטס. דער פּרינציפּ פון דיעזער יוניאָן ווערט אויף דיפּלאָמאַטישער שפּראַך אויסגעדריקט אַלס „סענאַטאָרישע העפליכקייט". דערמיט ווי־

לען דאָס דיא סענאַטאָרען אױסדריקען, אז זײ העלפען אײנע דיא אַנדערע ארױס ניט צוליעב פּאָליטיקס, ניט צוליעב מאַטע־ריעלע צװעקען, נאָר בלױז אױס חבר'שאַפט, אױס העפליכקײט, אױס ברידערליכקײט.

דער אמת אָבער איז, דאָס דיעזע „העפליכקײט" איז ניט מעהר און ניט װעניגער װיא פּאָליטיקס. דיא סענאַטאָרען װערען ערװעהלט דורך א פּאָליטישע מאשין, און דיעזע מאשין מענשען ארבײטען פאר איהר ניט אומזיסט. זײ ערװארטען, אז װען זיא װעט האָבען דיא מעגליכקײט, זאָל זיא זײ בעצאָהלען מיט פעטע דזשאבס. אָהן דזשאבס קען קײן פּאָליטישע מאשין ניט עקזיסטירען, און אָהן פּאָליטישע מאשינען װאָלטען דיא מעהרסטע פון אונזערע סענאַטאָרען קײן מאָל צו זײערע עמטער ניט ערװעהלט געװאָרען.

ניט פאר אלע אפּױנטמענטס דאַרף דער פּרעזידענט בעקומען דיא צושטימונג פון סענאַט. עס זײנען דאָ הונדערטע קלײנע בעאַמטע, װעלכע דער פּרעזידענט אלײן אָדער די קאַבי־נעט־מיניסטאָרען אלײן אפּאָינטען. אָבער אױך אין דיעזע זאַגאַר שפּיעלט דיא מאשין דיא הױפּט ראָלע. עס איז אן אײנ־געפיהרטער מנהג, װעלכער קײן פּרעזידענט װעט זיך ניט װאגען צו צוברעכען, אז דיא קלײנע עמטער, דיא ניעדעריגערע אפּױנט־מענטס געהערען צו דיא קאָנגרעסלײטע. דאָס הײסט, דער פּרע־זידענט דאַרף אפּױנטען דיא יעניגע, װעמען דיא קאָנגרעסלײטע רעקאָמענדירען.

צום בײשפּיעל, עס װערט לעדיג אַ פּלאַטץ אין א פּאָסט־אָפּפיס אין א קלײן שטעדטעל. דיא שטעלע איז א קלײנע, זיא בעצאָהלט זיך װעניג. דער פּרעזידענט האָט א רעכט צו אפּױנ־טען װעמען ער װיל. ער טהוט עס אָבער ניט. אױב דער דיסט־ריקט אין װעלכען דער פּאָסט אָפּיס געפינט זיך איז א רעפּוב־ליקאַנישער, און דער פּרעזידענט איז אױך א רעפּובליקאַנער, דאַן פרעגט ער אָן דעם קאָנגרעסמאַן, װעמען ער זאָל פאר דיא שטעלע אפּױנטען. אױב אָבער, דער פּרעזידענט איז א רעפּוב־ליקאַנער און דער קאָנגרעססמאַן פון יענעם דיסטריקט איז א

דעמאָקראַט, וועט דער פּרעזידענט זיך צו איהם, נאַטירליך, ניט ווענדען. ער וועט דאַן אָנפרעגען די סענאַטאָרען פון דעם סטייט. און אויב אויך זיי זיינען דעמאָקראַטען, וועט ער זיך ווענדען דירעקט צו די רעפּובּליקאַנער פּאָליטישענס פון דעם דיסטריקט, און ער וועט אַפּוינטען דעם יעניגען, וועמען זיי וועלען רעקאָמענדירען.

דער פאָלגענדער אינטערעסאַנטער פאַלל איז אַן אויסגעצייכענטער ביישפּיעל פון דיעזער איינריכטונג. מיט איינינע יאָהר צוריק האָט די סטייט אינדיאַנאַ ערוועהלט דעמאָקראַטישע קאָנגרעססלייטע אין עלף דיסטריקטען און איין דעמאָקראַטישען סענאַטאָר. אַזוי וויא דער פּרעזידענט איז געווען אַ רעפּובּליקאַנישער, האָבען די עלף קאָנגרעססלייטע און דער איין סענאַטאָר זיך ניט געקענט אריינמישען אין די אַפּוינטמענטס וואָס האָבען אין די צוויי יאָהר געדאַרפט געמאַכט ווערען אין די עלף דיסטריקטען. די גאַנצע דעה איבער דיעזע אַפּוינטמענטס איז אַלזאָ געבליעבען פאַר דעם צווייטען סענאַטאָר, דעם רעפּובּליקאַנער, וועלכער האָט געהייסען סענאַטאָר בעווערידזש. אין בעצוג דערויף האָט די גרויסע ענגלישע צייטונג פון ניו יאָרק, די „איוונינג פּאָסט“ געדרוקט דעם פאָלגענדען עדיטאָריעל:

„סענאַטאָר בעווערידזש פון אינדיאַנאַ איז היי־יאָהר דער פערנומענסטער מענש אין קאָנגרעסס. ער האָט אונטער זיין קאָנטראָל די דזשאָבּס פון עלף קאָנגרעס דיסטריקטען, און די אַלגעמיינע גרויסע דזשאָבּס, וועלכע פאַלען צו דער סטייט. אַרום און אַרום וועט ער דאַרפען איינטיילען אַרום צוויי הונדערט אַפּוינטמענטס. דער סענאַטאָר בעגרייפט גוט זיין פעראַנטוואָרטליכקייט; און איידער ער איז אוועקגעפאָהרען אין וואַשינגטאָן, האָט ער בעזוכט פערשיעדענע טהיילען פון דער סטייט, זיך געזעהן מיט פּאָליטישענס און מיט זיי אָפּגעהאַלטען קאָנפערענצען וועגען די דזשאָבּס. מען דענקט, אַז ער וועט דורך דיעזע פיעלע אַפּוינטמענטס אויפבויען אַן אייגענע פּאָליטישע מאַשין אין אינדיאַנאַ סטייט“.

## קען דער פּרעזידענט אראָפּזעצען בעאַמטע ?

ווען דער פּרעזידענט מאַכט אַן אַפּוינטמענט, הייסט דאָס, אַז ער גיט דעם מאַן דעם דזשאָב אויף פיער יאָהר צייט. אַזוי לאַנג ווי דער פּרעזידענט פּערבלייבט אין אַמט. ווען דעם פּרעזידענט'ס טערמין ענדיגט זיך, ענדיגען זיך צו דער זעלבער צייט די טערמינען פון אַלע בעאַמטע, וואָס ער אַפּוינטעט. דער נעקסטער פּרעזידענט קען דאַן אַפּוינטען איבער אַ נייעם די אַלע פריהערדיגע, אָדער ער קען נעהמען אויף זייערע פּלעצע נייע מענשען.

די קאָנסטיטושאָן זאָגט ניט צי דער פּרעזידענט האָט דאָס רעכט אַראָבצוזעצען אַ בעאַמטען אין מיטען טערמין, בעפאָר די פיער יאָהר זיינען פאַראיבער. זיא ערקלערט בלויז, דאָס אויב אַ הויכער בעאַמטער פּערזינדיגט זיך, קען מען איהם „אימפּיטשען", דאָס הייסט, דער קאָנגרעסס קען איהם משפּט'ען און פּעראורטיילען אַראָבגעזעצט צו ווערען. צי דער פּרעזידענט אַליין קען אַראָבזעצען אַ בעאַמטען, זאָגט ניט די קאָנסטיטושאָן.

אָבער וואו עס פעהלט אַ בפירוש'ער דין איז אַ מנהג אויך גוט. דער מנהג איז ,אַלזאָ, אימער געווען, אַז דער פּרעזידענט האָט אַ רעכט אַראָבצוזעצען יעדען בעאַמטען, וואָס ער אַפּוינטעט, זאָגאַר די יעניגע, צו וועלכע עס פאָדערט זיך די צושטימונג פון סענאַט, — קען ער אַראָפּזעצען אַליין, צי דער סענאַט איז וויללינ, צי ניט. אויף אַראָבצוזעצען אַ בעאַמטען, דאַרף ער די צושטימונג פון סענאַט ניט האָבען.

איין אויסנאַהמע איז דאָ, און דאָס איז די דזשאַדזשעס פון די נאַציאָנאַלע קאָורטס. זיי ווערען אַפּוינטעט אויפ'ן גאַנצען לעבען, און מען קען זיי ניט אַראָבזעצען סיידען עס זיינען דאָ קלאַגען געגען זיי, און דער קאָנגרעסס געפינט אויס, אַז די קלאַגען זיינען ריכטיג. און דאַן ווערען זיי אויך ניט אַראָבגעזעצט פון פּרעזידענט, נאָר פון גאַנצען קאָנגרעסס.

ער קען אויך ניט אַראָבזעצען קיין מיליטערע בעאַמטע אָהן אַ מיליטער געריכט.

## דעם פּרעזידענט׳ס מאַכט אין אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען.

דעם פּרעזידענט׳ס מאַכט אין אויסלענדישע אַנגעלעגענהיי־
טען איז אונגעהויער גרויס. פיעל גרעסער וויא דיא מאַכט פון
קאָנגרעסס. טראָטץ דעם, וואס דיא קאָנסטיטושאָן זאָגט, אז
בלויז דער קאָנגרעסס קען ערקלעהרען קריעג, האָט דער פּרעזי־
דענט צעהן וועגען, דורך וועלכע ער קען צווינגען דעם קאָנגרעסס
ער זאָל אָנפאַנגען א מלחמה געגען א פרעמדען פאָלק, ווען ער
זאָל עס נאָר וועלען. דיא גאַנצע אויסלענדישע פּאָליטיק, דער
גאַנצער דיפּלאָמאַטישער פאַרקעהר ליעגט אין דיא הענד פון
דעם פּרעזידענט און זיין הויפּט קאַבינעט מיניסטער, דער סעק־
רעטער אָוו סטייט.

דער פּרעזידענט אַפּוינטעט דיא אמבאַסאַדאָרס און דיא
קאָנסולס, וועלכע פאַרטרעטען אונזער לאַנד אין אויסלאַנד. עס
איז אמת, אז דער סענאַט מוז דיזע אַפּוינטמענטס גוטהייסען;
אָבער מיר האָבען שוין אויבען אַנגעוויעזען, אז אין דיזע אַפּוינט־
מענטס מישט זיך דער סענאַט זעהר ווייניג אריין. דיא סענאַטאָ־
רען לאָזען עס כמעט אין גאַנצען איבער צום פּרעזידענט, און
ער קען שיקען וועמען ער וויל.

און פאַרקעהרט אויך. דיא פאַרטרעטער, וואס דיא אויס־
לענדישע רעגיערונגען שיקען קיין אַמעריקא, ווערען אויפגענומען
פון פּרעזידענט. ווען דער פּרעזידענט איז אונצופריעדען מיט א
פאַרטרעטער, קען ער איהם צוריקווייזען. דער קאָנגרעסס קען
זיך ניט אריינמישען. דער פאַרטרעטער קומט צו פאָהרען צום
פּרעזידענט, און דער פּרעזידענט נעהמט איהם אן אָדער ווייזט
איהם צוריק.

אָט שוין אין דעם אליין זעהט מען, וואָס פאַר א געפעהרלי־
כע מאַכט דער פּרעזידענט בעזיצט. צוריקווייזען אן אמבאַסאַ־
דאָר, ווערט אין אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק פאַררעכענט אלס
א קריעגס ערקלעהרונג. דער פּרעזידענט קען אויך אזא ארט אי־

בער־געוואלד ארייננשטויסען דיא לאנד אין א מלחמה מיט וואס פאר א פאלק ער זאל נאר וועלען.

ווייטער, אלע „טריטים“ (קאנטראקטען, אבמאכונגען צוויי־שען פעלקער) ווערען געמאכט פון פרעזידענט. ער דארף הערצי ניט האבען דיא ערלויבניס פון קאנגרעסס. נאכדעם אבער וויא דיא טריטי ווערט פארטיג און אונטערגעשריעבען, מוז דער פרע־זידענט קריעגען דיא צושטימונג פון צוויי דריטעל סענאטארען. אין דיזען הינזיכט בעזיצט שוין דער פרעזידענט ניט אזא גוואל־דיגע מאכט. אהן א גרויסע מאיאריטעט סענאט, קען ער קיין טריטים ניט מאכען.

---

## דעם פרעזידענט'ס מאכט איבער דער ארמעע אין צייט פון פריעדען און אין צייט פון קריעג.

דער פרעזידענט איז דער הויפט גענעראל, דער הויפט קאָ־מאנדיר איבער דער ארמעע און איבער דער נייווי. אי אין צייט פון פריעדען, אי אין צייט פון קריעג. ער אפוינטעט אלע מילי־טער בעאמטע מיט דער צושטימונג פון סענאט. ער קען שיקען דיא ארמעע און דיא פלאטע וואו ער וויל צו יעדער צייט. זיין מאכט איבער דער ארמעע אין מלחמה צייט איז פיעל גרעסער וויא אין פריעדען צייט. אט, צום ביישפיעל, קען ער ארא־פזעצען מיליטער־בעאמטע אין מלחמה צייט. אין פריעדען צייט, קען ער זיי בלויז שטעלען פאר'ן מיליטער געריכט. און קען זיי ניט אראבזעצען סיידען זיי ווערען דארטען פעראורטיילט.

דיא מאכט וואס דער פרעזידענט בעזיצט אין צייט פון א מלחמה איז אונגעהייער גרויס. אט, צום ביישפיעל, האט פרע־זידענט לינקאלן אין דער צייט פון דער מלחמה מיט דיא סאוטה געהאנדעלט פונקט וויא א צאר. ער האט אויף זיין אייגענע פעראנטווארטליכקייט בעפרייט דיא נעגערס, ארעסטירט הונ־דערטער מענער און גע'משפט זיי אלס פעררעטהער, געמאכט

א בלאָקייד אויף אַלע האַפּענס־אין דער סאַוטה און זאָ ווייטער. ער האָט ביים קאָנגרעסס קיין עצות ניט געפרעגט.

דער פּרעזידענט קען זיך אויך בענוצען מיט דער אַרמעע צו צווינגען דיא בירגער אָבצוהיטען דעם־געזעץ. דערויף דאַרף ער אויך ניט קיין ערלויבעניס פון קאָנגרעסס. אונטער געוועהנליכע אומשטענדען איז ניט נויטיג צו בענוצען זיך מיט מיליטער געגען מענשען, וואָס פערברעכען געגען דעם געזעץ. דיא פּאָליציי קען זיך מיט זיי איספּראַווען. אמאָל אָבער מאַכט זיך, אַז דיא פּאָליציי איז מאַכטלאָז און דאַרף מיליטערישע הילפע. בלויז דער פּרעזידענט קען דיעזע הילפע שיקען. קיין אנדערער ניט.

מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז דער פּרעזידענט דאַרף בלויז אַכטונג געבען, דאָס דיא בירגער זאָלען אָפּהיטען דיא נאַציאָנאַלע געזעצע, דאָס הייסט, דיא לאָאָס וואָס שטעהען אין דער קאָנסטיטושאָן און וועלכע ווערען געמאַכט פון קאָנגרעסס. מיט דיא געזעצע, וואָס דיא סטייט לעדזשיסלייטשורס מאַכען, האָט ער גאָר ניט צו טהאָן. און דאַרום אויב עס מאַכט זיך, אַז א גאָווערנאָר פון א סטייט האָט טראָבעל מיט זיינע בירגער ווייל זיי ווילען ניט היטען א געוויסען געזעץ וואָס דיא סטייט לעדזשיסלייטשור האָט געמאַכט, קען דער גאָווערנאָר ניט פערלאַנגען, אַז דער פּרעזידענט זאָל איהם ארויסהעלפען מיט סאָלדאַטען.

דאָס איז א וויכטיגער פּונקט. אין סטייט טראָבעלס קען זיך דער פּרעזידענט אריינמישען בלויז אין איין פאַלל, און דאָס איז, ווען אימיצער מאַכט אַן אויפשטאַנד דאָרטען און זוכט אומצוואַרפען דיא רעגיערונג. דער פּרעזידענט קען דעמאָלט שיקען אַהין זיין מיליטער, ווייל דיא קאָנסטיטושאָן גאַראַנטירט יעדע סטייט, אַז זיא וועט אימער האָבען א פרייע דעמאָקראַטישע רעגיערונג. ווען מענשען מאַכען דאָרטען אַן אויפשטאַנד, הייסט עס, אַז זיי ווילען אומוואַרפען דיעזע פרייע רעגיערונג, און דערפאַר דאַרף זיך דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג אריינמישען און דאָס ניט דערלאָזען.

אבער טראץ דעם, וואס דער פרעזידענט טאר אונטער געוועהנליכע אומשטענדען ניט ארײנשיקען דיא מיליטער אין א סטייט צו העלפען דער סטייט רעגיערונג געגען איננערליכע טראבעלס, האט דאך פאסירט, אז א פרעזידענט האט עס געטהאן. אין דער צייט פון דעם בעריהמטען רייל־ראוד סטרייק אין שיקאגא האט פרעזידענט קליוולענד ארײנגעשיקט מיליטער זיי זאלען שיסען דיא סטרייקערס. זיין תירוץ איז געווען, אז דיא סטרייקערס שטערען דיא טריינס, וועלכע פיהרען דיא פאסט, און אזוי וויא דיא פאסט בעלאנגט צו דער נאציאנא־לער רעגיערונג, האט ער דאס רעכט זיך ארײנצומישען און זע־הען אפצוסטאפען דיזע „שטערונג“.

אזא תירוץ איז לייכט צו געפינען אונטער אלע אומשטענ־דען.. דיא נאציאנאלע רעגיערונג איז אזוי ענג פערבונדען מיט דעם לעבען פון דיא איינצעלנע בירגער אין דיא סטייטס, אז דער פרעזידענט קען אימער אנווייזען א גרונד ווארום ער זאל מעגען ארויסהעלפען דיא פערשיעדענע סטייט־רעגיערונגען מיט מיליטער ווען זיי פאדערען עס פון איהם.

---

## דעם פרעזידענט'ס מאכט צו בעגנאדיגען פערברעכער.

דער פרעזידענט קען בעגנאדיגען אלע פערברעכער, אפילו אזוינע וואס זיינען פעראורטהיילט געווארען צום טויט. ער האט אבער ניט דיא מאכט צוריק אנצושטעלען א בעאמטען, וועלכער איז צוליעב א פערברעכען אדונטערגעזעצט געווארען פון זיין שטעלע, אדער וועלכער איז געווארען „אימפיטשט“, דאס הייסט, גע'משפט און פעראורטהיילט געווארען דורך'ן קאנגרעסס.

דיזע מאכט איז אן אונגעהייערע, אבער דער פרעזידענט בענוצט זיך מיט איהר זעהר זעלטען. ער רעכענט זיך מיט דער אלגעמיינער מיינונג פון פאלק. ווען ער וויים, אז דער גרויסער עולם האט מיט דעם פערברעכער ניט קיין מיטלייד, וועט ער איהם אזוי לייכט ניט בעגנאדיגען.

## דעם פּרעזידענט'ס מאַכט אין דער געזעץ־געבונג. זיין מעססעדזש.

דירעקט א רעה זאָגען וואָס פאַר געזעצע דער קאָנגרעסס זאָל אָננעהמען, וואָס פאַר א ביללס ער זאָל פערהאַנדלען, קען דער פּרעזידענט ניט. ער קען זאָגאַר ניט פּאָרשלאָגען א נעזעץ, אין וועלכען ער איז זעהר פעראינטערעסירט. און ווען א ביל ווערט פערהאַנדעלט אין קאָנגרעסס, קען ער זיך אויך ניט אריינמישען. ער קען ניט קומען אהין פּערזענליך אָדער אריינשיקען זיינע מיניסטאָרען און אנטהייל נעהמען אין דיא דעבאַטען.

און פון דעסטוועגען האָט דער פּרעזידענט אַן אונגעהייער גרויסע מאַכט אין דער געזעץ מאַכונג פון לאַנד; און עס פּאַסירט זעהר זעלטען, אַז א ביל, וועלכען דער פּרעזידענט וויל ניט, זאָל ווערען א געזעץ, ווען זאָגאַר דיא מאַיאָריטעט פון קאָנגרעסס שטימען פאַר'ן ביל.

פּערזענליך ערשיינט דער פּרעזידענט זעלטען אין קאָנגרעסס. שריפטליך איז ער אָבער מיט'ן קאָנגרעסס יע פערבונדען. יעדען מאָל, ווען דער קאָנגרעסס עפּענט זיך, שיקט דער פּרעזידענט אהין אריין א „מעססעדזש“. דיעזער „מעססעדזש“ איז א דאָקומענט, אין וועלכען עס ווערט אָפּגעבען א רעפּאָרט וועגען דיא רעגיערונגס ארבייט אין דיא פערשיעדענע דעפּאַרטמענטס, און וועלכער ענטהאַלט רעקאָמענדיישאָנס וועגען נייע געזעצע, וואָס דער פּרעזידענט וויל דער קאָנגרעסס זאָל מאַכען אין פערלויף פון זיין זיצונג.

דער ערשטער און דער צווייטער פּרעזידענט פלעגען דיעזען „מעססעדזש“ אריינטראָגען און פּאָרלעזען אין קאָנגרעסס פּערזענליך. דער דריטער פּרעזידענט, טהאָמאַס דזשעפערסאָן, איז געוועזען א פערקאָכטער דעמאָקראַט און איהם איז דיעזער מנהג ניט געפעלען געוואָרען. דאָס האָט אויסגעוויזען אזוי וויא א מין טהראָן־רעדע, וואָס דיא קעניגע אין אייראָפּא מאַכען ביי דער ערעפענונג פון פּאַרלאַמענט. ער האָט דארום זיין

„מעססעדזש" אריינגעשיקט דורך א שליח. זייט דאן איז עס פערבליבען אן אנגענומענער מנהג, אז דער פרעזידענט זאל דעם „מעססעדזש" ניט ברייגגען, נאר אריינשיקען. ער ווערט פאר־געלעזען דורך א קלוירק. ווילסאן האט געבראכען דיעזען מנהג, און ער קומט אליין אין קאנגרעס צו לעזען זיינע מעססעדזשעס.

פון צייט צו צייט קען דער פרעזידענט אריינשיקען „ספע־שעל מעססעדזשעס" אין מיטען דיא זיצונגען. און יעדער פרע־זידענט טהוט עס טאקע אויך, ווייל דורך א „מעססעדזש" גע־לינגט עס אפט דעם פרעזידענט דורכצושטופען א ביל, וועלכער וואלט אהן דעם ניט דורכגעגאנגען. דיא אורזאכע דערפון איז דיעזע:

א „מעססעדזש" פון פרעזידענט ציהט אימער גרויס אויפ־מערקזאמקייט איבער'ן גאנצען לאנד, וועהרענד דיא בילס, און דעבאטען, און רעפארטס, וואס ווערען פארגענומען אין קאנגרעסס, וועקען ביים גרויסען עולם קיין שום אינטערעס ניט. דיא צייטונגען וועלען קיינמאל ניט פערפעהלען איבערצודרו־קען דעם פרעזידענט'ס „מעססעדזש" און צו ריידען וועגען איהם אין דיא לייט ארטיקלען. זיי וועלען אבער זעהר זעלטען בעריכטען א קאנגרעסס דעבאטע אדער דיסקוטירען פארגע־שלאגענע בילס. ווען עס פאסירט, אלזא, אז א ביל, אין וועל־כען דער פרעזידענט איז פעראינטערעסירט האלט ביים דורכ־פאלען, איז דער בעסטער מיטעל איהם צו ראטעווען דורך א „ספעשעל מעססעדזש". דאס מאכט דעם ביל פאפולער. דער גאנצער עולם ווייס וועגען איהם און רעדט מכוח איהם, און אויב א ביל ווערט נאר פאפולער ביי דיא גרויסע מאססען, וועלען דיא קאנגרעסס־לייטע מורא האבען צו שטימען געגען איהם.

דער קאנגרעסס האט קיין שום פפליכט ניט צו פאלגען וואס אין „מעססעדזש" שטעהט. דער „מעססעדזש" קען אויך ניט דיענען אלס א ביל ווען זאגאר ער ענטהאלט א פארשלאג. אויב דעם קאנגרעסס געפעלט א רעקאמענדיישאן, וואס ווערט

געמאַכט אין „מעססעדזש", דאַן קען אַ קאָנגרעסמאַן וועגען דעם אריינברייננגען אַ ביל, גראַדע אַזוי וויא ער וואָלט געקענט אריינברייגגען אַ ביל וועגען אַ רעקאָמענדיישאַן, וואָס אַ גאַנץ זייטיגער מענש מאַכט. דער פאַקט וואָס דער פאָרשלאַג שטעהט אין „מעססעדזש" העלפט טהעאָרעטיש דעם ביל אויף אַ האָאַר ניט.

דער פרעזידענט האָט אויך אַ שטיקעלע דעה איבער דיא זיצונגען פון קאָנגרעסס. דער פראָגראַם פון דיא רעגעלע זיצונ־גען איז פערשריעבען אין דער קאָנסטיטושאַן, און איבער איהם האָט דער פרעזידענט קיין דעה ניט. ער האָט אָבער דיא מאַכט צו פעררופען „עקסטרא סעשאָנס", ספּעציעלע זיצונגען ווען דער קאָנגרעסס איז געשלאָסען, און ווען דיא קאָנגרעסס־לייט און סענאַטאָרען זיינען אויף וועקיישאַן. זיי מוזען איהם פאָלגען און זיך פערזאַמלען אין וואַשינגטאָן און אויסהערען וואָס ער פערלאַנגט פון זיי, וואָס פאַר אַ בילס ער וויל זיי זאָלען פער־האַנדלען. טהון וואָס ער הייסט וועגען דיא בילס דאַרפען זיי ניט, אָבער פערזאַמלען זיך מוזען זיי; און ווען זיי עפענען דיא זיצונג, קענען זיי ביי איהר טהאָן וואָס זיי ווילען נאָר אַליין.

דער פרעזידענט האָט אויך אַ שטיקעלע דעה אין שליסען דיא זיצונגען פון קאָנגרעסס. דאָס פּאַסירט ווען דיא צוויי אָב־טהיילונגען פון קאָנגרעסס — דער סענאַט און דיא האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס — קענען זיך ניט אייניגען אויף וויא לאַנג זיי זאָלען דעם קאָנגרעסס צושליסען. דער פרעזידענט קען אין אַזאַ פאַלל בעשטימען דיא צייט.

דער „מעססעדזש" און דיא „עקסטרא סעשאָנס" גיבען ניט דעם פרעזידענט קיין דירעקטע מאַכט, קיין בעשטימטע דעה איבער דער געזעץ מאַכונג. ער בעזיצט אָבער אויסער דעם דיא געוואַלדיגע דירעקטע מאַכט צוריקצואווייזען אַלע געזעצע און אַלע רעזאָלוציאָנען, וואָס דער קאָנגרעסס נעהמט אָן.

## דיא „וויטאָ" מאכט.

ווען א בילל געהט דורךביידע הייזער פון קאָנגרעסס, אין דעם סענאט, אי דיא האוז אָוו רעפּרעזענטעטיווס, איז ער נאָך אלץ קיין געזעץ ניט. ער מוז פריהער אונטערגעשריבען ווערען פון פּרעזידענט. אויב דער פּרעזידענט וויל דעם בילל ניט אונ־טערשרייבען, מוז ער אין פערלויף פון צעהן טעג צייט איהם אָפּשיקען צוריק אין דער „הויז", אין וועלכער ער איז צום ערש־טען פארגעשלאָגען געוואָרען און ער מוז אויך אָנגעבען דיא אור־זאכען ווארום ער ווייזט איהם צוריק.

דער קאָנגרעסס האט אין אזא פאלל צוויי ברירות: ענט־וועדער דעם בילל אין גאנצען פערוואָרפען, אָדער טרייען איהם דורכשטיפּען טראָץ דעם פּרעזידענט. ער קען טהאָן דאָס צווייטע, אויב צוויי דריטעל פון דיא קאָנגרעסס־לייטע און צוויי דריטעל פון דיא סענאטאָרען שטימען פאר'ן בילל.

אויב דיא צעהן טעג לויפען פארביי און דער פּרעזי־דענט ענטשיידעט ניט אהער און ניט אהין: ניט ער שרייבט אונטער דעם בילל און ניט ער שיקט איהם אָפּ צוריק, דאן ווערט דער בילל א געזעץ. דערמיט וואָס דער פּרעזידענט האט איהם געהאלטען ביי זיך צעהן טעג, האט ער בעוויזען, אז ער איז מיט איהם צופריעדען. דערנאָך צוריקווייזען דעם בילל קען ער שוין ניט.

פאללס אָבער דער קאָנגרעסס שליסט זיך איידער דיא צעהן טעג לויפען פארביי, דאן ווערט דער בילל קיין געזעץ ניט, סיידען דער פּרעזידענט שרייבט איהם אונטער.

וויא געזאָגט, איז דיעזע מאכט צו „וויטאָ'ן", צוריקווייזען בילס, א געוואלדיגע. דורכפיהרען א בילל נעגען דעם פּרעזי־דענט'ס „וויטאָ" איז זעהר שווער. דערצו איז נויטהיג צוויי דריי־טעל שטימען אי אין סענאט, אי אין דער האוז אָוו רעפּרעזענ־טעטיווס, און דאָס צו קריגען איז כמעט אונמעגליך.

אין דער פּראקטיקע האט דער פּרעזידענט מעהר מאכט איבער דער געזעץ־געבונג וויא דיא קאָנסטיטושאָן גיט איהם.

דיא קאָנסטיטושאָן גיט איהם בלויז דיא מעגליכקייט צוריקצו־ווייזען אַזוינע געזעצע, וועלכע געפעלען איהם ניט. דורכצו־פיהרען געזעצע אָדער זאָגאַר פאָרצושלאָגען געזעצע, וועלכע גע־פעלען איהם יע, גיט איהם דיא קאָנסטיטושאָן זאָגאַר דיא מעג־ליכקייט ניט. אָבער אינדירעקט קען דער פרעזידענט ווירקען און אַמאָל טאַקע צווינגען דיא קאָנגרעסס־לייטע און סענאַטאָ־טאָרען זיי זאָלען דורכפיהרען דיא געזעצע, אין וועלכע ער איז פעראינטערעסירט.

וויא אַזוי קען ער דאָס טהאָן ? דורך דער גרויסער מאַכט וואָס דיא קאָנסטיטושאָן גיט איהם צו מאַכען אַפּאָינטמענטס און צו פארטהיילען טויזענדע דזשאָבס איבער'ן גאַנצען לאַנד. מיר האָבען שוין אויבען בעשריעבען, וויא אַזוי יעדער קאָנ־גרעססמאַן און סענאַטאָר איז אין דיעזע אַפּוינטמענטס פער־אינטערעסירט, און וויא אַזוי דער פרעזידענט שטעלט יעדען פון זיי צופריעדען. דיעזע אַפּאָינטמענטס קענען דיענען אלס בייטש ביים פרעזידענט אין דיא הענד. ווען געוויסע קאָנ־גרעססלייטע ענטזאָגען זיך צו שטיממען פאר דיא בילס אין וועלכע ער איז פעראינטערעסירט, קען ער זיי סטראַשען, אַז ער וועט זייערע לייט קיין דזשאָבס ניט געבען. און ווען אַ קאָנגרעססמאַן אָדער אַ סענאַטאָר פארליערט דיעזע דזשאָבס האָט ער ניט מיט וואָס אויפצוהאַלטען זיין פּאָליטישע מאַשין און ער שטעהט אין געפאַהר דורכצופאַלען ביי דיא נעקסטע וואַהלען. עס לוינט זיך דארום ניט פאר זיי איינצורייסען זיך מיט'ן פרעזידענט, און זיי שטיממען בעסער וויא ער הייסט זיי. נאַטירליך, דאָס איז אַלץ געדעדט ווען דער פרעזידענט איז אַ שטאַרקע פערזענליכקייט און קען נעהמען אַ שטאַרקע שטעלונג געגען דעם קאָנגרעס. רוזוועלט, צום ביישפּיעל, פלעגט שטענדיג אויספיהרען ביים קאָנגרעסס, וואָס ער האָט נור געוואָלט.

## קאַפּיטעל 13.

## דעם פּרעזידענט'ס קאַבינעט.

אין דער אַמעריקאַנער רעגיערונג איז דער קאַבינעט גאָר ניט דיא זעלבע זאַך, וואָס ער איז אין דיא פריידערע אייראָפּעאישע רעגיערונגען. דאָרטען האָבען דיא מיניסטאָרען אַ געוואַלדיגע מאַכט. זיי זיינען ניט בלויז דיא קעפּ פון געוויסע רעגיערונגס־אַבטהיילונגען, זיי ווערען בעטראַכט אַלס דיא פיהרער פון פּאַרלאַמענט. זיי טראָגען אריין בילס און זיי ערשיינען פּערזענליך אין פּאַרלאַמענט און אַגיטירען און דעבאַטירען איבער דיעזע בילס. ווען דער פּאַרלאַמענט טהוט ניט דאָס וואָס דער קאַבינעט פּאָדערט, דאַן קען דער פּריים־מיניסטער, דער הויפּט־פיהרער פון קאַבינעט, אויפלעזען דעם פּאַרלאַמענט און מאַכען נייע עלעקשאָנס. אויב ער וויל דאָס ניט טהאָן, מוז ער צוזאַמען מיט זיין קאַבינעט רעזיגנירען.

אין אַמעריקאַ איז עס גאַנץ אַנדערש. דאָ האָט דער קאַבינעט מיט'ן קאָנגרעסס כמעט גאָר ניט צו טהאָן. דיא מיניסטאָרען קומען ניט צו דיא מיטינגען פון קאָנגרעסס. זיי נעהמען ניט קיין אנטהייל אין דיא דעבאַטען און דיסקוסיאָנען. אויב זיי זיינען פּעראינטערעסירט אין אַ געוויסען געזעץ, קענען זיי דורך זייטיגע וועגען ווירקען אויף אַ קאָנגרעססמאַן, ער זאָל דעם געזעץ פאָרשלאָגען אין קאָנגרעסס. אַליין קענען זיי גאָר ניט טהאָן.

דיא קאַבינעט־מיניסטאָרען זיינען דאָ בלויז ארויסהעלפער פון פּרעזידענט. זיי זיינען, זאָ צו זאָגען, זיינע סעקרעטערס. דער פּרעזידענט האָט אַלס זיין הויפּט אויפגאַבע דיא דורכפיהרונג פון דיא געזעצע פון לאַנד. ער איז דער הויפּט פערוואַלטער פון אַלעס. ער דאַרף זעהען, אַז דיא אַלע רעגיערונגס ארבייט זאָל געטהאָן ווערען פּינקטליך און ריכטיג. זעלבסטפערשטענדליך, אַז עס איז אונמעגליך פאַר איין מענשען דאָס אַלעס צו טהאָן. ער מוז האָבען ארויסהעלפער, מענשען, וועלכע זאָ־

לען אַנטער זיין אויפזיכט פיהרען דיא פערשיעדענע אבטהיילונגען פון דער רעגיערונג; און דיעזע ארויסהעלפער זייגען דאָס דיא קאבינעט־מיניסטאָרען.

אין דער קאָנסטיטושאָן ווערט דער קאבינעט כמעט גאָר ניט דערמאָנט. דאָרטען שטעהט בלויז דער פאָלגענדער פאראגראף, וועלכער בעווייזט, אז דיא פערפאסער פון דער קאָנסטיטושאָן האָבען געגלויבט, אז דער פרעזידענט וועט זיכער האָבען א קאבינעט. „דער פרעזידענט מעג פאָדערען פון יעדען הויפט בעאמטען אין יעדע עקזעקוטיווע אבטהיילונג, ער זאָל איהם אריינשיקען א געשריעבענע מיינונג וועגען אירגענד וועלכע זאך, וואָס האָט א שייכות צו דיא פפליכטען פון דיעזע אמטען“.

וויבאלד דער פרעזידענט קען זיך ווענדען נאָך מיינונגען צו דיא „הויפט בעאמטע פון דיא פערשיעדענע דעפארטמענטס“, הייסט עס דאָך, אז אזוינע הויפט בעאמטע זיינען דאָ. וויא אזוי אָבער זיי זאָלען אפּאינטעט ווערען, ווער עס זאָל זיין דער בעל הבית איבער זיי, וואָס פאר אויפגאבען, מאכט און פפליכטען זיי זאָלען האָבען — וועגען דיא אלע פונקטען איז אין דער קאָנסטיטושאָן קיין וואָרט ניטאָ. דאָרטען שטעהט זאָגאר ניט וויא גרויס דער קאבינעט זאָל זיין.

אזוי לאנג דיא קאָנסטיטושאָן שרייבט גאָר ניט פאָר וועגען דיא אלע זאכען, בלייבט איבער פאר'ן קאָנגרעסס דאָס צו טהאָן. דער קאָנגרעסס, אלזאָ, האָט דיא גאנצע דעה איבער דעם קאבינעט. ער בעשטימט דיא צאָהל מיניסטאָרען, זייער געהאלט, זייערע אויפגאבען, זייערע פפליכטען, זייער מאכט. ווען דיא רעגיערונג האָט זיך געגרינדעט, איז דער קאבינעט בעשטאנען בלויז פון דריי מיניסטאָרען. ביסלעכווייז האָט דער קאָנגרעסס איהם פארגרעסערט. איצטער בעשטעהט ער פון צעהן, און עס איז א סברא, אז אין קורצען וועט דיא צאָהל נאָך פארגרעסערט ווערען.

דער קאָנגרעסס האָט אויך געמאכט א געזעץ, אז דיא

קאבינעט־מיניסטארען זאלען אפאינטעט ווערען פון פרעזידענט מיט דער צושטימונג פון סענאט. ער האט אבער אויך נעגעבען דעם פרעזידענט דיא מאכט ארונטערצוזעצען א מיניסטער ווען ער וויל נאר. אויב א מיניסטער פארזינדיגט זיך, קען איהם דער קאנגרעסס אראפזעצען פון זיין שטעלע דורך א פראצעס פאר'ן סענאט („אימפיטשמענט").

וויא געזאגט, קומט דער קאנגרעסס מיט'ן קאבינעט כמעט אין קיין בעריהרונג ניט. דער געזעץ איז זאגאר, דאס א קאבינעט מיניסטער טאר קיין קאנגרעססמאן ניט זיין. בלויז איין פפליכט האט יעדער מיניסטער צום קאנגרעסס: ער מוז אהין אריינשיקען א יעהרליכען רעפארט וועגען זיין דעפארטמענט. דיעזער רעפארט האט אין דער ווירקליכקייט זעהר וועניג וויכטיגקייט. דער קאנגרעסס בענוצט זיך מיט איהם זעלטען. ער האט אויך זעהר וועניג איינפלוס אויף דיא געזעץ־מאכונג.

אמאל פאסירט עס, אז א קאנגרעסס קאמיטע ברויכט צו וויסען געוויסע פאקטען וועגען א געוויסען דעפארטמענט אין בעצוג צו א ביל, וועלכען זיא בעהאנדעלט. זיא האט דאס רעכט אויפצופאדערען דעם מיניסטער פון דיעזען דעפארטמענט ער זאל ערשיינען פערזענליך און איהר געבען דיא נויטיגע אויסקינפטע.

מעהר וויא אין דיעזע צוויי הינזיכטען האט דער קאבינעט מיט'ן קאנגרעסס גאר ניט צו טהאן. וויא געזאגט, זיינען דיא מיניסטארען דעם פרעזידענט'ס ארויסהעלפער. זיי זיינען צו איהם פעראנטווארטליך פאר אלעס, וואס זיי טהוען. ווען זיי געפעלען איהם ניט, קען ער זיי אראפזעצען פון אמט. ער האט קיין רעכט ניט צו פארגרעסערען אדער צו פארקלענערען זייערע פפליכטען און אויפגאבען. דאס בעלאנגט צום קאנגרעסס. אבער ער קען זיי קאנטראלירען און מאכען פאר זיי „רולס און רעגולייישאנס". און זעהר זעלטען פאסירט עס, אז א מיניסטער זאל ניט פאלגען, ווען דער פרעזידענט הייסט

איהם עפּעס טהאָן, וואָס ער דאַרף נאָך'ן געזעץ ניט טהאָן. דער פּרעזידענט האָט אַ בייטש איבער איהם. ער קען איהם צו יעדער צייט אראָפּזעצען פון זיין אמט.

אין דער ווירקליכקייט, אַלזאָ, איז דער פּרעזידענט דער גאַנצער בעל הבית איבער'ן קאבינעט. דער סענאט לאָזט איהם אַפּאָינטען פאַר דיא שטעלעס וועמען ער וויל. זעהר, זעהר זעלטען פּאַסירט עס, אַז דער סענאט זאָל זיך ענטזאגען גוטצוהייסען דעם פּרעזידענט'ס אַן אפּאָינטמענט פאַר'ן קאַבינעט. דער קאָנגרעסס פערשטעהט גאַנץ גוט, אַז וויבאַלד די מיניסטאָרען דאַרפען זיין דעם פּרעזידענט'ס ארויסהעלפער, מוז ער האָבען אַזוינע לייטע, וועלכע זיינען נאָך זיין גוסט נאָך, מיט וועלכע ער קען שטימען, מיט וועלכע ער קען אַר־בייטען האַרמאָניש.

דיא קאַבינעט מיניסטאָרען זיינען אויף דעם פּרעזידענט'ס ראטה־געבער. יעדען דיענסטאג און פרייטאג האַלט דער פּרע־זידענט אַפּ אַ קאַבינעט מיטינג ביי זיך אין דער היים, אין דער „ווייסער הויז”. דיעזע מיטינגען זיינען געהיימע. דער קאָנגרעסס זאָגאַר האָט קיין רעכט ניט צו פערלאַנגען אַ רע־פּאָרט פון דיא פערהאַנדלונגען. און דער קאַבינעט אַליין האַלט ניט קיין פּראָטאָקאָל פון דיא מיטינגען. זיי טראָגען דעם כאַ־ראַקטער פון אַ שמועס, וואָס אַ מענש האָט מיט עטליכע גוטע פריינד וועגען זיינע געשעפטען. עס הייסט, אַז דער פּרעזי־דענט „רעדט זיך דורך” מיט זיינע מיניסטאָרען, וואָס ער זאָל טהאָן אין וויא אַזוי ער זאָל האַנדלען אין געוויסע רעגיערונגס־אַנגעלעגענהייטען. ער רעדט מיט זיי, ווייל זיי זיינען אַליין אין דער רעגיערונג, און זיי קענען איהם געבען גוטע עצות.

פאָלגען וואָס דיא קאַבינעט מיניסטאָרען ראטהען מוז דער פּרעזידענט ניט. וויא געזאָגט, זיינען דיא מיניסטאָרען ניט מעהר און ניט וויכטיגער וויא פּאַרלייטע. דער פּרעזידענט איז דער בעל הבית און ער קען טהאָן וואָס ער וויל.

מען דערצעהלט אַן אַנעקדאָט וועגען פּרעזידענט לינ־

קאלן. ער האט אמאל געהאט א קאבינעט מיטינג, ביי וועל־כען ער האט זיך מיט זיינע זיעבען מיניסטארען בעראטהען וועגען א העכסט וויכטיגע פראגע. אלע מיניסטארען האבען איהם געראטהען ער זאל האנדלען אויף א געוויסע ארט, און ער האט זיי געטרייט בעווייזען, אז ער דארף האנדלען גראדע פערקעהרט. זיי האבען דיא פראגע דעבאטירט א לאנגע צייט, אבער דיא מיניסטארען זיינען געבליבען ביי דאס זייעריגע. אלע זיינען זיי געווען געגען דעם פרעזידענט'ס מיינונג. ענד־ליך האט לינקאלן אויסגעשריען: „זיעבען זאגען ניין, און איינער זאגט יע, עס בלייבט אלזא יע". דער קאבינעט קען דעם פרעזידענט בלויז עצות געבען, דעות זאגען קען ער אבער ניט.

---

## דיא צאהל קאבינעט מיניסטארען; זייער געהאלט.

דיא צאהל קאבינעט מיניסטארען ווערט בעשטימט פון קאנגרעסס. דער ערשטער פרעזידענט האט פון אנפאנג גע־האט בלויז דריי מיניסטארען. ביסלעכווייז האט דער קאנגרעסס דיא צאהל פארגרעסערט. איצטער האבען מיר צעהן מיניסטארען דיא נאציאנאלע אדמיניסטריישאן איז איינגעטהיילט אין צעהן דעפארטמענטס, און איבער יעדען פון דיעזע דעפארטמענטס איז דא א מיניסטער. דיא צעהן דעפארטמענטס זיינען וויא פאלגט: דעפארטמענט אוו סטייט; דעפארטמענט אוו דהי טרעזשורי; דעפארטמענט אוו וואר; דעפארטמענט אוו דזשאס־טיס; פאסט אפפיס דעפארטמענט; דעפארטמענט אוו דהי נייווי; דעפארטמענט אוו דהי אינטעריאר; דעפארטמענט אוו אגריקאלטשור, דעפארטמענט אוו לייבאר און דעפארטמענט אוו קאמערס. אכט מיניסטארען הייסען „סעקרעטערים". דער מיני־סטער פון דער דעפארטמענט אוו סטייט, צום ביישפיעל, הייסט „סעקרעטערי אוו סטייט"; דער מיניסטער פון דער דעפארט־מענט אוו וואר הייסט „סעקרעטערי אוו וואר", און זא ווייטער.

דיא צוויי אויסנאהמעס זיינען דיא מיניסטארען פון דער פאסט אפפים דעפארטמענט. און פון דער דעפארטמענט או דזשאסטיס. דער ערשטער הייסט „פאסט מעסטער דזשענע־ראל“ און דער צווייטער — „אטטאירני דזשענעראל“.

יע־ער מיניסטער האט אונטער זיך פיעלע קלענערע בע־אמטע, וועלכע ער אליין אפפאינטעט. אין מאנכע דעפארט־מענטס ארבייטען הונדערטע און אמאל טויזענדע קלויירקס. דיעזע אנגעשטעלטע ווערען אפפאינטעט דורך א סיוויל סוירוויס קאמישאן. יעדער בירגער קען בעקומען א שטעלע אלס קלוירק אין דיעזע דעפארטמענטס, אויב ער געהט דורך דיא עקזאמי־ניישאנס. וואס דיעזע קאמישאן גיט פון צייט צו צייט.

דער געהאלט פון א קאבינעט מיניסטער ווערט בעשטימט פון קאנגרעסס. איצטער קריעגט יעדער מיניסטער 12 טויזענד דאלאר א יאהר.

1) דער וויכטיגסטער מיניסטער איז דער סעקרעטערי או סטייט. ער האט צו טהאן מיט דיא אויסערליכע אנגעלע־גענהייטען. ער־פיהרט דיא דיפלאמאטיע מיט אנדערע מלוכות. ביי דיא קאבינעט מיטינגען זיצט ער ביי דער רעכטער זייט פון פרעזידענט.

אלע אונטערהאנדלונגען, וואס דיא אמעריקאנער רעגיע־רונג פיהרט מיט אנדערע מלוכות, מוזען דורכגעהן דורך דעם סעקרעטערי או סטייט. ער שיקט אלע אפיציעלע בעריכטען און בעפעהלע צו דיא אמבאסאדארען און קאנסולס, וואס אמע־ריקא האט אין אויסלאנד. ער מאכט אלע טריטים מיט אויס־לענדישע רעגיערונגען. נאטירליך, טהוט ער אלעס מיט דער צו־שטימונג און אויף דעם בעפעהל פון דעם פרעזידענט. אבער דער פרעזידענט שטעהט הינטער דיא קוליסען. אויף דער ביהנע, פאר דיא אויגען פון דער וועלט, שטעהט דער סעקרע־טערי או סטייט. אלע אויסלענדישע פאפיערען ווערען אונ־טערגעשריבען מיט זיין נאמען. אלע פאפיערען, וואס אויסלענ־דישע רעגיערונגען שיקען אהער, ווערען אדרעסירט צום סעק־

רעטערי אָוו סטייט. זאָגאר ווען דער פּרעזידענט שיקט אַ פּער־זענליכע טעלעגראַמע צו אַ הערשער פון יוראָפּ, וויא אין פאַל פון אַ נאַציאָנאַלע שמחה אָדער א נאַציאָנאַלען טרויער, געהט דיא טעלעגראַמע דורך דעם סעקרעטערי אָוו סטייט׳ס הענט. ער איז איהר אָפיציעלער אַרויסשיקער.

אויסער דיא אויסלענדישע פּאָליטיק האָט דיעזער מיני־סטער נאָך אַ וויכטיגע אויפגאַבע: ער לייגט אַרויף דעם רעגיערונגס־זיעגעל אויף אַלע בילס, וואָס ווערען אָנגענומען אין קאָנגרעסס און אונטערגעשריבען פון פּרעזידענט, און ער פּער־עפענטליכט דיעזע בילס אַלס אָנגענומענע געזעצע.

דער דעפּאַרטמענט פון סעקרעטערי אָוו סטייט איז זעהר אַ גרויסער און זעהר א וויכטיגער. דער מיניסטער האָט דריי אַסיסטענטס; און זיין דעפּאַרטמענט איז איינגעטהיילט אין זיעבען ביוראָס. אין יעדע פון דיעזע ביוראָס זיינען בע־שעפטיגט אַ גרויסע צאָהל קלוירקס.

2) דעם צווייטען פּלאַץ אין דעם קאַבינעט פערנעהמט דער סעקרעטערי אָוו דהי טרעזשורי. ער פיהרט דיא פינאַנצען פון דער רעגיערונג. ער אַרבייט אויס פּלענער וויא אַזוי דיא רע־גיערונג זאָל קריעגען געלד דורך טעקסעס און ער גיט דיעזע פּלענער איבער צום קאָנגרעסס. ער גיט אויך אַכטונג, אַז דיא טעקסעס זאָלען ריכטיג קאָלעקטעט ווערען און אַז דיא אַלע בילס אויף דער רעגיערונג זאָלען בעצאָהלט ווערען.

אויסער דעם האָט ער נאָך פיעלע אויפגאַבען. ער איז דער הויפּט אויפזעהער איבער דיא קאַסטאָם הייזער, איבער דיא לעבענס־רעטונג דעפּאַרטמענט, איבער דיא ים־האָספּיטאַלס, איבער דיא פעקטאָריס, וואו דיא רעגיערונג מאַכט דיא געלד, איבער דיא נאַציאָנאַלע בענקס. ווען דיא רעגיערונג בויט נייע פּאָסט־אָפּפיסעס, נייע קאַסטאָם הייזער אָדער אַנדערע רעגיע־רונגס געביידען, שטעהט דיא אַרבייט אונטער זיין אויפזיכט.

עס פערשטעהט זיך, אַז דיעזער סעקרעטער מוז האָבען אַ גרויסע צאָהל אַססיסטענטס. ער האָט דריי אַססיסטענטס

סעקרעטערים, א טשיעף קלוירק, אָודיטאָרס וואָס קוקען דורך די חשבונות פון אַלע רעגיערינגס דעפּאַרטמענטס, און זא ווייטער, א. ז. וו.

3) דער סעקרעטערי אָוו וואָר האָט אונטער זיין אויפזיכט די אַרמעע און די פעסטונגען איבער'ן גאַנצען לאַנד. ער דאַרף אויך זעהן, אַז די טייכען און האַפענס, וועלכע זיינען נויטהיג צום האַנדעל, זאָלען אימער זיין אין גוטען אָרדנונג.

דער מיניסטער אליין דאַרף ניט זיין קיין סאָלדאַט. צוויי־שען זיינע ארויסהעלפער האָט ער אָבער א סטעף פון גענעראַ־לען און פון אינזשעניערען. מיט זיי בעראַטה ער זיך וועגען פראַגען, צו וועלכע עס נויטיגט זיך א קענטשאַפט אין מילי־טערישע אַנגעלעגענהייטען.

4) דער אַטטאָירני דזשענעראַל איז דער הויפט לאָיער פון דער וואַשינגטאָנער רעגיערונג. ווען דער פּרעזידענט אָדער די איבעריגע קאַבינעט מיניסטאָרען זייגען אין צווייפעל וועגען א געזעץ־פראַגע, ווענדען זיי זיך צו איהם. זיין הויפט אויפ־גאַבע איז צו פיהרען אַלע קייסעס, וואָס די רעגיערונג האָט געגען די, וועלכע איבערטרעטען דעם געזעץ. ער אַליין קען זיך, נאַטירליך, מיט אזוי פיעל ארבייט ניט אויספראַווען. ער האָט אָבער פיעלע אויסהעלפער, גרויסע לאָיערס. דער אַט־טאָירני דזשענעראַל פיהרט פערזענליך בלויז די סאַמע שווערסטע און די סאַמע וויכטיגסטע קייסעס.

די אַלע טרייעלס, וואָס די רעגיערונג האָט געהאַט מיט די גרויסע טראָסטס, זיינען געפיהרט געוואָרען פון דעם אַטטאָירני דזשענעראַל און זיינע אַססיסטענטס.

5) דער פּאָסט מייסטער דזשענעראַל איז דער הויפט אויפ־זעהער פון דער פּאָסט אין דיעזער לאַנד. ער האָט פיער אַססי־סטענט פּאָסט מייסטערס, און נאָך אַרויסהעלפער.

6) דער סעקרעטערי אָוו דהי נייווי איז דער מענעדזשער פון דער פלאָטע. אַלע נייע שיפען ווערען געבויט אונטער זיין אויפזיכט.

7) דער סעקרעטערי אוו אינטיריאר איז דער מיניסטער פון איננערליכע אנגעלעגענהייטען. זיין דעפארטמענט איז זעהר א גרויסער און זעהר א וויכטיגער. אונטער זיין אויפזיכט שטעהען דיא פעטענטס, פענסיאנען פאר סאלדאטען און מאט־ראזען, דיא קהל׳שע רעגיערונגס־לאנד אין דיא וועסט און אין אלאסקא, און נאך פיעלע זאכען. אין דיעזען דעפארטמענט ארבייטען צעהנדליגע טויזענדע קלוירקס.

8) דער סעקרעטערי אוו אגריקאלטשור האט זעהר א וויכ־טיגע אויפגאבע. זיין דעפארטמענט גיט זיך כמעט אין גאנצען אפ מיט וויסענשאפטס ארבייט. ער מאכט עקספערימענטען אויסצוגעפינען מיטלען וויא אזוי צו מאכען דיא ערד פין דיא פארמערס פרוכטבארער און וויא אזוי אויסצוראטען דיא פער־שיעדענע פאראזיטען, וויא היישעריקען און אנדערע פלאגען, וועלכע פערניכטען יעדען יאהר תבואות אויף דעם ווערטה פון פיעלע מילליאנען דאלאר. דיעזער דעפארטמענט עקזיסטירט ניט זעהר לאנג. ער האט זיך אבער ארויסגעוויזען פאר גאנץ נוצבאר. דיא אמעריקאנער פארמערס האבען איהם זעהר פיעל צו פערדאנקען.

9) דער דעפארטמענט אוו קאממערס ענד לייבאר איז געגרינדעט געווארען מיט א יאהר 9 צוריק. ער האט אן עהנ־ליכע אויפגאבע וויא דער דעפארטמענט אוו אגריקאלטשור. ער דארף נאכקוקען נאך דיא אינטערעסען פון דעם אמעריקא־נעם האנדעל, פון דיא אמעריקאנער מאנופעקטשורינג, פון מיי־נינג און ארבייט. דיא ארבייט פון דיעזען דעפארטמענט איז א פיעל פאכיגע. ער איז דארום איינגעטהיילט אין עטליכע ברענטשעס. ער האט א ביורא פאר קלייבען פערשיעדענע סטא־טיסטיקס, א ביורא אוו איממיגריישאן און נעטשורעליזיישאן, א ביורא אוו לייבאר און ז. וו. איצטער איז דיעזער דעפארט־מענט צוטהיילט אויף צוויי: דעפארטמענט אוו קאממערס און:

10) דעפּאַרטמענט אָוו לייבאָר, וועלכער האָט דיא אויפ־גאַבע נאָכצוקוקען דיא אינטערעסען פון אורביים.

## קאַפּיטעל 14.

## דיא קאָורטס פון דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג.

אין אַלע לענדער זיינען דאָ געריכטען און ריכטער, קאורטס און דזשאַדזשעס. און זיי ווערען כמעט איבעראל בעטראַכט אלס א טהייל פון דער עקזעקוטיווע אבטהיילונג פון דער רעגיערונג. מיר האָבען אין דיא פאָריגע קאַפּיטלאך אנגעוויעזען אז יעדע רעגיערונג מוז האָבען אם וועניגסטען צוויי אבטהיילונגען: איינע וועלכע מאַכט דיא געזעצע פון לאַנד; און דיא צווייטע, וועלכע גיט אכטונג, אז דיא געמאַכטע געזעצע זאָלען ריכטיג דורכגעפיהרט ווערען. עס פערשטעהט זיך, אז איינע פון דיא הויפּט מעטהאָדען, דורך וועלכע מען קען אכטונג געבען א גע־זעץ זאָל געפאָלגט ווערען איז צו בעשטראַפען דיא יעניגע, וועלכע פאָלגען דעם געזעץ ניט. און בעשטראַפען א פארברע־כער אָהן א געריכט, אָהן א געזעץ איז דאָך אונמעגליך. דער שכל איז אַלזאָ מחיב, אז דיא געריכטען, דיא דזשאַדזשעס, זיינען בלויז אַן אבטהיילונג פון דער עקזעקוטיווע, זיי העלפען בלויז דורכצופיהרען דיא געזעצע וואס דיא פּאַרלאַמענטען אין דיא אייראָפּעאישע רעגיערונגען און דער קאָנגרעס אין דער אמעריקאנער רעגיערונג מאַכען.

לאָמיר דיא זאַך קלעהרער מאַכען מיט אַ ביישפּיעל.

דער קאָנגרעס מאַכט א געזעץ, אז דער וואס פיהרט אריין דיימאָנדס פון אויסלאַנד מוז בעצאהלען דער רעגיערונג א גע־וויסע סומע אלס טאַריף, און דער וואס פאַרברעכט געגען דיזען געזעץ, מוז בעשטראַפט ווערען ענטוועדער מיט א געלד־שטראַף אָדער מיט געפענגניס אָדער מיט ביידע, אי מיט געלד אי מיט געפענגניס.

דער פּרעזידענט אלס דער עקזעקוטיוו מוז זעהן אז דיזער־

געזעץ זאָל דורכגעפיהרט ווערען. וואס טהוט ער? דיא ער־שטע זאך גרינדעט ער קאָסטאָם הייזער ביי אַלע גרענעצען און ביי אַלע האפענס פון לאנד, און ער שטעלט דאָרטען אָן מענשען צו היטען יעדען פּאסאזשיר, ער זאָל ניט אריינשמוגלען קיין דיימאָנדס אָהן אן אבצאהלונג. ער בעשעפטיגט אויך דעטעקטיוס וועלכע פערפאָלגען און ארעסטירען דיא יעניגע, וועלכע פאָלגען ניט דעם געזעץ און שמוגלען פּאָרט אריין דיימאָנדס.

וואס טהוט מען מיט דיעזע ארעסטירטע פארברעכער? מען ברייננגט זיי אין א קאורט; מען משפט זיי און דער ריכטער בעשטראפט זיי לויט נאָך דעם געזעץ און לויט נאָך דעם פאר־ברעכען. דיא קאורטס און דיא ריכטער טהוען אַלזאָ א טהייל פון דיא נויטיגע ארבייט אין דורכפיהרען דעם געזעץ וועגען א טאריף אויף דיימאנדס. זיי זיינען א טהייל פון דער עקזעקו־טיווע, גראדע אזוי וויא דיא קלוירקס וואס ארבייטען אין דיא קאָסטאָם הייזער.

וויא געזאגט, ווערען זיי ווירקליך אזוי בעטראכט אין דיא מעהרסטע פרייע רעגיערונגען. אין אונזער רעגיערונג איז עס אָבער גאנץ אנדערש. דאָ זיינען דיא דזשאָדזשעס אונאב־העננגיג פון דער עקזעקוטיווע. זיי זיינען אַ בעזונדערע אב־טהיילונג, א דריטע דעפּארטמענט אין דער פעריואַלטונג פון דער רעגיערונג; און ווען מען אנאַליזירט, ווען מען בעטראכט גרינדליך דיא מאכט וואס זיי בעזיצען, זעהט מען, אז זיי זיינען דיא ווירקליכע הערשער פון לאנד, אז זיי בעזיצען מעהר מאכט וויא דער קאָנגרעס, מעהר מאכט וויא דער פּרעזידענט, מעהר מאכט וויא דאָס גאנצע פאָלק.

אין דיא וויטערדיגע קאפּיטלען וועלען מיר בעשרייבען דיעזע אונגעהויערע מאכט פון דיא קאורטס און מיר וועלען אויך בעשפרעכען דיא אָפט דעבאטירטע פראגע, צו אונזער אַמעריקאַנער סיסטעם איז בעסער אָדער ערגער פאר דעם איי־ראָפּעאישען סיסטעם. פאָרלויפיג וועלען מיר בעטראכטען דיא טעכנישע זייט פון דיעזער דריטער רעגיערונגס אבטהיילונג. מיר וועלען זעהן וואס פאר קאורטס דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג

האט, וואו דיא קאורטס זיצען, מיט וואס פאר קייסעס אונגע־פעהר דיא פערשיעדענע קאורטס גיבען זיך אפ; ווער עס אפאינטעט דיא דזשאדזשעס, ווער עס קען גרינדען אדער אפ־שאפען א נאציאנאלע קאורט, און זא ווייטער און ווייטער.

## דיא פערשיעדענע קאורטס פון דער נאציאנאלער רעגיערונג.

דיא קאנסטיטושאן זאגט דאס פאלגענדע וועגען דעם סארט און דיא צאהל קאורטס וואס דיא נאציאנאלע רעגיערונג זאל האבען:

„דיא געריכטליכע מאכט פון דער רעגיערונג זאל איבערגעגעבען ווערען צו איין סופרים קאורט און צו אזוינע און אזוי פיעל ניעדריגערע קאורטס וויא דער קאנגרעס וועט פון צייט צו צייט גרינדען".

הייסט עס, אז א סופרים קאורט מוז דיא רעגיערונג האבען. אויף קלענערע קאורטס אבער איז קיין מוז ניטא. אויב דער קאנגרעס וויל, גרינדעט ער זיי, און אויב ער וויל ניט, גרינדעט ער זיי ניט.

דער פאקט איז דאס אין פערלויף פון דיא הונדערט און עטליכע און דרייסיג יאהר וואס דיא אמעריקאנער רעגיערונג עקזיסטירט האט דער קאנגרעס בעשאפען א סך קלענערע קאורטס. אין אונזער לאנד געפינען זיך איצטער צעהנדליגע נאציאנאלע קאורטס, מיט איבער הונדערט נאציאנאלע דזשאדזשעס. דיעזע אלע קאורטס ווערען אבער איינגעטהיילט אין פיער קלאסען; וועדליג נאך זייערע אויפגאבען, נאך זייער מאכט און נאך זייער וויכטיגקייט.

1) צו דער ערשטער קלאס געהערט דיא איינע און דיא העכסטע קאורט פון לאנד — דיא סופרים קאורט און דהי יונייטעד סטייטס. זיא בעשטעהט פון 9 דזשאדזשעס. איינער פון זיי איז דער „טשיעף דזשאסטיס", דיא איבריגע אכט הייסען „אססאשיאייט דזשאסטיסעס". זיי זיצען אין וואשינגטאן אין דער קעפיטאל. דיעזע ניין ריכטער האבען אין דיעזער לאנד

מעהר מאכט וויא דיא גאנצע רעגיערונג. ווען זיי ערקלערען, אז א געזעץ וואס דער קאנגרעס האט געמאכט איז נעגען דער קאנסטיטושאן, ווערט דער געזעץ בטל. קיינער קען זייער פסק ניט ענדערען. זיי האבען דעם לעצטען און דעם שטארקסטען ווארט אין אלע פראגען וואס האבען צו טהאן מיט דיא געזעצע פון דיעזער לאנד.

דיא סופרים קאורט דזשאדזשעס ווערען אפאינטעט פון פרעזידענט מיט דער צושטימונג פון סענאט. נאכדעם וויא זיי ווערען שוין אפאינטעט קענען זיי ניט אראפגעזעצט ווערען זייער גאנצען לעבען, סיידען זיי בעגעהען א פארברעכען און ווערען „אימפיטשט" פון קאנגרעס. נאך מעהר, דער קאנגרעס האט קיין רעכט ניט צו פארקלענערען דיא געהאלט פון א סו־פרים קאורט דזשאדזש (אדער פון אן אנדער דזשאדזש אין א נאציאנאלע קאורט) נאכדעם וויא ער ווערט אפאינטעט. העכערן דעם געהאלט מעג דער קאנגרעס יא, פארקלענערען ניט.

איצטער בעקומען דיא אססאשיאייט דזשאסטיסעס צו 12 טויזענד 500 דאלאר א יאהר. דער טשיעף דזשאסטים בעקומט 13 טויזענד דאלאר א יאהר.

דיא הויפט אויפגאבע פון סופרים קאורט איז צו ענט־שיידען קייסעס, וועלכע ווערען אפעלירט צו איהר פון נידרי־גערע נאציאנאלע אדער סטייט קאורטס. זעהר, יעהר זעלטען קומען פאר איהר פאר טרייעלס. ווען איינער ווערט אנגעקלאגט פאר איבערטרעטען א געזעץ, אדער ווען צוויי מענשען הא־בען א משפט, געהען זיי אין דיא נידריגערע קאורטס. ווען דער אנגעקלאגטער אדער איינער פון דיא בעלי דינים איז ניט צו־פריעדען מיט'ן פסק פון דער נידריגערער קאורט, קען ער אפע־לירען אין א העכערע קאורט. זיין אפיעל וועט אבער ניט געהן צום סופרים קאורט, סיידען ער טענה'עט, אז דער געזעץ צו־ליעב וועלכען ער איז פעראורטהיילט געווארען אדער צוליעב וועלכען ער האט דעם טרייעל פערלארען, איז נעגען דער קאנ־סטיטושאן.

לאמיר דיא זאך נענויער ערקלערען מיט א ביישפיעל.

שטעלט זיך פאָר, דער קאָנגרעס האָט געמאַכט א געזעץ, אז דער יעניגער וואס פיהרט ארויס ווייץ פון אמעריקא, מוז בעצאהלען א טעקס. נאכדעם וויא דיעזער געזעץ איז אריין אין קראפט, ווערט א געוויסער מיסטער סמיטה ארעסטירט אויף דער קלאגע, אז ער האָט ארויסגעפיהרט ווייץ און האָט ניט בע־צאהלט דעם געזעצליכען טעקס. ער ווערט פאָרגעפיהרט אין א נידריגען נאציאָנאלען קאורט, און דער דיסטריקט אטאָרני, דער רעגיערונגס לאָיער, מאכט דיא קלאגע געגען איהם.

עס קומט פאָר דער טריעל. מר. סמיטה לייקענט, אז ער האָט ארויסגעפיהרט ווייץ. דער דיסטריקט אטאָרני ברייננט עדות וועלכע בעשטעטיגען זיין קלאגע, און מר. סמיטה'ס לאָיער ברייננט עדות, וועלכע בעווייזען אז דיא קלאגע איז ניט ריכטיג. דיא דזשורי הערט אוים אלע עדות און בעטראכט אלע בעווייזע. דער דזשאַדזש ערקלערט דער דזשורי דעם געזעץ און גיט זיי צו פערשטעהן וועלכע בעווייזע זיינען געזעצליך און וועלכע ניט, און דיא דזשורי טראָגט דאן ארויס איהר „ווערדיקט“.

לאָמיר זאָגען, דיא דזשורי געפינט דעם אנגעקלאָגטען שולדיג. דער לאָיער פאר דער פערטהיידיגונג דיינקט אבער, אז דער אורטהייל איז ניט קיין ריכטיגער. ער געפינט, צום ביישפיעל, אז דער דזשאַדזש האָט צוגעלאָזען בעווייזע, וועלכע טאָרען נאָך'ן געזעץ ניט צוגעלאָזען ווערען, אָדער אז אין דער דזשורי זיינען געווען מענשען, וואס האבען נאָך'ן געזעץ נאָך ניט געטאָרט זיין קיין דזשורי לייט און זא ווייטער. דאן האָט דער לאָיער א רעכט צו אפעלירען אין א העכערע קאורט. מיט אזא אפיעל קען ער אָבער צום סופרים קאורט ניט געהן.

שטעלט זיך אָבער פאָר, אז דער פערטהיידיגונגס לאָיער איז מיט דער מיינונג, אז ווען זאָגאר עס איז אמת אז זיין קליענט האָט ארויסגעפיהרט ווייץ אָהן א טאריף, האָט ער אויף קיין פארברעכען ניט בעגאנגען, ווייל דער קאנגרעס האָט קיין רעכט ניט געהאט צו מאכען א געזעץ, אז פאר ארויספיהרען ווייץ זאָל מען דארפען בעצאהלען א טאריף. דער לאָיער וויל אפעלירען ניט געגען געוויסע פונקטען אין דעם טריעל,

נאר געגען דעם גרונד געזעץ צוליעב וועלכען דער טרייעל איז ארויסגעקומען, און ער וויל בעווייזען, אז דער געזעץ איז בטל, ווייל ער איז געגען דיא קאנסטיטושאן, דאן קען ער אפעלירען אין סופרים קאורט.

דיא דזשאדזשעס פון סופרים קאורט הערען אוים אזוינע קייסעס פון מאנאט אקטאבער ביז מאי. דיזע דזשאדזשעס האבען מיט קיין בעלי דינים און מיט קיין עדות גאר ניט צו טהאן. זיי הערען בלויז אוים דיא לאיערס פוןביידע צדדים און דערנאך נעהמען זיי זיך וויפיעל צייט זיי ווילען נאר אליין דיא פראגע צו ענטשיידען.

בשעת דיא לאיערס לייגען פאר זייערע טענות מוזען אנוועזענד זיין אם ווענינסטענס 6 פון דיא 9 דזשאדזשעס. דערנאך שטודירט יעדער דזשאדזש דורך דיא קייס פאר זיך. אין א צייט ארום האלטען אלע דזשאדזשעס אפ א קאנפערענץ צווישען זיך און יעדער גיט זיין מיינונג און דיא זאך ווערט גרינדליך דיסקוטירט און דעבאטירט. ווען דיא אלע דעבאטען ענדיגען זיך, וואוטען דיא דזשאדזשעס צי דער געזעץ איז קאנסטיטוציאנעל צי ניט; דערנאך אפאינטעט דער טשיעף דזשאסטים איינעם פון דער מאיאריטעט ער זאל אויפשרייבען דעם פסק און דיא גרינדע פאר'ן פסק. דיא מינאריטעט דזשאדזשעס קענען אויפשרייבען זייער מיינונג פארוואס זיי שטימען ניט איין מיט דער מאיאריטעט. דער פסק בלייבט אבער וויא דיא מאיאריטעט פון דיא דזשאדזשעס האבען ענטשיעדען.

2) דיא צווייטע קלאס נאציאנאלע קאורטס הייסען דיא „סוירקוט קאורטס אוו אפיעלס". זיי זיינען געגרינדעט געווארען אין דעם יאהר 1891 מיט דעם צוועק צו פערלייכטערען דיא ארבייט פון סופרים קאורט. אמאל פלעגען אלע אפיעלס געהן צום סופרים קאורט. איצט געהען א גרויסע צאהל פון זיי אין דיעזע סאירקוט קאורטס אוו אפיעלס.

די לאנד איז איינגעטהיילט אין 9 סאירקוטס (בעצירקען). יעדער סאירקוט בעשטעהט פון עטליכע סטייטס. דער ערשטער סאירקוט, צום ביישפיעל, שליעסט איין דיא פיער סטייטס:

מאססאטשוסעטס, מעין, ניו העמפשייר און ראוד איילענד; דער צווייטער סאַירקוט: קאָננעקטיקוט, ווערמאָנט און נויאָרק, און אזוי ווייטער און ווייטער. אין יעדען פון דיעזע סאַירקוטס איז דאָ איין סאַירקוט קאורט אָוו אפיעלס. צוזאמען זיינען אלזאָ פאראן 9 סאַירקוט קאורטס אָוו אפיעלס.

קיין ספעציעלע דזשאַדשעס ווערען פאר דיעזע קאורטס ניט אפּאָינטעט. וויא מיר וועלען ווייטער זעהן, זיינען אין יעדען סאַירקוט (בעצירק) דאָ קלענערע געריכטען. דריי דזשאַדזשעס פון דיעזע קלענערע געריכטען צוזאמען מיט איין דזשאַדזש פון סופּרים קאורט קומען זיך צונויף אלס א בית דין און זיי זיינען דאָס דיא סאַירקוט קאורט אוו אפּיעלעס.

3) דיא קאורטס, אין וועלכע קלאגען ווערען אריינגע־בראכט און אין וועלכע עס קומען פאָר דיא טרייעלס צוערשט, זיינען איינגעטהיילט אין צוויי קלאסען. דיא העכערע קאורטס רופען זיך סאַירקוט קאורטס*) און דיא נידריגערע—דיסטריקט קאורטס.

סאַירקוט קאורטס זיינען דאָ ניין אין צאהל. וויא מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט איז דיא לאנד איינגעטהיילט אין ניין חלקים, יעדער חלק רופט זיך א סאַירקוט און אין יעדען סאַירקוט איז דאָ א סאַירקוט קאָורט.

דיא צאהל דזשאַדזשעס אין יעדען סאַירקוט איז ניט קיין בעשטימטע: מאנכע האָבען בלויז צו צוויי, אנדערע האָבען דריי, און נאָך אנדערע צו פיער.

דיעזע דשאַדזשעס פאהרען פון איין פלאץ אין א צווייטען אין זייער סאַירקוט און משפּט'ען דיא קייסעס וואס קלייבען זיך דאָרטען אָן אין דער צייט. אין דיא מעהרסטע פעללע זיצט בלויז איין דזשאַדזש אין קייס. אמאָל, ווען דער פּראָצעס איז א שווערער, העלפט איהם ארויס ענטוועדער א סופּרים קאורט דזשאַדזש אָדער א דזשאַדזש פון איינעם פון דיא ניעדריגערע דיסטריקט קאורטס.

*) דיעזע קאורטס זיינען דאָ ניט לאנג אפּגעשאפט געווארען. זייער ארבייט ווערט געטהאן פון דיא דיסטריקט קאורטס.

אין דיא סאירקוט קאורטס ווערען פראצעסירט וויכטיגע קייסעס, וויא, צום ביישפיעל: קרימינאל פערברעכענס, וועלכע ווערען בעשטראפט מיט'ן טויט, פראצעסען איבער פעטענטס אדער קאפירייטס, פראצעסען איבער אימפארטירען ארבייטער אויף קאנטראקטען, איבער פארברעכענס געגען דיא טראסט־געזעצע און זא ווייטער.

4) דיא נידריגסטע נאציאנאלע קאורטס הייסען דיא דיסטריקט קאורטס. דיא לאנד איז איינגעטהיילט אין 90 די־סטריקטען און פאר יעדען דיסטריקט ווערט אפאינטעט איין דזשאדזש. אמאל פלעגט דער דיסטריקט בעשטעהן פון א גאנצע סטייט. איצטער אבער זיינען דיא גרעסערע סטייטס איינגעטהיילט אין עטליכע דיסטריקטען: אין ניו יארק, צום ביישפיעל, זיינען דא פיער דיסטריקטען.

אין דיא דיסטריקט קאורטס ווערען פארגעבראכט אלערליי טרייעלס, וועלכע קענען ניט פארקומען אין סטייט און שטאדט קאורטס. אין זיי קענען אבער ניט גע'משפט ווערען קרימינעלע פערברעכענס פאר וועלכע עס קומט טויט־שטראף. אזוינע קייסעס מוזען פראצעסירט ווערן אין די העכערע, אין די סאירקוט קאורטס.

אחוץ דיעזע אויסגערעכענטע פיער קלאסען קאורטס זיינען דא ספעציעלע געריכטען פאר א געוויסען ספעציעלען צוועק. אט, צום ביישפיעל, האט דער קאנגרעס געשאפען א „קאורט אוו קליימס", וועלכע בעשטעהט פון פינף דזשאדשעס. דיעזע קאורט גיט זיך אפ אויסשליסליך מיט פראגען וועגען געלד וואס איינצעלנע מענשען אדער קאמפאניעס מאהנען ביי דער יונייטעד סטייטס רעגיערונג. דיעזע דזשאדזשעס אונטערזוכען בעווייזע וואס דיא מאהנער ליגען פאר זיי פאר. און ווען זיי געפינען, אז דיא מאהנער זיינען גערעכט, בעריכטען זיי עס צום קאנגרעס. דער קאנגרעס בעשליסט דאן צו זאל דיא רעגיערונג דיא געלד בעצאהלען צי ניט.

נאך א ספעשעל קאורט האט דער קאנגרעס געגרינדעט אין דעם יאהר 1891, ער הייסט „קאסטאם קאורט" און בעשטעהט

אויך פון פינף דזשאַדזשעס. דיעזע קאורט גיט זיך אָפּ אויס־שליסליך מיט קייסעס וועגען טאַריף פראַגען.

יעדע קאורט מוז האָבען דריי בעאמטע אויסער דיא דזשאַדזשעס. ערשטענס, מוז דאָרטען זיין א דיסטריקט אטאָרני וועלכער זאָל פיהרען דיא קייסעס געגען דיא אנגעקלאגטע, וועלכער זאָל, זאָ צו זאָגען, פערטרעטען דיא רעגיערונג. צווייטענס, מוז דאָרטען זיין א שעריף אָדער א מארשאל, וועלכער זאָל דיא אנגעקלאגטע ארעסטירען און זיי אפּפיהרען אין פריזאָן, טהאָן מיט זיי וואס דער דזשאַדזש הייסט. דריטענס, מוז אין קאורט זיין א קלוירק, וועלכער זאָל פערשרייבען אלעס וואס קומט פאָר אין דער צייט פון פּראָצעס.

יעדער דיסטריקט האט אלזאָ א דיסטריקט אטאָרני און א מארשאל. זיי ווערען אפּאָינטעט פון פּרעזידענט מיט דער צו־שטימונג פון סענאט. דעם קלוירק אפּאָינטעט דער דיסטריקט אטאָרני.

אויסער דעם אפּאָינטעט יעדער דיסטריקט דזשאַדזש עטליכע קאָמישאָנערס אין פערשיעדענע טהיילען פון זיין די־סטריקט. דיעזע קאָמישאָנערס זיינען אזוי וויא מעדזשי־סטרייטס. פאר זיי ווערען פאָרגעפיהרט דיא ארעסטירטע אויף א פארהער און זיי בעשטימען צי עס איז דאָ גענוג אורזאכע צו פערהאלטען דעם אנגעקלאגטען צו א טרייעל. אויב דער קאָ־מישאָנער זעהט איין אז דער אנגעקלאגטער דארף פּראָצעסירט ווערען, בעשטימט ער צי ער זאָל פערהאלטען ווערען אָהן בייל, צי מען זאָל איהם ארויסלאָזען אויף בייל און וויא גרויס דיא בייל זאָל זיין.

---

## דיא מאכט וואָס דער פּרעזידענט און דער קאָנגרעס האָ־בען איבער דיא קאָורטס און דיא דזשאַדזשעס.

דער קאָנגרעס האט דיא פולע מאכט צו גרינדען קאָורטס און אָפּצושאפען קאָורטס. בלויז איבער דעם סופּרים קאָורט

האט ער דיעזע דעה נים. דיא קאנסטיטושאן ערקלעהרט, אז דיא רעגיערונג מוז האבען א כופרים קאורט, און דיא קאנסטיטושאן בעשרייבט אויך אין אלגעמיין, וואס דיא אויפגאבען פון דיעזין סופרים קאורט דארפען זיין.

אבער זאגאר איבער דעם סופרים קאורט קען דער קאנ־גרעסס אויסאיבען זיין מאכט, ווען ער זאל נאר שטארק ווען. דיא קאנסטיטושאן זאגט ניט, וויפיעל דזשאדזשעס עס זאלען זיין אין דיעזען קאורט. זיא לאזט דיא זאך איבער אין גאנצען צום קאנגרעסס, ער זאל בעשטימען; און אט דיעזע רעכט איז א פיעל וויכטיגערע וויא מען דענקט.

פארקלענערען דיא צאהל דזשאדזשעס איז פאר'ן קאנגרעסס שווער. דיא קאנסטיטושאן פערבאט אראפצוזעצען א דזשאדזש פון זיין אמט, כל זמן ער פיהרט זיך אויף גוט. דער קאנגרעסס קען בלויז דיא צאהל פערקלענערען אין פאל א דזשאדזש שטארבט אדער רעזיגנירט אליין פון זיין אמט. דאן קען דער קאנגרעסס אננעהמען א ביל, אז פון יענעם טאג אן זאל דיא צאהל דזשאדזשעס בלייבען מיט איינעם ווייניגער וויא בעפאר, און דאס נעהמט פון פרעזידענט אוועק דאס רעכט צו אפוינטען אן אנדערען אויף דעם לעדיגען פלאץ.

דאס אבער האט א גאנץ קליינע בעדייטונג. אזא מאכט קען דעם קאנגרעסס ווייניג וואס צוניץ קומען. פיעל וויכטיגער איז דיא אנדערע זייט פון דעם קאנגרעסס' דעה, זיין רעכט צו פארגרעסערען דיא צאהל דזשאדזשעס. מיט איהר קען זיך דער קאנגרעסס ווירקליך בענוצען צו יעדער צייט; און אט ווי אזוי:

שטעלט זיך פאר, דער קאנגרעסס האט אנגענומען א געזעץ און דער סופרים קאורט האט דיעזען געזעץ געפסל'ט אויפ'ן גרונד, אז ער איז נים קאנסטיטוציאנעל. לאמיר זאגען, אז דער קאנגרעסס און דער פרעזידענט זיינען ענטשלאסען דער געזעץ זאל פארט אריינטרעטען אין קראפט. דאן קענען זיי טאן דאס פאלגענדע: דער קאנגרעסס קען אננעהמען א ביל, אז אנשטאט ניין דזשאדזשעס, זאל דער סופרים קאורט בעשטעהן פון 19; און דאן אפוינטעט דער פרעזידענט פאר דיא צעהן נייע

דזשאַדזשעס אזוינע לייטע, וועלכע ער ווייס, אז זיי וועלען דעם געזעץ זיכער ניט פסל'ענען. דער ביל ווערט אָנגענומען וויע־דער. דיא נייע סופרים קאָורט מיט דיא 19 דזשאַדזשעס פער־האנדעלט ווידער דיא פראגע, צי דער ביל איז קאָנסטיטוצי־אָנעל צי ניט און איצטער ווערט דאָרטען אָפּגעשטימט מיט 10 שטימען געגען 9 אז ער איז קאָנסטיטוציאָנעל.

איבער דיא קלענערע קאָורטס און דזשאַדזשעס האָט דער קאָנגרעסס א פיעל גרעסערע מאכט. אמת, ער קען ניט אראָפּ־זעצען א דזשאַדזש פון זיין אמט נאָכדעם וויא ער ווערט אפּוינ־טעט. דער פרעזידענט אליין קען דאָס אויך ניט טהאָן. אָבער דער קאָנגרעסס קען אָננעהמען א ביל אָבצושאפען א געוויסען קאָורט און ממילא, אז דער קאָורט ווערט אָפּגעשאפט, פערלירען דיא דזשאַדזשעס זייערע שטעלעס.

און מערקווירדיג, טראָץ דעם, וואָס דער קאָנגרעסס בע־זיצט דיעזע אינדירעקטע מאכט צו צווינגען דעם סופרים קאָורט ער זאָל אמאָל טהאָן זיין וויללען, האָט עס נאָך כמעט קיינמאָל ניט פאסירט, ער זאָל זיך מיט דער מאכט בענוצען. איבערהויפּט ציטערט דער קאָנגרעסס צו פארטשעפּען זיך מיט'ן סופרים־קאָורט. אין דער רוזוועלט'ס אדמיניסטריישאָן איז געווען א רייד, אז דער קאָנגרעסס זאָל פארגרעסערען דיא צאָהל דזשאַ־דזשעס אום צו געבען דעם פרעזידענט דיא מעגליכקייט צו אפּוינטען עטליכע ראדיקאלע ריכטער. ווייל דער סופרים קאָורט האָט דאן מבטל געמאכט איינינע העכסט וויכטיגע פּראָגרעסי־ווע לאָאָס .מאנכע צייטונגען האָבען אגיטירט פאר דיזען שריט. אָבער דער קאָנגרעסס האָט מורא געהאט. און אלעס איז פער־בליעבען ביים אלטען.

דער פרעזידענט האָט א דעה איבער די דזשאַדזשעס בלויז בשעת זיי ווערען אפּוינטעט. ער אפּוינטעט אלע דזשאַדזשעס פון אלע נאַציאָנאלע קאָורטס, ער מוז נאָר בעקומען דיא צושטי־מונג פון סענאַט. אראָפּצוזעצען זיי פון זייער אמט קען ער זיי אָבער קיין מאָל ניט. א דזשאַדזש אין דיא נאַציאָנאלע קאָורטס פערבלייבט אין זיין אמט זיין גאנצען לעבען, סיידען

ער בענעהט עפּעס א פאַרברעכען אדער א זינד. אין אזא פאלל ווערט ער אַנגעקלאַגט אין דיא האוז אוו רעפּרעזענטייטיווס און גע'משפט אין סענאַט. אויב צוויי דריטעל פון דיא סענאַטאָרען ערקלעהרען דעם דזשאַדזש שולדיג, ווערט ער אראָפּגעזעצט פון זיין שטעלע.

א דזשאַדזש, וועלכער האָט געהאַלטען זיין אַמט צעהן יאָהר צייט, קען צו 70 יאָהר רעזיגנירען. ער בעקומט דאן זיינע פולע ווייזשעס ביז'ן טויט. צווינגען א דזשאַדזש צו רעזיגני־רען קען מען קיין מאָל ניט. ווען ער איז זאָגאר אלט און איז עובר בטל, און אלע זעהען, אז ער איז שוין ניט פעהיג צו זיין א ריכטער, אפילו דאן קען מען איהם אויך ניט ריהרען פון אָרט. וויל ער, טרעט ער אליין אָפּ. וויל ער ניט, בלייבט ער אויפ'ן פּלאַץ וויא בעפאָר.

דיא ווייזשעס פון דיא דזשאַדזשעס אין דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס אזוי גוט וויא דיא ווייזשעס פון אלע רעגיערונגס־בעאַמטע ווערען בעשטימט פון קאָנגרעסס. דיא קאָנסטיטושאָן זאָגט בלויז, דאָס נאָכדעם וויא א דזשאַדזש ווערט אפּוינטעט, קען מען זיינע ווייזשעס ניט פאַרקלענערען. פאַרגרעסערען—יע. אָבער פאַרקלענערען ניט. ווען דער קאָנגרעסס וואָלט דאָס רעכט געהאַט אראָפּצושניידען א דזשאַדזש דיא ווייזשעס אין מיטען טערמין וואָלט ער דאָך לייכט געקענט טרייבען א דזשאַדזש צו רעזיגנירען צו יעדער צייט. דער קאָנגרעסס וואָלט בלויז געדאַרפט אָננעהמען א בילל, אז דער געהאַלט פון יענעם און יענעם דזשאַדזש זאָל פאַרקלענערט ווערען פון לאָמיר זאָגען צעהן טויזענד דאָלאַר א יאָהר אויף הונדערט דאָלאַר א יאָהר. אָהן געהאַלט זיינען דאָ זעהר ווייניג דזשאַדזשעס וועלכע וואָל־טען וויללינג געווען צו האַלטען זייערע שטעללעס. אזא בילל וואָלט געטריעבען כמעט יעדען דזשאַדזש צו רעזיגנירען.

## וואס פאר א פּראָצעססען קומען פאָר אין דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס?

אין'ם ערשטען קאַפּיטעל פון דיעזען בוך איז ערקלעהרט געוואָרען, אז יעדער איינוואָהנער פון דיזען לאַנד לעבט אונטער א דאָפּעלטע רעגיערונג: דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג און דיא סטייט רעגיערונג. יעדע פון דיעזע צוויי רעגיערונגען האָט, זאָ צו זאָגען, א געוויסע אָפּטהיילונג פון די אַלגעמיינע אויפגאַבען, פּפליכטען, רעכטע און מאַכט, וואָס בעלאַנגען צו א רעגיערונג. אין איהר אָפּטהיילונג איז יעדע פון דיא צוויי רעגיערונגען זעלבסטשטענדיג, אונאַבהענגיג. דיא אַנדערע האָט קיין רעכט ניט אריינצומישען זיך. צום ביישפּיעל, אויסלענדישע אַנגעלע־גענהייטען געהערען צו דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג. אַלזאָ, טאָר דיא סטייט רעגיערונג דערמיט גאָר ניט האָבען צו טהאָן. דער גאָווערנאָר אָדער דיא לעדזשיסלייטשור פון א סטייט טאָר ניט מאַכען קיינע אָפּמאַכונגען מיט אן אויסלענדישע רעגיערונג. פּערקעהרט אבער, דאס פיקסען פון טייכען און וועגען שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון דער סטייט רעגיערונג. האָט דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג קיין רעכט ניט צו מאַכען געזעצע אָדער זאָגען וועגען דעם אירגענד וועלכע דעה.

דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס, אַלזאָ, גיבען זיך אָפּ מיט קיי־סעס, וועלכע געהערען צו דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג. אויב אימיצער איבערטרעט א געזעץ, וואָס דער קאָנגרעסס האָט גע־מאַכט, אָדער ער פאַלגט ניט וויא אין דער נאַציאָנאַלער קאָנ־סטיטושאָן שטעהט געשריעבען, ווערט ער אנגעקלאַגט אין א נאַ־ציאָנאַלען קאָורט.

אָבער אויסער דיעזע קייסעס האָבען דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס פיעלע אַנדערע; ניט וויל יענע פּראָצעסען געהערען צו דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג, נאָר וויל זיי קענען אין קיין סטייט קאָורט ניט פאָרקומען.

1) טרייעלס פון אויסלענדישע אמבאַסאַדאָרס, קאָונסילס אָדער מיניסטערס. דיעזע לייטע ווערען געשיקט פון זייער

רעגיערונגען צו אונזער נאַציאָנאַלער רעגיערונג. זיי האָבען מיט דיא איינצעלנע סטייטס גאָר ניט צו טהאָן. עס איז דארום גאַנץ נאַטירליך, דאס ווען זיי ווערען אָנגעקלאָגט, אָדער ווען זיי קלאָגען אָן אן אנדערען, זאל זייער פּראָצעס פּאָרקומען אין א נאַציאָנאַלען קאָורט.

2) קייסעס וואָס האָבען צו טהאָן מיט שיפען אָדער מיט פארברעכענס, וואָס זיינען בעגאנגען געוואָרען אויף שיפען. דיא קאָנסטיטושאָן גיט דעם קאָנגרעסס דיא מאַכט צו קאָנטראָלי־רען דעם אמעריקאנער האנדעל מיט אויסלאנד און דעם האנדעל צווישען דיא פערשיעדענע סטייטס. שיפען, אלזאָ, שטעהען אונטער דיא קאָנטראָל פון דעם קאָנגרעסס און פון דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג. ווען אימיצער בעגעהט א פארברעכען אויף א שיף פאָהרענדיג פון איין סטייט אין א צווייטער אדער פון אויסלאנד אין אמעריקא, ווערט ער פּראָצעסירט אין א נאַ־ציאָנאַלען קאָורט. דאס זעלבע, ווען צוויי בירגער אדער קאָמ־פּאַניעס האָבען א פּראָצעס איבער שיפען אדער סחורות וואס זיינען געפיהרט געוואָרען אויף שיפען; צום ביישפּיעל, ווען צוויי שיפען שטויסען זיך צונויף אין מיטען וואַסער און איינע מאַכט ביי דער צווייטער דעמעדזשעס, אָדער ווען א פּאססאַ־זשיר ווערט פערוואונדעט פאָהרענדיג אויף א שיף. אַט אלע אזוינע קייסעס געהערען צו דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס.

3) פּראָצעסען, אין וועלכע דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג איז איינער פון דיא בעלי דינים—עס פארשטעהט זיך, ווען דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג מאָנט געלד ביי אימיצען, אָדער ווען אימיצער מאָנט געלד ביי דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג, וועט דער פּראָצעס ניט פארקומען אין א סטייט קאָורט.

אויבען איז שוין דאָ דערמאָהנט געוואָרען, אז דער קאָנגרעסס האָט מיט איינינע יאָהר צוריק געגרינדעט א ספּעציעלען קאָורט פאר די קייסעס, אין וועלכע דיא רעגיערונג ווערט אָנגעקלאָגט פאר געלד. דיעזער קאָורט האָט אָבער ניט דיא מאַכט, וואָס אנדערע קאָורטס האָבען און מוזען האָבען. א געוועהנליכע קאָורט קען איהר פּסק דורכפיהרען. זיא האָט דיא

מאַכט דערצו. ווען צום ביישפּיעל, א דזשאַדזש פסק'ענט, אז ראובן דארף בעצאָהלען שמעון'ען געלד, מוז ראובן עס בע־צאָהלען. אויב ניט, קומט דיא פּאָליציי און צווינגט איהם מיט געוואַלד ער זאָל עס טהאָן. ווען דיא קאָורט אָוו קליימס אָבער פּסק'ענט, אז דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג דארף בעצאָהלען א געוויסער פּערזאָן אָדער א געוויסער קאָמפּאַניע א סומע געלד, קען זי דעם פּסק ניט דורכפיהרען. זי האָט ניט די מיטלען דער־צו, דיא פּאָליציי און דיא סאָלדאַטען געהערען דאָך צו דער נאַ־ציאָנאַלער רעגיערונג און זיא וועט זיך דאָך מיט זיי ניט בע־נוצען געגען זיך אליין. דיא קאָורט קען בלויז ערקלערען, אז דיא רעגיערונג דארף בעצאָהלען דיא געלד און דאַן נעהמט דער קאָנגרעסס אויף דיא פראגע און בעהאַנדעלט איהר. אויב דער קאָנגרעסס איז מיט דער מיינונג, אז דיא קאָורט איז גערעכט, שטימט ער אָפּ צו פאָלגען דעם פּסק: אויב ער איז מיט דער מיינונג, אז דיא קאָורט האָט ניט ריכטיג געפּסק'נט, שטימט ער אָפּ דעם פּסק ניט צו פאָלגען, און עס בלייבט אזוי.

4) פּראָצעסען צווישען סטייט רעגיערונגען. ווען צוויי סטייטס האָבען צווישען זיך א סכסוך, איז דאָך אונמעגליך פאַר זיי זיך צו טריידעלען אין דיא סטייט־קאָורטס. יעדערער פון דיא צוויי וועט מורא האָבען צו פאַרלאָזען זיך אויף דיא דזשאַ־דזשעס פון דער אַנדערער סטייט. אין אזא פאַלל קומט דער טריייעל פאַר אין א נאַציאָנאַלער קאָורט.

ווען א סטייט רעגיערונג קלאָגט אָן אן איינוואָהנער פון אן אַנדער סטייט, מוז דער טריייעל אויך פאָרקומען אין א נאַ־ציאָנאַלער קאָורט .פאַרקעהרט אָבער,—ניט. דאָס הייסט, אויב א בירגער פון אן אַנדער סטייט אָדער פון אן אַנדער לאַנד וויל ברענגען קלאַגען געגען א סטייט־רעגיערונג, וויל ביי איהר מאָ־נען געלד, מוז ער דיא קייס ברענגען אין א קאָורט פון דער סטייט, וועלכע ער קלאָגט. דאָס שיינט צו זיין ניט רעכט, וויל דיא קאָורט פון א סטייט קען גרייליך זיין איינזייטיג און גע־נייגט זיין צו ענטשיידען צו גונסטען דער סטייט־רעגיערונג, צו וועלכע זיא בעלאַנגט. און דערפאַר האָט טאַקע דער סופּ־

רים קאורט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען מיט איבער הונ־
דערט יאהר צוריק ערקלעהרט, אז דיא קאנסטיטושאן פאדערט,
דאס אזוינע קייסעס זאלען פארקומען אין דיא נאציאנאלע
קאורטס. דיא סטייט רעגיערונגען האבען אבער געגען דעם
שטארק פראטעסטירט. זיי האבען ערקלעהרט, אז דאס שטערט
זייער אונאבהענגיגקייט, זייערע רעכטע אלס זעלבסטשטענדיגע
רעגיערונגען. דער קאנגרעס האט דארום געמאכט אן אמענדע־
מענט צו דער קאנסטיטושאן (דער עלפטער אמענדעמענט) אז
אזוינע קייסעס זאלען פארקומען אין דיא סטייט קאורטס. און
וויא באלד זיי קומען פאר אין דיא סטייט קאורטס, קען דיא
סטייט רעגיערונג ניט געצוואונגען ווערען צו פאלגען דעם פסק
פון דיא קאורטס. אויב דער פסק איז געגען דער רעגיערונג, האט
דיא לעדזשיסלייטור דאס רעכט צו בעשטימען, צו דער פסק זאל
געפאלגט ווערען צי ניט. (גראדע אזוי וויא מיט דעם פסק פון
דיא קאורט אוו קליימס אין קייסעס געגען דער נאציאנאלער
רעגיערונג).

5) קייסעס צווישען סיטיזענס פון פערשיעדענע סטייטס:
ווען א ניו יארקער בירגער משפט זיך מיט א ניו דזשוירזי'ער
בירגער, קענען זיי דיא קייס אריינברענגען אין א נאציאנאלער
קאורט. דער ניו יארקער קען זאגען, אז ער האט מורא, דאס א
ניו דזשוירזי'ער קאורט וועט זיין פארטייאיש געגען איהם, און
דאס זעלבע קען דער ניו דזשוירזי'ער בירגער זאגען וועגען דיא
ניו יארק'ער קאורטס. דיא בעסטע זאך, אלזא, איז, זיי זאלען
געהן אין א נאציאנאלען געריכט, אין וועלכעןביידע וועלען
זיין גלייכע יחסנים.

6) ווען אן אויסלענדישע רעגיערונג מאנט עפעס ביי א
סטייט רעגיערונג, קען זיא איהר אנקלאגען אין א נאציאנאלער
קאורט. אן איינצעלנער בירגער אדער אן אונטערטהאן פון א
פרעמדע לאנד קען דאס ניט טהאן. ווען ער וויל אנקלאגען א
סטייט רעגיערונג, מוז ער זיין קייס פארברענגען אין א קאורט
פון דער סטייט, וועלכע ער קלאגט.

עס פארשטעהט זיך, אז אין פיעלע פון דיא דערמאנטע

קייסעס קענען דיא בעלי דינים געהן אין דיא סטייט־קאָורטס אויב זיי ווילען נאָר. צום ביישפּיעל, ווען א ניי יאָרקער סי־טיזען מאַנט געלד ביי א ניו דזשוירזי׳ער סיטיזען, מעג ער זיין קלאגע ארייגברענגען אין א ניו דזשוירזי׳ער קאָורט. נאָר אויב ער פארשפּיעלט דאָרטען, קען ער דערנאָך אפּעליערען אין א נאציאָנאלער קאָורט.

אויב דיא סומע וואָס דער ניו יאָרקער בירגער מאָנט ביי׳ם ניו דזשוירזי׳ער איז ווענינער וויא צוויי טויזענד דאָלאר, מוז דיא קיים פּראצעסירט ווערען אין ניו דזשוירזי׳ער סטייט־קאָורט. מיט אזוינע קליינע קייסעס צווישען סיטיזענס באַדע־רען זיך ניט דיא נאציאָנאלע קאָורטס.

---

## קאפּיטעל 15.

### דיא דעספּאָטישע מאכט פון סופּרים קאָורט.

דיא וויכטינסטע און די גרעסטע מאכט וואָס דער סופּרים קאָורט בעזיצט איז דער פאָלגענדער: ער קען ענטשיידען צו א געוויסער געזעץ, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון קאָנגרעסס אין וואשינגטאָן אָדער פון דעם לעדזשיסלייטשור אין אירגענד וועלכע סטייט שטימט מיט דיא געזעצע אָדער מיט דעם גייסט פון קאָנסטיטושאָן צו ניט. אויב דער סופּרים קאָורט ענטשיי־דעט אז דער געזעץ איז נעגען א געוויסען פונקט אין דער קאָנ־סטיטושאָן אָדער דעם גייסט אין וועלכען דיא קאָנסטיטושאָן איז פערפאסט געוואָרען, איז דער געזעץ בטל, אוים געזעץ. גע־גען דיעזע ענטשיידונג קען זיך קיין מאכט אין לאנד ניט שטע־לען; ניט דער קאָנגרעסס, ניט דער פּרעזידענט, ניט דאָס גאנצע פאָלק קען איהר איבערוואַרפען. דער איינציגער וואָס קען איהר ענדערען איז דער סופּרים קאָורט אליין. ער קען צו יעדער צייט חרטה האָבען און בייטען זיין מיינונג און ארויס־געבען א פארקעהרטען פּסק.

אט זיינען צוויי אינטערעסאנטעביישפיעלע:

דער לעדזשיסלייטשור פון נויארק סטייט האט מיט איי־ניגע יאהר צוריק געמאכט א געזעץ, אז דיא ארבייטער אין בעקערים זאלען ניט טארען ארבייטען מעהר וויא צעהן שטונ־דען א טאג. דיא באסעס זיינען נאטירליך געוועז אונצופריעדען מיט דיעזען געזעץ. און איין באס פון זיי, א געוויסער מר. לאק־נער האט זיך ענטזאגט דעם געזעץ צו פאלגען מיט דער טענה, אז דער געזעץ איז נעגען דער קאנסטיטושאן. דאס הייסט ניט, אז אין דער קאנסטיטושאן שטעהט חס וחלילה אז בעקערס מו־זען ארבייטען מעהר וויא צעהן שטונדען א׳ טאג. מר. לאקנער׳ס לאיער האט געפונען א גאנץ גוטען און וויכטיגען פונקט אין דער קאנסטיטושאן וועלכען ער האט אזוי אויסגע׳פשט׳לט, אז עס איז אויסגעקומען אז דער געזעץ וועגען דיא בעקער וויל־ל פארלעצען א געוויסען פונקט פון דער קאנסטיטושאן. דיעזער פונקט לויטעט וויא פאלגט: „א סטייט האט קיין רעכט ניט אוועקצונעהמען ביי א פערזאן זיין לעבען, זיין פרייהייט אדער זיין אייגענטהום אהן א גע־זעצליכע אורזאכע“. ווען מען פארבאט א בעקער ארבייטער צו ארבייטען מעהר וויא צעהן שטונדען א טאג אדער ווען מען פארבאט א בעקער באס צו דינגען אן ארבייטער אויף מעהר ווי 10 שטונדען א טאג, הייסט עס, האט דער לאיער גע׳טענה׳ט, אז מען רויבט אוועק פון דעם ארבייטער און פון דעם באס א שטיק פרייהייט. דער געזעץ איז דארום געגען דיעזען פונקט אין דער קאנסטיטושאן.

דיא קייס איז פארגעקומען פאר דעם סופרים קאורט אין וואשינגטאן; און דיעזער קאורט האט געפסקנ׳ט אז דעם באסעס לאיער איז גערעכט. דער געזעץ איז ערקלעהרט געווא־רען ניט קאנסטיטוציאנעל און בטל.

בעטראכט: אין דער קאנסטיטושאן שטעהט ניט אויס־דריקליך אז דער קאנגרעסס טאר ניט מאכען קיין געזעצע ווע־גען דיא גרויס פון ארבייטס־טאג. דארטען שטעהט בלויז אז דיא

רעגיערונג טאָר ביי א פערזאָן ניט אוועקנעהמען זיין פערזענ־ליכע פרייהייט. דערפון האָבען דיא דזשאָדזשעס „ארויס־גענומען" אז מען טאָר ניט בעפוילען בעקערס אז זיי זאָלען ניט ארבייטען צופיעל, ווייל דאָס וועט בעגרענצען זייער פרייהייט.

דיא צווייטע קייס איז נאָך אינטערעסאנטער.

אין דעם יאָהר 1894 האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען א ביל אז דיא רעגיערונג זאָל טעקסען דיא פארדיענסטען וואָס דיא בירגער מאכען ; דאָס הייסט, די פערזאָנען, וועלכע פאר־דיענען מעהר וויא א געוויסע סומע א יאָהר זאָלען צאָהלען אלס טעקס א פראָצענט פון זייערע איינקינפטע, דאָס וואָלט ארויפגעלייגט דעם יאָך פון דיא טעקסעס אממייסטענס אויף דיא פלייצעס פון דיא מענשען, וואָס קענען דעם יאָך טראָגען, אויף דיא פלייצעס פון דיא קאפיטאליסטען.

עס פארשטעהט זיך אז דיא רייכע איז דער געזעץ ניט גע־פעהלען געוואָרען. דיא קייס איז פאָרגעבראכט געוואָרען אין סופרים קאָורט. און אָט וואָס דאָרטען האָט פאסירט :

דאָס ערשטע מאָל ווען דיא קייס איז פערהאנדעלט געוואָ־רען זיינען געזעסען בלויז אכט דזשאָדזשעס, דער ניינטער דזשאָדזש איז געווען אבוועזענד. דיא אכט דזשאָדזשעס האָבען זיך איינגעטהיילט אין צוויי גלייכע העלפט, פיער דזשאָדזשעס האָבען ענטשיעדען אז דער געזעץ איז יע קאָנסטיטוציאָנעל און דיא אנדערע פיער דזשאָדזשעס האָבען ענטשיעדען אז עס איז ניט קאָנסטיטוציאָנעל.

אין זעקס וואָכען ארום איז דיא קייס ווידער פערהאנ־דעלט געוואָרען. דיעזען מאָל זיינען אללע ניין דזשאָדזשעס גע־ווען אין קאָורט. דער ניינטער דזשאָדזש האָט געוואוט אז דער געזעץ איז יע קאָנסטיטוציאָנעל, אבער איינער פון דיא פריהער־דיגע דזשאָדזשעס וואָס האָט געשטימט צו גונסטען דעם געזעץ, האָט פּלוצלונג געענדערט זיין מיינונג. דער וואוט איז אלזאָ געשטאנען פינף געגען דעם געזעץ און פיער פאר דעם געזעץ.

און דער פסק האָט געלויטעט אז דער געזעץ איז געגען דער קאָנ־סטיטושאָן.

אין דאָ האָט זיך אויך ניט געהאַנדעלט מכות אן אויס־דריקליכע שטעלע אין דער קאָנסטיטושאָן. ווען דיא קאָנסטי־טושאָן וואָלט געזאָגט בפרוש, אז מען טאָר ניט טעקסען דיא פּארדיענסטען פון דיא בירגער, וואָלט קיין מיינונג פערשיע־דענהייט ניט געקענט זיין ביי דיא דזשאַדזשעס — נאָך אזא מיינונגס־פערשיעדענהייט, אז איינער פון דיא דזשאַדזשעס האָט אין א פּאָאר וואָכען געקענט איבערשפּרינגען פון איין צד צום צווייטען. דיא פראגע איז דאָ אויך געווען אזוי וויא דיא פאריגע קיים וועגען אויסטייטשען א געוויסע שטעלע אין דער קאָנסטיטושאָן, וועגען אויס׳פשט׳לען און פאר׳פשט׳לען ווערטער.

אין דער קאָנסטיטושאָן שטעהט, אז ווען דער קאָנגרעסס לייגט ארויף אויף דיא בירגער א דירעקטען טעקס, מוז ער דעם טעקס אנטהיילען צווישען דיא סטייטס אזוי, אז יעדער סטייט זאָל צאָהלען לויט נאָך איהר בעפעלקערונג נאָך: דיא גרעסע־רע סטייט זאָל צאָהלען א גרעסערע טהייל פון דעם טעקס און דיא קלענערע סטייט, א קלענערע טהייל.

נו, אויף דיעזען פונקט אין דער קאָנסטיטושאָן האָבען זיך דיא פינף דזשאַדזשעס געשטיצט ווען זיי האָבען מבטל געווען דעם געזעץ וועגען דעם אינקאָם טעקס. זיי, דיא דזשאַדזשעס, האָבען ערקלעהרט אז א טעקס אויף א מענשענס פּארדיענסטען הייסט א דירעקטער טעקס, און וויא באלד אזוי, מוז דער קאָנ־גרעס אנטהיילען דעם טעקס צווישען דיא סטייטס נאָך דער בעפעלקערונג נאָך. אָבער דאָס איז דאָך אונמעגליך. וויבאלד דער טעקס ווערט דאָך ארויפגעלייגט אויף דיא פּארדיענסטען פון דיא איינצעלנע פּערזאָנען, קען דאָך דער קאָנגרעס ניט זאָ־גען אז א גרויסע סטייט זאָל צאָהלען מעהר וויא א קליינע. אמאָל קען זיך אין א קליינער סטייט געפינען א סך מעהר קאַפּיטאַ־ליסטען ווי אין א גרויסער סטייט און די פּארדיענסטען פון דיא

קליינע צאָהל איינוואָהנער אין דער קליינער סטייט קען זיין א סך גרעסער, וויא דיא פאַרדיענסטען פון דיא גרויסע צאָהל איינוואָהנער אין דער גרויסער סטייט. עס איז דארום אונמעגליך אזא טעקס ארויפצולייגען.

דיא דזשאָדזשעס פון'ם צווייטען צד האָבען גע'טענה'ט, אז אן אינקאָם־טעקס איז ניט קיין דירעקטער טעקס. א דירעקטער טעקס, האָבען זיי געזאָגט, הייסט ווען דער קאָנגרעס בעשטימט אז דיא סטייטס מוזען ארייננשיקען אם ענדע יאָהר א געוויסע סומע געלד אלס א טעקס. אין אזא פאל הייסט דיא קאָנסטיטושאָן דעם טעקס איינטהיילען צווישען דיא סטייטס פּראָפּאָרציאָנעל נאָך זייערע בעפעלקערונגען נאָך, ווייל אזוי פאָדערט דיא גערעכטיגקייט, אז א גרעסערער סטייט זאָל צאָהלען מעהר וויא א קלענערער. זיי האָבען גע'טענה'ט אז עס איז איינפאך לעכערליך צו דענקען, אז דיא פערפאסער פון דער קאָנסטיטושאָן האָבען געהאט אין זינען דעם אינקאָם טעקס ווען זיי האָבען געשריעבען דעם פונקט וועגען דירעקטע טעקסעס.

דיעזע צוויי קייסעס בעווייזען וויא אונגעהייער גרוים דיא מאכט פון סופרים קאָורט איז. ער קען איינפאך טהאָן מיט יעדען געזעץ וואָס ער וויל דורך א פשט'ל און א וואָרט אין דער קאָנסטיטושאָן, אָדער דורך אן איינפאכע בויך סברה, אז אזוי האָבען דיא פערפאסער פון דער קאָנסטיטושאָן געמיינט, אָדער אזוי איז געוועזן דער „גייסט" פון דיא שרייבער פון דער קאָנסטיטושאָן — דורך אזוינע אונפעראנטוואָרטליכע מעטהאָדען קענען זיי טהאָן מיט דיא געזעצע פון לאנד וואָס זיי ווילען נאָר, און שטעלען זיך געגען זיי האָט קיינער קיין מאכט ניט. דער סופרים קאָורט האָט דעם לעצטען וואָרט אין אללע פראגען וואָס אָנבעלאנגען דעם געזעץ.

לאָמיר דיא זאך אביסעל בעסער ערקלעהרען: דיא רעגיערונג בעשטעהט פון דריי דעפארטמענטס : איינע מאכט דיא געזעצע, דאָס איז דער קאָנגרעס, דיא צווייטע פיהרט דורך

דיא געזעצע, דאס איז דער פרעזידענט און זיינע ארויסהעלפער און דיא דריטע פערטייטשט דיא געזעצע, דאס זיינען דיא דזשאדזשעס אין דיא קאורטס. פון אויבען אויף ווייזט אוים, אז די גרעסטע מאכט אין דער רעגיערונג איז די ערשטע אפטהיילונג, דיא געזעץ מאכער. אין אללע פרייע לענדער אין דער וועלט איז דיעזע דעפארטמענט ווירקליך דיא וויכטיגסטע און שטארקסטע. אין אמעריקא איז אבער אנדערש. דא פארנעהמען דיא דזשאדזשעס דעם וויכטיגסטען פלאץ. זיי קענען גוט הייסען און פסל'ען יעדען געזעץ. זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט דיא געזעץ־מאכער פון לאנד.

און דאס טרויעריגסטע דערביי איז, אז גראדע דיעזער ברענטש פון דער רעגיערונג, וועלכער האט דיא גרעסטע מאכט, איז אם קנאפסטען דעמאקראטיש, און אם קנאפסטען אבהענגיג און פעראנטווארטליך פאר דעם פאלק. דער קאנגרעס ווערט ערוועהלט פון פאלק. סיי דיא רעפרעזענטייטיווס פון דער ניעדעריגסטער האוז, סיי דיא סענאטארען האלטען זייערע עמטער בלויז אויף א בעגרענצטע צאהל יאהרען. זיי מוזען זיך אלזא מעהר אדער וויינינגער רעכנען מיט'ן ווילען פון פאלק. זיי מוזען דאך פון צייט צו צייט אנקומען צו זיי, פערלאנגען פון זיי וואוטס. דער פרעזידענט ווערט אויך ביז א געוויסען גראד ערוועהלט פון פאלק. און דיא עלעקשאנס קומען פאר אללע פיער יאהר. מיט דיא דזשאדזשעס איז אבער גאנץ אנדערש. זיי ווערען, ערשטענס, ניט עלעקטעט, נאר אפאינטעט. דאס פאלק האט איבער דיעזע אפאינטמענטס קיין שום דעה ניט, און נאכדעם וויא זיי ווערען שוין אפאינטעט קענען זיי קיינמאל ניט אראפגעזעצט ווערען פון זייערע פלעצער סיידען זיי בעגעהען א פארברעכען. דאס הייסט, מיט אנדערע ווערטער, זיי זיינען פאלקאם אונאבהענגיג פון פאלק. זיי דארפען פאר די אלגעמיינע מיינונג קיין שום מורא ניט האבען. קוים ווערען זיי נאר אפאינטעט זיינען זיי אזוי וויא געזאלבטע פון גאט. קיינער קען זיי פון זייערע פלעצער ניט ריהרען.

דיא קאנסערוואטיווע שרייבער בעטראכטען דיא אונגע־

הויערע מאכט פון דיא דושאַדזשעס אלס דער בעסטער און קליגסטער פונקט אין אונזער רעגיערונג. דער סופרים קאָורט, גלויבען זיי, איז דיא פעסטונג וואס בעשיצט דיא קאנסטיטושאָן געגען דעם קאנגרעס און געגען דאס פאלק. דיא ארגומענטען וואס זיי גיבען זיינען גאַנץ אינטערעסאַנט.

זיי ערקלערען, אז דיא קאנסטיטושאָן איז פערפאסט געווארען אום צו בעשיצען דיא רעכטע און דיא פרייהייטען פון פאָלק געגען דער רעגיערונג. דיא קאנסטיטושאָן בעשרייבט וואס דיא רעגיערונג מעג טהאָן און וואס זיא טאָר ניט טהאָן; וואס פאר געזעצע דער קאָנגרעס מעג מאכען און וואס פאר געזעצע ער טאָר ניט מאכען. דיא קאנסטיטושאָן, אלזאָ, שטעהט העכער וויא דער קאָנגרעס. זיא בעוואכט דאס פאלק געגען דיא שלעכטע געזעצע וואס דער קאָנגרעס קען מאכען. וויבאלד אזוי, קען מען דאָך ניט ערלויבען דער קאָנגרעס אליין זאָל ענטשיידען צי א געוויסער געזעץ זיינער איז געגען דער קאָנסטיטושאָן, צי ניט. געוויס וועט ער שטענדיג ענטשיידען, אז ער איבערטרעט ניט דיא קאנסטיטושאָן. דיעזע אויפגאבע צו פערטייטשען דיא קאנסטיטושאָן און צו ענטשיידען צי דיא געזעצע פון קאָנגרעס זיינען אין אנקלאנג מיט דער קאָנסטיטושאָן, מוז איבערגעגעבען ווערען צו א קערפערשאפט וואס האָט גאר ניט צו טהאָן מיט דיא געזעצמאכונג. און ווער איז דיעזע קערפערשאפט? דער סופרים קאָורט. דיא אנדערע צוויי דעפארטמענטס פון דער רעגיערונג, אי דער קאנגרעס, אי דער פרעזידענט, בעטהייליגען זיך אין מאכען דיא געזעצע. דער קאנגרעס נעהמט אָן דיא בילס און דער פרעזידענט שרייבט זיי אונטער.

דיעזע טענות זיינען אָבער פאלש פון אנהויב ביז'ן סוף. ערשטענס, איז עס ניט ריכטיג, אז דיא קאָנסטיטושאָן איז א פעסטונג וואס בעשיצט דאס פאלק געגען דער רעגיערונג. א רעגיערונג וואס איז אמת דעמאָקראטיש, א רעגיערונג אין וועלכע דאָס פאָלק הערשט, אין וועלכע דאָס פאָלק ערוועהלט זיינע געזעץ מאכערס, דאַרף ניט האָבען אזא פעסטונג. דער בעסטער־

שוין איז דער עלעקשאַן, דער וואוט וואס דאס פאָלק האָט. ווען דער קאָנגרעס פיהלט, אז דאָס פאָלק וויל האָבען א געוויסען געזעץ, פיהרט ער איהם דורך. ווען ער וויס, פארקעהרט, אז דאָס פאָלק איז געגען א געוויסען געזעץ, וועט ער זיך ניט וואַגען איהם דורכצופיהרען, צי דער געזעץ שטימט מיט דער קאָנסטיטוציאָן, צי ניט. דער פאקט איז, דאס דיא נידריגערע הויז, דיא האוז אָוו רעפרעזענטייטיווס, וועלכע ווערט ערוועהלט דירעקט פון פאלק, און וועלכע מוז אלע צוויי יאָהר אנקומען צו דיא וואוטערס, טהוט אין אלגעמיין דעם פאלק'ס ווילען. דיעזע לאַנד וואָלט היינט געהאט פיעלע פראגרעסיווע געזעצע, ווען דיא האוז אוו רעפרעזענטייטיווס וואלט געהאט דיא גאנצע דעה. צום אונגליק מוז זיא בעקומען דיא צושטימונג פון סענאט און פון פרעזידענט און דיעזע לעצטע פיהלען זיך ניט אזוי אבהענגיג פון ווילען פון פאלק. דיא סענאטאָרען איבערהויפט האבען געקענט בעהויפטען צו האנדלען געגען פאָלק'ס פערלאנג, ווייל זיי זיינען ביז איצט דירעקט צום פאָלק נאָך וואוטס ניט אנגעקומען און זיי ווערען ערוועהלט איין מאָל אין זעקס יאהר.

דיא פערטהיידיגער פון דעם יעצטיגען סיסטעם זאָגען, אז מען קען זיך ניט פערלאָזען אויף'ן קאנגרעס, אז ער זאָל פערטייטשען דיא קאָנסטיטושאָן, ווייל דער קאָנגרעס וועט זיין איינזייטיג. ער וועט אימער פערטייטשען דיא קאנסטיטושאָן אזוי אז אלע זיינע געזעצע זאָלען ארויסקומען כשר. דיעזע לאָגיק הינקט אביסעל צו. אויף דיא דריי, פיער הונדערט קאָנגרעס לייטע האָבען זיך דיעזע לייטע מורא צו פערלאָזען, און אויף ניין פערזאָן, אונפעראנטוואָרטליכע, אונבעריהרבארע, האַבען זיי קיין מורא ניט צו פערלאָזען זיך. זיי דיינקען אז עס איז זיכערער צו געבען אזא אונגעהויער גרויסע מאכט צו עטליכע אלטע דזשאַדזשעס, וויא צו עטליכע הונדערט אמת'ע פאלקס-פאָרשטעהער.

ווען דער סופרים קאָורט וואָלט בלויז געקענט פסל'ן'נען אזוינע געזעצע וועלכע זיינען אויסדריקליך געגען דער קאָנ-

סטיטושאָן, וואלט עס ניט געווען אזוי לעכערליך. ווען מען וואָלט, צום ביישפּיעל, געזאגט, אז אויב דער קאָנגרעס וויל אפּשאַפען דעם פּרעזידענט, קען דער סופרים קאורט איהם פארוועהרען, ווייל עס שטעהט אויסדריקליך אין דער קאנסטי־טושאָן אַז דיא רעגיערונג מוז האָבען א פּרעזידענט, וואלט עס צום ווענינגסטענס געווען לאָגיש. אָבער דער סופרים קאורט נעהמט זיך דאָס רעכט צו „פערטייטשען" דיא קאנסטיטושאָן, אַריינצולעגען אין דיא ווערטער מיינונגען און פּשט'לאך, איבער וועלכע זיי אליין קענען זיך ניט אייניגען. מיר האָבען עס גע־זעהען אין דיא צוויי קייסעס אין אָנפאנג פון דיעזען קאפּיטעל. נאָך מעהר, עס האָבען זיך שוין געמאכט פעלע ווען דער סופרים קאָורט האָט צוגעגעבען, אַז דיא קאָנסטיטושאָן ענטהאַלט וועגען זיי קיין וואָרט ניט, און פון דעסטוועגען האט דער קאָורט דיא געזעצע מבטל געווען אויף דעם גרונד אז זיי זיינען געגען דעם „גייסט" פון דער קאָנסטיטושאָן, אָדער געגען דעם „גייסט" פון דער רעגיערונג. מיט אַזוינע ווערטער הייסט עס, אז דיא עטליכע דזשאָדזשעס פון דיעזען קאָורט נעהמען זיך דאס רעכט צו טהאָן מיט דיא געזעצע פון קאנגרעס וואס זיי ווילען. זיי געברויכען דיא קאנסטיטושאָן בלויז אלס א תירוץ, אלס א פּרעטענזיע. ווען זיי געפעלט ניט א געזעץ, דאַן געפינען זיי שוין א וואָרט אין דער קאנסטיטושאָן וועלכער קען אזוי אויס־געטייטשט ווערען אַז ער זאָל זיין געגען דעם געזעץ. און אויב זיי געלינגט ניט דעם וואָרט צו געפינען, דערלאנגען זיי א זאָג אפּ, אַז דער געזעץ איז געגען דעם „גייסט" פון דער רעגיערונג, אַז ווען דיא אור־עלטערען פון דאס אמעריקאנישע פאלק וואל־טען מיט 130 יאָהר צוריק געוואוסט, אז דער קאָנגרעס וועט איצטער מאכען אזא געזעץ, וואלטען זיי עס פערבאָטען אין דער קאנכטיטושאָן. נו, געהט, לייקענט עס אפּ. און דאס איז גענוג דעם געזעץ מבטל צו מאכען.

מען מוז אין זינען האָבען נאָך א וויכטיגען פּונקט. דיא קאנסטיטושאן גופא זאָגט אין ערגעץ ניט, אַז דער סופרים קאורט האָט דאס רעכט צו ענטשיידען צי געזעצע זיינען קאָנ־

סטיטוציאָנעל צי ניט. דיא קאָנסטיטושאָן האָט דעם סופרים קאָורט ניט געשענקט דיא אונגעהייער גרויסע מאַכט צו פּערטייטשען דיא קאָנסטיטושאָן. דער סופרים קאָורט האָט דיעזע מאַכט אַליין אריינגענומען אין זיינע הענד. ער האט דיא מאַכט אוועקגערויבט פון קאנגרעס. ער האט פערטייטשט דיא קאנסטיטושאן אזוי, אז עס זאָל אויסווייזען, אז דיא קאנסטיטושאן האט איהם דיעזע מאַכט געגעבען.

וויא אַזוי דאס איז געשעהן, איז א צו לאַנגע מעשה צו דערצעהלען. דיא ערשטע צייט, ווען דיא אַמעריקאנער רעגיערונג האָט זיך שוין געגרינדעט, זיינען אָן דער שפּיצע פון איהר געשטאַנען קאָנסערוואַטאָרען, זיי האָבען זיך גערופען „פעדעראַליסטען". זיי זיינען אין הארצען געווען געגען א רעפּובליק, געגען פאָלקס־הערשונג. זייער אידעאַל פון א רעגיערונג איז געווען א מאָנארכיע; צום וועניגסטענס, אזא מאָנארכיע וויא ענגלאַנד האָט אין יענע יאהרען געהאַט. אָפען ארויסטרעטען געגען דער דעמאָקראטיע האָבען זיי אָבער מורא געהאט. דאָס אַמעריקאנער פאָלק איז אין יענער צייט געווען דורכגעדרונגען מיט א גייסט פון פרייהייט, פון פאָלקס־הערשאַפט. זיי האָבען, אַלזאָ, געמוזט דיא פלענער זייערע דורכפיהרען הינטער ארום, דאס פאָלק זאָל ניט בעמערקען. און דיעזע אונגעהייערע מאַכט וואָס זיי האָבען געגעבען דיא סופרים קאָורט דזשאָדזשעס איז געווען איינע פון דיעזע „הינטער־ארומיגע" מעטהאָדען.

זיי האָבען עס געטהאָן אויף אָן איינפאַכער אַרט. זיי האבען אפּאָינטעט אַלס דזשאָדזשעס פון סופרים קאָורט אזוינע לייטע, וועלכע האָבען געהאט דיא זעלבע מיינונגען וויא זיי, און דיעזע דזשאָדזשעס האָבען איינפאַך זיך גענומען דיא רעכט צו פערטייטשען דיא קאָנסטיטושאן. מאַנכע שטאאטס־לייט האָבען פּראָטעסטירט דאגעגען, אָבער דיא הויפּט־פיהרער פון דער רעגיערונג האָבען געשוויגען און אָנערקענט אז דיא דזשאָדזשעס האנדלען ריכטיג. און עס איז אזוי געבליעבען. איין דזשאָדזש האָט נאָכגעטהאָן דעם צווייטען. און אזוי איז פון א בערויבטע מאַכט געוואָרען אָן אָנערקענטע געזעצליכע מאַכט, וועלכע

זוערט איצט פון פיעלע גרויסע מענער אין דיעזען לאנד געלויבט אלס דיא בעסטע זאַך אין אונזער גאַנצער רעגיערונג.

דיעזע לעצטע בעהויפּטונג פון דיא פערטהיידיגער פון דיזען סיסטעם איז ווירקליך א מערקווירדיגע. דאָ האַנדעלט זיך דאָך ניט מכח אַן אבסטראַקטע פראַגע, אַ טהעאָריע, וועלכע דאַרף ענטשיעדען ווערען דורך סברות און מיינונגען. דאָס איז דאָך אַ פּראַקטישע זאַך. דער סופרים־קאָורט האָט זיך דאָך מיט זיין קעניגליכע מאַכט בענוצט זייט דיא רעגיערונג האָט זיך געגרינדעט, איבער 130 יאהר. עס זיינען נאָך אויך דאָ אנדערע פרייע לענדער וואו דיא קאָורטס בעזיצען ניט אזא מאַכט. מען קען דאָך אלזאָ אַ קוק טהאָן אויף דיא פאַקטען און זעהען צי דיא אַמעריקאַנער רעגיערונג, צי דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט געוואונען אָדער פערלאָרען דורך דיא הערשאַפט פון סופרים־קאָורט.

אלזאָ, וואָס זיינען דיא פאַקטען?

דער סופרים קאָורט האָט אימער פערטהיידיגט דיא אינטערעסען פון דיא רייכע און פון דיא קאָנסערוואַטאָרען. ער איז אימער געווען נעגען פּראָגרעסיווע געזעצע. אין אַ קאַמפף צווישען דאָס פאָלק, דיא גרויסע מאַסען, און דיא קליינע הייפעלע געלד־מאַגנאַטען, איז ער אימער געשטאַנען אויף דער זייט פון דיא שטאַרקע, פון דיא געלד־מענשען.

אין דיא ערשטע הונדערט יאהר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער סופרים קאָורט מבטל געמאַכט צוויי הונדערט געזעצע, וואָס דער קאָנגרעסס און פערשיעדענע סטייט לעדזשיסלייטשורס האָבען אָנגענומען. און כמעט אלע פון דיעזע פסקים זיינען געווען צו גונסטען דיא רייכע, דיא גרויסע טראַסטס און קאָרפּאָריישאַנס. דיא צוויי פאָלגענדע קייסעס, וועלכע מיר האָבען שוין דערמאָהנט אין אָנפאַנג פון דיעזען קאַפּיטעל, קענען דיענען אלס סעמפּעלס. אין איינע פון זיי האָט דער סופרים קאָורט ניט דערלאָזען דיא ארבייטס־שטונדען פון דיא בעקערס זאָלען בעגרענצט ווערען; אין דער צווייטער האָט ער

ניט צוגעלאזען דער קאנגרעסס זאל נעהמען ביי דיא רייכערע א העכערען טעקס וויא ביי דיא ארימע. פאר דער סיוויל קריעג, ווען דיא פראגרעסיווע מענשען פון לאנד האבען געזוכט צו מאכען געזעצע געגען נעגער שקלאפעריי, איז דער סופרים קאורט געשטאנען אויף דער זייט פון דיא שקלאפען הענד־לער און זיי געהאלפען אנהאלטען דיעזע פינסטערע, אונמענש־ליכע אינסטיטושאן. אין דעם קאמפף צווישען קאפיטאל און ארבייט, וועלכער ווערט שארפער פון יאהר צו יאהר, איז דאס זעלבע. דיא קאורטס העלפען קאפיטאל דורך אינדזשאנקשאנס, דורך פערשיעדענע אורטהיילען אין קייסעס צווישען באסעס און ארבייטער.

ווען דער סופרים קאורט געפינט ניט קיין שום גרונד א גוטען געזעץ מבטל צו זיין, דאן פערטייטשט ער דעם געזעץ אזוי, אז ער פערליערט זיין גאנצע ווערדע. אט, צום ביישפיעל, האט דער סופרים קאורט אין דעם יאהר 1911 אזוי פער־טייטשט דעם געזעץ געגען טראסטס, אז ער האט פערלארען זיין בעדייטונג, זיין ווירכטיגקייט. מיט איינינגע יאהר צוריק האט ער אויף אן עהנליכען אופן „געמאכט א תכלית" פון דעם געזעץ וועגען דער „אינטערסטייט קאמערס קאמישאן". דער קאנגרעסס האט דיעזע קאמישאן געגרינדעט זיא זאל קאנטרא־ליערען דיא ריילראודס און דיא קארפארייש אנס, זיי זאלען ניט אזוי רייסען דיא הויט פון פאלק. אבער דער סופרים קאורט האט אזוי פערטייטשט דעם געזעץ, האט אויף איהם געמאכט אזוינע משונה'דיגע פרושים, אז ער קען איצטער קיין זאך ניט אויפטהאן. ער האט אין גאנצען פערלארען דיא בעדייטונג, וואס דער קאנגרעסס האט געזוכט איהם צו געבען.

און דאס איז נאך ניט אלעס. דער קאנגרעסס, וויסענדיג פאראויס דעם קאנסערוואטיווען גייסט פון דעם סופרים קאורט, האלט זיך אפט צוריק פון מאכען געזעצע, וועלכע ער וואלט אונטער אנדערע אומשטענדען זיכער געמאכט. פאר וואס זאל ער זיך מיט דיעזע געזעצע באדערען, אז ער איז פאראויס זי־כער דאס אם ענדע וועט זיי דער סופרים קאורט מבטל זיין?

דיא פּראָגרעסיווערע דענקער און שטאַאַטסלייט פון לאַנד האָבען דיעזע אונגעהייערע מאַכט פון סופרים קאָורט אימער פערדאַמט. דער גרויסער שטאַאַטסמאַן און אמת פּראָגרעסי־ווער דענקער, טהאָמאַס דזשעפערסאָן, וועלכער איז אליין שפּע־טער געוואָרען פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, האָט גלייך וויא דיא רעגיערונג איז געגרינדעט געוואָרען, ארויס־געטראָטען שאַרף געגען דיעזען סיסטעם.

„עס איז פאַלש צו רופען אַזאַ רעגיערונג וויא אונזערע א רעפּובליק", האָט ער געשריבען, „וויא אַזוי איז זיא אַ רע־פּובליק, אַז דיא הויפּט מאַכט ליעגט אין דיא הענט פון אַ היי־פעלע דזשאַדזשעס, וועלכע ווערען ניט ערוועהלט פון פאָלק און וועלכע זיינען אונאַבהענגיג פון פאָלק".

דזשעפערסאָן האָט מיט אַלע כוחות געקעמפּפט געגען דיא הערשאַפט פון סופרים קאָורט. אָבער דיא לאַנד איז דאַמאָלסט געווען אין דיא הענט פון דיא רייכע קלאַססען, און פאַר זיי איז דער סופרים קאָורט געווען וויא געוואונשען. דיא רייכע האָבען דאָס געווירקט אויף דיא שרייבער און אויף דיא לעה־רער פון אַלע דורות זיי זאָלען איינדרוקען אין דיא מוחות פון דעם פּראָסטען עולם, אַז דער סופרים קאָורט איז דיא הייליג־סטע, דיא ערהאַבענסטע און דיא וויכטיגסטע זאַך אין דער רעגיערונג. מיט דער צייט האָט דאָס פאָלק אַזוי פערהייליגט דעם סופרים קאָורט, אַז דער וואָס רעדט אויס אַ וואָרט געגען איהם, ווערט בעטראַכט וויא אַ פערשווערער פון אַ הייליגטהום, וויא אַ פערדעטהער פון לאַנד, וויא אַ מורד במלכות.

אין קיין לאַנד אין דער וועלט פערנעהמען ניט די קאָורטס אַזאַ ערהויבענעם פּלאַץ אין דער רעגיערונג. ענגלאַנד איז אין דיעזער הינזיכט פיעל דעמאָקראַטישער וויא אַמעריקאַ. דאָר־טען האָבען דיא קאָורטס ניט דיא מאַכט מבטל צו זיין אַ געזעץ וואָס דער פּאַרלאַמענט מאַכט. דאָס ענגלישע פאָלק גלויבט, אַז דיא מענשען וואָס זיי ערוועהלען, דיא מעמבערס פון פּאַר־לאַמענט, ווייסען בעסער צי אַ געזעץ איז געגען דער קאָנסטי־טושאָן, צו ניט, און אויב זיי דענקען, אַז דער געזעץ איז ניט

געגען דער קאנסטיטושאן, קענען דיא קאורטס זיך ניט אריינ־מישען. דיא אמעריקאנער פאטריאטען, וועלכע זיינען אזוי פעסט איבערצייגט, אז דער סופרים קאורט איז דער ווינקעל־שטיין פון דער גאנצער רעגיערונגס־געביידע און אז ווען ער וואלט ניט געהאט דיא מאכט, וואס ער האט, וואלט אונזער רעפובליק צופאלען אויף שטיקער — דיעזע בלינדע חסידים האבען געמעגט א בליק טהאן אויף ענגלאנד און זעהען וואס פאר נאראנים זיי זיינען. דיא ענגלענדער האבען ניט קיין קיי־זערליכען סופרים קאורט. ביי זיי איז דער פאלקס־פארלאמענט דער קייזער, און זייער רעגיערונג איז שטארק, אמת דעמאָ־קראטיש און ווייט, ווייט מעהר פראגרעסיוו ווי די אמעריקאנער.

מערקווירדיג, טראָץ דעם וואס דיא גרעסטע מענער פון דיעזע לאנד האבען אנגעוויזען וויא אונדעמאקראטיש, וויא אונגערעכט עס איז צו געבען דעם סופרים קאורט דיא מאכט מבטל צו זיין געזעצע, טראָץ דעם וואס דיא גרויסע פאליטישע פארטייען האבען ביי געוויסע געלעגענהייטען אויסגעדריקט זייער פראטעסט געגען דיעזען סיסטעם, זיצט דאך דער סופרים קאורט היינט אויף זיין מעכטיגען טהראן, פונקט אזוי וויא מיט זעכציג, זיעבעציג יאהר צוריק. ווען דיא רעפובליקאנישע פארטיי האט זיך געגרינדעט, איז איהר הויפט אויפגאבע גע־ווען צו סטאפען דעם וואוקס פון שקלאפען האנדעל, און אלס אזא פארטיי האט זיא אין איהר ערשטע פלאטפארמע שטארק אנגעגריפען דעם סופרים קאורט, וועלכער איז געשטאנען אויף דער זייט פון דיא שקלאפען הענדלער. לינקאלן האט אין איינע פון זיינע רעדעס דאן געמאכט דיא פאלגענדע שטארקע ער־קלעהרונג: „אויב דער סופרים קאורט וועט האבען דיא מאכט צו בעשטימען דיא פאליסי פון דער רעגיערונג אין בעצוג צו דיא גרויסע, וויכטיגע פראגען, דאן איז דאס לאנד ניט מעהר קיין דעמאקראטיע, דאן הייסט עס, אז דאס פאלק האט איבער־געגעבען זיין רעגיערונג אין דיא הענט פון דיעזען קאורט“.

אין 1896 האט דיא דעמאקראטישע פארטיי שטארק אטאקירט דעם סופרים קאורט אין איהר פלאטפארמע. מר.

ברייען איז אַין א רעדע ביי דער קאָנווענשאַן, וועלכע האט אהים נאָמינירט פאר פּרעזידענט, ארויסגעטראָטען געגען די קאָורטס, וועלכע נעהמען זיך א רעכט ארויסצוגעבען אינדזשאָנקשאָנס. ער ערקלעהרט, אז דער סופּרים קאָורט האט קיין רעכט ניט געהאט מבטל צו זיין אזא וויכטיגען געזעץ וויא דעם אינקאָם טעקס.

און טראָץ דעם האט נאָך קיין פּארטיי קיינמאָל ניט געמאכט דעם מינדעסטען פערזוך ווירקליך עפּעס צו טהאָן דיעזע מאכט פון סופּרים קאָורט אוועקצונעהמען אדער איהר אם ווייניגסטען צו בעשרענקען. דיא אורזאכע דערפון איז א גאַנץ איינפאַכע. דיעזע צוויי פּארטייען ווערען קאָנטראָלירט פון דיא רייכע קלאַסען און, וויא מיר האבען שוין אויבען בעוויעזען, איז דער סופּרים קאָורט דיא פעסטונג, וועלכע בעשיצט דיא רייכע געגען דיא ארימע, קאַפּיטאל געגען ארבייט, טראָסט־מאַגנאַטען געגען פאָלק, דיא קליינע צאָהל געלד־אריסטאָקראַטיע געגען דיא גרויסע פאָלקס־מאַסען.

אָט וואס א אייראָפּעאישער וויסענשאַפטס־מאַן שרייבט וועגען אונזער סופּרים קאָורט:

„דאס פאָלק קען איינגעהמען, קען קאָנטראָלירען דיא אַנדערע צוויי צווייגען פון דער רעגיערונג: דעם קאָנגרעס און דעם פּרעזידענט. עס איז נאר א פראַגע פון צייט. דאס פאָלק קען אומבייטען זיינע קאָנגרעסלייטע און זיין פּרעזידענט אויף אַנדערע. מיט דעם סופּרים קאָורט אבער קען ער גאר ניט טהאָן. ער קען איהם קיינמאָל ניט דערגרייכען. פון צוואַנציג ביז דרייסיג יאהר נאכאַנאַנד קען דיעזער קאָורט מיסברויכען זיין מאַכט אָהן מורא, ער קען פערניכטען דיא געזעצע וואס דיא אַנדערע צוויי ברענטשעס מאַכען, אדער א פּאָליסי וואס דאס גאַנצע פאָלק פאָדערט. אין יעדע רעגיערונג מוז זיין א מאַכט וואס הערשט אבסאָלוט, וואס קען פון קיינעם ניט בעהערשט ווערען. אין א דעמאָקראַטיע איז דיעזע מאַכט דאס פאָלק. אין אַמעריקא איז זיא אבער דער סופּרים קאָורט. איך קען ניט בעגרייפען קיין שלאַגענדערען פּאָליטישען ווידערשפּרוך וויא

דיעזער: אז א לאנד וואס האלט זיך פאר א פאלקאמענע דעמא־קראטיע זאל דיא העכסטע מאכט אבגעבען אין דיא הענד פון א קליינע צאהל מענשען, וועלכע ווערען ניט ערוועהלט פון פאלק. דיא דזשאדזשעס פון דיעזען קאורט ווערען געביטען איין מאל אין א גאנצען דור. דיעזער קאורט קען פעראייביגען דיא פאר־אורטהיילע פון דיא פערגאנגענע דורות און קען בעקעמפפען דעם נייעם גייסט פון דער מאדערנער צייט, ווען זאגאר דאס גאנצע פאלק איז דורכגעדרונגען מיט איהם".

עס איז טאקע א וואונדער, אן אונזינן, אן אונרעכט. אלע דענקענדע מענשען מיט א שטיקעל פרייען גייסט גיבען עס צו. אבער, וויא עס ווייזט אויס, וועט עס אזוי שנעל ניט געענ־דערט ווערען, כל זמן דער סופרים קאורט דיענט דיא אינטערע־סען פון דיא שטארקערע עלעמענטען אין דער געזעלשאפט, דיא אינטערעסען פון דיא געלד־מענשען, וועט אויך איהם קיין שטויב ניט פאלען. ער וועט בלייבען הייליג כל זמן דער קאפי־טאליסטישער קלאס וועט הערשען איבער'ן לאנד.

---

## קאפיטעל 16.

## דיא בעציהונגען צווישען דיא וואשינגטאנער רעגיערונג און דיא אויסלענדישע רעגיערונגען.

אין אלע צייטען, זאגאר מיט טויזענדע יאהרען צוריק, ווען דיא וועלט איז נאך ניט געווען ציוויליזירט, האבען דיא פערשיעדענע פעלקער געהאט געוויסע בעציהונגען צווישען זיך. זעלטען ווען א פאלק האט געלעבט אפגעזונדערט פון דיא איבע־ריגע נאציאנען. עגיפטען איז געווען דיא איינציגע לאנד, וואס האט עס געטרייט צו טהאן. זיא האט זיך געהאלטען פאר א צו גרויסע יחסן'טע און האט מיט פרעמדע ניט געוואלט קומען אין בעריהרונג. דיא ענדע איז געווען, דאס זיא איז שנעל פערגליווערט געווארען און איז בעזיעגט און פערשלונגען גע־

וואָרען פון דיא ארומיגע פעלקער. דיא גרעקען און דיא רוימער אין דיא אַלטע צייטען האבען געהאנדעלט גראדע פערקעהרט; זיי האבען געזוכט זיך צו בעקענען און צו בעפריינדען וואס מעהר מיט דער וועלט. זיי האבען געהאנדעלט מיט דיא ארומיגע פעלקער, האבען פון זיי געלערנט, וואס עס איז ווערטה גע־ווען צו לערנען. און דארום זיינען טאקע דיא צוויי פעלקער געווען דיא ערפאָלגרייכסטע, דיא שטארקסטע און דיא גרעסטע אין יענע צייטען.

איצטער איז דאָך אבגערעדט. דיא פערבינדונגען צווישען דיא ציוויליזירטע לענדער זיינען פאָליטישע, עקאָנאָמישע, אינ־דוסטריעלע, קאָמערציעלע, גייסטיגע, מאָראלע, ליטערארישע און זאָ ווייטער. ווען א לאנד וואָלט איצט אבגעשניטען דיא פערבינדונגען מיט אלע איבעריגע לענדער, וואָלט זיא לאנג ניט געקענט עקזיסטירען. מאנכע לענדער וואָלטען אונטער אזוינע אומשטענדען איינפאך אויסגעשטאָרבען פון הונגער, ווייל זייער ערד פראָדוצירט ניט גענוג עסענווארג פאר דער בעפעלקערונג און זיי לעבען מיט דיא תבואה און פלייש, וואס זיי קויפען אין אויסלאנד. דער אינטערנאציאָנאלער האנדעל איז איינפאך פון דיא גרונד־פונדאמענטען פון אונזער עקאָנאָמישען עקזיס־טענץ. ווען אמעריקא וואָלט אויפגעהערט צו פאבריצירען סחורה פאר יוראָפ און פאר אזיען, וואָלט אין דיעזער לאנד געוואָרען א חורבן. הונדערטע פעקטאָרים וואָלטען זיך פער־מאכט, מיליאָנען מענשען וואָלטען פערלאָרען זייער ברויט; און דיא גאנצע אָרדנונג פון דער געזעלשאפט וואָלט געמוזט אי־בערגעבויט ווערען, און דאס, נאטירליך, וואָלט אָהן פיעל בלוט פערגיסונג ניט געשעהן.

עס פערשטעהט זיך, אז אויף דיעזע אינטערנאציאָנא־לע בעציהונגען און פערבינדונגען פאסען אויף דיא רע־גיערונגען. דאס, אייגענטליך, איז איינע פון דיא הויפט־אויפ־גאבען פון יעדע רעגיערונג. אין אמעריקא בעלאנגט עס צו דער פעדעראלער רעגיערונג אין וואשינגטאָן. דיא בעזונדערע סטייטס טאָרען מיט דיעזע אנגעלעגענהייטען גאר ניט האבען

צו טהאן. דיא נאציאנאלע רעגיערונג אטענדעט צו דיזע „ביזנעס", און וואס זיא טהוט איז געטהאן פאר דער גאנצער לאנד, פאר אלע סטייטס גלייך.

דורך וואס פאר מיטלען ווערען דיזע אינטערנאציאנאלע אנגעלעגענהייטען געפיהרט? דורך דריי פערשיעדענע מיטלען: 1) דורך פערטרעטער, פערזאנען וואס איין רעגיערונג שיקט אלס פארשטעהער אין דער צווייטער; 2) דורך אפמאכונגען, „טריטיס", פון דיא רעגיערונגען צווישען זיך, און 3) דורך זאגענאנטע אינטערנאציאנאלע געזעצע, וועלכע יעדעס פאלק איז מאראליש פערפליכטעט צו פאלגען, אויב ער וויל אנערקענט ווערען אלס א ציוויליזירטער פאלק.

---

## דיא אפיציעלע פערטרעטער, וואס אמעריקא האט אין אנדערע לענדער.

צוויי קלאסען פארשטעהער שיקט דיזע לאנד אין אלע פרעמדע לענדער. איינע, דיא העכערע, אטענדעט צו דיפלאמאטישע און פאליטישע אנגעלעגענהייטען, און דיא צווייטע גיט זיך אפ מיט פראגען, וואס זיינען שייך צו האנדעל און אינדוסטריעלע ענטוויקלונג. צו דער ערשטער קלאס געהערען דיא אמבאסאדארס און דיא מיניסטארען (רעגיערונגס־פערטרעטער). צו דער צווייטער קלאס בעלאנגען דיא קאנסולס. עס פערשטעהט זיך, אז דיא אמבאסאדארס און דיא מיניסטארען זיינען פיעל וויכטיגער און שטעהען פיעל העכער וויא דיא קאנסולס.

דיא אויפגאבען פון אן אמבאסאדאר און א מיניסטער זיינען דיא זעלבע. דער אונטערשיעד צווישען זיי בעשטעהט נאר אין טיטעל; אמבאסאדאר איז א העכערער טיטעל וויא מיניסטער. ביי דיא אייראפעאישע פעלקער, וועלכע האבען קעניגע אדער קיסרים, איז דא אן אמת'ער אונטערשיעד. דארטען הייסט עס, אז דער אמבאסאדאר ווערט געשיקט אלס פער־

זענליכער פארשטעהער פון דעם קעניג אדער פון דעם קיסר, ווערענד דער מיניסטער ווערט געשיקט אלס דער פערטרעטער פון דער גאנצער רעגיערונג פון פאלק. ווייל ער פערטרעט דיא קעניגליכע פערזאן גופא, שטעהט דער אמבאסאדאר פיעל העכער וויא דער מיניסטער. איהם קומט מעהר כבוד און מעהר עהרע. ער מוז בעהאנדעלט ווערען וויא דער קעניג, וועמען ער רעפרעזענטירט.

ביז דעם יאהר 1893 האט דיא אמעריקאנער רעגיערונג געשיקט אלס פערטרעטער בלויז „מיניסטארען". זייענדיג א רעפובליק, האט זיא דאך קיין אמבאסאדארס ניט געקענט שיקען. וועמען וואלט דער אמבאסאדאר פערטראטען? דעם פרעזידענט? אין אונזער רעגיערונג איז דער פרעזידענט ניט קיין יחסן. אלס פערזאן פערנעהמט ער אין דער געזעלשאפט דעם זעלבען פלאץ וויא אירגענד אנדערע איינצעלנע פערזאנען. דא איז וויכטיג דיא רעגיערונג, דאס פאלק. און דיא רעגיערונג ווערט דאך פערטראטען פון א „מיניסטער".

דאס וואס אמעריקא האט ניט געהאט קיין אמבאסאדארס אין דיא אייראפעאישע קייזערליכע הויפען, האט אבער אונזער רעגיערונג פעראורזאכט פיעלע אונבעקוועמליכקייטען און אמאל זאגאר האבען מיר געמוזט ליידען ערניעדרונגען. אין דיא אייראפעאישע קייזערליכע הויפען ווערט אלעס געפיהרט נאך דיא אלטע אריסטאקראטישע מנהגים, וואס זיינען שטארקער וויא אייזען און וואס ווערען דארט געהאלטען הייליגער וויא גאט'ס געבאט. צווישען דיזע אייזערנע מנהגים איז דא איינער, וועלכער שטעלט דעם אמבאסאדאר העכער וויא דעם מיניסטער, און וועלכער גיט דארום דעם אמבאסאדאר פיעלע פריווילעגיען, וואס דער מיניסטער קריעגט ניט. ביי געוויסע הויף־בעללער און הויף צערעמאניעס ווערען צוגעלאזען בלויז אמבאסאדארס, מיניסטארען ניט. ווען צוויי פערטרעטער ווילען צוגעלאזען ווערען צום קעניג, צו האבען מיט איהם א נויטיגען געשפרעך, לאזט מען פריהער אריין דעם אמבאסאדאר, קיין אונטערשיעד וועלכע רעגיערונג ער זאל ניט פערטרעטען. עס האט, אלזא, אין

יענע יאהרען פיעלע מאָל פּאַסירט, דאס דער אמעריקאנער מיניסטער האט געמוזט ווארטען אויטסייד ביז וואנען אן אמבאסאַדאָר פון א פיעל־קלענערע רעגיערונג איז פארטיג געוואָרען מיט זיין געשפּרעך מיט׳ן קעניג אדער קייזער, און דאַן ערשט האט מען איהם אריינגעלאָזען. ביי פיעלע צערעמאָניעס און הויפבעללער, וואו קליינע, אונבעדייטענדע רעגיערונגען האבען געהאט זייערע פערטרעטער, זיינען דיא אמעריקאנער מיניסטאָרען ניט צוגעלאָזען געוואָרען בלויז דערפאַר, וואס זיי האבען געטראָגען דעם טיטעל מיניסטער און ניט אמבאסאַדאָר.

אמאָליגע יאהרען האט זיך פיליכט דיא אמעריקאנער רעגיערונג וועגען דעם ווייניג וואס אפּגעגעסען דאס האַרץ. קיין פּאַקטישע פערלוסטען האט דאס פאָלק פון דעם ניט געהאט; און דאס וואס דיא פערטרעטער אונזערע האבען זיך ניט בעטהייליגט אין א קייזערליכען טאַנץ, האבען מיר ניט בעטראַכט פאר אן ערניעדערונג. מיט דער צייט האט זיך אבער דיא מיינונג דאָ געענדערט. צום ווייניגסטען האט זיא זיך געענדערט ביי דיא לייטע, וואס שטעהען אן דער שפּיצע פון אונזער רעגיערונג. און דער קאָנגרעס האט אין 1893 אנגענומען א בילל, דאס אמעריקא זאָל שיקען אין אַנדערע לענדער דיא זעלבע סאָרט פאָרשטעהער, וואס יענע לענדער שיקען אין אמעריקא. ווען א לאַנד שיקט צו אונז א פערטרעטער, וואס טראָגט דעם טיטעל אמבאסאַדאָר, שיקען מיר אין יענער לאַנד אונזערען א פערטרעטער מיט׳ן זעלבען טיטעל. קיין גרעסערע נוצען האבען מיר, וויא געזאָגט, ניט פון דיא אמבאסאַדאָרס, וויא מיר האבען פריהער געהאט פון דיא מיניסטאָרען. דער אונטערשיעד איז מעהר ניט דיעזער: ווען זיי זיינען געווען מיניסטאָרען, האבען זיי ניט געדאַרפט נאכטאַנצען דיא הויכע אריסטאָקראַטען פון דיא אייראָפּעאישע קייזערליכע הויפען. זייערע עקספּענסעס זיינען געווען דארום פיעל קלענער. נאָך איצטער האבען מיר אין פיעלע לענדער איינפאַכע מיניסטאָרען און זייער געהאַלט איז טאַקע א סך קלענער וויא דיא געהאַלט פון דיא אמבאסאַדאָרס.

אונזערע אמבאסאַדאָרס אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטש־

לאנד און רוסלאנד בעקומען צו 17 טויזענד און 500 דאלאר א יאהר. דיא מיניסטאָרען וואס מיר האבען אין בראזיליען, שפּאַניען, כינא און יאפּאן קריגען בלויז 12 טויזענד דאלאר א יאהר; און דיא מיניסטאָרען אין עסטרייך, ארגענטיניען, פּערו, טשילי און פיעלע אנדערע לענדער קריגען ניט מעהר ויא 10 טויזענד דאלאר א יאהר.

וואס זיינען דיא אויפגאבען פון אן אמבאסאדאָר אדער א מיניסטער? אין אלגעמיין גערעדט, דארף ער פערטהיידיגען און פערטרעטען דיא אינטערעסען פון זיין לאנד. ער דארף זיך גוט בעקענען מיט דער פּאָליטיק פון דעם לאנד, וואו ער ווערט געשיקט. ער דארף אויך זעהן מאכען גוטע פריינד צווישען דיא דיפּלאָמאטען און שטאאטסלייט וואס פיהרען דאָרטען דיא רעגיערונג. ער מוז אויך זעהן פערשטעהן דעם גייסט פון דאס פּאָלק דאָרט, און אויספאָרשען זייערע בעציהונגען און געפיהלען און מיינונגען וועגען דאס אמעריקאנער פּאָלק. ווען ער דערשפירט, אז א שטיקעל טראָבעל פאנגט זיך אָן צו ענטוויקלען צווישען דיא צוויי רעגיערונגען, דארף ער טרייען וואס שנעלער דיא זאך סעטלען און פערהיטען, דאס דער טראָבעל זאָל ווייטער ניט גרייכען. אָט, צום ביישפּיעל, מאכט זיך אָפט, אז אן אמעריקאנער בירגער, וועלכער פאָהרט דורך דייטשלאנד אדער רוסלאנד, ווערט אומזיסט ארעסטירט אדער געבאדערט אויף אן אנדער ארט. דער אמבאסאדאָר קען, נאטירליך, וועגען דעם גלייך „קאָמפּליינען" קיין וואשינגטאָן. דאס וואָלט אבער פערורזאכט א גאנצען סכסוך און וואָלט אויפגערעגטביידע פעלקער. דער אמבאסאדאָר דארף זעהן דיא זאך אליין סעטלען שטילערהייט. ער דארף זיך זעהן מיט דיא בעאמטע, איבעררעדען מיט זיי דיא זאך און ווירקען אויף זיי, דאס זיי זאָלען קיין טראָבעל ניט פערשאפען.

א פעהיגער אמבאסאדאָר קען זעהר פיעל נוצען ברענגען זיין לאנד. ווען עס מאכט זיך א סכסוך צווישען זיין רעגיערונג און דיא רעגיערונג, וואו ער געפינט זיך, קען ער זעהר פיעל ווירקען צו גונסטען זיין לאנד. קיין אייגענע מאכט האט דער

אמבאסאדאר אפילו ניט. ער איז נאר דער פערטרעטער, דער פארשטעהער פון וואשינגטאן און מוז טהאן דאס וואס מען הייסט איהם פון וואשינגטאן. זיינע ווערטער, זיינע פארשלעגע, זיינע פלענער אין פאל פון א סכסוך האבען קיין ווערדע ניט, סיידען ער קריעגט דערויף דיא צושטימונג פון דער ווייסער הויז אין וואשינגטאן. ער קען אבער פיעל אויפטהאן אינדירעקט. ער קען אויסגעפינען און אויספארשען דעם סענטימענט פון דעם אנדער צד. ער קען זיי אנטאפען דעם דופק, זא צו זאגען, און ראטהען זיינע עלטסטע אין וואשינגטאן וויא צו האנדלען. אויב ער איז ווירקליך א פעהיגער מענש, פערלאזען זיך דיא עלטסטע אויף איהם זעהר, זעהר פיעל.

דאס זעלבע איז אויך ווען מען דארף מאכען א „טריטי“ מיט א לאנד. דער אמבאסאדאר, וואס איז דארטען דער פערטרעטער, שפיעלט א וויכטיגע ראלע אין אויסארבייטען דיא פונקטען פון דער „טריטי“. פערפאסט ווערט דיא „טריטי“ פון דעם סעקרעטערי אוו סטייט אדער פון א קאמישאן, וואס דער סעקרעטערי אוו סטייט אפאינטעט; און איידער זיא ווערט אנגענומען מוז זיא גוטגעהייסען ווערען פון סענאט. אבער דער אמבאסאדאר, וויסענדיג דעם גייסט פון דעם לאנד, פערשטעהענדיג דיא פאליטיק דארטען און דעם כאראקטער פון דיא מענשען, וואס פיהרען דארטען דיא רעגיערונג, קען געבען דעם בעסטען ראטה אין בעצוג צו דיא פונקטען פון דער „טריטי“, וועלכע פונקטען מען וועט קענען דורכפיהרען און וועלכע ניט; וועלכע פונקטען עס וועלען בריינגען נוצען פאר אמעריקא און וועלכע עס וועלען קיין נוצען ניט בריינגען א. ז. וו.

דיא אלע זאכען טהוט ער אבער אינדירעקט און אונאפיציעל. אפיציעל איז ער ניט מעהר און ניט וויינינגער וויא אן אגענט, וועלכער דארף דורכפיהרען דאס, וואס מען הייסט איהם פון וואשינגטאן. ווען דער סעקרעטערי אוו סטייט וויל שיקען א דאקומענט אדער א בריעף צו אן אויסלענדישע רעגיערונג, שיקט ער דאס צום אמעריקאנער אמבאסאדאר אין יענער לאנד, און דער אמבאסאדאר גיט עס איבער צו דער רעגיערונג. דאס

זעלבע איז אויך מיט אירגענד אנדערע אָפיציעלע אונטערהאַנד־לונגען. דער אַמבאַסאַדאָר אדער דער מיניסטער קריעגט דעם בע־פעהל ער זאָל דאס און דאס טהאָן, ער זאָל דאס און דאס זאָגען, און ער מוז אויספיהרען פּינקטליך וואס דער בעפעהל הייסט איהם. אויף זיך שטעלען טאָר ער ניט. ער דאַרף זיך בעטראַכטען בלויז וויא א שליח, וויא אַן אגענט.

דער אַמבאַסאַדאָר טאָר זיך ניט מישען אין דיא אינערליכע פּאָליטיקס ניט פון דער לאַנד, וואו ער געפינט זיך און ניט פון דער לאַנד וואס ער פערטרעט. ער דאַרף בלויז האַלטען דיא אויגען אָפען, אַלץ זעהן. אבער אויסדריקען א מיינונג טאָר ער ניט. דיא אורזאַכע דערפון איז, וואס ער דאַרף זעהן זיין גוט־פריינד מיט אַלע עלעמענטען אין דער רעגיערונג. ווען ער רייסט זיך איין מיט א געוויסען עלעמענט הייסט עס, אַז זיין לאַנד האַלט יענעם עלעמענט אַלס שונא, און זיא קען אַמאָל דערפון א סך ליידען.

אויסער דיא רעגעלע שטענדיגע פאָרשטעהער שיקט פון צייט צו צייט אַמעריקא ספּעציעלע קאָמיסיעס פאר ספּעציע־לע צוועקען. אין דיעזער מלחמה, צום ביישפּיעל, האט ווילסאָן געשיקט א קאָמיסיע נאָך רוסלאַנד צו טהאָן דאָרטען אייגענטליך דיא זעלבע פאָרט ארבייט, וואס דער אַמבאַסאַדאָר דאַרף טהאָן. יעדער מיטגליעד פון דיעזער קאָמיסיע איז פון פּרעזידענט בע־פּאָלמעכטיגט געוואָרען צו האַנדלען אַלס פאָרשטעהער פון דער אַמערקאַנישער רעגיערונג אין אַלעם, וואס אנבעלאַנגט זייער ספּעציעלער שליחות. ווען פריעדען וועט דאַרפען געשלאָסען ווערען, וועט אַן ע.הנליכע קאָמיסיע געשיקט ווערען דעם פריע־דענס־אפּמאַך אויסצואַרבייטען.

## דער קאָנסול; זיינע פליכטען און אויפגאַבען.

דער צווייטער קלאַס פערטרעטער, וואס אַמעריקא שיקט נאָך אויסלאַנד, הייסען קאָנסולס. זיי ווערען צושיקט אין אַלע גרויסע און וויכטיגע שטעדט, איבערהויפּט האפען־שטעדט און וויכטיגע האַנדעלס־צענטערס. אין גרונד גענומען זיינען קאָנ־

סולס ניט קיין אמת'ע פאַרטרעטער. זיי זיינען בלויז ביזנעס אַגענטען, וואָס אַרבייטען אין אויסלאַנד אין דיא אינטערעסען פון אַמעריקאַנער האַנדעל. זיי האָבען אַנדערע זייטיגע אויפגאַבען, אָבער דער עיקר גיעבען זיי זיך אָפּ מיט אַזוינע זאַכען, וואָס קענען נוצען בריינגען דיא אַמעריקאַנער אינדוסטריען.

דיא הויפּט אויפגאַבע זיינע פיהרט יעדער קאָנסול דורך אויף פיעלע פערשיעדענע וועגען. ער שטודירט גרונטיג אויס דיא געשעפטען און דיא אינדוסטריען פון דער שטאָדט און דעם גאַנצען געגענד, וואו ער געפינט זיך. ער געפינט אויס, וואס פאַר אַ סחורות דער געגענד ברויכט אַם נויטהיגסטען, און צי וואָלט זיך געלוינט פאַר דיא אַמעריקאַנער ביזנעס לייטע דיעזע סחורות אַהין אריינצושיקען, צי איז דאָרטען דאָ אַ מאַרקעט פאַר זיי. אויב אַמעריקאַנער וואַארע ווערט שוין דאָרטען פון פריהער פאַרקויפט, דאַרף ער זיך ערקונדיגען פון דיא דאָרטיגע ביזנעס-לייט און פון דיא איינוואָהנער צי זיי זיינען מיט דיעזע וואַארע צופריעדען, און, אויב ניט, וואָס האָבען זיי געגען דיא סחורה אויסצוזעצען. אמאָל קען אַ קלייניגקייט אָפּווענדען פיעלע קאָסטאָמערס, אַ קלייניגקייט, וועלכע קען לייכט געענדערט ווערען. אמאָל קען דער קאָנסול אויסגעפינען, דאָס אַ געוויסער אַמעריקאַנער אַרטיקעל וואָלט זיך פיעל מעהר פערקויפט, ווען מען וואָלט איהם אַנדערש געפּאַקט, אָדער ווען ער וואָלט עטוואָס אַנדערש געמאַכט געוואָרען, ווערליג נאָך דעם געשמאַק פון דער בעפעלקערונג. אַמאָל קען ער דערגעהן, אַז דיא סטאָרקיפּערס וואָלטען דיא אַמעריקאַנער וואַארע פיעל מעהר „געפּושט", ווען זיי וואָלטען געקראָגען לייכטערע בעדינגונגען, ווען מען וואָלט זיי, צום ביישפּיעל, ערלויבט צו באַצאָהלען דיא ביללס ניט אין דרייסיג נאָר אין פערציג טעג, אָדער ווען מען וואָלט זיי ערלויבט אַ עטוואָס בעסערען פּראָפיט. דיא אַלע זאַכען דאַרף דער קאָנסול אויסגעפינען און דאָס רעפּאָרטען צו דער אַמעריקאַנער רעגיערונג. זיא דרוקט דיא אַלע קאָנסול-רעפּאָרטס און צושיקט זיי צו דיא גרויסע ביזנעס-לייט, וואָס גיעבען זיך אָפּ מיט עקספּאָרטען וואַארע קיין אויסלאַנד.

דער קאָנסול דאַרף אויך זעהן, אַז די אויסלענדישע סוחרים זאָלען ניט בעשווינדלען דיא אַמעריקאַנער ביזנעס־לייט אָדער דיא אַמעריקאַנער רעגיערונג. ווען אַ פירמאַ פון זיין שטאָדט שיקט אָפּ וואַארע קיין אַמעריקאַ, דאַרף ער זעהן, אַז דיא פירמאַ זאָל ניט איבערנעהמען אין פּרייז, און זאָל ניט אָפּנאַרען דיא אַמעריקאַנער סוחרים אין וואָג אָדער אין מאָס. ער דאַרף אויך לאָזען וויסען דער אַמעריקאַנער רעגיערונג דיא ריכטיגע ווער־דע פון די עקספּאָרטירטע וואַארעס, כדי מען זאָל דאָ וויסען ווי־פיעל טאַריף צו נעהמען פאַר זיי.

אין אַ האַפען שטאָדט האָט דער קאָנסול פיעל צו טהאָן מיט דיא מאַטראָזען פון דיא אַמעריקאַנער שיפען. אַללע סכסוכים צווישען דעם קאַפּיטאַן און דיא מאַטראָזען פון דיא אַמעריקאַנער שיפען ווערען פאַרגעלייגט פאַר'ן קאָנסול און ער דאַרף זיי סעטלען. ווען אַ מאַטראָז וויל פאַרלאָזען דיא שיף און ניט צוריקפאָהרען מיט איהר, מוז ער דאַרויף קריעגען דיא ערלויבנים פון קאָנסול. ווען מאַטראָזען אָדער קאַפּיטאַנען האַ־בען קאָמפּליינטס צו מאַכען געגען דיא בעאַמטע פון דער האַפען־שטאָדט, לייגען זיי זיי פאָר פאַר'ן קאָנסול. ווען אַן אַמערי־קאַנער שיף דאַרף הילפע אָדער שטיצע ווענדעט מען זיך צום קאָנסול א. ז. וו.

דיא זייטיגע קלענערע אויפגאַבען, וואָס דער קאָנסול האָט, זיינען אויך אַ היבשע ביסעל. ווען אַן אַמעריקאַנער בירגער וואָס וואָהנט אין דעם קאָנסול'ס דיסטריקט האָט עפּעס אַ טראָ־בעל, דאַרף איהם דער קאָנסול אַרויסהעלפען. שטרענגע מיט־לען קען נאַטירליך דער קאָנסול ניט אַנווענדען. ווען דאס איז נויטהיג, ווערט דאָס איבערגעגעבען צום אַמבאַסאַדאָר אָדער מיניסטער, אָבער פיעלע מאָל קען דיא זאַך געסעטעלט ווערען אויף אַ פריעדליכען אַרט פון קאָנסול אליין, און דאַן איז עס נאַטירליך פיעל בעסער.

דער קאָנסול קען אויך אַוויסגעבען פּאַספּאָרטען, אויב דיא רעגיערונג זיינע ערלויבט דאָס איהם. געוועהנליך בעלאַנגט דיע־זע רעכט אין גאַנצען צום אַמבאַסאַדאָר, אבער אין גרויסע

שטעדט קריעגען דיא קאָנסולס ספּעציעלע ערלויבניסע דאַרויף. דער קאָנסול דאַרף אויך אונטערשרייבען אַללע דאָקומענטען וועלכע ווערען צוליעב אַ געזעצליכען צוועק אָפּגעשיקט קיין אַמעריקאַ. אַט, צום ביישפּיעל, ווען אַן אַמעריקאַנער אין אויס־לאַנד וויל איבערשרייבען זיינע אַ הויז אין אַמעריקאַ אויף אַן אַנדערען'ס נאָמען דאַרף ער זיך ווענדען צום קאָנסול. ווען אַן אַמעריקאַנער שטאַרבט אין אויסלאַנד און לאָזט איבער אַ ירושה ווערט דער קאָנסול אַן אַפּעקון איבער דעם ביז וואַנען די ריכטיגע יורשים קומען צופאָהרען פון אַמעריקאַ. דער קאָנסול דאַרף אויך פאַרשרייבען דיא חתונות, דיא טויטען־פעלע און דיא געבורטען וואָס קומען פאָר צווישען דיא אַמעריקאַנער בירגער אין זיין דיסטריקט.

עס איז ווערטה צו בעמערקען, דאָס אין דיא האַלב ציווי־ליזירטע לענדער פון אַזיען, וויא צו ביישפּיעל, כינאַ, סיאַם, פּערזיען, קאָריא און טערקיי, האָבען דיא קאָנסולס אַ געוואַל־דיגע מאַכט. דיא אַמעריקאַנער בירגער וואָס וואָהנען דאָרטען שטעהען אין גאַנצען אונטער זייער אויפזיכט. אויב דיא דאָר־טיגע רעגיערונג האָט אַ קלאַגע געגען אַן אַמעריקאַנעם בירגער, ברענגט זיא דיא קלאַגע צום קאָנסול. דער קאָנסול דיענט אויך אַלס ריכטער אין דיא ביזנעס דיספּיוטען צווישען דיא אַמעריקאַנער בירגער. אַזאַ מאַכט צו געבען דעם קאָנסול וואָלט אַ ציוויליזירטע מאַכט קיינמאָל ניט ערלויבט. דיא איי־ראָפּעאישע רעגיערונגען און אויך אַמעריקאַ האָבען אָבער ניט געוואָלט לאָזען דיא האַלב ווילדע פעלקער פון אַזיען זאָלען הערר־שען איבער זייערע בירגער, וואָס מוזען אין יענע לענדער וואָה־נען צוליעב ביזנעס, און אַזוי וויא דיעזע האַלב ווילדע פעלקער האָבען דעם מוטה ניט געהאַט דעם פערלאַנג פון דער ציוויליזיר־טער וועלט צו ענטזאַגען, האָבען זיי דאַרויף איינגעוויליגט. אַמאָל האָט דיעזער סיסטעם געהערשט אין יאַפּאַן אויך. אָבער יאַפּאַן איז מיט דער צייט אַנערקענט געוואָרען אַלס אַ ציווי־ליזירטע לאַנד און זיא האָט דיעזע הערשאַפט פון דיא אויסלענ־דישע קאָנסולס אין איהר לאַנד אָפּגעשאַפט.

דאָס געהאַלט פון דיא קאָנסולס איז ניט גאָר גרויס. עס ווענדעט זיך נאָך דיא שטאָדט וואו מען שיקט זיי. דער געזעץ זאָגט אָבער, דאָס אויב דער קאָנסול בעקומט וויניגער וויא טויזענד דאָלאַר א יאָהר געהאַלט, מעג ער זיך אָפּגעבען מיט אַנדערע אַרבייט אָדער געשעפטען אויך. אויב ער בעקומט טויזענד דאָלאַר אָדער מעהר, טאָר ער זיך מיט קיין אַנדער אַרבייט אָדער געשעפטען ניט פאַרנעהמען.

אַט דיא אַלע פערטרעטער: דיא אַמבאַסאַדאָרס, מיני־סטאָרען און קאָנסולס ווערען אַפּאָינטעט פון פּרעזידענט מיט דער צושטימונג פון סענאַט. דער פּרעזידענט האָט אויך אַ רעכט זיי צוריקצורופען צו יעדער צייט. ווען דער פּרעזידענט האַלט ביים אַפּאָינטען אַ געוויסע פּערזאָן אַלס מיניסטער, גע־פינט ער פריהער אוים ציא דיא רעגיערונג וואוהין ער וויל איהם שיקען האָט געגען דיעזע פּערזאָן עטוואָס אויסצוזעצען. אויב יענע רעגיערונג וויל דיא פּערזאָן ניט האָבען אַלס פאַר־טרעטער, ווערט ער נאַטירליך ניט אַפּאָינטעט.

דער אַמבאַסאַדאָר אָדער דער מיניסטער האָט ספּעציעלע רעכטע אין דער לאַנד וואו ער וואָהנט. דיא הויז וואו ער וואָהנט, דיא מענשען וואָס דינען ביי איהם און זיין גאַנצעס אייגענטהום שטעהען ניט אונטער דעם געזעץ פון דער לאַנד, וואו זיי געפינען זיך, נאָר פון דער לאַנד פון וואַנען דער אַמבאַ־סאַדאָר אָדער דער מיניסטער קומט. אויב דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד בעגעהט אַ פאַרברעכען קען איהם דיא ענגלישע פּאָליציי זאָגאר ניט ארעסטירען. ער ווערט דאַן צוריקגערופען קיין אַמעריקא און ווערט דאָ ארעסטירט. דיא זעלבע איז אויך מיט דיא מיטגליעדער פון זיין פאַמיליע אָדער זאָגאר מיט דיא דיענער, וועלכע זיינען בעשעפטיגט אין זיין הויז און אין זיין אָפּפיס. דיא הויז וואו ער וואָהנט איז הייליג. ווען אַן אַמבאַסאַדאָר ווערט בעליידיגט, הייסט עס, אַז דיא רעגיערונג, וועלכע ער פערטרעט, איז בעליידיגט געוואָרען. ווען דיא פּאָליציי קומט אריין אין אַמבאַסאַדאָרס וואָהנונג אָהן זיין ערלויבניס, איז פאַר דעם אַמבאַסאַדאָר׳ס רעגיערונג פּונקט

אזא בעליידיגונג, גראדע וויא ווען פרעמדע סאלדאטען וואלטען אריינגעמארשירט אין איהרע א שטאדט און איהר איינגענומען מיט געוואלד. ווען אן אמבאסאדאר אדער מיניסטער פאהרט ארום איבער דער לאנד וואו ער דיענט אלס אמבאסאדאר, מוז ער פון דער דארטיגער רעגיערונג ספעציעל בעשיצט ווערען.

אין דיא אזיאטישע לענדער, וואו דיא אויסלענדער שטע־הען אונטער דער הערשאפט פון דיא קאנסולס, זיינען דיא היי־זער פון דיא קאנסולס אזוי הייליג, וויא דיא וואהנונגען פון דיא אמבאסאדארס. ווען עס מאכט זיך דארטען א טראבעל מיט דער רעגיערונג, וויא צום ביישפיעל, אן אויפשטאנד אדער א רעוואלוציאן, לויפען דיעזע אויסלענדער גלייך אוועק צו זייערע קאנסולס. דארטען פיהלען זיי זיך זיכערער, ווייל זיי ווייסען, אז דיא רעגיערונג וועט אלע כוחות אנווענדען דיעזע הייזער צו בעשיצען.

דיא פיהרונג פון אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען בעלאנגט צום פרעזידענט. דיא ווירקליכע ארבייט ווערט געטהאן פון סעקרעטערי אוו סטייט, אבער דער סעקרעטערי אוו סטייט איז נאך אלעמען ניט מעהר וויא דעם פרעזידענט'ס אגענט. ער מוז טהאן אלעס, וואס דער פרעזידענט הייסט איהם, און דער פרע־זידענט קען איהם צו יעדער צייט ארונטערזעצען פון זיין אמט.

וויא געזאגט, אפאינטעט דער פרעזידענט דיא פערטרע־טער, וואס דיעזע לאנד שיקט ארויס אין אויסלאנד. דער פרע־זידענט נעהמט אויך אויף דיא פארטרעטער, וואס דיא אויסלענ־דישע רעגיערונגען שיקען אהער. ווען דער פארטרעטער קומט אהער, ווענדעט ער זיך דיא ערשטע זאך צום סעקרעטערי אוו סטייט, און דער סעקרעטערי אוו סטייט ברייננט איהם און שטעלט איהם פאר פאר'ן פרעזידענט. ווען דער פרעזידענט איז אונצופריעדען מיט א געוויסען אויסלענדישען פארטרעטער, קען ער איהם הייסען צוריקפאהרען. דאס צו טהאן דארף ער קיינעמס ערלויבנים אדער צושטימונג ניט.

## אינטערנאציאָנאלע געזעצע.

דיא נאָהענטע בעציהונגען און פערבינדונגען צווישען דיא נאציאָנען האָבען אין פערלויף פון טויזענדע יאָהרען אויסגעאר־בייט געוויסע רוללס, געוויסע מנהגים, וועלכע אלע ציוויליזירטע פעלקער האלטען עס פאר זייער פפליכט צו פאָלגען. דיעזע מנהגים רופט מען „אינטערנאציאָנאלע געזעצע". צווינגען אַ פאָלק ער זאָל זיי היטען קען מען נאטירליך ניט, אבער אמאָל איז אַ מנהג שטארקער וויא אַ דין. דיא אלע אינטערנאציאָנא־לע געזעצע זיינען געשטיצט אויף יושר און אויף מאָראל, און אַ פאָלק וואָס פארלעצט זיי, ווערט געוועהנליך פערדאמט פון דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט; און דאָס איז נאטירליך ניט קיין געשמאקע זאך.

גאנצע ביכער זיינען פערשריעבען געוואָרען אויף דיעזער טהעמא. פערשיעדענע שרייבער און דענקער האָבען פערשיע־דענע מיינונגען וועגען געוויסע געזעצע, זיי טייטשען זיי אוים און פשט'לען זיי אוים אויף פערשיעדענע אופנים. עס זיינען אָבער פאראַן אייניגע גרונד־פרינציפען, זאָ צו זאָגען, איבער וועלכע עס זיינען קיין חילוקי דעות ניטאָ. אָט זיינען אַ פּאָאר סעמפעלס:

1) יעדע רעגיערונג איז פארפפליכטעט צו בעשיצען דיא בירגער פון אנדערע רעגיערונגען, וואָס וואָהנען ביי איהר אין לאנד. זיא דארף זיי געבען דיא זעלבע געזעצליכע בעשיצונג ווי דיא אייגענע בירגער.

2) דיא ימים געהערען צו אללע פעלקער גלייך.

3) יעדע רעגיערונג האט דיא פאָלקאָמענע רעכט צו רע־גיערען ביי זיך וויא זיא וויל. קיין אויסלענדישע מאכט האָט קיין רעכט ניט אריינצומישען זיך אין איהרע אינערליכע אנגעלעגענהייטען. (דיעזער אינטערנאציאָנאלער געזעץ ווערט זעהר אָפט פארלעצט אין פאלל פון דיא שוואכע רעגיערונגען אין אזיען אָדער אין אפריקא. אונזער אייגענע אמעריקא האָט זיך אויף אַ שענדליכען אופן אריינגעמישט אין דיא אינערליכע

אנגעלעגענהייטען פון דער רעפובליק קאלאמביא, אין סענטראל אמעריקא, האט דארטען פאראורזאכט א רעוואלוציאן, געהאלפען דיא רעוואלוציאנערען אפצורייסען א שטיק לאנד פון דער רעגיערונג און אין דיעזער לאנד געהאלפען גרינדען א נייע רעפובליק).

4) ווען צוויי פעלקער האלטען מלחמה, טארען דיא נייטראלע רעגיערונגען ניט לאזען, אז מען זאל ביי זיי אין לאנד זאמלען סאלדאטען אדער געוועהר פיר איינע פון דיעזע פעלקער.

5) אין א מלחמה טאר מען ניט געברויכען אזעלכע וואפען, וועלכע פאראורזאכען דיא פארוואונדעטע אוננויטיגע יסורים. מען טאר אויך ניט טויטען סאלדאטען נאכדעם וויא זיי גיעבען זיך אליין אונטער און לאזען זיך פאנגען. (דיעזער געזעץ ווערט אויך אפט פארלעצט. אין דער מלחמה צווישען איטאליען און טערקיי אין טריפאלי האט דיא ציוויליזירטע איטאליען געמארדעט און געמאכט פאגראמען זאגאר אויף פריעדליכע איינוואהנער, בלויז דערפאר, ווייל זיי האבען געהאלטען מיט דיא טערקען).

וויא עס איז אלזא אנגעוויעזען געווארען אין דיא „סעמפעלס" זאגאר, ווערען דיא אינטערנאציאנאלע געזעצע ניט שטארק אפגעהיט. איבערהויפט ווען איינער פון דיא פעלקער איז זעהר א שוואכער אדער איז ניט ציוויליזירט גענוג צו מאכען א געוואלד און אויפהויבען א מעכטיגען פראטעסט. צווישען דיא ציוויליזירטע פעלקער אבער, ווערען דיעזע גרונדפרינציפען געוועהנליך אפגעהיט. א רעגירונג וועט מורא האבען פאר איהרע אייגענע בירגער דיא געזעצע ניט צו פאלגען. עד היום, צום ביישפיעל, איז דא א גרויסער עלעמענט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען, וועלכע קענען ניט פערצייהען רוזוועלט'ען פאר זיין געמיינע האנדלונג אין דעם אויבענדערמאנטען פאל מיט דער קאלאמביא רעפובליק אין צענטראל אמעריקא.

וועגען טריטים, אבמאכונגען, וואס ווערען פון צייט צו צייט געמאכט צווישען דיא פעראייניגטע שטאאטען און אנ-

דערע פעלקער, איז שוין גערעדט געוואָרען אין א פּאָריגען קאַ־פּיטעל. דער פּרעזידענט האט דאס רעכט אזוינע טריטיעס צו מאכען. דיא פערהאַנדלונגען קען ער אנפערטרויען וועמען ער וויל, דעם סעקרעטערי אָף סטייט, דעם אמבאַסאַדאָר, דעם מיניסטער, אדער ער קען אפּאָינטען גאר א זייטיגען מענשען, וועלכער איז נאָך זיין מיינונג פעהיג דיעזע ארבייט צו טהאָן. דיעזער אמעריקאַנער פערטרעטער אדער עטליכע פערטרע־טער האַלטען אָפּ קאָנפערענצען מיט דיא פערטרעטער פון דעם אַנדער פאָלק. זיי בעשפרעכען דיא פונקטען פון דער טריטי און שטימען אָפּ צווישען זיך וואס דיא טריטי זאָל ענטהאַל־טען. אויב דער פּרעזידענט איז דערמיט צופריעדען, לייגט ער איהר פאָר פאר'ן סענאַט. דאָרטען ווערט זיא וויי־ער בעשפּראָ־כען און דעבאַטירט, און אויב צוויי דריטעל פון דיא סענאַ־טאָרס, וועלכע זיינען ביי דער זיצונג אנוועזענד, שטימען איהר גוטצוהייסען, ווערט זיא צוריקגעשיקט צום פּרעזידענט אלס אַן אנגענומענע טריטי. דער פּרעזידענט איז נאָך אפילו דאַן איבער איהר דער גאַנצער בעל דעה. אויב ער וויל, קען ער איהר פערניכטען. דער פאַקט, דאס צוויי דריטעל פון סענאַט האט איהר גוטגעהייסען, לייגט אויף איהם קיין שום חוב ניט ארויף. אויב אבער זיא געפעלט איהם יא, גיט ער איהר איבער צום אַמבאַסאַדאָר פון דער לאַנד, מיט וועמען דיא טריטי איז גע־מאכט און דיא פונקטען אין דער טריטי ווערען געזעצע, וואס דיא גאַנצע לאַנד מוז פאָלגען. טריטים זיינען פונקט אזוי שטאַרק וויא דיא קאָנסטיטושאַן. כל זמן דער פּרעזידענט איז זיי ניט מבטל, טאָר דער קאָנגרעס ניט מאכען קיין געזעצע, וואס זיינען אין געגענזאַץ צו דיא פונקטען אין דיא טריטי.

דיא גאַנצע פראַגע פון מאכען טריטים איז כמעט א פרישע אין דיעזער לאַנד. ביז נאָך דער מלחמה מיט שפּאַניען האט זיך אמעריקא זעהר ווייניג געמישט אין אויסלענדישע פּאָליטיק און האט ווייניג וואס געהאט צו טהאָן מיט פרעמדע פעלקער. איצט אבער, אז מיר זיינען געוואָרען, וואס מען רופט, א וועלט־מאכט, און מיר זיינען פעראינטערעסירט ניט נאר אין אייראָ־

פעאישע פאליטיקס, נאר אויך אין דיא פאליטיקס פון אזיען און אפריקא, ווערט דיעזע פראגע וועגען טריטים א גאנץ וויכ־טיגע און מען קען ערווארטען, דאס זיא וועט נאך פעראור־זאכען פיעלע שוועריגקייטען און פיעלע הארבע שאלות ותשובות.

דיא קאנסטיטושאן בעגרענצט ניט דיא מאכט פון פרע־זידענט אין אויסארבייטען טריטים. פרעגט זיך: קען ער ווירק־ליך אין א טריטי אריינשטעלען וואס ער וויל? קען ער דארטען אנריהרען וועלכע פראגע ער געפינט נאר פאר נויטהיג? דאס קען דאך ניט זיין, ווארים אויב אזוי, קען דאך דער פרעזידענט דורך א טריטי פארלעצען דיא הייליגסטע פרינציפען פון דער אמעריקאנער רעגיערונג .אבער, אויב דיעזע מאכט איז יע בעגרענעצט, טא וואו אדער דורך וועמען קענען דיעזע גרענע־צען בעשטימט ווערען?

מיט אייניגע יאהר צוריק איז דיעזע פראגע שיער ניט געווארען א ברענענדע אין דיעזער לאנד. דיא סקוהל־בעאמטע פון סאן פראנציסקא האבען אויסגעשלאסען יאפאנעזער קינ־דער פון דיא פאבליק סקוהלס. דיא יאפאנעזער רעגיערונג האט אריינגעשיקט א פראטעסט. זיא האט אנגעוויעזען, דאס דיא היגע רעגיערונג האט מיט איהר געמאכט א טריטי מיט א צייט צוריק, אין וועלכער עס שטעהט אויסדריקליך, אז דיא פאב־ליק סקוהלס פון אמעריקא מוזען זיין אפען פאר יאפאנעזער אי־מיגראנטען. האבען אבער דיא סאן פראנציסקא'ר איינוואהנער געענטפערט, אז דיעזער אפמאך מיט יאפאן האט קיין ווערדע ניט, ווייל דער פרעזידענט האט קיין רעכט ניט געהאט אזא פונקט אריינצושטעלען אין דער טריטי. זיי האבען אנגע־וויעזען, אז דיא פאבליק סקוהלס געהערען ניט צו דער פעדעראל רעגיערונג, נאר צו דיא סטייט רעגיערונגען, און יעדע סטייט האט דאס פולע רעכט איהרע פאבליק סקוהלס צו קאנטראלירען אויף וואס פאר אן ארט זיא וויל. זיא האט זאגאר דאס רעכט זיי אין גאנצען צוצושליסען.

דיעזע טענה איז פון א שטרענג קאָנסטיטוציאָנעלען שטאַנדפונקט געווען א גערעכטע. דאָך האט דיא פעדעראַלע רעגיערונג אין וואַשינגטאָן געהאַלטען, אַז זיא האט יע רעכט געהאַט אַזאַ טריטי צו מאַכען. דיא פראַגע האט דאַן אויפגערודערט דיא גאַנצע לאַנד, און זיא וואָלט זיכער געפיהרט צו אַן ערנסטען פלאָנטער, ווען דיא סאַן פראַנציסקאָ'ר שטאָדט פערוואַלטונג וואָלט איהר אליין ניט געסעטעלט.

פאַקטיש איז דיא פראַגע אַלזאָ געסעטעלט געוואָרען. טהעאָרעטיש אבער איז זיא נאָך געבליעבען היינגען אין דער לופטען; און זיא קען צו יעדער צייט וויעדער אויפלעבען און פעראורזאַכען טראָבעל.

א טריטי קען אמאָל אויך קומען אין צוזאַמענשטויס מיט א סטייט־געזעץ אדער מיט א געזעץ, וואס נאר דער קאנגרעס האט א רעכט צו מאַכען. אָט זיינען א פּאָאר ביישפּיעלע: יעדע סטייט האט א רעכט צו מאַכען איהרע אייגענע געזעצע וועגען ירושות. אין מאַססאַטשוזעטס סטייט איז דאָ א געזעץ, דאס אויב אַן אויסלענדער שטאַרבט און לאָזט איבער אייגענטהום, דארפען דיא קאָורטס פון סטייט אויף דעם אכטונג געבען ביז וואַנען דיא ריכטיגע יורשים מעלדען זיך. אין א טריטי וואס דיא פעראייניגטע שטאַאטען האט געמאַכט מיט רוסלאַנד, שטעהט אבער, דאס אויב א רוסישער בירגער שטאַרבט דאָ און לאָזט איבער א ירושה, דאַרף זיא איבערגעגעבען ווערען צום רוסישען אַמבאַסאַדאָר און ער דאַרף דארויף אכטונג געבען ביז דער יורש קומט. וועלכע פון דיא צוויי איז שטאַרקער: דיא טריטי אדער דער געזעץ פון דער סטייט? דיעזע פראַגע איז פאָרגעבראַכט געוואָרען פאר דער סופרים קאָורט אין וואַשינגטאָן און זיא האט גע'פסק'ענט, אַז דיא טריטי איז מעכטיגער.

אָט איז א צווייטער פאַל: דיא קאנסטיטושאַן זאָגט, אַז געזעצע וועגען אמעריקאַנער האַנדעל מיט אויסלאַנד געהערען צום קאנגרעס, דאס הייסט, בלויז דער קאנגרעס קען אזוינע געזעצע מאַכען. אין דיא טריטיס אבער, וואס דיא פּרעזידענטען מאַכען דיא לעצטע צייט מיט פרעמדע פעלקער, ווערען אריינ־

געשטעלט פיעלע פונקטען וועגען האנדעל. דער קאנגרעס פראָ־טעסטירט ניט געגען דעם און דיא טריטי ווערט בעטראכט אלס פאָלקאָם געזעצליך. ווען עס וועט אבער אמאָל פאסירען, אז דער קאנגרעס וועט זיך שטעלען דאגעגען, דאן קען מען ניט וויסען, וויא דיא פראגע וואָלט פון סופרים קאָורט ענט־שיעדען געוואָרען.

## דיא „מאָנראָו דאקטרין".

ריידענדיג וועגען אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען, מוז מען דערמאָהנען דיא „מאנראו דאקטרין", וועלכע שפיעלט א גאנץ וויכטיגע ראָלע אין דער אמעריקאנער אויסלענדישער פאָליטיק. דיא בעדייטונג פון דיעזער פראגע איז שווער צו פערשטעהן אָהן א היסטאָרישען איבערבליק. אין אנפאנג פון 19טען יאהרהונדערט האט שפאניען געהאט כמעט א פאָל־קאָמענעם מאָנאָפּאָל אויף דעם האנדעל מיט דיא קליינע מדינות אין סאוטה אמעריקא. מאנכע פון דיעזע מדינות זיינען געווען איהרע קאָלאָניעס. דיא אנדערע זיינען אמאָל געווען אונטער איהר הערשאפט און האבען זיך פון איהר בעפרייט. סיי וויא סיי דורך פערשיעדענע מיטלען איז איהר געלונגען זיי אלעמען צו האלטען אונטער איהר קאָנטראָל אין מסחור.

דאס האט נאטירליך דיא פעראייניגטע שטאאטען זעהר ניט געשמעקט. ענגלאנד האט אויך געוואָלט ארייגשטעקען א פוס אין דיא מארקעטס פון זיד־אמעריקא, און דיא צוויי לענ־דער האבען מיט דער צייט איבערגעוואונען אויף זייער זייט דיא מדינות אין סאוטה אמעריקא, וועלכע האבען זיך ענדליך אין דעם יאהר 1820 צובונטעוועט געגען דעם שפאנישען יאָך.

דיא וועלט־פאָליטיק איז אבער דאמאלס געווען גינסטיג פאר שפאניען. עס איז געווען גראדע נאָך נאפּאָלעאָן'ס לעצטע ניעדערלאגע. דיא רעאקציאָנערע כוחות האבען איבע־ראָל געהאט דיא אויבערמאכט. עסטרייך, פּרייסען און רוס־לאנד האבען זיך דאמאלס פעראייניגט אין א „הייליגען בונד",

צו אונטערדריקען אַלע „אויפשטענדע און רעוואָלוציאָנען". און דיעזער „הייליגער בונד" האט זיך, נאטירליך, געשטעלט אויף דער זייט פון דער פינסטערער שפּאַניען אין איהר קאַמפּף צו פּעריאָכען דיא קליינע מדינות פון סאוטה אַמעריקא. פאר דיא פּעראייניגטע שטאַאטען איז דאס געווען א העכסט ערנ־סטער מאָמענט. זיא האט, ערשטענס, טאקע נויטהיג בעדארפט דיא מארקעטס אין סאוטה אמעריקא, און, צווייטענס, האט זיא מורא געהאַט, אַז דיא אייראָפּעאישע מעכטע זאָלען זיך נעהמען צופיעל מישען אין דיא אנגעלעגענהייטען פון דעם אַמעריקאנער קאנטינענט. זיא אליין וואָלט אבער ווייניג וואס געקענט אויפטהאָן. דאמאלס איז נאָך דיא פעראייניגטע שטאַאטען געווען קליין און שוואך. צום גליק אבער איז ענגלאנד געשטאַנען אויף איהר זייט, און דאס האט איהר געגעבען דעם מוטה צו נעהמען א פעסטע שטעלונג.

אין דעם יאהר 1823 האט דער דאמאלסדיגער פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, דזשיימס מאָנראָו, ארייננגע־שיקט א מעססעדזש צום קאָנגרעס, אין וועלכען ער האט דיא גאַנצע פראגע ארומגערעדט און האט געמאַכט דיא פאָלגענדע ערקלעהרונג:

„מיר וועלען בעטראַכטען יעדען פערזוך פון א אייראָפּעאי־שע מאַכט ארייננצובריינגען זייער סיסטעם אין אירגענד וועלכען טהייל פון דיעזער האַלבער וועלט אַלס א געפאהר פאר אונזער פריעדען און זיכערהייט. אין דיא עקזיסטירענדע קאָלאָניעס אדער אונטערטהעניגע מדינות פון אירגענד וועלכע אייראָפּעאי־שע מאַכט, מישען מיר זיך ניט און מיר וועלען זיך ניט מישען. אבער אַזוינע רעגיערונגען, וועלכע האבען זיך ערקלערט אונאָב־הענגיג און וועמעס אונאַבהענגיגקייט מיר האבען אנערקענט— אויב א אייראָפּעאישע רעגיערונג מאכט א פערזוך צו אונטער־דריקען אדער קאָנטראָלירען אַזא רעגיערונג, קענען מיר דאס ניט בעטראַכטען אַנדערש וויא אַן אונפריינדליכע שטעלונג צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען".

מיט אנדערע ווערטער הייסט עס, אז פרעזידענט מאנראָו האט געלאָזט וויסען דיא אייראָפּעאישע מעכטע, אז דיא פער־אייניגטע שטאאטען וועט ניט ערלויבען, דאס זיי זאָלען אונ־טערדריקען אדער קאָנטראָלירען אירגענד וועלכע פון דיא פיעלע קליינע, שוואכע רעגיערונגען, וואס געפינען זיך אויף דעם גאנ־צען אמעריקאנער וועלט־טהייל. עטליכע שטיקער לאנד זיינען אמאלס געווען, וועלכע האבען בעלאנגט צו אייראָפּעאישע מעכטע. דאָרטען האט זיך אמעריקא ניט געמישט. אויף יענע לענדער האבען דיא הערשער זייערע דיא פולע מאכט. איבער די פרייע און אונאבהענגיגע רעגיערונגען אבער האט זיך דיא פעראייניגטע שטאאטען אליין אפּאָינטעט אלס בעשיצער געגען דיא אייראָפּעאישע רויב־פּאָליטיק.

אָט דיעזע ערקלעהרונג פון פרעזידענט מאָנראָו הייסט דיא „מאנראָו דאקטרין“. זייט זיא איז אויסגעדריקט געוואָ־רען אין פרעזידענט מאנראו'ס מעססעדזש האט איהר דאס אמעריקאנער פאָלק אימער בעטראכט פאר הייליג; מען האט זיך מיט איהר בענוצט ביי פיעלע פאָליטישע געלעגענהייטען. אין דעם יאהר 1895 האט ענגלאנד געטרייט צו בענוצען גע־וואלד געגען דער ווענעזועללער רעפּובליק אין סאוטה אמעריקא, מיט וועלכע זיא האט געהאט א ויכוח איבער א שטיק לאנד. פרעזידענט קליוולאנד האט זיך אבער גלייך ארייגעמישט און געלאָזט וויסען ענגלאנד, אז זיא וועט דעם ויכוח מוזען סעטלען אויף אַן אנדער אופן, אז אמעריקא וועט ניט ערלויבען, דאס זיא זאָל שיקען קריעגס־שיפען און מיט געוואלד פערכאפּען ווענעזועללער לאנד. דאס זעלבע האט פּאסירט מיט זעקס יאהר שפּעטער, ווען דייטשלאנד האט געהאט א טראָבעל מיט דער זעלבער ווענעזועללער רעפּובליק. רוזוועלט איז דאמאלס געווען פּרעזידענט. און ער האט אויך אנגעזאָגט דייטשלאנד, דאס אויב זיא האט א קליים געגען ווענעזועללא, קען זיא איהר געלד איינמאָנען אויף וואס פאר אן אופן זיא וויל, נאר ניט פער־כאפּען ווענעזועללער לאנד. ער האט אנגעוויעזען אויף דיא „מאנראו דאקטרין“, דאס דיא פעראייניגטע שטאאטען וועט

בשום אופן ניט דערלאָזען, דאס א אייראָפּעאישע מאַכט זאָל איינגעהמען אדער קאָנטראָלירען אירגענד וועלכע רעגיערונג אויף דעם אַמעריקאַנישען וועלט־טהייל.

גאר אמאָל האבען דיא אַמעריקאַנער געהאָפט, אז זיי וועלען מיט אייראָפּעאישע פּאָליטיקס קיינמאָל ניט האבען צו טהאָן; אז גראָדע וויא יוראָפּ וועט זיך ניט מישען אין אמעריקאַנער אנגעלעגענהייטען, וועט זיא זיך ניט מישען אין אייראָפּעאישע אדער אַזיאַטישע אדער אפריקאַנישע אנגעלעגענהייטען. און א צייט לאַנג האט זיך דיעזע לאַנדווירקליך געהאַלטען אַזוי וויא אבגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט. אבער דער אונגעהייערער וואוקס פון דיא היגע אינדאָסטריען און געשעפטען האבען געטריעבען דיעזע לאַנד זיא זאָל דיעזע פּאָליסי ענדערען. צוליעב איהר האַנדעל מישט זיך איצט אַמעריקא אריין אויף אין דיא אנגעלעגענהייטען פון לענדער, וואס געפינען זיך אין אַנדערע וועלט־טהיילען.

---

## קאַפּיטעל 17.

### דיא 17 אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושאָן.

דיא ערשטע צעהן אמענדמענטס זיינען אנגענומען געוואָרען גלייך וויא דיא רעגיערונג האָט זיך געגרינדעט. דער ערשטער קאָנגרעס האָט זיי פּאָרגעשלאָגען און עס האָט געדויערט בלויז צוויי יאהר צייט ביז וואַנען דיא לעדזשיסלייטשורס פון עלף סטייטס האָבען זיי גוט געהייסען. דאמאלס זיינען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען געווען אין גאַנצען בלויז 13 סטייטס.

דאס אַמעריקאַנער פּאָלק האָט דיעזע צעהן אמענדמענטס געהאַלטען פאר אזוי וויכטיג, אז א גרויסע טהייל פון דיא גרעסטע שטאאטסלייטע פון לאַנד האָבען געראַטהען דאס פאלק ער זאָל דיא קאנסטיטושאָן ניט אננעהמען ביז וואנען דיא אמענדמענטס וועלען אריינגעשטעלט ווערען, און עס איז גאַנץ

מעגליך, אז ווען דער ערשטער קאנגרעס וואלט דיעזע אמענד־מענטס ניט פארגעשלאגען, וואלט דיא רעגיערונג גלייך צופאלען. דאס פאלק האטווירקליך מורא געהאט, אז דיא נייע נאציאנאלע רעגיערונג וועט אוועקרויבען דיא פונדאמענטאלע, דיא גרונד פרייהייטען פאר וועלכע דיא ענגלענדער און דיא אמעריקאנער האבען אימער געקעמפפט. אין א פאריגען קאפיטעל איז בעשריעבען געווארען וויא אזוי דיא גרויסע מאסען האבען אין יענע יאהרען מורא געהאט פאר א שטארק־ארגאניזירטע רעגיערונג. זיי האבען געציטערט, אז זיא וועט מיט דער צייט ווערען אזוי טיראניש וויא דיא אייראפעאישע מאנארכיעס פון יענער צייט. דורך דיעזע צעהן אמענדמענטס האט דאס פאלק געזוכט אוועקצונעהמען פון דער נאציאנאלער רעגיערונג דיא מעגליכקייט צו ווערען צו דעספאטיש. זיי פארוועהרען דיא רעגיערונג אוועקצונעהמען פון פאלק, וואס איז אין אלע צייטען פאררעכענט געווארען אלס דיא גרונד־פרייהייטען און רעכטע פון דעם איינצעלנעם.

אט זיינען דיעזע צעהן אמענדמענטס:

1) „דער קאנגרעס טאר ניט מאכען קיין געזעץ וועגען גרינדען א שטאאט רעליגיאן אדער וועגען פארביטען פרייע רעליגיעזע דיענסט, אדער וועגען בעגרענעצען דיא פרייהייט פון ריידען, אדער וועגען דרוקען, אדער וועגען בעגרענעצען דאס רעכט פון פאלק זיך צו פערזאמלען פריעדליך און צו שיקען פעטישאנס צו דער רעגיערונג זיא זאל גוט מאכען געוויסע פעהלערען".

כמעט אין אלע לענדער אין יוראפ איז דא א שטאאט־רעליגיאן. (דיא איינציגע אויסנאהמע איז פראנקרייך). דאס הייסט ניט, אז דיא רעגיערונגען דארטען צווינגען דאס פאלק זיי זאלען גלויבען אין דער שטאאט־רעליגיאן. דיא וועלט איז צופיעל ענטוויקעלט דאפיר. דיא שטאאט־קירכעס, אבער, האבען, זא צו זאגען, א „פולל" ביי דער רעגיערונג. זיי האבען אן איינפלוס אויף דיא הערשער און אינדירעקט אויף דיא געזעצע פון לאנד. אין מאנכע לענדער קריגען דיעזע שטאאט־קירכעס געלד פון דער רעגיערונג. אין רוסלאנד האבען ביז דער רעוואלו־

ציאָן דיא אנהענגער פון דער שטאַאט רעליגיאָן ווירקליך געהאַט פיעל מעהר רעכטע וויא דיא אַנהענגער פון אנדערע רעליגיאָנען.
אין דיעזער לאַנד אָבער האָט דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג גאָר ניט צו טהאָן מיט רעליגיאָנען. זיא האָט ניט דאַס רעכט צו זאָגען אַז קריסטענטהום איז דיא רעליגיאָן פון לאַנד, כאָטש אַן אונגעהויער גרויסע מאַיאָריטעט פון דיא בירגער זיינען קריסטען. זיא טאָר ניט אַרויסהעלפען קירכעס מיט געלד. זיא טאָר קיינעם ניט פארביטען צו דיענען וואס פאר א גאָט ער וויל נאָר און צו בעלאנגען צו וואס פאר א טשוירטש ער וויל נאָר. רעליגיאָן איז אבסאלוט א פּריוואַט - זאַך אין דיעזער לאַנד.
וועגען „פרייע רעדע און פרייע פּרעסע" איז אויך דאס זעלבע. דער קאנגרעס קען קיינעם ניט פארוועהרען צו ריידען און צו דרוקען וואָס ער וויל נאָר. נאַטירליך, דאס גיט ניט דיא בירגער דאָס רעכט צו פערלוימדען אָדער בעשמוצען מענשען. ווען איינער רעדט אָן ליגענס אָדער דרוקט פאַלשקייטען אויף א צווייטען, קען ער בעשטראַפט ווערען פאר „לייבעל" אָדער פאר „סלענדער". עס איז אויך פערבאָטען אויפצוּרייצען מענשען צו רייאָטען אדער צו פארברעכערישע טהאַטען. א מענש מעג ריידען און דרוקען וואס ער וויל, כל זמן זיינע ווערטער פעראורזאכען ניט א צווייטען מענשען קיין שאַדען.
דאס פאָלק האָט אויך דיא פולע פרייהייט צו פערזאמלען זיך און צו בעשפרעכען דיא האנדלונגען פון דער רעגיערונג. אויב זיי געפינען עטוואס אוסצוזעצען געגען א געזעץ אָדער געגען א האנדלונג פון דעם קאנגרעס, דעם פּרעזידענט אָדער דיא קאָורטס, מעגען זיי זיך פערזאמלען און אויסדריקען אָפען זייערע מיינונגען און זייערע פּראטעסטען. זיי טאָרען אָבער אין דיא רעדעס ניט אויפרייצען דעם עולם צו מאכען אן אויפשטאנד אדער צו געברויכען געוואלד.
מיט א הונדערט יאָהר צוריק האָט דער קאנגרעס געמאכט א געזעץ וועלכער האָט פארבאָטען דאָס פאלק צו אטאקירען אָדער קריטיקירען דיא הויכע בעאמטע פון דער רעגיערונג. אייניגע מענשען וואס האָבען דעם געזעץ ניט געפאָלגט, זיינען דאן

בעשטראַפט געוואָרען. דאָס פאלק האָט אָבער אַזוי שטארק פּראָטעסטירט געגען דעם געזעץ, אַז ער איז צוריקגעוויעזען געוואָרען.

2) „אַזוי וויא אַ שטאַאט מוז האָבען אַ גוט רעגולירטע מיליץ אום צו זיין זיכער מיט זיין פרייהייט, טאָר דער קאָנגרעס ניט בעשרענקען דאָס רעכט פון פאָלק צו בעזיצען וואפען“.

מיר האָבען שוין אייניגע מאָל געזאָגט, אַז בשעת דיא רעגיערונג האָט זיך געגרינדעט האָט דאס פאלק מורא געהאַט, אַז ער וועט פון דיא נייע הערשאפט פערשקלאַפט ווערען. אום צו בעשיצען זיך געגען דעם, האָבען דיא מאַסען געפאָדערט אַז אין דער קאָנסטיטוציאָן זאָל אריינגעשטעלט ווערען דיע־זער צווייטער אמענדמענט, אַז דער קאָנגרעס, דאָס הייסט, דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג, זאָל ניט האָבען דיא מאכט צו פאר־ווערען דיא איינוואוהנער פון דיא סטייטס צו זיין בעוואפענט. דאָס, אַלזאָ, גיט דיא בירגער דיא מעגליכקייט צו ארגאניזירען ארמעען און זיין בערייט צו בעשיצען זייערע רעכטע און פריי־הייטען געגען דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג אין פאַל פון נויט.

דער געזעץ איצטער איז דאס יעדער בירגער צווישען דיא עלטער פון 18 און 45 יאָהר, בעלאַנגט צו דער סטייט מיליץ. זיי זיינען ניט געצוואונגען צו מושטירען זיך וויא סאלדאטען, אָבער אין פאַל דיא וואשינגטאָנער רעגיערונג פאָדערט זיי אויף צו שטעלען זיך צו מיליטערישע דיענסט, מוזען זיי גלייך פאָלגען. פיעלע פון דיזע בירגער זיינען ווירקליך ארגאניזירט אין פאָלקען און לערנען זיך דיא סלוזשבע. זיי טהוען עס פרייווילליג. דיא סטייט רעגיערונג בענוצט זיך מיט זיי, אָבער, גאַנץ אָפט, איבער־הויפט אין פאַל פון אַ סטרייק. זיי זיינען טאקע פרייוויליגע, אָבער ווען דיא סטייט רעגיערונג רופט זיי ארויס צו דיענסט, מוזען זיי דעם בעפעהל פאָלגען.

3) „דיא רעגיערונג טאָר ניט צווינגען אַ בירגער ער זאָל ביי זיך אין הויז לאָזען איינשטעהן אַ סאלדאט אין צייט פון פריעדען; און אין דער צייט פון מלחמה טאָר מען אויך דאס ניט צווינגען, סיידען אויף אַ געזעצליכען ארט“.

דיעזער פונקט האָט איצטער וועניג וואס בעדייטונג. פאר דער רעוואלוציאָנערער קריעג האָבען אָבער דיא קאָלאָניסטען דערפון זעהר פיעל געליטען. דיא ענגלישע רעגיערונג פלעגט ארייגשיקען סאָלדאטען אין א שטעדטעל אָדער דערפעל און צווינגען יעדען איינוואוהנער אָדער פארמער ער זאָל נעהמען איינעם אָדער עטליכע סאָלדאטען אויף באָארד. אום צו בעשיצען זיך אז דיא נייע רעגיערונג זאָל ניט טהאָן דאס זעלבע, איז אָנגע־נומען געוואָרען דיעזער אמענדמענט.

4) „דאס רעכט פון פאָלק צו פיהלען זיך זיכער אז זיי פערזענליך, זייערע הייזער, זייערע פאפיערען און זייערע זאכען וועלען ניט דורכגעזוכט ווערען אָדער פערכאפט ווערען אָהן א גענוגענדע אורזאכע, זאָל קיין מאָל ניט פערגוואלטיגט ווערען; קיין וואררענט זאָל ניט ארויסגעגעבען ווערען, סיידען עס איז דאָ א וואהרשיינליכע אורזאכע, אונטערשטיצט דורך א שבועה, און דער וואררענט מוז זאגען אויסדריקליך וועלכער פלאץ עס זאָל דורכגעזוכט ווערען און וועלכע פערזאָן אָדער זאכען זאָלען ארעסטירט ווערען".

דיעזער אמענדמענט ציעלט אויף אויף דער זעלבער זאך וואס דיא אויבערשטע אמענדמענטס, צו געבען דעם עולם דיא מעגליכקייט צו רעוואָלטירען געגען דער נאציאָנאלער רעגיערונג: אין פאל זיא וועט ווערען צו טיראניש. ווען דיא ענגלישע רעגיערונג האָט געוועלטיגט איבער דיא קאָלאָניסטען אין דיזער לאנד האָט זיא זיך גענומען דאָס רעכט צו בעפאלען יעדע הויז, וואס זיא האָט חושד געווען אלס דער פערזאמלונג פלאץ פון בונטאָווטשיקעס און דאָרטען פערכאפען פאפיערען און גע־וועהר. זיא פלעגט דיעזע הייזער בעפאלען אָהן א וואראנט פון געריכט און אָהן א שום וואָרנונג, אויפ'ן זעלבען ארט וויא דיא רוסישע רעגיערונג האט עס געטהאָן. ווען דאס פאָלק האט אָר־גאניזירט זיין אייגענע רעגיערונג האָט ער זיך געגען דעם בע־שיצט מיט דיעזען אמענדמענט. ער האָט געמאכט, אז דיא רעגיערונג זאָל ניט האָבען אין דיעזער הינזיכט מעהר רעכט וויא אַן איינפאכער מענש. קיין פערזאָן טאָר ניט ארייגקומען

אין צווייטענס הויז און דארטען מאכען אן „אביסק“, סיידען ער נעהמט ארוים א ווארראנט פריהער און גיט אן אורזאכען ווארום ער וויל דעם אביסק מאכען. אן אונבעגרינדעטער חשד טויג ניט.

5) קיין פערזאן טאר ניט פערהאלטען ווערען אין דזשייל פאר א פארברעכען סיידען ער ווערט פריהער אינדייטעט דורך א גרענד דזשורי (אויסער אין ארעסטען וואס ווערען גע־מאכט אין דער ארמעע אדער אין דער מיליץ, ווען דיא מיליץ טהוט רעגעלע מיליטערישע דיענסט). קיין פערזאן טאר פאר־דעם זעלבען פארברעכען ניט אונטערוואָרפען ווערען צוויי מאל אונטער דיא געפאהר צו פארלירען זיין לעבען אדער א גליעד; א פארברעכער טאר ניט געצוואונגען ווערען אויפצוטרעטען אלס עדות געגען זיך אליין; מען טאר ביי איהם ניט אוועקנעהמען זיין לעבען, זיין פרייהייט אדער זיין פערמעגען אהן א גע־זעצליכען פראצעס; דיא רעגיערונג טאר אויך ניט אוועקנעהמען פריוואט אייגענטהום אהן א גערעכטע בעלוינונג צום אייגענ־טהימער“.

דאס איז זעהר א וויכטיגער אמענדמענט. ער בעשיצט דיא רעכטע פון אנגעקלאגטע און ארעסטירטע זיי זאלען בעקומען אן עהרליכען און אויך וויא ווייט מעגליך אן אונפארטייאישען טריעל.

דיא גרענד דזשורי אין דיא נאציאנאלע קאורטס בע־שטעהט פון ניט וועניגער וויא זעכצעהן און ניט מעהר וויא דריי און צוואנציג פערזאן. דיא דזשורי־לייט זיינען ניט קיין דזשאדזשעס, ניט קיין לאיערס. זיי זיינען אייגפאכע בירגער. דער דיסטריקט אטארני לייגט פאר זיי פאר דיא בעווייזע וואס ער האט געגען דעם אנגעקלאגטען. דיעזע בעווייזע מעגען זיך זיין ניט שטארק גענוג דעם ארעסטירטען צו פעראורטהיילען; אבער אויב דיא דזשורי־לייט דיינקען אז מיט דיעזע בעווייזע אלס אן אנפאנג, קען דער דיסטריקט אטארני מיט דער צייט געפינען נאך בעווייזע געגען דעם אנגעקלאגטען, דאן קענען זיי דעם ארעסטירטען „אינדייטען“. דאס הייסט, זיי קענען

ארויסגעבען א פסק, אז דער דיסטריקט אטאָרני האָט דאס רעכט צו פערהאַלטען דעם בעשולדיגטען ביז וואנען ער וועט פראָצעסירט ווערען פאר דעם פארברעכען אין וועלכען ער איז אנגעקלאגט. דיעזער פסק דארף ניט ארויסגעגעבען ווערען איינשטימיג. אויב 12 פון דיא 23, דאס הייסט, אויב א מאַיאָריטעט שטימט פאר דעם אינדייטמענט איז גענוג.

מיט סאָלדאטען ערלויבט דיא קאנסטיטושאָן צו האנדלען פיעל שטרענגער. ווען איינער פון זיי בעגעהט א פערברעכען, קען ער גלייך געשטעלט ווערען צום פראצעס פאר א מיליטערישען געריכט. עס איז ניט נויטיג איהם פארצופיהרען פריהער פאר א גרענד דזשורי. דיא אַלגעמיינע מיינונג איז, דאָס מיט א סאָלדאט מוז מען זיך פיהרען פיעל שטרענגער, ווייל ער האָט אויף זיך אן אונגעהויער גרויסע פעראנטוואָרטליכקייט, צו פערטהיידיגען דיא פרייהייט און דיא רעכטע פון פאָלק.

דער צווייטער פונקט, אז א מענשענס לעבען אָדער פרייהייט קען ניט געשטעלט ווערען אין געפאהר מעהר וויא איין מאָל, בעדייטעט, אז אן אנגעקלאגטער טאָר ניט גע'משפט ווערען א צווייטען מאָל, אויב ער איז איינמאל ערקלערט געוואָרען אונשולדיג. ווען זאָגאר דער דיסטריקט אטאָרני געפינט נייע בעווייזע און אייזען־שטארקע בעווייזע געגען איהם, קען ער דעם פארברעכער א צווייטען מאָל פאר דעם זעלבען פארברעכען ניט ארעסטירען. פארקעהרט, אָבער, אויב דער אנגעקלאגטער איז ביים ערשטען טרייעל פעראורטהיילט געוואָרען, מעג דער דזשאַדזש איהם בעווילינען א צווייטען טרייעל און איהם געבען א צווייטע געלעגענהייט צו בעווייזען זיין אונשולד.

דיעזער פונקט בעציהט זיך אויף דיא אמת'ע טרייעלס, ניט אויף דיא ערשטע אונטערזוכונג וואס דיא גרענד דזשורי מאכט. אויב א גרענד דזשורי בעפרייט אן אנגעקלאגטען ווייל זיא געפינט ניט גענוג אורזאכע דעם מאן צו פערהאַלטען צום טרייעל, קען דער דיסטריקט אטאָרני איהם שפעטער וויעדער־

ארעסטירען און זיך ווידער ווענדען צו א גרענד דזשורי זיא זאל איהם אינדייטען.

אמאליגע יאהרען פלעגט מען צווינגען ארעסטאנטען אויפ־צוטרעטען אלס עדות אין זייערע אייגענע טרייעלס. אפטמאל פלעגט מען זיי פייניגען זיי זאלען זיך אליין מודה זיין. דיא קאנסטיטושאן פארביט דאס, אבער אויב דער אנגעקלאגטער וויל אליין אויפטרעטען אלס עדות זיך צו פערטהיידיגען, מעג ער דאס טהאן. דיא אנקלאגע טאר איהם אבער פאר איהר צד ניט רופען אלס עדות, ווען זאגאר זיא פיהלט זיכער אז זיא וואלט דורך פראגען געקענט מאכען ער זאל אליין צוגעבען זיין פארברעכען.

דער לעצטער פונקט אין דיעזען אמענדמענט איז א גאנץ נויטיגער. ער ערלויבט ניט דיא רעגיערונג זאל שטעהן העכער וויא דער געזעץ. דיא רעגיערונג טאר א מענשען ניט ארע־סטירען און טאר פון איהם גאר ניט אוועקנעהמען, סיידען דער געזעץ גיט דער רעגיערונג דאס רעכט דאס צו טהאן. און ווען דיא רעגיערונג נעהמט ביי א פריוואט בירגער אוועק זיין אייגענטהום מוז זיא איהם דאפיר בעצאהלען.

6) „אין אלע קרימינעל קייסעס מוז דער אנגעקלאגטער האבען דאס רעכט צו בעקומען א שנעלען און אן אפענעם טרייעל פאר א דזשורי אין דעם סטייט און אין דעם דיסטריקט, וואו דער פערברעכען איז בעגאנגען געווארען. מען מוז איהם בעקאנט מאכען מיט דעם כאראקטער און מיט דיא אורזאכען פון דיא בעשולדיגונג געגען איהם. מען מוז אויך פאר איהם אין דיא אויגען ברענגען דיא עדות, וואס טרעטען אויף געגען איהם, ער מוז אויך האבען דאס רעכט צו צווינגען דיא עדות פון זיין צד, זיי זאלען קומען אין קאורט און עדות זאגען. דיא רעגיערונג מוז איהם אויך פארזארגען מיט א לאיער, אויב ער פאדערט עס“.

דיא פונקטען אין דיעזען אמענדמענט זיינען זעהר וויכ־טיגע. זיי גיבען א בעשולדיגטען מענשען דיא בעסטע געלע־גענהייטען זיך צו פערטהיידיגען, זיך ריין־צו־וואשען. ערש־

טענס, טאָר פון איהם דיא פּאָליציי אדער דער דיסטריקט אטאָרני גאָר ניט בעהאַלטען. אויב ער פּאָדערט עס, מוז מען איהם זאָגען וואָס דיא קלאַגעס געגען איהם זיינען, און אויף וועלכען גרונד ער ווערט בעשולדיגט. דער טרייעל דארף אויך פּאָרקומען אין דער עפענטליכקייט, און אין זיין אַנוועזענהייט. ער מוז אליין זעהען דיא עדות, וואָס טרעטען אויף געגען איהם, און דיא בעווייזע, וואס ווערען געבראכט געגען איהם. נאָך מעהר, דיא רעגיערונג מוז איהם אליין העלפען צו בעווייזען זיין אונשולד. אויב ער איז ארים און קען אליין קיין לאָיער ניט דינגען, מוז דיא רעגיערונג איהם פארזאָרגען מיט א לאָיער. אויב זיינע עדות ווילען ניט קומען צום טרייעל, מוז זיי דיא רעגיערונג צווינגען צו קומען.

7) „אין סיוויל קייסעס, אויב מען משפט זיך פאר א סו־מע העכער וויא 20 דאָלאר, מעגען דיא בעלי דינים פּאָדערען, אז דער טרייעל זאָל פּאָרקומען פאר א דזשורי. א העכערער קאָורט טאָר ניט אומוואַרפען דעם אורטהייל פון א דזשורי אויף דאָס, וואָס אנבעלאַנגט צו דיא ריינע פאקטען אין דעם פּראָצעס".

דיעזער אמענדמענט מוז גענויער ערקלערט ווערען. „סי־וויל קייסעס" הייסט פּראצעססען איבער אייגענטהום, איבער געלד. טרייעלס, וועלכע ענדיגען זיך דערמיט, וואס איינער קריגט צוגעפּסק'ענט, אז ער מוז דעם צווייטען בעצאָהלען א געוויסע סומע און ניט דערמיט וואס איינער ווערט „בע־שטראפט" אָפּצוזיצען א געוויסע צייט אין פּריזאָן, אָדער צו בעצאָהלען דער רעגיערונג א געוויסע סומע אלס שטראָף, אלס א פיין. אזוינע פּראָצעסען וויא דיא לעצטע, רופען זיך „קרי־מינעל קייסעס". אין סיוויל קייסעס קלאָגט איין פּערזאָן א צווייטע; אוןביידע דינגען לאָיערס, אי דער קלעגער, אי דער אָנגעקלאָגטער. אין קרימינעל קייסעס, קלאָגט דיא רעגיערונג א געוויסע פּערזאָן, און דיא רעגיערונג פארזאָרגט ביידע צדדים מיט לאָיערס. איהר אייגענער צד ווערט נאַטירליך געפיהרט פון דיסטריקט אטאָרני, און דער צווייטער צד, דעם אָנגעקלאָג־

טענ׳ס, ווענדעט זיך, אויב ער האט אליין געלד, קען ער דינגען וואס פאר א לאיער ער וויל; אויב ער האט אבער קיין געלד ניט, אפוינטעט דער דזשאדזש פאר איהם א לאיער, און דיא רעגיערונג בעצאהלט איהם (דעם לאיער) פאר זיין ארבייט.

קיין קיים ווערט ניט גע׳משפט פון א דזשורי אליין. עס זיצט א דזשאדזש דערביי אויך און דער דזשאדזש שפיעלט אין דעם פראצעס אזא ראלע און פיעלייכט נאך א גרעסערע ראלע וויא דיא דזשורי. דער דזשאדזש האט אלס זיין אויפגאבע, אכטונג צו געבען, אז דער טרייעל זאל געפיהרט ווערען געזעצ־ליך און ארויסצוגעבען דעם פסק נאכדעם, וויא דיא דזשורי טראגט ארוים דעם „ווערדיקט". דיא צוויי ווערטער: „פסק" און „ווערדיקט" האבען גאנץ פערשיעדענע בעדייטונגען. דער אונטערשיעד קען לייכט ערקלערט ווערען דורך א ביישפיעל. א מאן ווערט אנגעקלאגט אין צווייטען גראד מארד. פאר אזא פערברעכען, זאגט דער געזעץ, קומט פון 20 יאהר ביז לע־בענסלענגליכע געפענגניס. דאס הייסט, מען מוז איהם פערשי־קען אויף ניט וועניגער וויא צוואנציג יאהר, אבער מען קען איהם אויך פערשיקען אויף מעהר וויא צוואנציג: אויף 25, אויף 30, אויף 40 און זאגאר אויפ׳ן גאנצען לעבען.

אלזא, אין אזא קיים האט דיא דזשורי אלס איהר אויפ־גאבע אויסצוהערען דיא בעווייזע פון דער אנקלאגע און פון דער פערטהיידיגונג, און בעשטימען צי דער אנגעקלאגטער איז ווירקליך שולדיג אין צווייטען גראד מארד, צי ניט. איהר „ווערדיקט" איז ענטוועדער „שולדיג" אדער „ניט־שולדיג". אויב זיא טראגט ארוים דעם ווערדיקט „שולדיג", דאן בלייבט עס איבער פאר׳ן דזשאדזש צו בעשטימען דעם פסק. ער קען דעם פארברעכער אוועקשיקען אויף 20 יאהר, אויף 30 יאהר, אדער אויפ׳ן גאנצען לעבען. אין דעם פסק, וויא גרויס ער זאל ניט זיין, האט דיא דזשורי קיין רעכט ניט זיך צו מישען. זיא קען בלויז בעטען דעם דזשאדזש, אדער רעקאמענדירען צום דזשאדזש, ער זאל אויף דעם פארברעכער מיטלייד האבען,

אָדער פארקעהרט, ער זאָל זיין וואס שטרענגער מיט איהם. דער דזשאַדזש איז אָבער ניט מחויב איהר צו פאָלגען.

דיא דזשורי ליידט האָבען ביים טריידעל דיא אויפגאבע צו בעשטימען דורך זייער איינפאכען שכל, דורך זייער פּראָסטען פערשטאנד וועד פון דיא צוויי בעלי דינים איז גערעכט, וועלכע עדות דערצעהלען דעם אמת און וועלכע ניט, אויף וועלכע בע־ווייזע מען קען זיך בעסער פערלאָזען און זאָ ווייטער. נעהמט, צום ביישפּיעל, דעם בעריהמטען טרייענגעל טרייעל. עס האָט זיך דאָרטען געהאנדעלט אין דער פראגע, צי דיא טיהר אויפ'ן ניינטען פלאָאָר פון דער פעקטאָרי איז געווען פארשלאָסען בשעת'ן פייער, צי ניט. דיא אנקלאגע האָט געבראכט הונדערט עדות, וועלכע האָבען געשוואָרען אז דיא טיהר איז יע געווען פארשלאָסען. אויסער דעם האָט זיא געבראכט אנדערע בעוויי־זע: דעם שלאָס גופא, וועלכען מען האָט געפונען אריינגעזעצט אין א שטיק טיהר, און וועלכער איז געווען פארשלאָסען, און זאָ ווייטער. דיא פערטהיידיגונג וויעדער האָט געבראכט אי־בער פופציג עדות, וועלכע האָבען געשוואָרען, אז דיא טיהר איז געווען אימער אָפען. איינינע מיידלאך האָבען זאָגאר געשוואָ־רען, אז זיי אליין זיינען דורך דער טיהר דורכגעגאנגען בשעת'ן פייער. וועמען זאָל מען גלויבען? דאָס איז א פראגע פון פאקט־טען, ניט פון קיין געזעץ. וויא איז געווען דער פאקט, איז דיא טיהר געווען פערשלאָסען, צי ניט? און דאָס האָט געדארפט בעשטימט ווערען פון דער דזשורי. דיא דזשורי האָט אויסגע־הערט אלע עדות פון ביידע צדדים. זיא האָט אויך דורכגע־שטודירט דיא פערשיעדענע בעווייזע און האָט ארויסגעטראגען דעם „ווערדיקט" „ניט־שולדיג", דאָס הייסט, אז עס איז ניט בעוויעזען געוואָרען אויף זיכער, דאָס דיא טיהר איז געווען פארשלאָסען אין דער צייט פון פייער.

אפּעליערען געגען דעם „ווערדיקט" פון א דזשורי קען מען ניט. ווען דיא דזשורי אין דער טרייענגעל קייס וואָלט ענטשיע־דען, אז דיא באָסעס זיינען שולדיג, וואָלטען דיא באָסעס ניט געקענט אפּעליערען אין א העכערען קאָורט, ער זאָל דעם „ווער־

דיקט" אומוואָרפען אויף דעם גרונד, אז דיא דזשורי האָט ניט ריכטיג ענטשיעדען. אפעליערען קען מען נאָר געגען דיא ענט־שיידונג פון א דזשאַדזש אין בעצוג צו פראגען, וואס שווימען ארויף אין פערלויף פון טרייעל. אָט, צום ביישפּיעל, האָט דער לאָיער פאר דער פערטיידיגונג אין דעם טרייענגעל טרייעל. געפאָדערט פון דזשאַדזש בשעת'ן טרייעל, ער זאָל ניט לאָזען דיא אנקלאגע פאָרצולעגען דעם געפונענעם שלאָס אלס בעווייזע, אז די טיהר איז געווען פארשלאָסען. ער האָט גע'טענה'עט, אז דער געזעץ ערלויבט ניט אזוינע בעווייזע פארצוברענגען. דער דזשאַדזש האָט אָבער דאָך דעם שלאָס צוגעלאָזען אלס בע־ווייז, און דער לאָיער פאר דער פערטהיידיגונג האָט געהייסען עס זאָל פערשריעבען ווערען אין דיא רעקאָרדס פון טרייעל, אז ער האָט געמאכט אן איינוועגדונג. דער דזשאַדזש און דער לאָיער האָבען זיך אלזאָ ניט געאייניגט אויף א פראגע פון גע־זעץ; און אויף דיעזען גרונד וואָלט דער לאָיער פון דער פער־טהיידיגונג געקענט אפעליערען אין א העכערען קאָורט, מען זאָל זיינע קליענטען געבען א נייעם טרייעל. מיט אנדערע ווער־טער הייסט עס, אז לאָיערס קענען קיין מאָל ניט טענה'ען, אז א דזשורי האָט געמאכט א מיסטייק. זיי קענען אָבער יא טענה'ען, אז א דזשאַדזש האָט געמאכט א טעות.

איין וועג בלויז איז פאראן אומצואוואָרפען דעם „ווער־דיקט" פון א דזשורי. דער דזשאַדזש, פאר וועמען דער טרייעל קומט פאָר, איז דער איינציגער וואס קען דאָס טהאָן; און ער קען דאָס טהאָן בלויז גלייך וויא דער ווערדיקט ווערט ארויסגעגעבען. ער קען ערקלערען, אז פון דיא בעווייזע וואס זיינען פאָרגעלייגט געוואָרען, האָט דיא דזשורי קיין רעכט ניט געהאט ארויסצוגעבען אזא מין אורטייל, און ער קען בע־פעהלען, אז דיא קייס זאָל א צווייטען מאָל פּראצעסירט ווערען פאר אן אנדער דזשורי.

8) „עס זאָל ניט ערלויבט זיין צו פאָדערען פון אן ארעס־טאנט א צו הויכען בייל אדער ארויפצולייגען אויף איינעם א

צו הויכען געלד־שטראף, אדער ארויסגעבען א גרויזאמען אדער אויסערגעוועהנליכען פסק״.

ווען א פערזאן ווערט ארעסטירט אויף דיא בעשולדיגונג, אז ער האט בעגאנגען א פערברעכען, פיהרט מען איהם די ערשטע זאך פאר א מעדזשיסטרייט אין א פאלים קאורט. אויב דיא קלאגע איז זעהר א קליינע, וויא, צוםביישפיעל: פעדלען אהן לייסענס אדער פאהרען צו שנעל מיט א וואגען, גיט דער מעדזשיסטרייט אליין ארויס דעם פסק. אין פאלל אבער דיא קלאגע איז אן ערנסטע, דאן הערט דער מעדזשיסטרייט אויס דיא בעווייזע וואס זיינען דא געגען דעם אנגעקלאגטען און אויב ער געפינט, אז דיא בעווייזע זיינען שטארק גענוג, האט ער דאס רעכט דיא פערזאן צו שטעלען צום טרייעל אין א העכערען געריכט.

ניט אלע מאל איז מעגליך צו משפט'ען א פארברעכער באלד נאכדעם ווי ער ווערט ארעסטירט. דער פערהער אין מעדזשיסטרייט קאורט קען יע פארקומען באלד, ווייל דיעזע פארהערען געדויערען זעהר ווייניג צייט. דער ריכטיגער טרייעל ווערט אבער געוועהנליך אפגעלייגט אויף א פאאר וואכען און א מאל אויף אייניגע מאנאטען צייט. וואס זאל מען מיט דיא ארעסטירטע טהאן אין דער צייט, צווישען דעם פארהער און דעם טרייעל? האלטען זיי איינגעשפארט אין דזשייל איז ניט רעכט, ווייל עס קען דאך זיין, אז זיי זיינען אונשולדיג. ארויסלאזען זיי קען מען אויך ניט, ווייל אויב זיי זיינען שולדיג, וועלען זיי דאך געווים אנטלויפען. איז עס דארום איינגעפיהרט געווארען פון אלטע צייטען, דאס דיא ארעסטירטע זאלען איינלייגען א געוויסע סומע געלד אלס סעקיורימי און זאלען ביז'ן טרייעל זיין פריי. דאס געלד ליעגט ביז'ן טאג פון טרייעל, און אויב דער אנגעקלאגטער ערשיינט ניט צום טרייעל ווערט דאס געלד פערפאלען. נאטירליך, דאס אליין וואשט ניט אפ דעם פארברעכען. אויב דיא פאליציי קען איהם נאך געפינען ווערט ער ווידער ארעסטירט און פראצעסירט. דיא בייל צוריק קריגט ער אבער ניט.

וויפיעל בייל זאל א פערהאלטענער ארעסטירטער איינ־לייגען ? דאס ווערט בעשטימט פון דעם מעדזשיסטרייט, וועלכער פערהאלט איהם. און דער מעדזשיסטרייט נעהמט אין אנבעטראכט דעם פארברעכען און דעם אנגעקלאגטען. פאר אזא פארברעכען, וויא האלטען א סטאר אפען זונטאג, קען דער מע־דזשיסטרייט פאדערען צוויי אדער דריי הונדערט דאללאר בייל. פאר א גנבה, קען ער פערלאנגען פינף הונדערט דאלאר בייל. פאר אויפברעכען א סייף—פינף טויזענד דאלאר בייל; פאר מאכען א פייער —צעהן טויזענד דאלאר בייל און אזוי ווייטער.

נאטירליך, דער וואס האט גאר קיין געלד ניט און האט אויך ניט קיין פריינד אדער בעקאנטע, וואס זיינען וויליג פיר איהם איינצולעגען דיא בייל,—מוז זיצען אין דזשייל און ווארטען ביז'ן טרייעל. אפילו ווען דיא קלאגע געגען איהם איז גאר זעהר א לייכטע. פארקעהרט אבער, דער וואס ווערט אנגעקלאגט אין מארד אדער אן אנדער פארברעכען, פאר וועל־כען עס קומט טוידט־שטראף, יענעם לאזט מען שוין ניט ארוים אויף קיין בייל, ווען זאגאר ער זאל איינלייגען מיליאנען.

היעזער פונקט אין דער קאנסטיטושאן, וואס פערבאט צו פאדערען צו הויכע בייל, איז זעהר א וויכטיגער. אהן איהם וואלט דיא רעגיערונג און איבערהויפט דיא פאליציי האבען א שרעק־ליכען בייטש אויף דיא בירגער. זיא וואלט געקענט יעדען איינעם פערפאקען אין פריזאן אויף א גאנץ „אנשטענדיגען" אופן. זיא וואלט געגען איהם פארגעבראכט א קלאגע, און דער מעדזשיסטרייט וואלט איהם פערהאלטען צום טרייעל, און געפאדערט אזא הויכען בייל, אז דער אנגעקלאגטער וואלט גע־מוזט זיך לאזען איינשפארען ביז'ן טרייעל. אויף וויא שנעלל דער טרייעל פון אן אנגעקלאגטען דארף פארקומען, איז קיין געזעץ ניטא. דאס ווענדעט זיך אין גאנצען אן דעם דיסטריקט אטוירני. דאס הייסט, ווייטער אן דער רעגיערונג. דער דיסט־ריקט אטוירני קען א טרייעל אפלייגען אויף וואכען, מאנאטען און זאגאר אויף יאהרען. דיא רעגיערונג וואלט, אלזא, אזא

מענשען געקענט האלטען אונטער דיא גראטעס אזוי לאנג, וויא זיא וואָלט נאָר אליין געוואָלט.

דער צווייטער פונקט אין דיעזען אמענדעמענט איז פאר אונזער צייט ניט אזוי וויכטיג. ער פערבאָט גרויזאמע און אויסערגעוועהנליכע שטראפען. מיט הונדערטע יאָהרען צוריק איז דאָס געווען אם פלאץ. דאן פלעגט מען אָפט בעשטראפען א פארברעכער מיט אפשניידען א האנד אָדער מיט אָנטהאָן שרעקליכע יסורים. איצטער זיינען קערפערליכע פייניגונגען אין גאנצען אָפגעשאפט. דער טוידט - שטראף, וואס איז נאָך פערבליעבען פון דיא אַלטע צייטען, ווערט אויך ביסלעכווייז אָפגעשאפט.

9) „דער פאקט, דאָס די קאָנסטיטושאָן האָט זיך גענומען דיא מיהע צו גאראנטירען דיא בירגער דיא רעכטע, וואס זיינען אויסגערעכענט געוואָרען אין דיא אויבענדערמאָנטע אכט אמענדמענטס זאָל ניט אויסגעטייטשט ווערען אלס א בעווייז, אז דיא קאָנסטיטושאָן וויל ניט אז דאָס פאָלק זאָל האָבען אנדערע פרייהייטען און רעכטע".

דיעזער אמענדמענט איז אונגעהויער וויכטיג. דיא קאָנסטיטושאָן ווערט פון פיעלע בעטראכט אזוי וויא דער חומש, אזוי הייליג און אזוי פול מיט פארבאָרגענע איינגעוויקעלטע בעדייטונגען. מען האָט דארום געקענט גאנץ לייכט ערווארטען, אז א דזשאָדזש אדער א גרויסער „וויסענשאפטסמאַן" זאָל צוליעב געוויסע צוועקען אויס'פשט'לען, אַז עס איז געגען דער קאָנסטיטושאָן, דאָס פאָלק זאָל זיך נעהמען געוויסע פרייהייטען. דער דרש זייערער וואלט געווען אן איינפאכער : זיי וואָלטען געטענה'עט, אז דערמיט וואס דיא פערפאסער פון דער קאָנסטיטושאָן האָבען אויסגערעכענט דיא פרייהייטען און דיא רעכטע וואס מען קען ביים פאלק ניט אוועקנעהמען, האָבען זיי בעוויעזען, אז זיי ווילען ניט דאָס פאָלק זאָל האָבען אנדערע פרייהייטען וויא דיא, וואס זיי האָבען אויסגערעכענט; ווארום אויב זיי וואָלטען געוואָלט דאָס

פאלק זאל יע האבען יענע פרייהייטען, וואלטען זיי דאס געווים אריינגעשטעלט צווישען די אמענדמענטס. דיעזער לעצטער אמענדמענט אבער פארבאט אזא מין לעבערליכען פשט'ל.

10) „די מאכט און די אויפגאבען, וואס די קאנסטי־טושאן גיט ניט פאר דער נאציאנאלער רעגירונג, און וועלכע זי פארבאט ניט די סטייט רעגירונגען, געהערט ענטוועדער צו די סטייט רעגירונגען, אדער צו דעם פאלק אליין".

דיעזער אמענדעמענט איז אריינגעשטעלט געווארען צו פארהיטען, אז די נאציאנאלע רעגירונג זאל ניט פארכא־פען צו־פיעל מאכט. ווי עס איז שוין איינינע מאל בעוויעזען געווארען אין די פאריגע קאפיטלען, האט דאס פאלק אין די ערשטע יאהרען פון זיין עקזיסטענץ מורא געהאט פאר דער נאציאנאלער רעגירונג. ער האט געהאט פיעל מעהר צוטרויען צו די איינצעלנע סטייט - רעגירונגען און האט געוואלט, אז זיי זאלען האבען וואס מעהר מאכט און וואס מעהר רעגירונגס־אויפגאבען. דער נאציאנאלער רעגירונג האבען זיי געוואלט געבען בלויז א קליינע צאהל אויפגאבען, אזעלכע וואס פאר דעם וואהלזיין און פאר דער ענטוויקלונג פון פאלק האט געפאסט זי זאל זיי האבען. דיעזער אמענדעמענט דריקט אוים דיעזע אלטע שטעלונג פון פאלק צו דער נאציאנאלער רעגירונג. איצטער האט זיך ביי'ם פאלק אויסגעארבייט א גאנץ אנדער מיינונג: דער עולם גלויבט מעהר און האט מעהר צוטרויען צו דער נאציאנאלער רעגירונג, און איהם אארט ניט זי זאל אריינגעהמען אין איהרע הענד וואס מעהר מאכט. דער קאנגרעסס מאכט איצטער געזעצע, וועלכע ער וואלט ניט געוואגט אנצונעהמען מיט יאהרען צוריק. אי וואס דיעזער אמענ־דעמענט פארבאט עס? ווע'ל, אז מ'וויל נור, גיט מען זיך אן עצה. עס איז גאנץ לייכט צו געפינען א ווארט אדער א קנייטש אין דער קאנסטיטושאן, וועלכער קען רעכטפערטיגען יעדע זאך, וואס דער קאנגרעסס טהוט. עס איז לייכט אויפצו־ווייזען, אז יעדע פראגע מוז צוליעב דעם וואהלזיין פון גאנצען פאלק פער־האנדעלט ווערען ניט אין די איינצעלנע סטייט - לעדזשיס־

לייטשורס, נאָר אין קאָנגרעסס. דער ציעל פון דיעזען אמענ־דעמענט איז, אלזאָ, ניט עררייכט געוואָרען.

דער נעקסטער אמענדעמענט, דער עלפטער איז אָנגענו־מען געוואָרען אין דעם יאָהר 1798, צעהן יאָהר נאָכדעם וויא דיא קאָנסטיטושאָן איז פערפאסט געוואָרען. ער לויטעט וויא פאָלגט:

11) „דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס האָבען ניט דיא מאכט צו משפט'ען קייסעס, אין וועלכע א סטייט רעגיערונג ווערט אָנגע־קלאָגט פון א בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען אָדער פון א בירגער פון א פרעמדע מדינה“.

אין דער קאָנסטיטושאָן גופא שטעהט ניט אויסדריקליך וואו אזוינע טריייעלס זאָלען פארקומען. דיא פראגע איז אויפ־געהויבען געוואָרען אין דעם יאָהר 1793. א געוויסער מאַן מיט'ן נאָמען טשיפהאָלם האָט געמאָנט געלד ביי דער סטייט רעגיערונג פון דזשאָרדזשיא. וויסענדיג, אז ער האָט א זעהר קליינעם טשאַנס די קייס צו געווינען אין די קאָורטס פון דער סטייט גופא, האָט ער דיא קלאגע פאָרגעבראכט אין א קאָורט פון דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג. דיא סטייט אָבער האָט גע־טענה'עט, אז טשיפהאָלם האָט קיין רעכט ניט געהאַט דאָס צו טהאָן, און אז דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס האָבען קיין רעכט ניט צו מישען זיך אין קייסעס פון סטייט רעגיערונגען, סיידען איין סטייט האָט א טרייעל מיט א צווייטע סטייט. דיא פראגע איז ענדליך פארגעלעגט געוואָרען פאר דעם סופרים קאָורט, און ער האָט געפסק'ענט, אז דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס האָבען יע דאָס רעכט צו משפט'ען אזעלכע קייסעס. דער טעם זיינער איז גע־ווען אַן איינפאכער, אז וויבאלד די סטייט רעגיערונג איז אליין איינע פון דיא בעלי דינים, קען מען ניט געטרויען איהרע קאָורטס, אז זיי וועלען זיין פאָלקאָם אונפארטייאיש.

דיעזע ענטשיידונג האָט ערוועקט א שטורעם איבער'ן גאַנ־צען לאַנד. אין יענע יאָהרען האָבען זיך דיא סטייטס געהאַל־טען, אז זיי זיינען גרעסערע יחסנים וויא דיא נאַציאָנאַלע רע־גיערונג, און זיי איז איינפאך ניט אָנגעשטאַנען, אז מען זאָל

זיי קענען שלעפּען צום געריכט אין א נאציאָנאַלען קאָורט. דיא לעדזשיסלייטשורס פון פיעלע סטייטס האָבען אָנגענומען רע־זאָלוציאָנען פערדאמענדיג דיזע ענטשיידונג פון סופרים קאָורט און אויפפאָדערענדיג דעם קאָנגרעסס, ער זאָל מאכען אַן אַמענ־דעמענט צו דער קאָנסטיטושאָן, וועלכער זאָל אויסדריקליך פערוועהרען דיא נאַציאָנאַלע קאָורטס ארייןצומישען זיך אין קייסעס, אין וועלכע פּריוואט פּערזאָנען ברענגען קלאָגען געגען סטייט רעגיערונגען. דיא לאנד האָט איינינגע יאָהר געקאָכט מיט דיעזער פראגע. אין דעם יאָהר 1798 איז דער אמענדע־מענט ענדליך אָנגענומען געוואָרען מיט א מאיאָריטעט פון צוויי דריטעל אין קאָנגרעסס, און איז גוט געהייסען געוואָרען פון דיא לעדזשיסלייטשורס פון דריי פערטעל פון אלע סטייטס.

נאָך דעם איצטיגען געזעץ, אלזאָ, איז עס אונמעגליך פאר אַן איינצעלנעם פּערזאָן אויפצומאָנען מיט געוואַלד געלד ביי א סטייט רעגיערונג. ער קען דער סטייט אָנקלאָגען אין א סטייט קאָורט, און ווען זאָגאר דיא סטייט קאָורט פּסק'ענט, אז ער איז גערעכט, האָט ער קיין מיטלען ניט צו צווינגען די סטייט רעגיערונג, זיא זאָל דעם פּסק פאָלגען. עס ווענדעט זיך אין גאנצען אַן דער לעדזשיסלייטשור. אויב זיא וויל, נעהמט זיא אָן א ביל צו טהאָן וואס דיא קאָורט האָט געפּסק'ענט, און אויב זיא וויל ניט, מאכט זיא זיך ניט וויסענדיג און „פארגעסט" זיך אויף דעם פּסק. אפּעליערען,—האָט דער איינצעלנער בירגער ניט וואו.

דער 12טער אמענדעמענט איז פערפאסט געוואָרען אין דעם יאָהר 1802. ער בעשטימט דיא מעטהאָדע, וויא אזוי דער פּרעזידענט און דער וויים־פּרעזידענט זאָלען ערוועהלט ווערען. דיא קאָנסטיטושאָן האָט געזאָגט, אז דיא עלעקטאָרס זאָלען וואוטען פאר דיא צוויי קאנדידאטען, פאר ביידע עמטער און דער קאנדידאט וואס ערהאַלט דיא העכסטע צאָהל שטימען זאָל זיין דער פּרעזידענט. און דער וואס קריעגט נעקסט צו דיא העכסטע צאָהל, זאָל זיין וויים־פּרעזידענט. ביי'ם פערטען עלעקשאָן אין דעם יאָהר 1800, האָט זיך ארויסגעוויעזען, אז

דיעזע מעטהאָדע איז זעהר א שלעכטע. און עס איז פארגע־שלאָגען געוואָרען אן אמענדעמענט, אז יעדער עלעקטאָר זאָל אליין שטימען, ווער עס זאָל זיין פרעזידענט און ווער וויצע־פרעזידענט.

פאר דער יעצטיגער צייט האָט דיעזער אמענדעמענט סיי וויא סיי קיין שום בעדייטונג ניט. איצט שפיעלען דיא עלעק־טאָרס קיין ראָלע ניט. ניט זיי בעשטימען ווער עס זאָל זיין פרעזידענט און ווער עס זאָל זיין וויצע־פרעזידענט, נאָר דאס פאָלק. דיא עלעקטאָרס שטימען פאר דיא קאנדידאטען, וואס דיא פארטייען נאָמינירען און וואָס דאָס פאלק עלעקטעט.

דיא נעקסטע דריי אמענדעמענטס זיינען אָנגענומען גע־וואָרען נאָך דער בלוטיגער בירגער ־ קריעג, און זיי בעציהען זיך אלע אויף דער ניגער־פראגע, ענטוועדער דירעקט אדער אינ־דירעקט. דער 13טער אמענדעמענט איז נאָך א הארטען קאמפף אָנגענומען געוואָרען אין יאָהר 1865. נעוואדא איז דאמאָלט בכיון אריינגענומען געוואָרען אלס סטייט, ווייל עס האָט גע־פעהלט דער וואוט פון נאָך איין סטייט דער אמענדעמענט זאָל דורכגעהן. ער לייענט זיך וויא פאָלגט :

13) „קיין שקלאפעריי און קיין געצוואונגענע דיענסט זאָל עקזיסטירען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען אדער אין אירגענד א פלאץ, וועלכער שטעהט אונטער איהר הערשאפט. מען מעג בלויז איינעם צווינגען צו ארבייטען אלס א שטראף פאר א פארברעכען. דער קאָנגרעסס זאָל האָבען דיא מאכט צו מאכען אזעלכע געזעצע, וועלכע וועלען נויטיג זיין דיזען פונקט דורכצופיהרען".

פרעזידענט לינקאָלן האָט נאָך אין דעם יאָהר 1863 בע־פרייט דיא שקלאפען אין אלע סטייטס פון דיא סאוטה, וועל־כע האָבען אָנגעפיהרט דיא מלחמה געגען דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיעזע בעפרייאונג איז אָבער ניט געווען גענוג. נאָכדעם וויא דיא מלחמה האָט זיך געענדיגט, האָבען דיא סטייטס פון דיא סאוטה געהאט פאָלקאָם דאָס רעכט איינ־צופיהרען שקלאפעריי. אום צו פערמיידען דאָס זאָל ניט פאר־

סירען, איז פארגעשלאגען געווארען דיעזער אמענדעמענט. דער קאמפף געגען איהם איז געווען א שטארקער. דער קאנגרעסס האט איהם פון דאס ערשטע מאל צוריקגעוויעזען. פרעזידענט לינקאלן האט אבער מיט אלע כחות געארבייט, ער זאל דורכגעהן, און ער האט ענדליך געזיעגט. אין די פעראייניגטע שטאטען זיינען דאמאלס געווען 35 סטייטס. נאך׳ן געזעץ נאך איז נויטיג געווען אז 27 פון זיי, דאס הייסט, דריי פערטעל זאלען דעם אמענדעמענט גוט־הייסען. אבער פון דיא פינף און דרייסיג סטייטס זיינען 16 געווען פאר שקלאפעריי. זיי האבען דאס צוליעב שקלאפעריי אנגעפיהרט דיא פיער ־ יעהריגע מלחמה. אויף אן עהרליכען וועג איז אונמעגליך געווען צו קריגען זייער צושטימונג. מען האט זיך דארום געמוזט בענעהמען מיט געוואלד און מיט סטראשונקעס. אויף אייניגע פון דיעזע שקלאפען־סטייטס האבען דיעזע געוואלד מיטלען געווירקט, און עס איז ענדליך געלונגען צו קריגען דיא צושטימונג פון דיא נויטיגע דריי פערטעל פון דיא צאהל סטייטס.

דער 14טער אמענדמענט איז זעהר א וויכטיגער. ער איז פערפאסט געווארען אייניגע יאהר נאך דער בירגער קריעג, ווען דיא פרייערע בירגער פון לאנד האבען גענומען איינזעהען, אז דער ניגער אין דיא סאוטה ווערט פערפאלגט און אז מען גיט איהם דארטען ניט דאס רעכט וואס א פרייער בירגער דארף קריעגען. דער אמענדמענט ציעלט צו צווינגען דיעזע סטייטס, זיי זאלען דעם ניגער מוזען אנערקענען אלס א בירגער, אזוי גוט וויא א ווייסען. דער אמענדמענט איז איינגעטהיילט אין פינף סעקשאנס:

סעקשאן 1. אלע פערזאנען וואס זיינען געבארען, אדער וואס זיינען אויפגענומען געווארען אלס בירגער אין דיא פעראייניגטע שטאאטען, זיינען בירגער פון לאנד און פון דער סטייט אין וועלכע זיי וואהנען. קיין סטייט טאהר ניט מאכען אזוינע געזעצע וועלכע בעגרענעצען דיא רעכטע און דיא פרייהייטען פון דיא בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. קיין סטייט טאהר ניט אוועקנעהמען פון אירגענד וועלכע פערזאן

זיין לעבען, זיין פרייהייט אָדער זיין אייגענטהום אָהן אַ געזעצליכען פּראָצעס. זיא טאָהר אויך ניט ענטזאגען אירגענד וועלכען בירגער אין איהרע גרענעצען, דעם שוץ וואָס דיא אנדערע בירגער קריעגען דורך איהרע געזעצע.

נאָך דיעזען אַמענדמענט נאָך איז עס אונמעגליך פאַר אַ סטייט אוועקצונעהמען אָדער צו ענטזאגען דיא בירגער רעכט פון אַ פערזאָן וואָס איז געבאָרען אין דיעזען לאַנד, אָדער וועלכער קריעגט סיטיזען פּייפּערס פון דער יונייטעד סטייטס רעגיערונג. עס איז דאָ אַ געזעץ אַז כינעזער טאָרען אין דיעזען לאַנד קיינמאָל ניט אויפגענומען ווערען אַלס בירגער. זייערע קינדער אָבער, וואָס ווערען דאָ געבאָרען, זיינען אמעריקאַנער סיטיזענס. דיעזער אַמענדמענט פאָדערט עס.

סעקשאָן 2. דיא צאָהל קאָנגרעסלייט וואָס יעדע סטייט שיקט זאָל בעשטימט ווערען נאָך דיא צאָהל מענשען וואָס וואָהנען אין דער סטייט. אָבער אויב אַ סטייט נעהמט פון אַ געוויסע צאָהל בירגער וואָס וואָהנען ביי איהר אוועק דאָס רעכט צו וואָטען, דאַן זאָל דיא צאָהל פון איהרע פאָרשטעהער אין קאָנגרעס פערקלענערט ווערען נאָך דער פּראָפּאָרציע נאָך. (אויב דיא צאָהל איינוואָהנער פון דער סטייט בערעכטיגט איהר צום ביישפּיעל צו 20 קאָנגרעסלייט און זיא מאַכט אַ געזעץ דורך וועלכען אַ פערטע טהייל פון איהרע בירגער טאָרען ניט וואָטען, קען זיא אין קאָנגרעס ניט שיקען מעהר וויא 15 קאָנגרעסלייט. זיא פערליערט אַ פערטע טהייל פון איהרע פערטרעטער).

ווען דיעזער אַמענדמענט איז פערפאַסט געוואָרען, האָט דער ניגער נאָך ניט געהאַט קיין שטימרעכט, ניט בלויז אין דיא סאַוטה, נאָר אויך אין דיא מעהרסטע סטייטס פון דיא נאָרטה. מיט דיעזען אַמענדמענט האָט דער קאָנגרעס געהאָפט צו צווינגען אַלע סטייטס, זיי זאָלען דעם ניגער צולאָזען צום שטים קאַסטען. ליידער, אָבער, איז דיעזע האָפנונג ניט מקוים געוואָרען. אין דיא נאָרטה וואו דיא ניגערס וואָלטען סאַי־וויא־סאַי דיעזע רעכט בעקומען, לאָזט מען זיי איצטער וואָטען;

אין דיא סאוטה, אבער, האבען נאך דיא ניגערם ביז איצטער ניט געקראגען דיא שטים רעכט. און שולדיג אין דעם איז דיא וואשינגטאנער רעגיערונג. ווען זיא וואלט ערנסט געמיינט, וואלט זיא דורך דיעזען אמענדמענט געקענט נויטען יעדע סטייט אין דיא סאוטה, זיא זאל דעם ניגער געבען פולע בירגער־רעכטע.

אין מאנכע סטייטס פון דיא סאוטה איז דיא ניגער בע־פעלקערונג אונגעהייער גרויס, און ווען דער געזעץ וואלט ניט פערנאכלעסיגט געווארען, וואלטען זיי פערלארען א דריטעל אדער פיעלייכט א גרעסערע טהייל פון זייערע פערטרעטער אין קאנגרעס; און דאס וואלט קיינע פון יענע סטייטס ניט געוואלט. איידער צו פערליערען פערטרעטער, וואלטען דיא סטייטס בעסער זיך אנגעטהאן א כח און אראפגעשלונגען זיי־ערע פאראורטהיילע צום ניגער און איהם געגעבען שטים רעכט. אין דער צייט ווען דער אמענדמענט איז פערפאסט געווארען איז דאס פאלק געווען ערנסט וועגען דעם. דאמאלסט האבען אלע ווירקליך געוואלט, אז דער ניגער זאל ערהויבען ווערען צו דער זעלבער שטופע און קריגען אלע רעכטע וויא דער ווייסער. איצטער, אבער, קימערט זיך קיינער ניט פאר'ן ניגער. מען ליעבט איהם ניט, ניט אין דיא נארטה און ניט אין דיא סאוטה. קיינעם פון דיא פאליטישענס אדער שטאאטסלייטע אין וואשינגטאן פאלט ניט איין צו פאדערען, דאס דיעזער פונקט אין דער קאנסטיטושאן זאל דורכגעפיהרט ווערען. ער וויים אז דערמיט וועט ער זיך איינרייסען מיט דיא ווייסע פון דיא סאוטה און ער וועט פערליערען וואוטס; און וואוטס זיינען ביי איצטיגע לייט טהייערער וויא פרינציפען און קאנ־סטיטושאנס.

סעקשאן 3. קיין פערזאן זאל ניט טארען זיין א סענא־טאר אדער א פערטרעטער אין קאנגרעס, אדער האלטען איר־גענד וועלכען אמט אין דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. אדער אין אירגענד וועלכע סטייט רעגיערונג, אויב ער איז אמאל שוין געווען א קאנגרעסמאן, א סענאטאר, א

בעאַמטער אין דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג, אָדער אין אירגענד־
וועלכע סטייט רעגיערונג און האָט דערנאָך רעוואָלטירט געגען
דיא קאָנסטיטושאָן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, אָדער
האָט געהאָלפען דיא פיינדע פון דער קאָנסטיטושאָן. דער
קאָנגרעס מעג אָבער, מיט אַ מאַיאָריטעט פון צוויי דריטעל,
אַזא פערזאָן מוחל זיין און צולאָזען צו זיין אַמט.

דיעזער פונקט איז געציעלט אויף דיא פאָליטישענס פון
דיא סאַוטה וועלכע האָבען זיך בעטהייליגט אין דער בירגער־
קריעג. ער האָט געזוכט ניט צוצולאָזען, זיי זאָלען ווידער
ווערען פערטרעטער און בעאַמטע אין דער רעגיערונג. דיא
ערשטע צייט נאָך דער מלחמה האָט מען דיעזען פונקט אָבגע־
היט. שפּעטער אביסעל האָט אָבער דער קאָנגרעס מוחל געווען
פיעלע פון דיעזע רעוואָלוציאָנערען, און אַלע וואָס האָבען נאָר
געוואָלט האָבען דיעזע פערצייהונג געקענט קריעגען. איצטער
איז ניטאָ קיין איינער, וועמען עס קען צוליעב דיעזען פונקט
פערוועהרט ווערען צו האָבען אירגענד וועלכען אַמט אין דער
רעגיערונג.

סעקשאָן 4. עס זאָל ניט אויפגעהויבען ווערען קיין
פראַגע, אויב עס זיינען געזעצליך דיא חובות, וואָס די רעגיערונג
האָט געמאכט און איהרע פערפליכטונגען צו צאָהלען פענשאַנס
און בעלוינונגען פאַר אונטערדריקען די רעוואָלוציאָן. אבער ניט
דיא פעראייניגטע שטאאטען און ניט קיין איינע פון די סטייטס
זאָל אויף זיך נעהמען אָדער זאָל צאָהלען דיא חובות וואָס זיי־
נען געמאַכט געוואָרען צו העלפען דעם אויפשטאַנד, אָדער צו
בעצאָהלען אירגענד וועלכען קליים פאַר דיא בעפרייטע שקלאַ־
פען. אַלע אַזעלכע חובות און קליימס זיינען אונגעזעצליך און
פערפאַלען.

דיעזער פונקט איז געווען וויכטיג פאַר דער צייט ווען ער
איז פערפאַסט געוואָרען. דאָס הייסט, באַלד נאָכדעם וויא דער
בירגער קריעג האָט זיך געענדיגט. דיא נאָרטה האָט דאַמאָלסט
מורא געהאַט, אַז ווען דיא פערטרעטער פון דיא סטייטס פון
דיא סאַוטה וועלען צוריק אַריינקומען אין קאָנגרעס, וועלען

זיי דורכפיהרען געזעצע, דאָס דיא רעגיערונג זאָל ניט בעצאָהלען דיא געלד וועלכע זיא האָט אָנגעבאָרגט אָנצופיהרען דיא מלחמה געגען דיא סאַוטה. זיא האָט אויך מורא געהאַט, אז דיא זעלבע פערטרעטער פון דיא סאַוטה וועלען דורך פערשיעדענע טריקס דורכשטופּען אַ ביל, אז דיא רעגיערונג זאָל בעצאָהלען דיא חובות וואָס דיא סאַוטה האָט אָנגעמאַכט אין דער צייט פון דעם קאַמפּף. צו פערהיטען דיא ביידע זאַכען, האָט דער קאָנגרעס דורכגעפיהרט דיעזען אַמענדמענט איידער דיא סאַוטה האָט נאָך איהרע פערטרעטער אין קאָנגרעס אריינגעשיקט. איבערמאַכען אַ פּונקט אין דער קאָנסטיטושאָן איז זעהר שווער. דיא פערטרעטער פון דיא סאַוטה האָבען שפּעטער גאָרניט געטרייט דאָס צו טהאָן. זיי האָבען געוואוסט, אז דאָס וועט אונמעגליך זיין פאר זיי דורכצופיהרען.

דער פופצעהנטער אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטושאָן איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען אין קאָנגרעס אין דעם יאָהר 1869. ער איז גוטגעהייסען געוואָרען פון דיא סטייטס אין אַ יאָהר אַרום. ער בעציהט זיך אויף דיא שטים רעכט פון דיא ניגערס. ער לעזט זיך וויא פאָלגט:

15) דיא רעכט פון דיא בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען צו וואָוטען, זאָל ניט אַוועקגענומען ווערען אָדער בעגרענעצט ווערען דורך דיא פעראייניגטע שטאַאַטען אָדער דורך אירגענד וועלכע סטייט, צוליעב ראַסע, קאָליר פון הויט אָדער אַמאָליגע שקלאַפעריי.

דער קאָנגרעס האָט דיעזען אַמענדמענט פערפאַסט נאָכדעם וויא ער האָט איינגעזעהען, אז דער ערשטער מיטעל צו צווינגען דיא סאַוטה צו געבען דעם ניגער שטים רעכט איז גענצליך דורכפאַלען. דער ערשטער מיטעל איז געווען דער 14טער אַמענדמענט, וועלכער האָט געסטראַשעט דיא סטייטס מיט אַ פערקלענערונג פון דיא צאָהל פערטרעטער אין קאָנגרעס, אויב זיי וועלען דעם ניגער ניט ערלויבען צו וואָוטען. דיא סטייטס אין דיא סאַוטה האָבען זיך פאר דיעזען אַמענדמענט ניט אָפּגעשראָקען און דער קאָנגרעס האָט ניט געהאַט

דעם מוטה ווירקליך דורכצופיהרען דעם סטראָשונאָק. ער האָט בעסער געמאַכט אַ נייעם אַמענדמענט, וועלכער פערבאָט דירעקט דיא סטייטס צו פערוועהרען אַ ניגער צו וואָוטען בלויז דערפאַר וואָס ער איז שוואַרץ, וואָס ער בעלאַנגט צו אַן אַנדער ראַסע, אָדער וואָס ער איז אַמאָל געווען אַ שקלאַף.

ליידער אָבער האָט דיעזער אַמענדמענט אויך וועניג וואָס געהאָלפען. דיא סטייטס פון דיא סאַוטה געפינען זיך שוין עצות וויא אַזוי אויסקצורויבען פון דעם ניגער זיין וואָוט ניט איבערטרעטענדיג דיעזען אַמענדמענט. זיי מאַכען, צום ביישפיעל, אַ געזעץ, אַז דער בירגער וואָס וויל וואָוטען, מוז קענען לעזען און שרייבען. דיא ניגערס פון דיא סאַוטה זיינען שרעקליך אונגעבילדעט, פשוט דערפאַר וואָס זיי זיינען דאָרטען זעהר אָרים און דערפאַר וואָס מען לאָזט זיי כמעט ניט צו צו דיא פרייע פּאָבליק סקוהלס. אַנדערע סטייטס פאָדערען פון יעדען וואָוטער אַ געוויסע אָבצאָהלונג וועלכע דיא אָרימע ניגערס קענען בשום אופן ניט צאָהלען. עס זיינען פאַראַן נאָך און נאָך מיטלען. דער פאַקט איז, דאָס זעהר, זעהר וועניג ניגערס אין דיא סאַוטה קענען וואָוטען. דיא רעגיערונג לאָזט זיי ניט צו צום שטים קאַסטען, טראָץ אַלע דיעזע אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושאָן.

דיא צוויי לעצטע אַמענדמענטס זיינען אָנגענומען געוואָרען אין דעם יאהר 1913. דער 16טער אַמענדמענט גיט דעם קאָנגרעס דאָס רעכט ארויפצולעגען אַ טעקס אויף דיא פער־דיענסטען פון דיא איינוואָהנער פון לאַנד. אויף דעם גרונד פון דיעזען אַמענדמענט איז אין 1913 איינגעפיהרט געוואָרען דער „אינקאָם טעקס“.

פיעלע יאהרען נאָכאַנאַנד האָט דער קאָנגרעס געטרייט איינפיהרען אַן „אינקאָם־טעקס“. אָבער דער סופרים־קאָורט האָט איהם מבטל געווען מיט דעם אויסרייד, אַז דער געזעץ איז געגען דער קאָנסטיטושאָן. אום צו קענען ענדליך דעם געזעץ מאַכען, האָט מען געמוזט מאַכען אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטושאָן.

דער 17טער אמענדמענט ענדערט דיא מעטהאָדע פון ער־וועהלען יונייטעד סטייטס סענאַטאָרס. פריהער פלעגען סענאַ־טאָרס ערוועהלט ווערען פון דיא לעדזשיסלייטשורס אין יעדען סטייט. דיעזער אמענדמענט זאָגט, אז זיי זאָלען ערוועהלט ווערען דירעקט פון פאָלק.

---

## קאפיטעל 18.

## בירגערשאַפט און שטימרעכט.

דער אלגעמיינער איינדרוק איז, דאָס יעדער וואָס איז א סיטיזען אין דיעזען לאנד האָט דאָס רעכט צו וואָוטען ביי דיא עלעקשאָנס, און דאָס יעדערער וואָס וואָוט מוז זיין א סיטיזען. דאָס איז אָבער א טעות. דאָס רעכט צו וואָוטען און בירגער־שאַפט זיינען צוויי בעזונדערע זאַכען. איהר קענט זיך פאַר־מאָגען איינע פון זיי און ניט דיא צווייטע. אין מאנכע סטייטס מעגען אימיגראַנטען וואָוטען איידער זיי האָבען נאָך זייערע סיטיזען פייפּערס ארויסגענומען. אין אנדערע סטייטס ווערט דיא סיטיזענס געשטעלט געוויסע בעדינגונגען, איידער מען לאָזט זיי וואוטען. פרויען, צום ביישפּיעל, טאָרען ניט וואוטען, ווען זיי זיינען אפילו סיטיזענס; ווען זאָגאר זיי זיינען געבאָרענע און האָבען אלע רעכטע וואָס דיעזע לאנד גיט איהרע בירגער. בלויז אין געצעהלטע סטייטס מעגען זיי וואוטען.

קומען קומט עס פיעלייכט דערפון, וואָס בירגערשאַפט און שטימרעכט ווערען קאָנטראָלירט פון בעזונדערע רעגיערונגען. אלע געזעצע וועגען בירגערשאַפט, ווער עס זאָל מעגען ווערען א סיטיזען, וויא אזוי דיא סיטיזען פייפּערס זאָלען ארויסגע־געבען ווערען און זאָ ווייטער, ווערען געמאַכט פון דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג אין וואשינגטאָן. דיא געזעצע אָבער וועגען שטימרעכט, ווער עס זאָל מעגען וואָוטען און ווער ניט, וויא אזוי דער וואָוטען זאָל צוגעהען און זאָ ווייטער, ווערען

געמאַכט פון דיא סטייט רעגיערונגען. יעדע סטייט קען זיך פאַר זיך בעשטימען, ווער עס זאָל ביי איהר האָבען שטימרעכט און ווער ניט. און דארום געפינען מיר טאַקי אַזוי פיעל פער־שיעדענהייטען אין דיא פערשיעדענע סטייטס אין דיעזער הינזיכט. אין מאַנכע סטייטס מעגען פרויען וואָטען, און אין מאַנכע ניט. אין איינינע סטייטס מעג ניט קיין סיטיזען וואָטען, און אין איינינע ניט, און זאָ ווייטער און ווייטער.

איינינע פונקטען זיינען יא דאָ אין דער קאָנסטיטושאָן וועגען שטימרעכט, אָבער זיי שפּיעלען ניט קיין גרויסע ראָלע. דער ערשטער פונקט לויטעט, דאָס פאַר קאָנגרעסלייטע זאָלען שטימען פון יעדע סטייט דיא יעניגע מענשען, וועלכע האָבען דאָרטען דאָס רעכט צו שטימען פאַר דיא מעמבערס פון לע־דזשיסלייטשור. מיט אַנדערע ווייטער הייסט עס, דאָס דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג האָט זיך אַליין אָפּגעזאָגט פון קאָנטראָ־לירען דיא שטימרעכט איבער איהרע אייגענע בעאַמטע. זיא לאָזט דיא גאַנצע פראַגע איבער צו ד״א סטייטס.

נאָך צוויי פונקטען זיינען אין דער קאָנסטיטושאָן פאַראַן, וועלכע ציעלען זיך שוין צו האָבען אַ שטיקעל קאָנטראָל אי־בער דעם שטימרעכט. אָבער טראָץ דעם וואָס דיא פונקטען זיינען פערפאַסט געוואָרען מיט אַ יאָהר פופציג צוריק, האָבען זיי זייער ציעל נאָך ניט ערייכט און עס ווערט אין אַלגעמיין צוגעגעבען, אַז זיי וועלען קיין מאָל גאָר ניט אויפטהאָן.

דאס זיינען דיא צוויי אמענדמענטס אין דער קאָנ־סטיטושאָן, וועלכע זיינען אַריינגעשטעלט געוואָרען אין דיא ערשטע יאָהרען נאָך דער בירגער־קריעג, אום צו בעשיצען דעם ניגער׳ס שטימרעכט. איין אַמענדמענט, דאָס קיין אַמעריקאַנער בירגער טאָר ניט פערליערען זיין שטימרעכט בלויז דערפאַר, ווייל ער בעלאַנגט צו אַ געוויסע ראַסע, אָדער ווייל דער פאַרב פון זיין געזיכט איז ניט ווייס, אָדער ווייל ער אָדער זיינע עלטערן זיינען אַמאָל געווען שקלאַפען. דער צווייטער פונקט לויטעט, דאָס אויב אַ סטייט מאַכט אַ געזעץ דורך וועלכען אַ געוויסע צאָהל פון איהרע בירגער פערליערען דאָס שטימרעכט.

זאל דיא צאהל קאנגרעסלייטע, צו וועלכע דיא סטייט איז בע־רעכטיגט אויף פערקלענערט ווערען.

דורך דיא צוויי פונקטען וואלט דיא נאציאנאלע רעגיערונג אין וואשינגטאן געקענט צוריקהאלטען דיא סטייט רעגיערונגען, זיי זאלען ניט בעגרענעצען דאס שטימרעכט פון זייערע בירגער. אבער, וויא שוין געזאגט, איז דער צווייטער פון דיעזע געזעצע אין גאנצען פערנאכלעסיגט. דורך פערשיעדענע קונצען ווערען פון צעהנדליגע טויזענדער בירגער אין פיעלע סטייטס, איבערהויפט אין דיא סאוטה, אוועקגערויבט זייער שטימרעכט און דיא צאהל קאנגרעסלייטע ווערט ביי זיי דאדורך ניט פער־קלענערט. דעם ערשטען פון דיעזע צוויי אמענדמענטס היטען יא דיא סטייטס, זיי מאכען ניט קיין געזעצע דאס ניגערס, צום ביישפיעל, זאלען ניט טארען וואוטען בלויז דערפאר, ווייל זיי זיינען שווארץ, אדער ווייל זיי געהערען צו דער ניגער ראסע, אדער ווייל זיי אדער זייערע עלטערן זיינען אמאל געוועזען שקלא־פען. אזוי אפען צו איבערטרעטען אן אויסדריקליכען פארבאט פון דער קאנסטיטושאן, וועט זיך קיין סטייט ניט וואגען. איבערהויפט נאך, ווען זיי קענען לייכט עררייכען זייער ציעל דורך אנדערע וועגען.

דיא סטייט רעגיערונגען, אלזא, האבען כמעט דיא גאנצע דעה איבער דער פראגע פון שטימרעכט. און דארום איז עס גאנץ נאטירליך, דאס דיא געזעצע זיינען ניט איבעראל גלייך. לאמיר זעהען אין וואס דיעזע געזעצע אונטערשיעדען זיך.

1) בירגערשאפט. מוז דער וואוטער זיין א בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען? א גרויסע מאיאריטעט פון דיא סטייטס ענטפערען אויף דיעזער פראגע „יעס“. איבער־הויפט איז דאס דער פאל אין דיא עלטערע סטייטס אין דיא איסט און אין דיא סאוטה. ווען איינער געהט זיך דארטען רע־דזשיסטרירען צו וואוטען, פרעגט מען ביי איהם דיא ערשטע זאך, צו ער איז א סיטיזען. עס זיינען אבער פאראן אן ערך פון צעהן סטייטס, וואו מען מעג וואוטען נאכדעם וויא מען נעהמט ארויס דיא ערשטע פייפערס. דיעזע סטייטס זיינען:

אַלאַבאַמאַ, ארקענסאַ, אינדיאַנאַ, מישיגען, מיזורי, נעבראַסקאַ, אָרעגאָן, סאַוטה דאַקאָטאַ, טעקסעס, און וויסקאָנסין. זיי האָבען אַזאַ געזעץ געמאַכט מיט דער האָפנונג, אַז דורך איהם וועט זיי געלינגען צוצוציהען אַ סך אימיגראַנטען. אַלס פּרינציפּ אָבער גלויבען דיאַ געזעצמאַכער פון יענע סטייטס אויך ניט, אַז עס איז גוט צו געבען גרינע איינוואַנדערער אַ דעה אין דער רעגיערונג און עס איז קיין צווייפעל ניט, דאָס מיט דער צייט וועט דער געזעץ דאָרטען געענדערט ווערען, און ניט קיין פאָלקאָמענע סיטיזענס וועלען אין אַמעריקאַ ערגעץ ניט מאָרען וואָוטען.

II אין דיאַ עלף סטייטס, וויאָמינג, קאָלאָראַדאָ, יוטאַה, אײדאַהאָ, וואַשינגטאָן, קאַליפאָרניאַ, אַריזאָנאַ, קענזעס, אַרעגאָן, נעוואַדאַ און מאָנטאַנאַ, וואָוטען פרויען גלייך מיט מענער. פרויען האַבען אויך פולע שטימרעכט אין אַלאַסקאַ. אין איללינאָי סטייט שטימען פרויען פאַר אַלע בעאַמטע אויסער דיאַ, וואָס דיאַ סטייט קאָנסטיטושאָן בעשאַפט. אין 18 אַנדערע סטייטס קענען פרויען וואָוטען בלויז פאַר סקוהל־בעאַמטע. אין ניו יאָרק סטייט קענען פרויען, וועלכע בעזיצען ריעל־עסטייט, שטימען אין דיאַ ווילעדזשעס ביי דיאַ טאַון מיטינגס, איבער פראַגען וואָס אַנבעלאַנגען צו טעקסעס. פאַר בעאַמטע שטימען האָבען אפילו דיעזע פרויען אויך קיין רעכט ניט.

עס איז קיין צווייפעל ניט, דאָס דיאַ בעוועגונג פאַר פרויען שטימרעכט וואַקסט אין דיעזער לאַנד זעהר שנעל און זיאַ געווינט אַלץ מעהר און מעהר אַנהענגער, אי צווישען דיאַ מענער, אי צווישען דיאַ פרויען. מיט דער צייט וועלען אַלע סטייטס נאָכטהאָן דעם ביישפּיעל פון דיאַ פינף דערמאָהנטע סטייטס, און געבען דער פרוי פּאָליטישע פרייהייט. פאָרלויפיג ווערט דיעזע פראַגע אָבער, שטאַרק דעבאַטירט אי אין דער פּרעסע, אי אין פּאָליטישע קרייזען. עס איז דאַרום כדאי זיך צו בעקענען מיט דיאַ הויפּט אַרגומענטען פוןביידע צדדים. פריהער, וואָס זיינען דיאַ טענות פון דיאַ וועלכע זיינען געגען פרויען שטימרעכט?

זיי ערקלעהרען:

1. אז דאס וואלט צושטערט דעם פריעדען אין פיעלע פאמיליעס. מאן און ווייב וואלטען זיך געקריעגט צווישען זיך צוליעב פאליטיק. איינער וואלט געהאלטען פאר איין פארטיי, דער צווייטער פאר אן אנדערע, און אין עלעקשאן צייט, צום וויינינגסטענס, וואלט עס אין פיעלע פעלע מיטגעבראכט צוזא־מענשטויסע און מחלוקת.

2. אז פרויען זיינען ניט פעהיג אנטהייל צו נעהמען אין פאליטיקס. פרויען האבען וויכע, זאנפטע נאטורען. זייער אב־טהיילונג איז דיא היים, זייער געזעלשאפטליכע טהעטיגקייט דארף בעשטעהען אין טשאריטי ארבייט, גראדע אזוי וויא מען נעהמט ניט קיין פרויען אלס סאלדאטען אין מלחמה, ווען זיי זיינען אפילו קערפערליך שטארק גענוג דאפיר, אזוי קען מען ניט ארייננעהמען דיא פרויען אין דיא פאליטישע קעמפפע. זיי זיינען גייסטיג ניט שטארק גענוג צו בעלאנגען צו פארטייען און צו קעמפפען אלס פארטיי מענשען. נאטירליך, ווען מען וואלט זיי דיא ערלויבנים געגעבען, וואלטען זיי מיט דער צייט ענטוויקעלט דיעזע גייסטיגע אייגענשאפטען וועלכע זיינען נויטהיג צום פאליטישען שטרייט, אבער דאס וואלט פערניכ־טעט דיא אנדערע, דיא וויכערע, צארטע און פריעדליכע גע־פיהלען און אייגענשאפטען, וועלכע מיר ליעבען און אכטען אין יעדער פרוי.

3. אז דיא פרויען אליין ווילען גאר ניט קיין שטימרעכט און אינטערעסירען זיך ניט מיט פאליטיקס. דיא פרויען אר־גאניזאציאנען וועלכע קעמפפען פאר פאליטישע פרייהייט ענט־האלטען ניט קיין פיעלע מעמבערס. ווען מען וואלט דיא פראגע איבערגעגעבען צו דיא פרויען אליין, זיי זאלען ענטשיידען, צו מען זאל זיי געבען שטימרעכט, צו ניט, וואלטען זיי מיט א גרויסע מאיאריטעט געשטימט דאגעגען.

4. אז פרויען זיינען ניט אינטעליגענט גענוג פאר פאלי־טישע רעכט. זיי פערשטעהען ניט דיא סאציאלע און פאליטישע פראגען. זיי זיינען קיינמאל דערמיט ניט געווען בעשעפטיגט

און פאַר זיי איז דאַרום זעהר שווער אָדער אונמעגליך צו בעגרייפען דיא פיעלע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און פּאָליטישע טהעאָריען וועלכע קאָנטראָלירען דיא איצטיגע רעגיערונג. זיי זיינען אויך ניט פיעל בעשעפטיגט אין ביזנעס און פערשטעהען ניט גרינדליך דיא נויטהווענדיגקייט און דיא אמת'ע בעדייטונג פון דיא פיעלע געזעצע אין ביזנעס וואָס דיא רעגיערונג מאַכט פון צייט צו צייט.

5. אַז עס איז אַבסאָלוט ניט נויטהיג פאַר דער פרוי זיא זאָל האָבען שטימרעכט. זיא וועט דערביי גאָר ניט געווינען. דיא פרוי איז איצטער סאַי וויא סאַי גלייך מיט'ן מאַן אין אַלע היגזיכטען. זיא האָט דיא זעלבע פרייהייטען, דיא זעלבע רעכטע, זיא ווערט פון געזעץ פאָלקאָם בעשיצט, איהרע געזעלשאַפטליכע אינטערעסען זיינען „פּראָטעקטעט". דער מאַן בענוצט זיך ניט אויף אַ האָר מיט זיין גרעסערע פּאָליטישע מאַכט דער פרוי צו אונטערדריקען אין אירגענד וועלכען הינזיכט. פאַרקעהרט נאָך, ער בעשיצט איהר פיעלע מאָל מעהר וויא זיך. ער אַרבייט מעהר פאַר איהרע אינטערעסען וויא פאַר זיינע אייגענע.

6. אַז דיא קליינע צאָהל אויסנאַהמיגע פרויען, וועלכע זיינען יא פעהיג און יא אינטעליגענט צו בעטהייליגען זיך אין פּאָליטיקס, קענען אונטער דיא איצטיגע אומשטענדען אויסאַיבען זייער מאַכט אויף אַן אינדירעקטען אַרט. זיי קענען בעאיינפלוסען זייערע מענער, זייערע ברידער, זייערע בעקאַנטע און פריינדע וועלכע האָבען וואָוטס: און דער פאַקט איז, דאָס זיי טהוען עס אויך. עס זיינען דאָ פּראָמינענטע פרויען וועלכע שפּיעלען אַ וויכטיגע ראָלע אין פּאָליטיקס. זיי טהוען עס, ניט האָבענדיג דיא שטימרעכט.

וואָס ענטפערט דער אַנדערער צד אויף דיא אַלע טענות פון דיא וואָס זיינען געגען אַ געזעץ, אַז פרויען זאָלען מעגען וואָוטען ?

1. דיא פּראַקטיקע האָט בעוויזען, אַז דיא אַלע אויסזעצונגען געגען פרויען - רעכט איז ניט אמת. אין דיא עטליכע

סטייטס אין אמעריקא, און אין דיא עטליכע לענדער אין אנדערע וועלט־טהיילען, וואו דיא פרויען האבען יא שטימרעכט, האבען זיי זיך ארויסגעוויזען פאר פעהיג, פאר פערשטענדיג אין פאליטיקס, גראדע אזוי פיעל וויא דער מאן. זיי האבען דארטען אויך ארויסגעוויזען א טיעפען אינטערעס אין דיא וואהלען. טראטץ דעם וואס דיא פרויען האבען דאס רעכט צו וואוטען ערשט ניט לאנג בעקומען, טראטץ דעם וואס זיי האבען נאך ניט צייט געהאט צו ענטוויקלען א „געפיהל" פאר פאליטיקס, נעהמען זיי א טיכטיגען אנטהייל אין דיא וואהלען, און אויף אזוי ווייט וויא מען וויים, וואוטען זיי מעהרסטענטהיילס פאר דיא בעסטע און עהרליכסטע קאנדידאטען.

2. דיא פראקטיקע בעווייזט אויך, דאס דיא שטימרעכט צושטערט ניט דעם שלום־בית. אין דיא סטייטס, וואו דיא פרויען וואוטען, קומען ניט פאר מעהר גט'ן און מעהר קריגערייען צווישען מענער און פרויען, וויא אין די אנדערע סטייטס, וואו פרויען וואוטען ניט. און עס איז ווירקליך ניטא קיין אורזאכע, ווארום דאס זאל אנמאכען מחלוקות. מענשען קענען זיך זיין דיא בעסטע פריינד, קענען זיך ליעב האבען איינער דעם צווייטען פאלקאם, און זיין פאליטישע געגנער.

3. דיא פרוי איז איצטער אין אלע אנדערע הינזיכטען גלייך וויא דער מאן. זיא ארבייט אין דיא פעקטאריעס, זיא פיהרט ביזנעס, זיא האנדעלט מיט ריעל־עסטייט, זיא איז אין אלע פראפעסיאנען. יעדער געזעץ וואס ווערט געמאכט, יעדע רעגיערונגס־טהעטיגקייט, ריהרט אן דיא אינטערעסען פון טויזענדע און א מאל מיליאנען פרויען. טא פארוואס זאלען זיי ניט האבען דאס רעכט א דעה צו זאגען אין דער רעגיערונג? צו זאגען, אז דיא מענער בעשיצען דיא פרויען סיי וויא סיי — איז לעכערליך. אזוי רעדט מען צו קינדער אדער צו אידיאטען. מענשען וואס קענען זיך אליין בעשיצען, מענשען וואס פערשטעהען אליין זייערע אינטערעסען און ווייסען אליין וויא אויף זייערע אינטערעסען אכטונג צו געבען, ווען זיך ניט צופריעדענשטעלען דערמיט, וואס אנדערע וועלען פאר זיי זארגען.

4. דיא פרוי וואָלט ניט נאָר ניט געווען אַ שטערונג, זיא וואָלט נאָך געווען אַ גרויסע הילפע אין פּאָליטיקס. זיא וואָלט גייהאָלפען אויסרייניגען פּאָליטיקס פון גרעפט און קאָררופּציאָן. אונטערצוקויפען פרויען - וואוטערס, וואָלט געווען פיעל שווע־רער, וויא אונטערצוקויפען מענער. ווען פרויען וואָלטען געהאַט שטימרעכט, וואָלטען מיר געהאַט פיעל בעסערע און פּראָגרעסי־ווערע געזעצע וועגען קינדער־ארבייט, וועגען ווייסע שקלאַפע־ריי, וועגען פעקטאָריעס און דאָס גלייכען. דאָס זיינען אַלץ אזעלכע פראַגען, וועלכע אינטערעסירען פרויען פיעל מעהר, וויא מענער. פרויען גיבען זיך איצטער אויך פיעל אָב מיט דיא זאַכען. זיי בעטהייליגען זיך אין דיא אַלע בעוועגונגען וועגען אָפּשאַפען קינדער - ארבייט, ווייסע שקלאַפעריי און זאָ ווייטער. אָבער איצטער האָבען זיי בלויז אַ מאָראַלע מאַכט; און מיט אַ מאָראַלע מאַכט אַליין, קען מען היינטיגע צייטען ווייניג - וואָס אויפטהאָן. ווען זיי וואָלטען געהאַט דעם וואוט, וואָלט געווען גאַנץ אַנדערש.

III. ווי לאַנג מוז מען וואָהנען אין אַ סטייט, איידער מען קען דאָרטען וואוטען? אין דיעזען הינזיכט האָבען אויך דיא פערשיעדענע סטייטס פערשיעדענע געזעצע. אין מעין סטייט איז געגוג, אַז דער וואוטער וואָהנט דאָרט 3 מאָנאַט. אין יענער סטייט מוז דער וואוטער זיין אַ בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. אין לאַנד, אַלזאָ, מוז ער צום וועניגסטענס זיין פינף יאָהר, אַז ניט, קען ער דאָך קיין סיטיזען - פּייפּערס ניט ארויס־נעהמען. אין דער סטייט, אָבער, איז גענוג, ווען ער וואָהנט דריי מאָנאַטען פאַר דעם עלעקשאָן - טאָג.

אין דיא זעקס סטייטס: איידאהאָ, אינדיאַנאַ, אייאָוואַ, מינעסאָטאַ, נעבראַסקאַ און אָרעגאָן, מוז מען וואָהנען זעקס מאָ־נאַטען. אין אַלאַבאַמאַ, לואיזיאַנאַ, מיססיסיפּי, נאָרטה קאראָ־ליינא, רהאָוד איילענד, סאַוטה קאראליינא און ווירדזשיניא, פאָדערט זיך, אַז דער וואוטער זאָל וואָהנען צוויי יאָהר אין דער סטייט. אַלע איבעריגע סטייטס בענוגענען זיך, אָבער, מיט אַ יאָהר. אין נויאָרק מוז דער וואוטער וואָהנען אַ יאָהר אין דער

סטייט, דריי מאָנאַטען אין דער קאונטי און איין מאָנאַט אין דעם דיסטריקט, וואו ער וואוט.

IV. פערשיעדענע אַנדערע בעגרענצונגען. אידיאָטען, משוגעים און פערברעכערס טאָרען ניט וואוטען אין קיין איין סטייט. אין ארקענזעס און טעננעסי מוז דער וואוטער בעצאָהלען אַ טעקס איידער ער וואוט. אין פענסילווייניא סטייט דאַרף יעדער וואוטער בעווייזען, אַז ער צאָהלט טעקסעס אין דער קאונטי, וואו ער וואָהנט. אויב ניט, קען מען איהם פערוועהרען צו וואוטען.

דיא מעהרסטע בעגרענצונגען געפינט מען אין דיא סטייטס פון דער סאַוטה. זיי זיינען דאָרטען געמאַכט געוואָרען בכיון, כדי דער ניגער זאָל ניט קענען וואוטען. אין צוועלף סטייטס, צווישען וועלכע עס געפינען זיך די נאָרד־סטייטס מאַססאַטשוזעטס און מעין, מוז דער וואוטער קענען לעזען. אין אַכט סטייטס מוז ער אויך קענען שרייבען . אין מאַנכע פון זיי איז גענוג, אויב ער קען אונטערשרייבען זיין נאָמען, אָבער אין אייניגע מוז ער קענען איבערשרייבען אַ טהייל פון דער קאָנסטיטושאָן.

דיא מעהרסטע סטייטס פון דיא סאַוטה, וועלכע פאָדערען דער וואוטער זאָל קענען לעזען און שרייבען, פאָדערען זיי עס בלויז פון דיא ניגערס. אָפען מאַכען אַזאַ געזעץ, ערלויבט זיי דיא קאָנסטיטושאָן ניט. אָבער זיי גיבען זיך שוין אַן עצה. אין אַ פּאָאַר סטייטס לויטעט דער געזעץ, דאָס קינדער פון איינוואָהנער, וועלכע האָבען געוואוט מיט דריי דורות צוריק, דאַרפען ניט קענען לעזען און שרייבען. מיט דריי דורות צוריק, האָבען בלויז ווייסע געקענט וואוטען, ווייל דאַן זיינען דיא שווארצע געוועזען שקלאַפען. דער געזעץ וועגען לעזען און שרייבען, אַלזאָ, טרעפט בלויז דיא ניגערס און דיא אימיגראַנטען. אין אַנדערע סטייטס איז דאָ דיא פאָלגענדע בעדינגונג: אויב דער בירגער בעזיצט אייגענטהום, פאַר וועלכע ער צאָהלט טעקסעס, דאַרף ער ניט קענען לעזען אָדער שרייבען. אין ז אַ סאַוטה זיינען דאָ זעהר, זעהר וועניג ניגערס, וועלכע בעזי־

צען איינגנטהום, פאר וועלכע זיי צאהלען טעקסעס. זיי זיינען דארטען שרעקליך פעראָרעמט. דיא ניגערס, אלזא, מוזען קענען לעזען און שרייבען, און זיי קענען דאס גראדע נים. זיי זיינען אזוי פעראָרעמט, אז זיי קענען זיך ניט לערנען און קענען ניט שיקען זייערע קינדער אין סקוהל.

אין מיססיסיפפי סטייט לויטעט דער געזעץ וועגען וואוטען, וויא פאלגט : יעדער וואוטער מוז בעצאהלען אלע טעקסעס, וואס ער איז שולדיג און א ספעשעל טעקס פאר'ן וואוטען, איידער ער ווערט צוגעלאזען צום באללאט - באקס. ער מוז אויך קענען לעזען דיא קאנסטיטושאן פון דער סטייט און מוז קענען ערקלעהרען דיא בעדייטונג פון די פונקטען אין דער קאנ־סטיטושאן. א פערברעכער, וועלכער איז בעגאנגען א רויבעריי, אדער האט געשווארען פאלש, טאר ניט וואוטען. דער שווער־סטער פונקט פאר דיא ניגערס, איז דער צווייטער. צו קענען ערקלעהרען דיא בעדייטונג פון שטעלען אין דער קאנסטיטושאן איז ווירקליך א שווערע זאך. מען מוז דערצו זיין געבילדעט. דערצו דארף דער ניגער די ערקלעהרונג געבען פאר א ווייסען, וועלכער האט דאך געוועהנליך פאראורטהיילע געגען ניגערס, און וועלכער וויל ניט צולאזען, אז דער ניגער זאל וואוטען. און דער ווייסער קען גאנץ לייכט זאגען, אז דעם ניגער'ס ערקלעה־רונג איז ניט גוט. ער האט דאס רעכט דיעזען פונקט צו ענט־שיידען.

אויף אן עהנליכען ארט לאזט מען דעם ניגער ניט צו צו דעם באלאט - באקס אין קיינעם פון די סטייטס אין דער סאוטה. דיא סטאטיסטיק בעווייזט, דאס בלויז פינף פראצענט פון דיא ניגערס וואוטען דארטען, טראץ דעם, וואס אלע ניגערס זיינען היגע געבארענע, און זיינען דארום אמת'ע אמעריקאנער ביר־גער. אין דיא צוויי סטייטס מיססיסיפפי און סאוטה קאראליינא זיינען ביי דיא עלעקשאנס אין דעם יאהר 1900 געפאלען עט־וואס איבער פינף טויזענד וואוטס פאר דיא רעפובליקאנער פארטיי. יעדער ניגער אין דער סאוטה איז א רעפובליקאנער. צווישען דיא פינף טויזענד רעפובליקאנישע וואוטס זיינען צוויי

טויזענד זיבער געווען פון ווייסע סיטיזענס, ווייל דארטען זיינען פארהאן א היבשע צאהל רעפובליקאנישע דזשאב - האלדערס. דיא צאהל ניגער - וואוטס אין דיא צוויי סטייטס איז, אלזא, געווען ניט מעהר, וויא ארום דריי טויזענד. דערוואקסענע שווארצע פון איבער 21 יאהר זיינען, אבער, דאמאלס דארטען געווען נאהענט צו 351 טויזענד. ווען ניט דיא דערמאהנטע בע־שרענקונגס - געזעצע, וואלטען דיא אלע 351 טויזענד ניגערס געוואוט. דיא געזעצע האבען ביי 95 פראצענט פון דיא שווארצע איינפאך אוועקגערויבט דיא שטימרעכט.

דיא פריינד פון דיא ניגערס האבען דיא פראגע אייניגע מאל אריינגעבראכט אין סופרים קאורט, אין וואשינגטאן. זיי האבען געוואלט דיא קאורט זאל ערקלעהרען, אז דיזע געזעצע וואס נעהמען אוועק ביים ניגער דאס רעכט פון זיין וואוט, איז נעגען דער קאנסטיטושאן. דיא סופרים קאורט האט, אבער, נאך פערשיעדענע תירוצים זיך אויסגעדרעהט ארויסצוגעבען א דירעקטען פסק וועגען דעם. זיא האט ערקלעהרט, אז אזעלכע פראגען בעלאנגען גאר ניט צו איהר, אז זיי דארפען ענטשיעדען ווערען ,ענטוועדער אין די קאורטס פון דיא סטייטס גופא, אדער אין קאנגרעסס.

עס איז שוין אנגעוויזען געווארען אויבען, דאס דיא קאנ־סטיטושאן ענטהאלט אן אמענדמענט, דורך וועלכען מען וואלט געקענט צווינגען דיזע סטייטס זיי זאלען ביים ניגער דעם וואוט ניט אוועקרויבען. אבער דיא נאציאנאלע רעגיערונג אין וואַ־שינגטאן וויל זיך ניט איינרייסען מיט די ווייסע אין די סאוטה. און דיעזער געזעץ פון דער קאנסטיטושאן ווערט אינגאנצען פערנאכלעסיגט.

## קאפיטעל 19.

## סטייטס און טעריטאָריעס.

בשעת דיא אמעריקאנער רעגיערונג האט זיך געגרינ־דעט מיט איבער 130 יאהר צוריק, איז דיא לאנד בעשטאנען פון 13 סטייטס, וועלכע האבען פערנומען א קליינעם שטח ערד, אין פערגלייך מיט דעם שטח, וואס זיא פערנעהמט איצטער. איצט זיינען אין דער רעגיערונג פאראן 48 סטייטס, וועלכע ציהען זיך איבער דער גאנצער ברייט פון דער אמעריקאנער וועלט־טהייל. דיא יעצטיגע יונייטעד סטייטס איז פינף מאל אזוי גרויס וויא דיא אָריגינעלע יונייטעד סטייטס. דיא לאנד האט זיך צושפרייט און צואוואָקסען אונגעהייער פיעל.

וויא אזוי זיינען צו אונז צוגעקומען דיא 35 סטייטס? דיא פעראייניגטע שטאאטען איז דאָך א מין יוניאָן, א בונד פון קליינע אונאבהענגיגע שטאאטען. וויא אזוי, אלזאָ, זיינען דיעזע 35 נייע שטאאטען אריינגעטראָטען אין דער יוניאָן? פון וואנען האבען זיי זיך גענומען? ווער האט זיי אריינגע־בראכט?

געננוי צו ענטפערען דיעזע פראגען דארף מען איבערדער־צעהלען דיא גאנצע היסטאָריע פון דיעזער לאנד. דיא אמע־ריקאנער רעגיערונג האט אין פערלויף פון איהר קורצע עקזי־סטענץ צוגעקראגען שטיקער לאנד לעבען איהרע גרענעצען אויף פערשיעדענע אופנים. מאנכע שטיקער האט זיא אפגע־קויפט פון אנדערע רעגיערונגען, מאנכע האט זיא אליין אויס־געפאָרשט, אליין ענטדעקט און זיי צוגענומען פאר זיך, מאנ־כע, וויעדער, האט זיא אפגענומען פון אנדערע רעגיערונגען דורך מלחמה.

נאטירליך, דיא ערשטע צייט איז דיא צוגעקומענע שטיק לאנד נאָך קיין סטייט ניט געווען, זיא האט נאָך קיין רעכט ניט געהאט צו האבען אן אייגענע סטייט רעגיערונג, מיט אן

אייגענעם גאווערנאר, מיט אן אייגענע לעדזשיסלייטשור, מיט אייגענע סענאטארען אין וואשינגטאן און זא ווייטער. דיעזע אלע רעכטע האבען זיי ערשט בעקומען אין א צייט ארום, ווען דיא בעפעלקערונג דארטען האט דערגרייכט א געוויסע גרויסע צאהל, ווען דיא אינדוסטריען זיינען דארטען געווען גענוג ענטוויקעלט און ווען דיא איינוואהנער האבען זיך ארויסגע־וויעזען פעהיג גענוג צו האבען אן אייגענע סטייט רעגיערונג.

ווער האט אבער איבער דיעזע שטיקער לאנד רעגיערט ביז יענער צייט, ווען זיי האבען זוכה געווען אריינצוטרעטען אין דער יוניאן? דער קאנגרעס אין וואשינגטאן. איצט נאך זיינען פאראן עטליכע אזוינע שטיקער לאנד, איבער וועלכע דער קאנגרעס האט דיא אבסאלוטע הערשאפט. דיעזע שטי־קער לאנד זיינען נאך פארלויפיג ניט צייטיג גענוג צו ווערען סטייטס. אין מאנכע פון זיי איז דיא בעפעלקערונג צו קליין, אין מאנכע איז דיא בעפעלקערונג צו ווייניג ציוויליזירט, צו ווייניג ענטוויקעלט. א שטיק לאנד, וועלכע בעלאנגט צו דיא פעראייניגטע שטאאטען און וועלכע איז נאך ניט קיין סטייט פאר זיך, נאר ווערט אין גאנצען רעגיערט פון קאנגרעס, רופט זיך אן „טעריטאריע“.

ווען א טעריטאריע פיהלט זיך, אז זיא פערדיענט צו ווע־רען א סטייט, קען זיא בעטען דעם קאנגרעס ער זאל איהר אריינצונעהמען אין דער „יוניאן“. איהר בעטען, נאטירליך, האט קיין ווערדע ניט. זיא דארף זעהן, אז א קאנגרעסמען זאל אריינברייננען א פארשלאג, אז זיא זאל ווערען א סטייט. דיעזער פארשלאג ווערט בעהאנדעלט וויא א געוועהנליכער ביל. ער מוז אנגענומען ווערען איןביידע הייזער פון קאנ־גרעס, אין דיא האוז אוו רעפרעזענטייטיווס און אין סענאט, און דאן מוז איהם דער פרעזידענט אונטערשרייבען.

דער קאנגרעס האט דיא פאלקאמענע מאכט זיך צו ענט־זאגען אריינצונעהמען א געוויסע טעריטאריע אלס א סטייט, ווען זאגאר אלע זעהען, אז זיא איז בערעכטיגט צו ווערען א סטייט און כל זמן דיא שטיק לאנד איז א טעריטאריע, קען

איהר דער קאָנגרעס רעגיערען אויף וואס פאר אן ארט ער וויל. ער קען דאָרטען ארייינזעצען א צאַר און איהם געבען דיא פולע מאַכט צו הערשען איבער דיא איינוואָהנער נאָך זיין גוטען ווילען נאָך. דיא איינוואָהנער פון דער טעריטאָריע האָבען קיין דעה ניט אין דעם.

אין דער קאָנסטיטושאָן ווערט ערקלערט זעהר וויניג וועגען טעריטאָריעס. בלויז אין איין פלאַץ ערקלערט זיא, אז דער קאָנגרעס האט דיא מאַכט צו מאַכען דיא רולס און רעגיליישאָנס פאר דיא טעריטאָריעס פון לאַנד. דיעזער פונקט איז זעהר אונקלאָהר, אונדייטליך, און ער לאָזט איבער פיעלע וויכטיגע פראַגען אונבעאַנטוואָרטעט.

דיא ערשטע פראַגע, איבער וועלכע דיא שטאַאטסלייטע פון אַמעריקא האבען זיך ניט געקענט איינִיגען נאָך מיט איבער הונדערט יאהר צוריק, איז געווען איינפאַך דיעזע: האט דער קאָנגרעס, אדער בעסער געזאָגט, דיא גאַנצע נאַציאָנאַלע רעגיערונג, דאס רעכט צו פערגרעסערען דיא לאַנד דורך נייע טעריטאָריעס? דער פרינציפּ פון דער אַמעריקאַנער רעגיערונג איז, דאס דיא רעגיערונג האט קיין רעכט ניט צו טהאָן קיין זאַך, סיידען דיא קאנסטיטושאַן גיט איהר דיעזע רעכט. אלזאָ, אין דער קאָנסטיטושאן געפינט זיך ניט קיין וואָרט וועגען אריינעהמען נייע טערריטאָריעס. טאָ פון וואַנען געהמט זיך דיא רעגיערונג דאָך דאס רעכט און דיא מאַכט אַזוינע טעריטאָריעס אריינצונעהמען?

וויא געזאָגט, האט דיעזע פראַגע ארויסגערופען פיעלע סכסוכים נאָך אין דיא יונגע יאהרען פון דיעזער לאַנד. זיא אומשטענדען האבען אבער געמאַכט, דאס דיא רעגיערונג זאָל איינשלינגען נייע שטיקער לאַנד, און וואו עס איז דאָ א נויטה געפינט מען שוין א מיטעל. דיא שטאַאטסלייט און דיא סופרים קאָורט האבען דאס ארויסגעדרונגען פון דער שטעלע אין דער קאָנסטיטושאן, וועלכע גיט דעם קאָנגרעס דיא מאַכט צו מאַכען „טריטיס“ (אפּמאַכען) מיט אַנדערע פעלקער, און אנצופיהרען מלחמה מיט אַנדערע פעלקער. „נו“, האבען זיי

ארויסגע'פשט'עלט, „וויבאלד דער קאנגרעס מעג פיהרען א מלחמה, מעג ער דאך איינגעהמען לאנד, און וויבאלד ער מעג מאכען „טריטיס", מעג ער דאך דורך א „טריטי" אפקויפען אדער צונעהמען פון אן אנדער לאנד שטיקער טער־מאריע". דיעזער פשט'ל איז אפילו ניט קיין שטרענג לאגישער, אבער פאר א תירוץ איז ער גענוג.

דיא צווייטע פראגע איז שוין אביסעל א פערפלאנטער־טע. זיא האט זיך זעהר שטארק פערנאנדערגעפלאקערט מיט א יאהר 18 צוריק, גלייך נאך דער אמעריקאנער קריעג מיט שפאניען, ווען דיא פיליפינער אינזלען זיינען געווארען טערי־מאריעס פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

דיעזע פראגע איז געווען דיא פאלגענדע: אויף וויא ווייט מעג דער קאנגרעס זיך בעטראכטען אלס דער זעלבסט־הערשער פון דיא טעריטאריעס? קען ער ווירקליך מיט דיא טעריטאריעס טהאן וואס ער וויל? קען ער דארטען, צום ביי־שפיעל, איינפיהרען א צענזור, אוועקנעהמען פון דיא איינוואה־נער דאס רעכט צו ריידען פריי און צו פערזאמלען זיך פריי, אזוי וויא עס האט זיך געפיהרט אין רוסלאנד בעפאר דער רע־וואלוציאן? אדער מוז דער קאנגרעס פערוואלטען דיא טערי־טאריעס אין דעם גייסט פון דער קאנסטיטושאן און געבען דיא בירגער דארטען דיא גרונד־רעכטע, וואס דיא קאנסטיטושאן פערזיכערט און גאראנטירט דיא בירגער פון דיא פעראייניג־טע שטאאטען?

ארויסגעקומען איז דיעזע פראגע דורך דיא ניקאלאיסקע רעגיערונג, וואס דער קאנגרעס האט געגרינדעט איבער דיא פיליפינער אינזלען נאכדעם וויא זיא האט זיי אפגענומען פון שפאניען. דיעזע מאנארכיסטישע רעגיערונג האט פון דיא פילי־פינער אונטערטהאנען אוועקגערויבט דיא גרונד־רעכטע, וועלכע דיא קאנסטיטושאן האלט אזוי הייליג: זיא האט, צום ביי־שפיעל, איינגעפיהרט, אז פערברעכער דארפען ניט פארגע־פיהרט ווערען פאר א גרענד דזשורי און דארפען ניט גע'משפט ווערען פון א דזשורי. דיא פיליפינער האבען געגען דיעזע

טיראַנישע איינפיהרונג אויפגעהויבען אַ קאַמפּף. זיי האבען אפּעלירט געגען דעם אין דיא יונייטעד סטייטס סופּרים קאָורט, און דיעזער קאָורט האט ארויסגעגעבען דעם פאָלגענ־דען פּסק:

אין אלגעמיין מעג דער קאָנגרעס איינפיהרען אין דיא טעריטאָריעס וואס פאר א רעגיערונג ער וויל און מאכען פאר זיי וואס פאר א געזעצע איהם געפעלט. דיא הויפּט גרונד־פּרינציפּען פון דער קאָנסטיטושאָן טאָר אבער דער קאָנגרעס ניט פערלעצען זאָגאר אין דיא טעריטאָריעס.

דיעזער פּסק וואָלט געווען נישקשה, ווען דער סופּרים קאָורט וואָלט גלייך נאכדעם ניט פערטייטשט וועלכע פּרינצי־פּען זיינען דיא גרונד־פּרינציפּען און וועלכע ניט. דער טייטש איז ווירקליך א מאָדנער. ער לאָזט דיא גאַנצע פראגע הענגען אין דער לופטען, אדער, בעסער געזאָגט, ער נעהמט איהר ארויס פון דיא הענד פון קאָנגרעס און לאָזט איהר איבער אין דיא הענד פון סופּרים קאָורט.

דיעזער טייטש לויטעט, דאס דער סופּרים קאָורט אליין האט דאס רעכט צו ענטשיידען וועלכע פּרינציפּען אין דער קאָנסטיטושאָן זיינען פאר א געוויסע טעריטאָריע גרונד־פּרינ־ציפּען, וואס דער קאָנגרעס טאָר ניט פערלעצען און וועלכע עס זיינען ניט קיין גרונד־פּרינציפּען. אין דער דערמאָנטער קייס, צום ביישפּיעל, האט דער סופּרים קאָורט גע'פּסק'ענט, אז דאס רעכט גע'משפּט צו ווערען פון א דזשורי איז פאר דיא איינוואָהנער פון דיא פיליפּינען אינזלען ניט קיין גרונד־רעכט, און דארום האט דער קאָנגרעס דיא מאכט דיעזע רעכט פון זיי אוועקצונעהמען. דאס אמעריקאנער פאָלק און דיא פעל־קער פון אלע אנדערע לענדער האבען אימער געגלויבט פער־קעהרט, אז „דזשורי פּראָצעסען" איז איינע פון דיא וויכטיג־סטע, טהייערסטע גרונד־רעכטע, וואס דיא מענשהייט האט אויסגעקעמפּפט פון איהרע אונטערדריקער. דאס מאכט אבער ניט אויס. דער סופּרים קאָורט קען ענטשיידען וויא ער וויל.

און וויבאַלד נאָך זיין מיינונג זיינען דזשורים ניט קיין גרונד־רעכטע, בלייבט עס אַזוי.

דיא פּאָליסי פון דער רעגיערונג אין וואַשינגטאָן איז אימער געווען ניט צו געבען צופיעל פרייהייט דיא איינוואָהנער פון טעריטאָריעס, אפילו פון אַזוינע טעריטאָריעס, וועלכע זיינען פּאָלקאָם ציוויליזירט און וועלכע וואָלטען פּאָלקאָם גע־קענט זיך אליין רעגיערען. ווער רעדט שוין פון אונענטוויקעלטע טעריטאָריעס; דאָרטען איז דיא אַמעריקאנער הער־שאַפט אימער געווען ניט נאר שטרענג, נאר פשוט טיראַניש. דער בעסטער ביישפּיעל איז דיא פיליפּינען אינזלען.

דיא אַמעריקאנער רעגיערונג האט געהאט זעהר א שווע־רע אויפגאבע צו ברייגנען דיא פיליפּינען אינזלען אונטער איהר הערשאַפט. דיא פיליפּינען האבען פריהער בעלאַנגט צו שפּאַניען, און א גרויסע טהייל פון דער בעפעלקערונג האט צעהנדליגע יאהרען אנגעפיהרט א קאַמפּף אַראָפּצואוואַרפען דעם שפּאנישען יאָך. ווען אַמעריקא האט אנגעפאנגען איהר מלחמה געגען שפּאַניען, האט זיא עס געטהאָן כלומרשט אין נאמען פון פרייהייט און פון מענשליכקייט. זיא האט זיך כלומרשט אנגענומען פאר דיא קובאנער, וועלכע האבען אויך יאהרען לאַנג געקעמפּפט געגען דיא שפּאַנישע טיראַניי. דיא פיליפּינער רעוואָלוציאָנערען האבען זיך דארום פעראייניגט מיט דיא אַמעריקאנער, און צוזאַמען איז זיי געלונגען צו פער־טרייבען דיא שפּאַנישע סאָלדאַטען פון אייניגע וויכטיגע האַ־פען־שטעדט און פעסטונגען אין דיא פיליפּינען. דיא פיליפּי־נער רעוואָלוציאָנערען זיינען געווען אונטער דעם איינדרוק, אז דערמיט וואס זיי העלפען דיא אַמעריקאנער, העלפען זיי זיך. זיי האבען זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אַמעריקא וועט שפּעטער וועלען האַלטען דיא אינזלען פאר זיך, אַזוי וויא שפּאַניען האט עס געטהאָן.

אבער אויסגעלאָזען האט זיך אַזוי. ווען דיא מלחמה האט זיך געענדיגט, האט אַמעריקאַ אין דעם פריעדענס־אבמאך איינגעשטעלט א פּונקט, אַז דיא פיליפּינען זאָלען געהערען

צו איהר. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האט עס, נאַטירליך, ניט געוואָלט; און נאָך א לאַנגען סכסוך איז געבליעבען, אַז אַמע־ריקא זאָל בעצאָהלען שפּאַניען צוואַנציג מיליאָן דאָלאר פאַר דיעזע אינזלען. דיא פיליפינען זיינען, אַלזאָ, בלויז אריבער פון איין בעל הבית׳טע צו א צווייטע. דיא רעוואָלוציאָנערען זיינען שרעקליך ענטוישט געוואָרען. פון זייער האָפנונג האט זיך אויסגעלאָזען אַ פוסטער חלום.

זעהר, זעהר שווער איז עס אנגעקומען אונזער רעגיערונג ביז וואַנען זיא האט איינגעאָרדערט א פערוואַלטונג פאַר דיא פיליפינער. אונטער דיא פריעדליכסטע אומשטענדען וואָלט דאס ניט געוועזען קיין לייכטער דזשאָב. דיא פיליפינען בע־שטעהען פון 3,141 קליינע אינזלען. דיא בעפעלקערונג דאָרט איז נאָהענט צו אַכט מיליאָן. פיעלע פון זיי זיינען ענטוועד־דער אין גאַנצען ווילד אדער בלויז האַלב ציוויליזירט. דיא פאָלקאָם ציוויליזירטע מענשען זיינען דאָרט פרומע קאַטהאָלי־קען, וועלכע קענען זיך ניט צופאַסען צו דעם גייסט פון אַזא לאַנד וויא אַמעריקא.

צו דיעזע אַלע שווערע אומשטענדען איז נאָך צוגעקומען דיא שטענדיגע אונרוהיגקייט צווישען דיא מעהר ענטוויקעלטע עלעמענטען פון דער בעפעלקערונג. דיא פיליפינער רעוואָלו־ציאָנערען האָבען ניט אַזוי לייכט ארויפגענומען אויף זיך דעם נייעם יאָך פון דער אַמעריקאַנער רעגיערונג. יאָהרען לאַנג האָבען זיי פאָרטגעזעצט זייער קאַמפּף פאַר פרייהייט. אַמע־ריקא איז דיא ערשטע צייט געווען געצוואונגען צו האַלטען דיא אינזלען אין א קריעגס צושטאַנד. דיא הערשער דאָרטען זיינען דאַן געוועזען סאָלדאַטען און מאַטראָזען. אין דעם יאָהר 1900 האָט פרעזידענט מעקינלי געשיקט טעפט׳ן, ער זאָל דאָר־טען זעהען איינפיהרען א סיוויל רעגיערונג. א יאָהר צייט האָט געדויערט ביז וואַנען דער קריעגס צושטאַנד איז אָפּגעשאַפט געוואָרען און דיא נייע פאָרמע רעגיערונג איז איינגעפיהרט גע־וואָרען. טעפט איז דאָרטען פערבליעבען דער גאָווערנאָר.

בּיסלאַכווייז איז אויף דיא פיליפינען רוהיגער געוואָרען.

דיא רעוואָלוציאָן איז, וויא געוועהנליך, דערטרונקען געוואָרען אין בלוט. אַמעריקא איז געוואָרען דיא אַנערקענטע הערשערין און בעל־הבית׳טע, און דער קאָנגרעס האָט איינגעזעהען, אַז מען דאַרף שוין מעהר ניט זיין אַזוי שטרענג, אַזוי טיראַניש מיט דיא בעפעלקערונג. אין 1907 האבען דיא פיליפינער ענדליך בעקומען עטוואָס פּאָליטישע פרייהייט.

דיא פיליפינען אינזלען ווערען איצטער רעגיערט אויף׳ן פאָלגענדען אופן:

דער עקזעקוטיוו דעפּאַרטמענט בעשטעהט פון ניין מעמ־בערס: פינף אַמעריקאַנער און פיער פיליפינער. אַלע ווערען זיי אַפּאָינטעד פון דעם היגען פּרעזידענט, מיט דער צושטימונג פון סענאַט. איינער פון דיא ניין איז דער גאָווערנאָר, וועלכער בעזיצט אַזוי פיעל מאַכט וויא דער פּרעזידענט אין דער היגער רעגיערונג.

דיא לעדזשיסלייטשור בעשטעהט פון צוויי הייזער: פון אַ סענאַט און אַ האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס. איבער ביידע הייזער האָט דאָס פאָלק אַ קנאָפּע דעה. דער סענאַט איז דער זעלבער וויא דער עקזעקוטיוו דעפּאַרטמענט, דאָס הייסט, ער בעשטעהט פון דיא זעלבע 9 מענשען וואָס פיהרען דיא רעגיע־רונג. דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס ווערט ערוועהלט פון פאָלק, אבער זעהר אַ קליינע צאָהל פון פאָלק האט דאָס רעכט צו וואָטען. דיא וואָוטערס מוזען זיין קריסטען, מוזען בעזיצען איינגענטהום, און מוזען קענען שרייבען און לעזען, ענטוועדער ענגליש אָדער שפּאַניש. אַזוי וויא דיא פיליפינער בעפעלקערונג בעשטעהט אַם מייסטענס פון פערשיעדענע אַזיאַטישע שבטים און אַזוי וויא כמעט אַלע איינוואָהנער זיינען דאָרטען שרעקליך פעראָרימט און זעהר אונוויסענד, קומט אויס, אַז דיא שטיקעל דעה וואָס אַמעריקא האָט געשאָנקען דאָס פאָלק ווערט אין גאַנ־צען בענוצט פון דיא עטליכע שפּאַנישע און אַמעריקאַנער רייכע אַריסטאָקראַטען וועלכע וואָהנען דאָרטען צוליעב ביזנעס אָדער צוליעב רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע צוועקען.

דיא פיליפינען זיינען איינפאך אַן איינגענומענע לאַנד, וועלכע אַמעריקאַ האַלט אונטערטהעניג און בעהאַנדעלט פונקט אַזוי שלעכט וויא דיא גרויסע יוראָפּעאישע מעכטע בעהאַנדלען זייערע איינגענומענע פעלקער אין אַפריקאַ און אין אַזיען.

---

## וויא אַזוי אַמעריקאַ רעגיערט איהרע טעריטאָריעס.

דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט טעררי‌טאָריעס אין פערשיעדענע טהיילען פון דער וועלט. אין מאַנכע זיינען דיא איינוואָהנער מעהר ציוויליזירט און אין מאַנכע וועניגער. דיא אינטערעסען וואס אַמעריקאַ האט אין דיא פערשיעדענע טערי־טאָריעס זיינען אויך ניט דיא זעלבע. דער קאָנגרעס האָט דאַ־רום פאַר יעדע טעררי‌טאָריע אַן אַנדער פאָליסי. מיט מאַנכע איז ער מעהר דעמאָקראַטיש וויא מיט אַנדערע. דיא איינוואָה־נער פון אייניגע טעררי‌טאָריעס האָבען קיין שום פּאָליטישע פרייהייט, אַזוי וויא די איינוואָהנער פון דער אַלטער רוסלאַנד, און פיליכט נאָך וועניגער. פערקעהרט, אין אייניגע אַנדערע האבען דיא איינוואָהנער אַזוי פיעל פּאָליטישע רעכטע און פרייהייטען וויא דיא בירגער פון אַ בעגרענצטע מאָנאַרכיע.

1. דיא פרייעסטע רעגיערונגס פאָרמע האָבען דיא איינ־וואָהנער פון דיא האוואי אינזלען. דיעזע טעררי‌טאָריע האָט אַמעריקאַ אריינגענומען אין איהר רעגיערונג אין דעם יאָהר 1898. דיא דאָרטיגע איינוואָהנער האָבען אַליין זיך אָנגע־שלאָגען צו ווערען אַ טהייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. פריהער איז האוואי געוועזן אַ רעפּובליק פאַר זיך. דער היגער קאָנגרעס האָט אָבער ניט געוואָלט מאַכען איהר פאַר אַ סטייט און איהר געבען דאס רעכט צו זיין פערטראָטען אין דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס און אין סענאַט. ער האָט בלויז איינ־געווילגט אריינצונעהמען אַלע בירגער פון דער האוואַי׳ער רע־פּובליק פיר אַמעריקאַנער בירגער; און וואָס אַנבעלאַנגט אַ רעגיערונג האָט ער פאַר איהר אָרגאַניזירט אַ מין בעגרענעצטע

מאָנאַרכיע. דיא הויפּט הערשער איבער דיא אינזלען ווערען אַפּאָינטעט אין וואַשינגטאָן. דיא בירגער האָבען אָבער אַ שטי־קעל שטימע אין דער רעגיערונג.

דער פּרעזידענט אַפּאָינטעט פאַר די אינזלען אַ גאָווערנאָר און אַ סעקרעטער. דיעזע אַפּאָינטמענטס מוזען גוטגעהייסען ווערען פון סענאַט. דער גאָווערנאָר פאַרנעהמט אין דער דאָר־טיגער רעגיערונג דעם זעלבען פּלאַץ וואָס דער פּרעזידענט פאַר־נעהמט אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען. ער האָט דאָס רעכט צוריקצואווייזען אַלע בילס וואָס ווערען אָנגענומען אין דיא לעדזשיסלייטשור. ער האָט דיא מאַכט צו בעגנאַדיגען פער־ברעכער. ער איז דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע, ער האָט אויך אַלס זיין אויפגאַבע דורכצופיהרען אַלע געזעצע וואָס ווערען געמאַכט.

דיא לעדזשיסלייטשור, וועלכע מאַכט דיא געזעצע פאַר דיא אינזלען, ווערט שוין אין גאַנצען קאָנטראָלירט פון פאָלק. זיא בעשטעהט פון צוויי דעפּאַרטמענטס, אַזוי וויא דער היגער קאָנגרעס, פון אַ סענאַט און פון אַ האַוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס. דיא מעמבערס פוןביידע הייזער ווערען ערוועהלט פון פאָלק.

2. דיא אַנדערע טעריטאָריעס האָבען פיעל ווייניגער פרייהייט. אין דעם זעלבען יאָהר וואָס דיא האַוואַי אינזלען זיינען אריינגעטראָטען אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען, האַט אַמעריקא אָפּגענומען פון שפּאַניען דיא אינזעל פּאָרטאָ ריקאָ און דיא גרויסע גרופּע אינזלען ניט ווייט פון יאַפּאַן, דיא פילי־פּינען. דיא רעגיערונגס פאָרמע, וואָס דער קאָנגרעס האָט גע־געבען דיעזע צוויי טעריטאָריעס זיינען פיעל דעספּאָטישער וויא אין דיא האַוואַי אינזלען.

אין פּאָרטאָ ריקאָ ווערען דיא איינוואָהנער ניט בעטראַכט אַלס אַמעריקאַנער בירגער. זיי זיינען דאַרום ניט בערעכטיגט צו דעם שוץ און צו דיא הילפע וואָס אַמעריקא גיט איהרע סי־טיזענס. צו דער זעלבער צייט זיינען זיי אַמעריקאַנער אונטער־טהאַנען און ווערען בעהערשט אין גאַנצען פון דעם אַמערי־קאַנער קאָנגרעס.

דער פּרעזידענט און דער סענאַט אַפּאָינטען אַלע פיער יאָהר אַ גאָווערנאָר פאַר דיעזען אינזעל. אויסער דעם גאָווערנאָר אַפּאָינטען דער פּרעזידענט און דער סענאַט זעקס קאַבינעט מיניסטאָרען — אַ סעקרעטער, אַן אַטאָרני דזשענעראַל, אַ טרעזשורער, אַן אַדיטאָר, אַ קאָמישאָנער אָוו אינטיריאָר און אַ קאָמישיאָנער אָוו עדיוקיישאָן. — דיעזע זעקס מיניסטאָרען האָבען אַ דאָפּעלטע אויפגאַבע. ערשטענס אַטענדען זיי צו דיזע דעפּאַרטמענטס. דער קאָמישאָנער אָוו עדיוקיישאָן צו דיא בילדונג, דיא סקוהלס און קאָלעדזשעס; דער אַטאָרני דזשענעראַל צו דיא פּראָצעסען וואָס דיא רעגיערונג פיהרט אָן געגען פאַרברעכער, און זאָ ווייטער. און צווייטענס, בעטהייליגען זיי זיך אין מאַכען דיא געזעצע פאַר דיא אינזלען. זיי זיינען אַלע מעמבערס פון סענאַט.

דיא געזעצע ווערען געמאַכט פון אַ קאָנגרעס וועלכער בעשטעהט פון צוויי „הייזער“: דיא אויבערשטע הויז, דער סענאַט, ווערט אין גאַנצען אַפּאָינטעט פון דעם אַמעריקאַנעם פּרעזידענט מיט דער צושטימונג פון סענאַט. ער בעשטעהט פון עלף מעמבערס; דיא זעקס דערמאָהנטע קאַבינעט מיניסטאָרען און פינף פּראָמינענטע איינוואָהנער פון דיא אינזלען. דיא לעצטע פינף ווערען אַפּאָינטעט פון פּרעזידענט מיט דער צושטימונג פון סענאַט.

דיא ניעדעריגערע הויז בעשטעהט פון 35 מעמבערס, וועלכע ווערען אַלע צוויי יאָהר ערוועהלט פון פאָלק.

דיעזע רעגיערונגס-פאָרמע גיט דיא איינוואָהנער פון דיא אינזלען זעהר ווייניג פּאָליטישע פרייהייט. מען קען זאָגען, אַז דיא איינוואָהנער ווערען דאָרטען אין גאַנצען בעהעררשט פון מענשען, וואָס דיא פעראייניגטע שטאַאטען שיקט אַהין. דער גאָווערנאָר, דער קאַבינעט און אַ מאַיאָריטעט פון סענאַט זיינען אַמעריקאַנער. בלויז דיא ניעדעריגערע הויז פון קאָנגרעס ווערט קאָנטראָלירט פון לאָקאַלע מענשען.. איהר מאַכט איז זעהר בעגרענעצט.

אין דיא טעריטאָריעס פון דיא צוויי אויבערשטע גרופּען

האט דאס פאלק אויף וויפיעל עס איז א מאכט אין דער רע־גיערונג. אין דיא פיליפינען איזנלען איז דיא מאכט זעהר, זעהר א שוואכע. אזוי שוואך, אז מען קען איהר כמעט גאר ניט הערען. אבער לפנים וועגען איז דארטען דא א מין פארלאמענט און לפנים וועגען ווערען דארטען אפגעהאלטען עלעקשאנס. אמעריקא פערמאגט אבער נאך א גרופע טעריטאריעס אין וועלכע עס גיעבט גאר ניט קיין מינדעסטע פרעטענזיע פאר א פאלקס־רעגעירונג. אמעריקא הערשט איבער זיי אלס אן אב־סאלוטע מאנארכיע, אלס א „סאמאדערזשעץ“. די בעפעלקערונג איז דארטען פאליטיש פערשקלאפט.

צו דיעזער גרופע בעלאנגען אלאסקא, וועלכע אמעריקא האט אבגעקויפט פון רוסלאנד אין דעם יאהר 1867, גוואם, אטווילא און דיא שטיק לאנד וואו עס געפינט זיך דער פאנאמא קאנאל.

אלאסקא ווערט רעגיערט דירעקט פון קאנגרעס. דער פרעזידענט און דער סענאט אפאינטען אלע פיער יאהר א גאַ־ווערנאר און א סעקרעטער פאר דיעזער טעריטאריע. אבער דיא אויפגאבע זייערע איז בלויז צו זעהן, אז אלע געזעצע, וואס דער קאנגרעס מאכט פאר אלאסקא זאלען פינקטליך דורכגעפיהרט ווערען. אליין טהאן עפעס קען דער גאווערנאר זעהר ווייניג. וועגען וויכטיגע פראגען מוז ער זיך ווענדען צום פרעזידענט.

דער פאנאמא דיסטריקט ווערט אפיציעל רעגיערט פון פרעזידענט. דער קאנגרעס האט דעם פרעזידענט איבערגעגעבען דיא מאכט צו זיין דער אבסאלוטער קעניג איבער דיעזער שטיק לאנד. ער קען מאכען פאר איהר וואס פאר א געזעץ ער וויל און ער אליין קען אכטונג געבען אז דיא געזעצע וואס ער מאכט זאלען פינקטליך דורכגעפיהרט ווערען.

אין דער פראקטיקע אבער, באדערט זיך דער פרעזידענט מיט פאנאמא אזהר ווייניג. עס איז דא א קאמישאן פון זיבען מעמבערס, וועלכע ווערט אפאינטעט פון פרעזידענט מיט דער צושטימונג פון סענאט. דיא הויפט אויפגאבע פון דיעזער קאַ־מישאן, איז אכטונג צו געבען אויף דיא ארבייט פון בויען דעם

קאנאל. דער פרעזידענט האט אלזא דיעזער קאמישאן איבערגעגעבען זיין מאכט צו מאכען געזעצע פאר דיא דארטיגע איינוואהנער. נאטירליך, דער פרעזידענט קען צו יעדער צייט אויסבראקירען א געוויסען געזעץ וועלכער געפעהלט איהם ניט. דער סעקרעטערי אוו סטייט, דעם פרעזידענט'ס הויפט־קאבינעט מיניסטער, האלט אן אויג אויף אלעם וואס די קאמישאן טהוט. און אויב ער געפינט עטוואס אויסצוזעצען געגען דער קאמישאן, בעריכטעט ער גלייך צום פרעזידענט, אדער ער אליין בעפעהלט דער קאמישאן, זיא זאל דעם געזעץ ענדערן.

איינער פון דיעזע 7 קאמישאנערס ווערט בעטראכט אלס דער אפיציעלער גאווערנאר פון דעם דיסטריקט. ער גיט זיך ווירקליך אפ אם מייסטענס מיט דיא פערוואלטונגס ארבייט, מיט דעם פאליס דעפארטמענט, פייער דעפארטמענט, בילדינג דעפארטמענט און זא ווייטער.

דאי אנדערע דערמאהנטע קאלאניעס גוואם און אטווילא, ווערען רעגיערט פון מיליטערישע בעאמטע, וועלכע שטעהען דארטען מיט זייערע קריעגס שיפען. דיעזע קאלאניעס זיינען קליינע און אונוויכטיגע און קיינער קימערט זיך ניט וואס דארטען קומט פאר.

אין א מערקווירדיגען צושטאנד געפינט זיך דיא שטאדט וואשינגטאן, דיא קעפיטאל פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיא שטיק לאנד, אויף וועלכע דיזע שטאדט שטעהט, האט דיא נאציאנאלע רעגיערונג בעקומען אלס א פרעזענט פון דער סטייט מערילענד, גלייך וויא דיא רעגיערונג האט זיך געגרינדעט; און דיא נאציאנאלע רעגיערונג בעטראכטעט עס אלס איהר פריוואט אייגענטהום און הערשט איבער איהר אזוי וויא א פארצייטיגער פריץ איבער זיין הויף. דיא איינוואהנער אין וואשינגטאן האבען קיין שום דעה ניט אין דער שטאדט פערוואלטונג און אויך ניט אין דער נאציאנאלער רעגיערונג. זיי זיינען בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, אבער כל זמן זיי וואהנען אין וואשינגטאן האבען זיי ניט קיין וואוט.

אין דער אפיציעלער שפראך ווערט וואשינגטאן אנגערופען דער „דיסטריקט אוו קאלומביא". דיעזער דיסטריקט ווערט אויסשליסליך פערוואלטעט פון קאנגרעס און פון פרעזידענט. א קאנגרעס־קאמיטע פערהאנדעלט אללע ביללס וואס האבען צו טהאן מיט דיעזען דיסטריקט, און עטליכע טעג אין יאהר גיט זיך דער קאנגרעס אפ מיט אויסהערען דיא רעפארטס פון דיעזער קאמיטע און מיט מאכען געזעצע פאר דעם דיסטריקט.

דיא עקזעקוטיווע וועלכע דארף אכטונג געבען, אז דיא געזעצע זאלען דורכגעפיהרט ווערען בעשטעהט פון דריי קאמישאנערס — איינער פון זיי א מיליטערישער בעאמטער. זיי ווערען אפאינטעט פון פרעזידענט, מיט דער צושטימונג פון סענאט.

# פאָררעדע.

---

דיא אמעריקאנער רעגיערונג האָט זיך געגרינדעט אויפ'ן זעלבען ארט וויא א פעדעריישאָן פון יוניאָנס ווערט געגרינדעט. פריהער זיינען דאָ געווען 13 אפגעזונדערטע סטייטס. יעדע סטייט האָט געהאט אן אייגענע רעגיערונג און האָט זיך בעטראכט אלס אן אונאבהענגיגעס פאָלק. יעדע סטייט האָט געקוקט אויף דיא צוועלף אנדערע סטייטס וויא אויף פרעמדע רעגיערונגען. אין אמעריקא זיינען דאמאָלסט פאקטיש געווען 13 קליינע לענדער. אזוי ווי מיר געפינען איצטער אין סאוטה אפריקא.

דאָס איז געווען מיט איבער 130 יאָהר צוריק, גלייך נאָכדעם וויא דיא 13 קאָלאָניעס האָבען זיך דורך א רעוואָלוציאָן בעפרייט פון ענגלאנד. אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן זיינען דיא 13 קאָלאָניעס געווען פעראייניגט. דיא רעוואָלוציאָן האָט זיי פעראייניגט. אָבער זאגאר דאן איז דער פערבאנד צווישען זיי געווען א שוואכער. זיי האָבען געהאט א געמיינשאפטליכען קאָנגרעס, וועלכער האט טהעאָרעטיש געהאט דיא פולע מאכט. פאקטיש אָבער האָבען דיא קאָלאָניעס דעם קאָנגרעס ניט געפאָלגט. יעדע קאָלאָניע האָט געטהאָן וואס זיא האָט געוואָלט, זאָגאר אין אזוינע אנגעלעגענהייטען, וואס האָבען געהאט צו טהאָן מיט דער רעוואָלוציאָן, אין אזוינע זאכען, אין וועלכע עס איז העכסט נויטיג געווען אלע קאָלאָניעס זאָלען זיך האלטען אייניג און האנדלען וויא איין פאָלק.

נאך דער רעוואלוציאן האט דיעזער קאנגרעסס פערלאָרען דאס ביסעלע מאכט, וואס ער האט פריהער געהאט. דער שוואכינקער פערדעמיל, וועלכער האט דיא 13 קאלאניעס ביז דאמאלסט געהאט פערבונדען, האט זיך איבערגעריסען. וויא געזאגט, איז דאמאלסט יעדע קאלאניע געבליבען אן אונאבהענגיגע סטייט, א פאלקאמענע זעלבסטשטענדיגע רעגיערונג פאר זיך. זיא האט פון דיא אנדערע 12 מיט-קעמפפער איהרע מעהר ניט געוואלט הערען און זעהן.

לפנים וועגען זיינען דיא 13 סטייטס כלומרשט געווען פעראייניגט. זיי האבען זאגאר געהאט א מין קאנסטיטושאן מיט א צענטראלע רעגיערונג. דיעזע קאנסטיטושאן האט זיך גערופען דיא „ארטיקעלס אוו קאנפעדעריישאן", און דיא צענטראלע רעגיערונג איז בעשטאנען פון א קאנגרעסס, אין וועלכען אלע סטייטס זיינען געווען גלייך פערטראטען. אין אלגעמיין זיינען דיא „ארטיקעלס אוו קאנפעדעריישאן" געווען ניט שלעכט. ווען דער קאנגרעסס וואלט נאר געהאט דיא מאכט זיי דורכצופיהרען, וואלט אללעס געווען אלל-רייט. אט זיינען אייניגע שטעלען פון דיעזען דאקומענט, וועלכע גיבען א גוטען בעגריעף פון זיין ציעל.

„דיא דערמאנטע סטייטס פעראייניגען זיך היערמיט אין א שטארקען פערבאנד פון פריינדשאפט איינע מיט דיא אנדערע, אום צו פערטהיידיגען זיך געגען אן אויטסיידיגען שונא, צו פיהלען זיך זיכערער מיט דיא פרייהייט, וואס יעדע סטייט האט איצטער. דיא סטייטס פערפליכטען זיך צו העלפען איינע די אנדערע געגען אטאקעס, וואס וועלען געמאכט ווערען אויף איינער אדער אויף אלע סטייטס צוליעב רעליגיאן, הערשאפט, האנדעל און אנדערע פריטענזיעס.

„קיין סטייט טאר אהן דער צושטימונג פון דעם נאציאנאלען קאנגרעסס ניט אויפנעהמען קיין פארטרעטער און ניט שיקען קיין פארטרעטער צו א פרעמדע רעגיערונג. זיא טאר אויך ניט מאכען קיין טריטי, קיין פערבאנד, קיין אבמאך מיט אירגענד וועלכען קעניג, פרינץ אדער שטאאט.

„דער קאָנגרעסס זאָל האָבען דיא אויסשליסליכע רעכט צו בעשטימען דיא ווערדע פון דיא מטבעות, וואס ווערען גע־מאַכט דורך איהם אליין, אדער דורך דיא רעגיערונגען פון דיא פערשיעדענע סטייטס; ער זאָל אויך האָבען דיא אויסשליסלי־כע רעכטע צו רעגולירען דיא פּאָסטען, וואס געהען פון איין סטייט אין א צווייטער".

נאַטירליך, דיא יעצטיגע קאָנסטיטושאָן גיט דער צענטרא־לער רעגיערונג אין וואשינגטאָן פיעל מעהר רעכטע און אויפ־גאבען וויא דיזע „ארטיקעלס אוו קאָנפעדערײשאָן" האָבען געגעבען דיא דאַמאָלסטדיגע צענטראלע רעגיערונג, דעם קאָנ־גרעסס. אָבער דאָס וואָלט ניט אויסגעמאכט זעהר פיעל. מיט דער צייט וואָלט דער קאָנגרעסס אריינגענומען אין דיא הענד אזוי פיעל מאַכט, וויא ער וואָלט געדארפט האָבען. דער חסרון נור איז געווען, וואס דער קאָנגרעסס האָט דאן ניט פערמאָגט דיא מעגליכקייט צו צווינגען דיא סטייטס, זיי זאָלען פאָלגען דיא „ארטיקעלס אָוו קאָנפעדערײשאָן". מיר מיינען איינפאך, דיא פיזישע מאכט. דער פערבאנד צווישען דיא סטייטס איז געווען א מין סאָסייעטי פון גוטע פריינד. אויב א סטייט איז געווען „פריינדליך געגוג" צו פאָלגען דיא בעשליסע און דיא געזעצע פון קאָנגרעסס, איז געווען גוט; אויב זיא איז ניט גע־ווען „פריינדליך געגוג", האָט מען איהר גאָר ניט געקענט טאָן. דער פּרינציפּ פון דער רעגיערונג איז געווען דיזער: ווען דער קאָנגרעסס מאַכט עפּעס א געזעץ אדער געהמט אָן א רע־זאָלוציאָן, הייסט עס, אז ער רעקאָמענדירט צו דיא פערשיעדע־נע סטייט־רעגיערונגען, זיי זאָלען דיזען געזעץ אדער דיזע רעזאָלוציאָן פאָלגען. דיא סטייטס האָבען זיך אָבער ניט גע־פיהלט פארפליכטעט אָנצונעהמען דיזע רעקאָמענדיישאָנס. יעדע פון זיי האָט אָנגענומען בלויז אזוינע געזעצע, פון וועל־כע זיא האָט געקענט ציהען נוצען. אזוינע אָבער וועלכע האָבען איהר קיין נוצען ניט געבראכט, ווער רעדט נאָך אזעלכע, וועל־כע האָבען איהר פעראורזאכט אירגענד וועלכע שוועריגקייט, האָט זיא איינפאך צוריקגעוויעזן.

דער רעזולטאַט איז געווען אַ טרויעריגער. וויא געזאָגט, איז דער דינער פעדעמעל, וואָס האָט דיא סטייטס פערבונדען — שנעל צופליקט געוואָרען אויף שטיקלאַך. יעדע סטייט איז געבליבען אַ פאָלק, אַ רעגיערונג פאַר זיך. יעדע סטייט בעזונדער האָט געפיהרט אַן אייגענע פּאָליטיק, געמאַכט אייגענע געזעצע, קאָנטראָלירט איהר אייגענעם האנדעל, פאַבריצירט איהר אייגען געלד. אין פערלויף פון אייניגע יאָהר בלויז איז אין לאַנד געוואָרען אַ תהו ובהו, אַ כאַאָס. אַללעס איז געווען אין אונאָרדנונג. פון דער געפּלאַנטער פריינדשאַפט צווישען דיא סטייטס איז קיין זכר ניט געבליעבען. און אנשטאַט דעם, האָבען זיי צווישען זיך אָנגעפיהרט האַנדעלס־מלחמות, און געזוכט צו שעדיגען איינער דעם צווייטען, וואו זיי האָבען נאָר געקענט. עס פערשטעהט זיך, אַז קיינעם האָט דאָס קיין גוטעס ניט פערשאַפט. אַלע האָבען דערפון שרעקליך געליטען.

מיר ווילען דאָ געבען אייניגע פאַקטען, וואָס ווילען דיא סיטואַציאָן קלאָהר מאַכען.

יעדע סטייט האָט געמאַכט איהרע אייגענע געלד. יעדע לעדזשיסלייטשור האָט פאַר זיך בעשלאָסען וויפיעל געוויסע מטבעות אָדער אסיגנאַציעס זאָלען ווערטה זיין. אסיגנאַציעס וואָס זיינען נאָכ'ן געזעץ נאָך ווערטה געווען אַ דאָלאַר אין איין סטייט, זיינען אָפט ניט ווערטה געווען קיין פינף סענט אין אַ צווייטער סטייט. אונטער אַזוינע אומשטענדען קען קיין האַנדעל זיכער ניט געפיהרט ווערען.

פיעלע סטייטס האָבען ארויפגעלייגט אַ שווערען טאַריף אויף דיא סחורות, וואָס זיינען אריינגעפיהרט געוואָרען פון אַנדערע סטייטס. ניו יאָרק, צום בייששפיעל, האָט געצוואונגען דיא פאַרמערס פון קאָננעקטיקוט סטייט, וועלכע פלעגען דאָ פערקויפען האָלץ, אַז זיי זאָלען פאַר יעדען וואָגען האָלץ צאָהלען אַ הויכען טאַריף.

קאָננעקטיקוט סטייט האָט, נאַטירליך, ניט געשוויגען. דיא אויפרעגונג דאָרטען איז געווען אַזוי גרויס, אַז פיע־

לע ביזנעס לייט האָבען בעשלאָסען ניט מעהר צו האנדלען מיט ניו יאָרק.

געליטען אם מייסטענס האָבען, אלזאָ, דיא געשעפטס־לייט, דיא געלד־מענשען. זיי האָבען געליטען ניט בלויז דערפון, וואָס דיא נאציאָנאלע רעגיערונג, דער פערבאנד צווישען דיא סטייטס איז געווען זעהר שוואך, נאָר אויך דערפון, וואס דיא סטייט־רעגיערונגען זיינען געווען צו־דעמאָקראטיש, צופיעל אונטער דעם קאָנטראל פון דיא אָרימערע קלאסען. אין דיא אכט יאָהר וואס דיא רעוואָלוציאָן געגען ענגלאנד האָט אָנגע־האלטען, איז דיא לאנד דורכגעדרונגען געוואָרען מיט דיא פרייסטע געדאנקען וועגען פאָלקס הערשאפט. דיא זעלבע געלד־מענשען, וועלכע האָבען דיא רעוואָלוציאָן געשטיצט צו־ליעב זייערע געלד־אינטערעסען, האָבען פאר'ן גרויסען עולם פּרעטענדירט, אז זיי טהוען עס אוים ליעבע צו פרייהייט, אוים שנאה צו טיראנייע. אין אמעריקא זיינען דאן אויך געווען א גרויסע צאָהל טיעפע פּאָליטישע דענקער, וועלכע האָבען אין דיא מאססען איינגעפלאנצט א ליידענשאפטליכע ליעבע צו פּאָלקאָמע פּאָליטישע פרייהייט.

ווען דיא רעוואָלוציאָן האָט זיך געענדיגט, האָט זיך דיא פרוכט פון דיעזע לעהרע גענומען ארויסווייזען; ווען דיא געלד־מענשען האָבען זיך געכאפּט, אז אין דער זעלבער צייט, וואס זיי האָבען אָפּגעראַמט פון וועג איין שטרויכלונג, האָבען זיי אויפגעבויט א צווייטע, איז שוין געווען צו שפּעט. זיי האָבען אראָפּגעוואָרפען דעם יאָך פון ענגלאנד, וועלכע האָט אויך שריט און טריט געשטערט די ענטוויקלונג פון אינדוסט־ריע און האנדעל פון דיעזער לאנד, אָבער זיי האָבען אונטער־דעסען איבערגעגעבען דיא הערשאפט אין דיא הענד פון פאָלק, פון דיא מאססען, וועלכע האָבען איצטער גענומען פיהרען דיא רעגיערונג וויא פאר זיי האָט זיך געלוינט בעסער. און עס פער־שטעהט זיך, אז א הערשאפט וואס האָט געטויגט פאר דיא ארי־מע מאססען, האָט ניט געקענט געפעללען זיין דיא קאפּיטאליס־טען.

איבערהויפּט האָט זיך אויסגעדריקט דיעזע הערשאפט פון דיא מאססען אין דעם הינזיכט פון געלד מאכען. דיא ארי־מע פארמערס זיינען דאן געוועזן שרעקליך פערמאָרטגיידזשט צו דיא רייכע באַנקיערען און הענדלער. זיי האָבען דארום אין יעדער סטייט כמעט ערוועהלט אזוינע לעדזשיסלייטשורס, וועלכע האָבען געמאַכט „בילליגע" געלד, פּייפּער־געלד, און דיא זעלבע לעדזשיסלייטשור האָט אויך אָנגענומען א געזעץ, אז די רעגיערונג זאָל צווינגען יעדען בעל חוב צו נעהמען דיעזע ביל־ליגע געלד אין אָפּצאָהלונג פאר זיין חוב. נאַטירליך, האָבען זיך דיא בעלי חובות ענטזאגט דעם געזעץ צו פאָלגען. דיא פּייפּער געלד האָט קיין שום ווערטה ניט געהאַט, זאָלאנג עס איז אין דער רעגיערונגס־טרעזשורי ניט געגעבען געוואָרען קיין גאָלד אָדער זילבער אלס סעקיוריטי פאר דיא אסיגנאַציעס. דיא פראגע איז פארגעבראַכט געוואָרען אין דיא קאָורטס. אבער דער עולם האָט דאמאָלסט געהאַלטען, אז דאָס געריכט האָט ניט קיין רעכט מבטל צו מאַכען א געזעץ. וויא דער שטייגער איז, האָבען דיא ריכטער אם מייסטענס געהאַלטען מיט דיא רייכע. און דאָס האָט געפיהרט צו רעוואָלוציאָנערע אויפשטענדע גע־גען דיא ריכטער. אין פיעלע סטייטס האָבען דיא פארמערס מיט געוועהר אין דיא הענד צוטריעבען דיא דזשאָרזשעס און צו־שמעטערט דיא געריכטס־הייזער. דיא מיליטער פון יעדע סטייט - רעגיערונג איז געוועזן הילפלאָז געגען דיא אלגעמיי־נע מאַסע, און הילפע פון אנדערע סטייטס האָט מען ניט גע־קענט קריגען. וויא געזאָגט, האָט יעדע סטייט בעטראַכט אלע איבעריגע סטייטס פאר פרעמדע מדינות.

אָט דיעזער צושטאַנד האָט געפיהרט דערצו, אז מען האָט אָנגעהויבען צו ריידען וועגען פאראייניגען אלע 13 סטייטס אין איין יוניאָן, אין איין פערבאַנד, וועלכער זאָל הערשען ניט בלויז אין טהעאָריע, נאָר אין דער ווירקליכקייט. דיא הויפּט־פיהרער פון דיעזער בעוועגונג זיינען, נאַטירליך, געוועזן דיא רייכע, דיא ביזנעס־לייט, דיא באַנקיערען. און זייער שטאַנד־פּונקט אין בעצוג צו רעגיערונגען איז געוועזן א העכסט קאָנ־

סערוואַטיווער. ווען זיי וואָלטען קיין מורא ניט געהאַט פאר׳ן פאָלק, וואָלטען זיי דאַמאָלסט פארגעשלאָגען צו גרינדען אין דיזער לאַנד אַ מאָנארכיע, זיי האָבען זיך אָבער געמוזט רע־כענען מיט דעם ווילען פון דיא מאססען, ווייל, אום צו פער־אייניגען דיא סטייטס אין אַ יוניאָן, האָט זיך דאָך געפאָדערט דיא צושטימונג פון דיא סטייטס־רעגיערונגען, און דיא סטייטס רעגיערונגען זיינען דאָך, וויא געזאָגט, אין גאַנצען קאָנטראָ־לירט געווען פון פאָלק.

וויא אזוי דיא בעוועגונג פאר אַ פעראייניגונג פון דיא סטייטס איז אָנגעפיהרט געוואָרען און וויא אזוי זיא איז ענדליך געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג, איז אַ גאַנץ לאַנגע געשיכטע, וועלכע געהערט צו דער היסטאָרי פון די פעראייניגטע שטאאטען. סאַי וויא סאַי, נאָך פיעלע יאָהרען ארבייט האָבען דיא סטייטס ענדליך איינגעוויליגט זיך צו פעראייניגען. אָבער דיא מאסען האָבען דיעזען פערבאַנד בעטראַכט בלויז פאַר אַ מין בעקוועמ־ליכקייט. זיי האָבען געהאַלטען, אַז דורך דעם וואָס אַלע סטייטס וועלען לעבען צווישען זיך ברידערליך וויא איין פאָלק, און וועלען האַנדלען צוזאַמען וויא איין מאַכט אין אויסלענדישע און אין געוויסע אינערליכע אנגעלעגענהייטען צו וועלכע עס פאָדערט זיך אַ פעראייניגטע האַנדלונג; דורכדעם האבען זיי גע־גלויבט, וועלען דיא איינצעלנע סטייט רעגיערונגען פיעל גע־ווינען. זיי וועלען זיך פיהלען מעכטיגער, און פרייער און זיכע־רער. דאָס פאָלק האָט „אַלזאָ, אין יענע יאָהרען בעטראַכט דיא סטייט רעגיערונג אַלס דיא ריכטיגע רעגיערונג, אַלס דער מקור, דער קוואַל פון דער פאָליטישער הערשאַפט. דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג איז בלויז געווען אַ צוגאָב, אַ צוגעקומענע זאַך, וועלכע מען האָט געמוזט איבער געוואָלט, איבער נויטה, אָננעהמען.

דיא ערשטע יאָהרען נאָכדעם וויא דיא נאַציאָנאַלע רע־גיערונג האָט זיך געגרינדעט, האָבען אַלע, זאָגאַר דיא קאָנסער־וואַטאָרען, וועלכע האָבען געוואָלט אַז דיא רעגיערונג זאָל זיין מעכטיג, איהר געהאַלטען פאַר אַ קלענערע מיוחסת וויא דיא

סטייט רעגיערונג. דיא קאָנסערוואַטאָרען האָבען טאַקע געגלויבט, אַז דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג דאַרף זיין דיא וויכטיגערע און זיי האָבען מיט אַלע כוחות געטרייט איהר צו געבען וואָס מעהר מאַכט און וואָס מעהר דעה. אָבער אָנגענומען ביים עולם איז עס געווען, אַז דיא ערשטע פיעדעל שפּיעלט דיא סטייט רעגיערונג. אויף אַזוי ווייט איז עס אַנערקענט געוואָרען פון אַלעמען, אַז אַ בעאַמטער פלעגט גערן רעזיגנירען פון זיין שטעלע אין דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג אָנצונעהמען אַן אַמט אין זיין סטייט רעגיערונג. טהאָמאַס דזשעפערסאָן, דער דריטער פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען און איינער פון דיא גרעסטע פּאָליטישע דענקער פון יענער צייט, האָט ערקלעהרט, אַז נאָך זיין מיינונג איז דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג ניט מעהר וויא אַן אַגענט פון דיא איינצעלנע סטייט-רעגיערונגען אין אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען. אַ גאָווערנאָר פון אַ סטייט האָט זיך דאַן געפיהלט פּונקט אַזאַ יחסן און אפשר נאָך גרעסער, וויא דער פּרעזידענט פון דיא יונייטעד סטייטס.

דיא קאָנסערוואַטאָרען האָבען דאַן געציטערט, אַז דער פּערבאַנד פון דיא סטייטס וועט ענדליך פּלאַצען. זיי האָבען געפיהלט, אַז אין פאַל דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג וועט ווען עס איז קומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט דיא סטייט רעגיערונגען, אַז אויב צווישען זיי וועט אויסברעכען אַ מחלוקה, וועלען דיא סטייט רעגיערונגען זיכער אויספיהרען, ווייל דאָס פאָלק וועט שטעהן אויף זייער זייט. יעדע סטייט האט אין יענע יאָהרען געפיהלט פּונקט אַזוי וויא דיא יוניאָנס פון אַ פעדערייזאַן פיהלען איצטער, אַז זיי זיינען מעמבערס אין פערבאַנד פרייוויליג, און אַז זיי האבען דאס רעכט און דיא פרייהייט אויסצושליסען זיך פון דיעזען פערבאַנד צו יעדער צייט.

דיעזע מיינונגען, ערוואַרטונגען און פּראָפעצייהונגען זיינען אבער ניט פערווירקליכט געוואָרען. דיא געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע וויא דיא ערשטע דורות פון דיעזער לאַנד האָבען זיך פאָר־

געשטעלט. דיא שוואכע נאַציאָנאַלע רעגיערונג איז געוואָרען שטאַרקער און מעכטיגער פון יאָהר צו יאָהר. היינט איז זיא דיא מיוחסת, היינט שפּיעלט זיא דיא ערשטע פּיעדעל, היינט שטרעבט יעדער וויכטיגער בעאַמטער אין דיא סטייט רעגיערונג, אַריבערצוכאַפּען זיך אין דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג, ווייל דאָרטען וועט ער האָבען מעהר עהרע, מעהר אַנערקענונג. היינט וועט אַ סטייט גאָר ניט קלעהרען וועגען אויסשליסען זיך פון דער יוניאָן, וועגען פערלאָזען דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג און ווערען אונאַבהענגיג.

גרינג איז דיעזע גרויסע ענדערונג ניט אָנגעקומען. זיא האָט געקאָסט ים'ען מיט בלוט און בערג מיט הרוגים. דיא פערפאַסער פון דער קאָנסטיטושאָן האָבען דיא פראַגע וועגען דיא אמת'ע ראָלע פון דער סטייט געלאָזט הייגגען אין דער לופטען. אַריינשרייבען אויסדריקליך אין דער קאָנסטיטושאָן, אַז דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג איז וויכטיגער און מעכטיגער וויא דיא סטייט רעגיערונג, האבען זיי ניט געוואַגט. דאס פאָלק וואָלט דאַן אַזאַ קאָנסטיטושאָן זיכער צוריקגעוויעזען. פאַרקעהרט, זאָגען אויסדריקליך, אַז דיא סטייט איז וויכטיגער, האָבען זיי ניט געוואָלט. אין האַרצען האָבען זיי דאָן געגלויבט, אַז דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג דאַרף זיין מעכטיג וויא אַ מאָ־נאַרכיע. זיי האָבען דיעזען פּונקט אַזוי אויפגעשריעבען, אַז ער האָט געקענט אויסגעטייטשט ווערען אי אַזוי, אי אַזוי, אי צו גונסטען דיא סטייטס, אי צו גונסטען דעם פערבאַנד פון דיא סטייטס.

דיא ערשטע יאָהרען האָט דיעזע פראַגע קיינעם ניט גע־באַדערט. זיא איז דעבאַטירט געוואָרען אַלס אַ טהעאָריע. מיט דער צייט, אָבער, ווען דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג האָט אָנגע־פאַנגען צו שפּיעלען אַ וויכטיגע ראָלע און דיא סטייטס האָבען דערפיהלט איהר מאַכט, האָט זיך אָנגעפאַנגען טראָבעל, און וואָס ווייטער און ווייטער איז דיעזער טראָבעל געוואָרען גרע־סער און ערנסטער. איבערהויפּט האט ער געפונען אַן אויסדרוק אין דעם סכסוך צווישען דיא סטייטס פון דיא נאָרטה און דיא

סטייטס פון דיא סאוטה איבער שקלאפעריי. דיא נאציאנאלע רעגיערונג האט געהאלטען, אז דיא שקלאפעריי־פראגע בע־לאנגט צו איהר, ווייל דאס איז א זאך, וואס האט צו טהאן ניט מיט'ן אינערליכען לעבען פון יעדע סטייט בעזונדער, נאר מיט דיא אלגעמיינע אינטערעסען פון אלע סטייטס צוזאמענ־גענומען. פיעלע סטייטס אבער, איבערהויפט דיא יעניגע וואס האבען זיך געפיהלט שוואך פערטראטען אין דער נאציאנאלער רעגיערונג, אין דעם קאנגרעס, האבען דיעזען קליים בעקעמפפט. זיי האבען גע'טענה'ט, אז שקלאפעריי איז א סטייט פראגע און אז דיא נאציאנאלע רעגיערונג האט קיין רעכט ניט זיך צו מישען אין איהר.

וויא אזוי זאל דיעזער סכסוך געסעטעלט ווערען? דיא נאציאנאלע רעגיערונג האט געטהאן דאס איהריגע און געמאכט געזעצע וועגען שקלאפעריי. דיא סאוטה, וועלכע איז געוועזען שוואכער פערטראטען אין דער נאציאנאלער רעגיערונג, האט איינגעזעהען, אז זיא וועט אין דעם קאמפף בעזיעגט ווערען, און האט זיך מיישב געוועזען און ערקלעהרט, אז זיא טרעט ארויס אין גאנצען פון דער יוניאן, אז איהרע סטייטס שניידען אפ אלע פערבינדונגען מיט דיא פעראייניגטע שטאאטען און זיי געהען ארגאניזירען אן אייגענעם זעלבסטשטענדיגען פערבאנד.

און אויף'ן טאגעס ארדנונג איז ענדליך ארויף דיא גרעסטע און וויכטיגסטע פראגע פון אלע; דיא פראגע וואס דיא פער־פאסער פון דער קאנסטיטושאן האבען געלאזט הייגגען אין דער לופטען, דיא פראגע, צו האט א סטייט דאס רעכט ארויס־צוטרעטען פון די פעראייניגטע שטאאטען, צי איז דיא סטייט מעכטיגער וויא דיא נאציאן, צו פערקעהרט?

ווער זאל דיעזע פראגע סעטלען? קיינער פון דיא ביידע צדדים האט ניט געוואלט פאלגען דעם פסק פון א קאורט, אדער פון אירגענד וועלכע אנדערע קערפערשאפט. דיא סטייטס פון דיא סאוטה האבען געלאזט וויסען אפיציעל, אז זיי געהערען מעהר ניט צו דיא פעראייניגטע שטאאטען, און דיא נאציאנאלע רעגיערונג האט געלאזט וויסען דיא סטייטס, אז זיי ווערען

בעטראַכט אַלס רעוואָלוציאָנערען, אַז דיא נאַציאָנאַלע רע־גיערונג אַנערקענט ניט זייער רעכט אויסצושליסען זיך פון דער יוניאָן און אַז זיי וועלען צוריקגעבראַכט ווערען מיט'ן שווערד און מיט'ן הארמאַט.

און דאָס איז ווירקליך געשעהען. דאָס גאַנצע לאַנד איז פיער יאָהר נאָכאַנאַנד פערפלייצט געוואָרען מיט בלוט. הונ־דערטע טויזענדע מענשען זיינען געפאַלען אויף'ן שלאַכטפעלד. אייגענטהום פאַר מיליאָנען דאָלארס איז פערניכטעט געוואָרען. דיא גאַנצע סאַוטה איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מדבר. דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג האָט אויסגעפיהרט. מיט'ן שווערד האָט זיא פעסטגעשטעלט אויף אייביג דעם לאַנג דיסקוטירטען פרינציפּ, אַז דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג איז דיא הויפּט רע־גיערונג פון לאַנד, אַז דיא סטייטס האָבען קיין רעכט ניט פון איהר אַרויסצוטרעטען, כאָטש זיי זיינען אין איהר לכתחלה אַריין פרייוויליג.

דער בירגער קריעג האָט זיך געענדיגט מיט אַ יאָהר פופ־ציג צוריק. און זייט דאַן האָבען נאָך פיעלע זאַכען מיטגעהאָל־פען צו פערגרעסערען און צו פערשטאַרקערען דיא וויכטיגקייט פון דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג. דיא טראָסטס האבען זיך ענט־וויקעלט, דיא גרויסע ריילראָודס האָבען זיך פערשפּרייט אי־בער דער לייננ און ברייט פון לאַנד. דיעזע ריעזיגע געשעפטען האָבען אַרויסגעבראַכט גרויסע נאַציאָנאַלע פראַגען. דיא טראָסטס און דיא ריילראָודס זיינען נאַציאָנאַל, זיי זיינען ניט בעגרענעצט אויף איין סטייט און דארום מוזען אַלע פראַגען זייערע פערהאַנדעלט ווערען ניט פון דיא איינצעלנע סטייט־רעגיערונגען, נאָר פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער רעגיע־רונג. דערצו איז אַמעריקאַ געוואָרען אַ וועלט מאַכט. איהר האַנדעל מיט אויסלאַנד איז אונגעהייער גרויס. איהרע קאַפּי־טאַליסטען אינוועסטען זייער געלד אין פרעמדע אונטערנעה־מונגען. זיא קעמפּפט מיט אַנדערע נאַציאָנען פאַר נייע מאַר־קעטס אין דיא אונציוויליזירטע לענדער: אין אַזיען און אַפריקאַ. היינט האָט זיא אויך איינגענומענע לענדער, קאָלאָניעס וואָס

זיא בעהערשט און קאָנטראָלירט. דאָס פאָלק פיהלט איצטער, אַז אָהן דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג קען ער קיין מינוט ניט אויסקומען, אַז יעדע אויפגאַבע פון דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג איז פאַר איהם העכסט וויכטיג. דאָ קען שוין ניט זיין אַ פראַגע פון פרינציפּ. דער פּראַקטישער לעבען האָט אַוועקגעשטעלט דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג אויפ'ן ערשטען ראַנג און זיא מוז דאָרטען בלייבען.

אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז דיא סטייט האָט פערלאָרען איהר גרויסע וויכטיגקייט, איהר גרויסע ראָלע. אין אַלגעמיין גענומען, איז דיא סטייט היינט אַזוי מעכטיג וויא אַמאָל. זיא האָט דיא זעלבע אויפגאַבען און דיא זעלבע רעכטע. דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג האָט איהר ניט פערשלונגען. זיא האָט איהר בלויז אַביסעל „אַראָפּגעקלאַפּט דיא פליגלען". דיא בעציהונגען צווישען דער סטייט און דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג זיינען נאָך אַלץ אַזוי וויא דיא בעציהונגען צווישען אַ יוניאָן אין אַ פעדערייישאָן. מעהר ניט, דער פערבאַנד צווישען דיא סטייטס איז אַ פיעל מעכטיגער וויא דער געוועהנליכער פערבאַנד צווישען יוניאָנס. און דער סטייטס פערבאַנד האָט פיעל מעהר רעכטע און אויפגאַבען וויא דיא געוועהנליכע פעדערייישאָן.

---

## קאַפּיטעל 20.

### סטייטס און זייערע בעציהונגען איינער צום צווייטען.

דער וואָרט „סטייט" ווערט געוועהנליך פערטייטשט אין אידיש מיט דעם וואָרט „גובערניע". דיעזער טייטש איז אָבער ניט ריכטיג. אַ סטייט אין דער אמעריקאנער רעגיערונג איז וייט, ווייט ניט דאָס זעלבע וואָס אַ גובערניע איז אין דער רוסישער רעגיערונג. עס איז דאָ בלויז אַן אויבערפלעכליכע עהנליכקייט, דערמיט וואָס אַ סטייט איז אַ טהייל פון דער אַלגעמיינער אמעריקאנער רעגיערונג. וויא אַ גובערניע איז אַ טהייל פון דער אַלגעמיינער רוסישער רעגיערונג. דיא ראָלע אָבער, וואס

דיא היגע סטייט שפיעלט אין דער רעגיערונג, דער פלאַטץ וואָס זיא פערנעהמט אין איהר, די רעכטע וואָס זיא האָט, דיא אויפגאַבע איהרע, און זאָ ווייטער און ווייטער, זיינען גאַר ניט דיא זעלבע וויא פון א גובערניע אין רוסלאַנד. דיא גרויסע נפקא מינה קען אויסגעדריקט ווערען מיט דיא פאָלגענדע ווערטער. דיא רוסישע לאַנד איז א י י נ ג ע ט ה י י ל ט אין גובערניעס: דיא אמעריקאַנער לאַנד איז צ ו נ ו י פ ־ ג ע ש ט ע ל ט פון סטייטס. מיר האָבען אָנגעכאַפּט רוסלאַנד ניט ווייל זי איז געווען אַ מאָנאַרכיע. אין דיעזען הינזיכט זיינען כמעט אלע יוראָפּעאישע לענדער עהנליך צו רוסלאַנד, זאָגאַר דיא פרייע פראַנקרייך. דיא פעראייניגטע שטאַאטען איז אַן אויסנאַהם.

אַ יוראָפּעאישע רעגיערונג קען פערגליכען ווערען צו אַ גרויסע יוניאָן פון א געוויסען טרייד, וועלכע איז צוטהיילט אין פיעלע לאָקאַלס. דיא גובערניעס זיינען דאָס דיא לאָקאַלס. דיא יוניאָן איז איינע און דאָס זעלבע. אלע לאָקאַלס ווערען גע־פיהרט פון דער זעלבער צענטראַלער קערפּערשאַפט אויפ'ן זעל־בען אַרט. אלע רולס און רעגולייישאָנס, אלע וויכטיגע געזעצע, אלע פּראָגראַמען וועגען ווייִדזשעס, וועגען אַרבייטס־שטונדען, וועגען אַלגעמיינע אַרבייטס־בעדינגונגען, ווערען אויסגעאַרבייט אין דיעזער צענטראַלער קערפּערשאַפט, און אלע לאָקאַלס מו־זען זיי פאָלגען. דיא לאָקאַלס אליין האָבען קיין רעכט ניט צו מאַכען פאַר זיך אַנדערע געזעצע און שטעלען זייערע באַסעס אַנדערע פאָדערונגען וויא דיא איבעריגע לאָקאַלס. יעדער לאָ־קאַל איז אַ צווייגעלע פון איין גרויסען בוים און זיי אלע מוזען ציהען דיא חיונה פון דיא זעלבע וואָרצלען.

אזוי איז דאָס מיט דיא גובערניעס אין דער רוסישער רע־גיערונג, אָדער מיט דיא דעפּאַרטמענטס אין דער פראַנצויזישער רעגיערונג. יעדע גובערניע, יעדער דעפּאַרטמענט איז א צווייג פון דער גאַנצער רעגיערונג. דיא דומאַ, אָדער דער פּאַרלאַמענט מאַכט פאַר זיי אלע געזעצע, און בעשטימט, וויא אזוי זיי זאָלען פערוואַלטעט ווערען. אין גאַר קליינע פראַגען

קענען זיך דיא גובערניעס זיין אונאבהענגיג. גראדע אזוי וויא דיא לאקאלס קענען צום ביישפיעל מאכען ספעציעלע רולס וויא אזוי צו פיהרען זייערע מיטינגען, אדער אפשטימען צו האבען א באלל אדער א פיק־ניק.

אין דיעזע לענדער איז כמעט גאר קיין אונטערשיעד ניטא פאר'ן בירגער, אין וועלכען טהייל ער וואהנט. דיא געזעצע זיינען איבעראל דיא זעלבע. אויב ער קען, צום ביישפיעל, גט'ען זיין פרוי אין איין טייל פון לאנד, וועט ער עס קענען טאן אין אלע אנדערע טהיילען. אויב ער מעג וואוטען אין איין פלאטץ, וועט ער מעגען וואוטען אין אלע אנדערע פלעצער אין לאנד. דיא רעגיערונגען און דיא געזעצע זיינען איבעראל דיא זעלבע.

דיא פעראייניגטע שטאאטען קען מיט אזא יוניאן ניט פערגליכען ווערען. דיא סטייטס זיינען דא ניט קיין לאקאלס פון דער זעלבער ארגאניזאציאן. גיכער קען מען זאגען, אז די אמעריקאנער רעגיערונג איז אזוי וויא א גרויסע פעדעריישאן, וויא צום ביישפיעל, דיא אמעריקאן פעדערייטאן אוו לייבאר, און די סטייטס זיינען אזוי ווי די יוניאנס, וועלכע זיינען מיט דיעזער פעדערייטאן פערבונדען.

אין דער אמעריקאן פעדערייטאן אוו לייבאר איז יעדע יוניאן אונאבהענגיג. אין פראגען, וואס אנבעלאנגען איהר אייגענע טרייד, איז זיא דיא גאנצע בעל הבית'טע. דיא פעדערייטאן קען איהר דארטען קיין שום דעה ניט זאגען. אט, צום ביישפיעל, געהערען צו דער אמעריקאן פעדערייטאן אוו לייבאר דיא קלאוק מאכערס יוניאן און דיא שריפטזעצער יוניאן. דאך וויא פערשיעדען זיי זיינען איינע פון דיא אנדערע, אין אללע וויכטיגע טרייד פראגען. דיא שריפטזעצער ארבייטען פון שטונדע, דיא קלאוק מייקערס אם מייסטען פון שטיק. דעם שריפטזעצער'ס ארבייטס טאג איז זעקס שטונדען; דעם קלאוק־מייקער'ס — אכט. און זא ווייטער און ווייטער. דיא פעדערייטאן האט מיט דיא אלע העכסט וויכטיגע פראגען פון ווייזשעס, שטונדען און אלגעמיינע טרייד בעדינגונגען גאר ניט

צו טהאָן. דאָס לאָזט זיא אין גאַנצען איבער צו דיא איינצעלנע יוניאָנס, יעדע זאָל עס בעשטימען אויף איהר אייגענעם אַרט, וויא דיא אומשטענדען פון דעם טרייד פאָדערען און וויא דיא מעמבערס אליין פערלאנגען.

דיא אויפגאַבען פון דער פעדערײשאָן זיינען פיעל ברייטער. זיא פערנעהמט זיך מיט פראגען, וואס האָבען אַן אלגעמיינעם ארבייטער אינטערעס. אָט, צום ביישפּיעל, וועט זיא טרייען אויסקעמפּפען געזעצע אין וואשינגטאָן, פון וועלכע אלע ארבייטער פון גאַנצען לאַנד וועלען ציהען נוצען. זי וועט, למשל, טרייען דער קאָנגרעסס זאָל פערוועהרען דזשאָדזשעס ארויסצוגעבען אינדזשאָנקשאָנס אין צייט פון א סטרייק, אדער זיא וועט זעהען דער קאָנגרעסס זאָל איינפיהרען פענסיעס פאר אלטע ארבייטער, אדער בעשטימען, אז פערקריפּעלטע ארבייטער זאלען בעלוינט ווערען, און אזוי ווייטער און ווייטער. דיעזע ארבייט פון דער פעדערײשאָן בעציהט זיך ניט אויף איין בעזונדערע טרייד, נאָר אויף אלע טריידס, און פאר אלע ארבייטער גלייך.

דיא פעדערײשאָן האָט אויך אלס איהר אויפגאבע צו סעטלען סכסוכים צווישען יוניאָנס, און צו קומען א יוניאָן צו הילף אין פאל פון א גרויסען קאמפּף. דורך איהר, הייסט עס, זיינען אלע טריידס פעראייניגט געגען דעם אלגעמיינעם שונא—קאַפּיטאַל. דורך איהר, העלפט איין יוניאָן ארויס דער צווייטער אין א נויטה, און דורך איהר ווערען ניט ארגאניזירטע טריידס אָרגאניזירט, און דיא מאכט פון ארגאניזירטע ארבייט פערשטארקט זיך.

אָט מיט דיעזער פעדערײשאָן פון יוניאָנס קען מען פערגלייכען דיא אמעריקאַנער רעגיערונג. דיא סטייטס זיינען אזוי וויא דיא איינצעלנע יוניאָנס; דיא רעגיערונג אין וואשינגטאָן איז אזוי וויא דיא צענטראלע קערפּערשאפט, דיא פעדערײשאָן. אין אלע פראגען, וואס בעלאנגען צו דעם אינערליכען לעבען, צו דיא אינערליכע ביזנעס פון דער סטייט, קען זיך דיא וואשינגטאָנער רעגיערונג ניט ארייננמישען. יעדע סטייט איז פאל־

קאם פריי צו רעגיערען זיך אליין, צו מאכען פאר זיך וואס פאר א געזעצע זיא וויל. אט, צוםביישפיעל, קען ניו יארק סטייט היינט מאכען א געזעץ, אז א מאן און א פרוי זאלען זיך קיין מאל, אונטער קיינע אומשטענדען ניט טארען גט'ען. איהר שכנ'טע, ניו דזשוירזי סטייט, קען אין דעם זעלבען טאג מאכען א געזעץ, אז ביי איהר זאלען זיך א פאאר פאלק קע־נען אב'גט'ען אהן א שום אורזאכע זאגאר, דער דזשאדזש מוז זיי שיידען ווען זיי פערלאנגען עס נאר. דאס גלייכען, קען ניו־יארק סטייט איינפיהרען, אז ביי איהר זאלען סאלונס מוזען צאהלען פינף טויזענד דאללאר א יאהר פאר לייסענס, און ניו־דזשוירזי סטייט קען בעשטימען, אז ביי איהר זאלען סאלונס גאר קיין לייסענס ניט דארפען האבען.

געזעצע וועגען חתונות, גט'ען, סאלונען, פעקטאריעס, פאבליק סקוהלס, פרויען־ארבייט, קינדער־ארבייט, און זא וויי־טער געהערען אויסשליסליך צו דיא סטייטס. וייל זיי האבען צו טהאן מיט דעם אינערליכען לעבען, האנדעל, און פיהרונג פון דער סטייט, גראדע אזוי וויא יעדע יוניאן בעשטימט אליין דיא ווייזשעס, דיא ארבייטס־שטונדען און רעדינגונגען פון איהר טרייד. דיא נאציאנאלע רעגיערונג אין וואשינגטאן האט קיין רעכט ניט אין דיא זאכען זיך צו מישען. ווען דער קאנ־גרעסס זאל וועגען דעם מאכען געזעצע, וועלען דיא בירגער פון דיא פערשיעדענע סטייטס ניט מחויב זיין זיי צו פאלגען.

דיא נאציאנאלע רעגיערונג אין וואשינגטאן האט אונגע־פעהר דיא זעלבע אויפגאבען וויא דיא פעדעריישאן פון דיא יו־ניאנס. זי גיט זיך אפ מיט פראגען פון אלגעמיינע וויכטיגקייט, מיט פראגען, וועלכע האבען צו טאן מעהר מיט'ן אויסערליכען וויא מיט'ן אינערליכען לעבען פון דיא איינוואהנער פון דיא סטייטס; מיט פראגען, וואס אינטערעסירען די בירגער ניט אלס איינצעלנע פערזאנען, נאר אלס מיטגליעדער פון פאלק, אלס מעמבערס פון דער גאנצער געזעלשאפט.

נעהמט אזא ענין וויא דיא פאסט, אדער וויא געלד־מאכען. בריעף ווערען געשיקט פון איין עק לאנד ביז'ן צווייטען, און

געלד ווערט אויסגעצאָהלט פון ביזנעס לייט פון איין סטייט צו ביזנעס לייט אין אַ צווייטער סטייט. דאָס זיינען דארום זאכען, וועלכע האָבען צו טהאָן מיט'ן ברייטען פאָלקס לעבען, ניט מיט'ן בעגרענעצטען, שמאָלען אינערליכען סטייט לעבען. און דיעזע און עהנליכע אויפגאבען מוזען געהערען ניט צו דיא איינ־צעלנע סטייטס, נאָר צו דער אלגעמיינער נאציאָנאלער רעגיע־רונג, צו דער אלגעמיינער פעדערײשאָן. דער קאָנגרעסס אין וואַ־שינגטאָן קאָנטראָלירט דיא פאָסט, דער קאָנגרעסס אין וואשינג־טאָן קאָנטראָלירט דיא געלד־מאכונג.

דאָס זעלבע איז אויך אין אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען. אין א קאמפף מיט א פרעמדעס פאָלק, צום ביישפיעל, זיינען אלע סטייטס פעראינטערעסירט אויף'ן זעלבען ארט, און זיי מוזען שטעהן צוזאמען. דיא מיליטערישע אנגעלעגענהייטען גע־הערען דארום צו דער נאציאָנאלער רעגיערונג אין וואשינגטאָן. ווען צוויי סטייטס האָבען אַ סכסוך, ווערט עס געסעטעלט אין וואשינגטאָן, גראדע אזוי וויא א סכסוך צווישען צוויי יוניאָנס ווערט געסעטעלט פון דער פעדערײשאָן.

אין א יוניאָן שפּיעלען דיא לאָקאלס אלס לאָקאלס קיין ראָלע ניט. דיא יוניאָן איז דער עיקר, דער פונדאמענט. אין א פעדערײשאָן איז אָבער פארקעהרט. אין איהר זיינען דיא איינ־צעלנע יוניאָנס דער עיקר, ניט דיא פעדערײשאָן. דער יוניאָן־מאן, דער מעמבער האָט צו טהאָן מיט דער יוניאָן פיעל, פיעל מעהר ווי מיט דער פעדערײשאָן. מיט דער יוניאָן קומט ער אין דירעקטע בעריהרונג שטענדיג. זיא טהוט פאר איהם אללעס און קאָנטראָלירט איהם שטענדיג. דיא פעדערײשאָן האָט אָבער אי־בער איהם א וויטען, ניט דירעקטען קאָנטראָל. ער ווייס, אז זיא עקזיסטירט. ער פיהלט איהר אָבער כמעט קיין מאָל ניט. זיא מישט זיך ניט אין זיינע אלטעגליכע אינטערעסען.

און אזוי איז דאָס אויך מיט דיא רעגיערונגען. אין דיא יו־ראָפּעאישע לענדער, וואו דיא גובערניעס און דיא דעפּארט־מענטס זיינען בלויז „לאָקאלס" און דיא רעגיערונג איז דיא יו־ניאָן, קומט יעדער בירגער שטענדיג אין דירעקטע בעריהרונג

מיט דעם נאציאנאלען געזעץ, מיט די נאציאנאלע געריכטס־הויי־זער, מיט דיא נאציאנאלע אדמיניסטריישאן. דיא גובערניע אלס גובערניע, שפיעלט א קנאפע ראלע. דיא רעגיערונג קען איהר צו יעדער צייט אפשאפען, קלענער מאכען אדער גרעסער מאכען, אוועקנעהמען פון איהר איהרע רעכטע און אויפגאבען און איהר געבען נייע רעכטע און נייע אויפגאבען.

אין אמעריקא אבער איז דער פונדאמענט פון דער רעגיע־רונג — דיא סטייט. דער בירגער קומט מיט דער סטייט־רע־גיערונג שטענדיג אין בעריהרונג. אלע וויכטיגע געזעצע, וואס האבען צו טהאן מיט זיין אלטעגליכען לעבען, ארבייט און ביזי־נעס, ווערען געמאכט פון דער סטייט רעגיערונג. דיא נאציאנא־לע רעגיערונג, דיא „פעדעריישאן" פיהלט ער זעלטען, ער קומט מיט איהר כמעט קיין מאל ניט אין בעריהרונג, ער האט מיט איהר כמעט קיינע דירעקטע בעציהונגען ניט.

דיא סטייטס זיינען זיך זעלבסטשטענדיג, אונאבהענגיג איינע פון דיא אנדערע. פון דעסטוועגען מוזען זיי לעבען צווי־שען זיך אזוי וויא שוועסטער. זיי מוזען העלפען איינע דיא אנדערע דורכצופיהרען זייערע געזעצע. זיי מוזען רעספעקטירען איינע דיא אנדערע'ס לאאס. זיי האבען פפליכטען איינע צו די אנדערע, פפליכטען, וועלכע דיא נאציאנאלע רעגיערונג פאדערט זיי זאלען דורכפיהרען.

1) ווען איין איינוואהנער פון איין סטייט בעגעהט א פאר־ברעכען און אנטלויפט אין א צווייטער סטייט, איז דיא צוויי־טע סטייט פערפליכטעט איהם אויסצוליפערען. געוועהנליך, פיהרט זיך עס אזוי: דיא פאליציי פון דער צווייטער סטייט ארעסטירט דעם אנטלאפענעם פארברעכער און שפארט איהם איין אויף עטליכע טעג אין פריזאן. דערוויילע שיקט דער גאווערנאר פון דער ערשטער סטייט א ביטע צום גאווערנאר פון דער צווייטער סטייט, ער זאל דעם פארברעכער אויסליפע־רען. און כמעט אין אלע פעללע, בעפריעדיגט דער גאווערנאר זיין ביטע. ער זאגט אן דיא פאליציי, זיא זאל דעם פארברע־

בער אָפּשיקען פון וואנען ער איז געקומען, און די פּאָליציי מוז איהם פאָלגען.

אמאָל מאכט זיך, אז דער גאָווערנאָר ווייזט צוריק דיעזע ביטע. דאָס געשעהט אין איינעם פון דיא פאָלגענדע צוויי פעל־לע : ענטוועדער דער גאָווערנאָר געפינט אוים, אז דיא קלאגע געגען דעם אנטלאָפענעם איז קיין קלאגע ניט; אָדער דער אנט־לאָפענער איז שולדיג אין א פּאָליטישען פארברעכען, און דער גאָווערנאָר פון דער צווייטער סטייט סימפּאטיזירט פּאָליטיש מיט דעם פארברעכער.

אזא פאלל וויא דער לעצטער, האָט פּאסירט מיט איינינע יאָהר צוריק. נאָך א לאנגען פּאָליטישען קאמפּף צווישען דער רעפּובליקאנישער און דעמאָקראטישער פּארטיי איז דער גאָ־ווערנאָר פון קענטאָקי סטייט דערשאָסען געוואָרען אין סטריט. איינער פון דיא לייטע, וועלכע זיינען בעשולדיגט געוואָרען אין מאכען דיא פערשווערונג צו טוידטען דעם גאָווערנאָר, איז גע־ווען א העכסט פּראָמינענטער רעפּובליקאנישער פּאָליטישען. ער איז גלייך נאָכ'ן מאָרד אנטלאָפען פון קענטאָקי סטייט און האָט יאָהרען לאנג געלעבט פראנק און פריי אין אנדערע סטייטס. דיא קענטאָקי'ער רעגיערונג האָט אלע כחות אנגעווענדעט, איהם ארייניצוקריעגען אין איהרע הענד, אָבער איהר איז דאָס ניט געלונגען. פארוואָס ? ווייל דיעזער פּראָמינענטער פּאָלי־טישען האָט אימער געוואָהנט אין רעפּובליקאנישע סטייטס, און די רעפּובליקאנישע גאָווערנאָרס האָבען זיך ענטזאגט איהם אויסצוליפערען. זיין פארברעכען איז געווען א פּאָליטישער און ער איז געווען פּאָליטיש זייער ברודער. דאָס איז אפילו ניט עהרליך, ניט אנשטענדיג, אָבער אזוי האָט עס פּאסירט.

דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג האָט קיין רעכט ניט אין דיעזע אנגעלעגענהייטען ארייניצומישען זיך. דער קאָנגרעסס האָט אפילו געמאכט א געזעץ מיט יאָהרען צוריק אז דער גאָווערנאָר איז „פערפליכטעט“ אויסצוליפערען פערברעכער. אָבער דער סופרים קאָורט האָט דיעזען געזעץ פערטייטשט אזוי, אז דיא פּפליכט איז א ריין מאָראלישע, ניט מעהר. צווינגען דעם

גאווערנאר, ער זאל פערברעכער אויסליפערן, האט דער קאורט געפסק'ענט, קען דיא נאציאנאלע רעגיערונג ניט.

פארקעהרט, אויב דיא אויסליפערונג ווערט געמאכט ניט געזעצליך, קען אויך דיא נאציאנאלע רעגיערונג גאר ניט טאן. נאכ'ן געזעץ נאך מוז דער גאווערנאר פון דער סטייט, פון וועל־כער דער פארברעכער איז אנטלאפען, זיך ווענדען מיט א ביטע צום גאווערנאר, וואו דער פעברעכער געפינט זיך, ער זאל דעם פארברעכער אויסליפערן, דער צווייטער גאווערנאר דארף דאן ארויסגעבען דעם בעפעהל צו דער פאליציי, זי זאל דעם פאר־ברעכער אפשיקען צו דער פאליציי פון דער ערשטער סטייט. אמאל אבער געפינט די פאליציי פאר נויטיג ניט צו פערלירען צייט מיט דיעזע אלע צערעמאניעס, און אנשטאט צו שיקען ביטעס, אונטערשרייבען ביטעס, זיך ווענדען צום גאווערנאר און צו דער פאליציי און זא ווייטער, — אנשטאט דעם, כאפט מען דעם בעשולדיגטען, מען פאקט איהם ארויף אויף א טריין און מען פיהרט איהם אפ אין דער סטייט, וואו מען דארף איהם. דאס רופט מען אויף ענגליש „קידנעפען" אן אנגעקלאגטען. די מעקנאמאראס, צוםביישפיעל, זיינען געקידנעפט געווארען גלייך וויא דער גאווערנאר פון אינדיאנא סטייט, וואו דיא מעק־נאמאראס האבען געוואהנט, האט אונטערגעשריעבען די ביטע פון גאווערנאר פון קאליפארניא סטייט. דעטעקטיווס זיינען בעפאלען דעם עלטערען מעקנאמארא אין זיין אפיס, און אין 20 מינוטען צייט איז ער שוין ניט געווען מעהר אין אינדיאנא סטייט. נאכ'ן געזעץ נאך דארפען דיא פאפיערען פון דעם גא־ווערנאר פארגעלעגט ווערען פאר א דזשאדזש פון א הויכען קאורט, און ער דארף זעהען, צי זיי זיינען ניט געפעלשטע און צי דער ארעסטירטער איז ווירקליך דיא פערזאן, וואס ווערט געפאדערט. אויף דעם דזשאדזש'ס בעפעהל ערשט קען מען איהם אויסליפערען.

דער עלטערער מעקנאמארא איז, אלזא, אונגעזעצליך אויס־געליפערט געווארען. מען האט איהם געקידנעפט. פון דעסט־וועגען האט זיך דיא נאציאנאלע רעגיערונג ניט אריינגע־

מישט. דיא פראגע איז פאַרגעלעגט געוואָרען פאר'ן קאָנ־
גרעסס, און דער ענטפער איז געווען, אז עס איז אמת, דאָס דיא
סטייט האָט ניט געפאָלגט דעם געזעץ. בעשטראפען איהר
אָבער, האָט דער קאָנגרעסס דיא מאכט ניט.

2) יעדע כטייט מוז בעהאַנדלען דיא סיטיזענס פון אלע
אנדערע סטייטס גראדע אזוי גוט וויא איהרע אייגענע סיטי־
זענס. זיא מוז זיי געבען דיא זעלבע רעכטע, דיא זעלבע פריי־
הייטען, און מוז זיי בעשיצען דורך דיא זעלבע געזעצע. קוים
פאָהרט נאָר א בירגער פון איין סטייט אריין אין א צווייטע־
סטייט, איז ער דער זעלבער יחסן וויא דיא בירגער פון דער אנ־
דערער סטייט, ווען זאָגאר ער זאָגט אויסדריקליך, אז ער בע־
טראכט זיך אלס איינוואָהנער און אלס בירגער פון דער סטייט,
פון וועלכער ער איז געקומען.

דיעזער פונקט איז זעהר א וויכטיגער. ווען ניט דיעזער
פונקט זאָל בעטראכטעט ווערען וויא אויבען געשריעבען, וואָלט
דער האנדעל צווישען דיא סטייטס זעהר פיעל געשטערט גע־
ווארען, און דער אלגעמיינער פארקעהר צווישען די איינוואָה־
נער פון דיא סטייטס וואָלט זיך אנגעשלאָגען אָן אלערליי
געזעצליכע הינדערניסע אויף שריט און טריט. יעדע סטייט
וואָלט געמאַכט געזעצע געגען „איממיגראנטען" פון אנדערע
סטייטס, און דאָס לאנד וואלט צוריסען געוואָרען אין 48 שטי־
קער.

דער פאָלגענדער פאקט קען דיענען אלס ביישפיעל. אין
דעם יאָהר 1868 האָט מערילענד סטייט געמאכט א געזעץ, אז
אויב אן איינוואָהנער פון אן אנדער סטייט קומט צופאָהרען
פעדלען אין געוויסע שטעדט פון מערילענד מיט וואארע, וואס
ווערט מאנופעקטשורט אין אן אנדער סטייט, מוז ער ארויס־
נעהמען ספעציעלע לייסענס. בעמערקט נור, דיעזער געזעץ האָט
אויסדריקליך געגעבען דיא מערילענדער איינוואָהנער מעהר
רעכטע וויא דיא איינוואָהנער פון אנדערע סטייטס. דיא מע־
רילענדער איינוואָהנער האָבען קיין לייסענס ניט גענדארפט, זאָ־
גאר ווען זיי האָבען געפעדעלט מיט דיא זעלבע וואארע, מיט

וואארע וואס איז מאנופעקטשורט געווארען אין אן אנדער סטייט.

האט זיך געמאכט, אז א פעדלער מיט'ן נאמען ווארד, אן איינוואהנער פון ניו דזשוירזי סטייט איז געקומען צופאהרען מיט א פאק ניו דזשוירזי'ער סחורה און דערמיט געפעדעלט אין מערילענד. קיין ספעשעל לייסענס האט ער ניט ארויסגענו־מען. דיא מערילענדער פאליציי האט איהם ארעסטירט, און ווארד האט אפעליערט אין סופרים קאורט אין וואשינגטאן, און דיעזער קאורט האט געפסק'ענט, דאס ווארד איז גערעכט. דאס געזעץ, וואס דיא סטייט מערילענד האט געמאכט, איז בטל, וויל ער איז געגען דיא קאנסטיטושאן. נאך דער קאנסטיטו־שאן נאך, טאר א סטייט ניט מאכען ספעציעלע געזעצע פאר איינוואהנער פון אנדערע סטייטס.

יעדער בירגער מעג ארוממופען פון איין סטייט אין דער צווייטער. ער מעג טהאן ביזנעס אין וואס פאר א סטייט ער וויל. ער איז פונקט אזוי פריי אין איין סטייט וויא אין דער צווייטער. ער דארף נאר אין יעדע סטייט, וואו ער געפינט זיך היטען דיא געזעצע, וואס יענע סטייט האט געמאכט פאר איהרע אייגענע איינוואהנער.

3) דיא קאנסטיטושאן פאדערט, אז יעדע סטייט זאל גלויבען דיא געזעצליכע דאקומענטען און דיא רעגיערונגס דא־קומענטען פון אלע אנדערע סטייטס. דיעזער פונקט מאכט עס פיעל בעקוועמליכער און גרינגער פאר דיא בירגער פון פערשיע־דענע סטייטס צו האבען געשעפטס פארקעהר צווישען זיך. דאס הייסט אבער ניט, אז איין סטייט מוז פאלגען דיא געזעצע פון דיא אנדערע סטייטס. זיא דארף בלויז גלויבען, אז דיא דאקו־מענטען, וואס ווערען ארויסגעגעבען פון דיא אפיציעלע פלע־צער און דיא אנדערע סטייטס, זיינען ריכטיג.

דאס קען גרינג ערקלעהרט ווערען דורך א ביישפיעל. ראובן און שמעון, ביידע איינוואהנער פון ניו יארק סטייט, האבען צווישען זיך געהאט א טריעל אין א קאורט פון ניו יארק סטייט, נאטירליך. ראובן האט געוואונען. דאס געריכט האט

צוגע'פסק'ענט, אז שמעון מוז איהם בעצאָהלען טויזענד דאָלאַר.

איידער ראובן האָט צייט געהאַט דאָס געלד אויפצומאַנען האָט שמעון צונויפגענומען זיין פערמעגען און האָט ארויסגעמופט אין ניו דזשוירזי סטייט. ראובן, נאַטירליך, פאָהרט איהם נאָך אויפצומאָנען דאָס געלד, וואס ער האָט געוואונען אין דעם ניו יאָרקער קאָורט. ער קומט צוגעהן איצטער אין א ניו דזשוירזי'ער קאָורט און ווייזט דיא דאָקומענטען פון דיא ניו־יאָרקער דזשאַדזשעס, אז ער האָט דאָרטען געוואונען דעם טרייעל מיט ראובן'ען. נו, אין אזא פאל, מוז דער ניו דזשוירזי'ער קאָורט דיעזע דאָקומענטען אנערקענען. ער טאָר ניט הייסען דיא קייס זאָל איבער א נייעם גע'משפט ווערען אין ניו־דזשוירזי. דיזע קאָנסטיטושאָן בעפעהלט, אז אפיציעלע דאָקומענטען פון איין סטייט מוזען אנערקענט ווערען אלס ריכטיג אין אלע אַנדערע סטייטס.

אויב שמעון ווילל, דיא קייס זאָל איבער א נייעם גע־משפט ווערען, דאַרף ער איבערצייגען דעם קאָורט אין ניו־דזשוירזי, אז דיא ניו יאָרקער דזשאַדזשעס האָבען קיין רעכט ניט געהאַט דיא קייס צו משפט'ען; און אויב דער ניו דזשוירזי'ער קאָורט דענקט, אז ער האָט רעכט, — דאַן קען ער איהם בעוויליגען א נייעם טרייעל. אויב אָבער, ער גיט צו, אז דער טרייעל איז געווען געזעצליך, אז דער ניו יאָרקער קאָורט האָט איהם געמעגט פראָצעסירען, קען ער קיין נייעם טרייעל ניט בעקומען. דיא ענטשיידונג פון דעם ניו יאָרקער קאָורט בלייבט דאַן אין קראפט, און דער ניו דזשוירזי'ער קאָורט מוז איהם צווינגען דאָס געלד צו בעצאָהלען.

4) יעדע סטייט מוז רעספעקטירען דיא געזעצע פון אללע אַנדערע סטייטס. דאָס הייסט אָבער ניט, אז זיא איז מחויב צו פאָלגען דיא פרעמדע געזעצע. דיא ליניע צווישען רעספעקטירען און פאָלגען, איז אמאָל זעהר א שמאָלע. אזוי שמאָל, אז מען קען איהר קוים בעמערקען, און אמאָל קומט דערפון ארויס אביסעל טראָבעל. אין אלגעמיין אָבער, לעבען דיא סטייטס

צווישען זיך גוט. יעדע סטייט האָט איהרע געזעצע און מישט זיך ניט אין דיא געזעצע פון אנדערע סטייטס. אויב דיא בירגער פון צוויי סטייטס האָבען א סכסוך צווישען זיך איבער א פראגע, וואס וואָלט ענטשיעדען געוואָרען אנדערש אין די צוויי סטייטס, געהען זיי זיך משפט'ען אין א נאַציאָנאלען קאָורט; און דיא סטייטס אַארט ניט, וואס פאר א פסק דיא דזשאַדזשעס גיבען דאָרטען ארויס.

## קאַפּיטעל 21.

## סטייט קאָנסטיטושאָנס.

דיא רעגיערונג פון יעדע סטייט איז אין אלגעמיין געבויט אויף'ן זעלבען פּלאַן, וויא דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. זיא האָט א קאָנסטיטושאָן גראדע אזוי וויא דיא פעראייניגטע שטאַאטען; און פאר דיא איינוואָהנער פון דער סטייט איז דיזע קאָנסטיטושאָן דער העכסטער און הייליגסטער געזעץ. דיא געזעץ־מאכער פון דער סטייט־רעגיערונג, דיא לעדזשיסלייטשור מוז דיזע קאָנסטיטושאָן היטען און פאָלגען גראדע וויא דער קאָנגרעסס אין וואשינגטאָן מוז היטען און פאָלגען דיא יונייטעד סטייטס קאָנסטיטושאָן. אויב דיא לעדזשיסלייטשור נעהמט אָן א ביל, וועלכער איז געגען א וואָרט אין דער סטייט קאָנסטיטושאָן, האָט ער קיין שום ממשות נים. יעדער דזשאַדזש אין דער סטייט קען דעם געזעץ מבטל מאכען, ווייל ער איז ניט קאָנסטיטוציאָנעל.

איין זאך בלויז שטעהט העכער וויא דיא סטייט קאָנסטיטושאָן און דאָס איז דיא יונייטעד סטייטס קאָנסטיטושאָן. אין א פאָריגען קאפּיטעל איז בעשפּראָכען געוואָרען וויא אזוי עס איז נאָך א לאנגען הארטען קאמפּף ענדליך אנערקענט געוואָרען פון אלע בירגער פון דיזער לאנד, אז דיא נאַציאָנאלע רעגיערונג שטעהט העכער וויא דיא סטייט רעגיערונג. צוזאמען מיט

דיעזע אנערקענונג איז אָנגענומען געוואָרען ביי אַלעמען, אז אין דער סטייט קאָנסטיטושאָן טאָר ניט אריינגעשריעבען ווע־רען קיין וואָרט, וועלכער איז געגען א געזעץ, אָדער זאָגאר דעם גייסט פון דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטושאָן. און אויב אזא וואָרט ווערט יע אריינגעשטעלט, האָט ער קיין שום ממשות ניט.

דיא ערשטע דרייצעהן סטייטס האָבען געהאַט סטייט רע־גיערונגען און סטייט־קאָנסטיטושאַנס נאָך איידער די נאַציאָנאַ־לע רעגיערונג איז געגרינדעט געוואָרען. זיי האָבען זיך דאַן פער־אייניגט און אָרגאניזירט דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג. דער קאָנ־גרעסס אין וואשינגטאָן און דיא נאַציאָנאַלע קאָנסטיטושאָן האָט דארום איבער זייערע קאָנסטיטושאָנס קיין שום דעה ניט גע־האַט. פארקעהרט, זיי האָבען א דעה געהאַט אויף דער נאַציאָנאַ־לער קאָנסטיטושאָן, ווייל אויב זיי וואָלטען איהר ניט אָנגענו־מען, וואָלט דאָך דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג קיין מאָל ניט גע־גרינדעט געוואָרען. דאָס איז אָבער ניט געווען דער פאַלל מיט דיא קאָנסטיטושאָנס פון דיא איבעריגע סטייטס, וועלכע זיינען אריינגעטראָטען אין דער יוניאָן נאָכדעם וויא דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג האָט שוין עקזיסטירט. איבער זיי האָט דער קאָנ־גרעסס געהאַט דיא פולע מאכט, בשעת זיי זיינען צום ערשטען מאָל פערפאסט געוואָרען, און ער האָט זיך מיט זיין מאכט בענוצט אויך.

ווען א סטייט וויל אריינטרעטען אין דער יוניאָן, דארף זיא זיך ווענדען צום קאָנגרעסס מיט א ביטע, ער זאָל איהר אריינגעהמען. דער קאָנגרעסס פערהאנדעלט דיא פראגע גראַ־דע אזוי וויא א געוועהנליכען פאָרשלאג. אויך דיעזע פראגע ווערט אריינגעטראָטען אין קאָנגרעסס אלס א ביל, דארף דורכגעהן ביידע אפּטהיילונגען פון קאָנגרעסס, דיא האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס און דעם סענאט, און דארף דערנאָך אונ־טערגעשריעבען ווערען פון פּרעזידענט, און דאַן ווערט דיא סטייט אריינגענומען. אלזא, כל זמן דער ביל איז ניט פאָלקאָם אָנגענומען, קען דער קאָנגרעסס שטעלען דער סטייט וואס פאר־

אַ בעדינגונגען ער ווילל. אויב זיא ענטזאגט זיך דיעזע בעדינ־גונגען נאָכצוקומען, קען דער קאָנגרעסס דעם בילל פערווארפען, און דיא סטייט בלייבט אין דרויסען.

און דער קאָנגרעסס בענוצט זיך מיט דיזער געלעגענהייט צו צווינגען די כטייט, אז זיא זאָל פערפאסען אזא קאָנסטי־טושאָן פאר איהר סטייט רעגיערונג וויא דעם קאָנגרעסס גע־פעלט. ווען דיא סטייט שיקט אַ ביטע צום קאָנגרעסס ער זאָל איהר אריינגעהמען אין דער יוניאָן, ענטפערט דער קאָנגרעסס זיא זאָל איהם פריהער ווייזען, וואס פאר א קאָנסטיטושאָן זיא דענקט צו פערפאסען. דיא סטייט מוז, נאַטירליך, פאָלגען. דיא איינוואָהנער ערוועהלען דעלעגאטען, וועלכע האַלטען אָפּ א קאָנ־ווענשאָן, און דיעזע קאָנווענשאָן פערפאסט דיא קאָנסטיטושאָן. אויב זיא געפעללט דעם קאָנגרעסס, נעהמט ער אריין די סטייט. אויב ניט, לאָזט ער דער סטייט וויסען, אז זיא מוז מאכען גע־וויסע ענדערונגען. נאַטירליך, ער קען דער סטייט דירעקט ניט צווינגען דאָס צו טאָהן. ער קען זיך אָבער ענטזאַגען זיא אריינצונעהמען אלס סטייט, סיידען זיא וועט דיא ענדערונגען מאכען. אויב דיא איינוואָהנער פון דער סטייט ווילען אריינ־קומען אין דער יוניאָן, האָבען זיי קיין אנדער ברירה ניט וויא צו פאָלגען וואָס דער קאָנגרעסס הייסט.

דער קאָנגרעסס האָט זיך מיט דיעזע אינדירעקטע מאכט זיינע פיעלע מאָל בענוצט. ער האָט, צום ביישפיעל, געצוואונגען פיעלע סטייטס, זיי זאָלען איינשרייבען אין זייערע קאָנסטי־טושאָנס, אז זיי וועלען פינף יאָהר צייט ניט טעקסען די קהל'שע לאנד, וואָס דיא פעראייניגטע שטאַאטען וועט פערקויפען פאר פארמס אין דער סטייט. ער האָט געצוואונגען דיא סטייטס פון דיא סאוטה, וועלכע זיינען צוריק אריינגענומען געוואָרען אין דער יוניאָן נאָך דער בירגער קריעג, זיי זאָלען אין זייערע קאָנ־סטיטושאָנס פארוועהרען ניגער־שקלאפעריי. אין דעם יאָהר 1911, האָט דער פרעזידענט געצוואונגען דיא צוויי פארגע־שלאָגענע סטייטס, ניו מעקסיקאָ און אריזאָנא, זיי זאָלען פון זייערע קאָנסטיטושאָנס אויסשטרייכען דעם פונקט, דאָס דיא

בירגער זאָלען האָבען דאָס רעכט אראָפּצוזעצען א דזשאָדזש אין זייערע טערמין. דער פּרעזידענט האָט ערקלערט, אז כל זמן דיעזער פּונקט וועט פערבלייבען אין דער קאָנסטיטושאָן, וועט ער ניט אונטערשרייבען דעם ביל ארייננעהמען דיעזע צוויי סטייטס; און דיא איינוואָהנער האבען דיעזען פּונקט געמוזט ענדערען.

מען מוז אָבער בעמערקען, אז דיא מאכט איבער דער קאָנסטיטושאָן פון דער סטייט האָבען דער קאָנגרעסס און דער פּרעזידענט בעפאָר דיא סטייטס ווערען אנערקענט, בעפאָר זיי ווערען ארייגענומען אין דער יוניאָן. קוים אָבער טרעטען זיי אין דער יוניאָן אריין, האָט דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג איבער זייערע קאָנסטיטושאָנס קיין שום דעה ניט. דיא בירגער קענען דאָן אפּשאפען זייער קאָנסטיטושאָן און פערפאסען א נייע, אָדער זיי קענען צוריק ארייגשטעלען דיא אַלע פּונקטען, וואס דער קאָנגרעס האט זיי געצוואונגען ארויסצואווארפען. דיא סטייטס ניו מעקסיקאָ און אריזאָנאַ, צום ביישפּיעל, קענען איצטער צוריק ארייגשרייבען אין זייערע קאָנסטיטושאָנס דיא פּונקטען וועגען צוריקרופען דזשאָדזשעס, וועלכע זיי האָבען צוליעב טעפט'ען אויסגעשטראכען.

---

### ווי אַזוי סטייט קאָנסטיטושאָנס ווערען פערפאסט און געענדערט.

מיר האָבען אין א פאָריגען קאַפּיטעל בעשריעבען, וויא אונגעהויער שווער עס איז צו מאכען דיא מינדעסטע ענדערונג אין דער קאָנסטיטושאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. וועגען איבער מאכען אין גאנצען דיא קאָנסטיטושאָן איז ניטאָ וואָס צו רעדען. דאָס איז אן אונמעגליכקייט. אָבער זאָגאר א קליינער אמענדעמענט קומט אָן מיט דיא גרעסטע שוועריגקייטען. דיא קאָנסטיטושאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען איז

היינט כמעט אין גאנצען דיא זעלבע וויא זיא איז געווען אין דעם יאָהר 1787, ווען זיא איז ערשט פערפאסט געוואָרען.

גאנץ אנדערש איז עס אָבער מיט דיא קאָנסטיטושאָנס פון דיא סטייטס. זיי קענען געענדערט ווערען און ווערען גע־ענדערט זעהר לייכט. פאראן אזעלכע סטייטס, וואס האָבען זעקס, זיעבען מאָל געביטען זייערע קאָנסטיטושאָנס אין גאנ־צען. קליינע ענדערונגען, אמענדמענטס ווערען געמאכט אין דיעזע קאָנסטיטושאָנס כמעט יעדען יאָהר.

דאָס פאָלק איז דער גאנצער בעל דעה איבער דער קאָנ־סטיטושאָן. ווען מען דארף פערפאסען א נייע קאָנסטיטושאָן, ערוועהלט מען דעלעגאטען, וועלכע האַלטען אָפּ א קאָנווענשאָן פאר דיעזען צוועק. דיא נייע קאָנסטיטושאָן, וואָס דיעזע קאָנ־ווענשאָן פערפאסט, ווערט דערנאָך פארגעלעגט פאר'ן פאָלק, און דאָס פאָלק נעהמט איהר אָן אָדער ווייזט איהר צוריק.

דיא דעה פון פאָלק, אין דיעזען הינזיכט, איז אָבער אין דיא מעהרסטע סטייטס ניט פאָלקאָם. עס איז אמת, אז דאָס פאָלק ערוועהלט דיא דעלעגאטען, דיא קאָנסטיטושאָן צו פער־פאסען, און אז ער האָט אויך דיא מאכט, דיא פערפאסטע קאָנסטיטושאָן צוריק־צו־ווייזען. ער האָט אָבער ניט איבעראל דיא מעגליכקייט מיטצובערענגען, אז א קאָנווענשאָן צו פערפאַ־סען א נייע קאָנסטיטושאָן, זאָל לכתחילה פאררופען ווערען. דיעזען ע־שטען שריט מוז אין דיא מעהרסטע סטייטס מאכען דיא סטייט לעדזשיסלייטשור.

אין ניו יאָרק סטייט און אין נאָך עטליכע סטייטס מוזען דיא לעדזשיסלייטשורס אלע עטליכע יאָהר פארלעגען דיא פראגע פאר דיא בירגער פון דער סטייט, צי זיי ווילען מען זאָל פאררופען א קאָנווענשאָן צו ענדערען דיא קאָנסטיטושאָן, צי ניט. אויב דאָס פאָלק שטימט אָפּ אויף יע, — מוז דיא לע־דזשיסלייטשור בעשטימען, ווען דיא קאָנווענשאָן זאָל אָפּגע־האַלטען ווערען און הייסען דאָס פאָלק ערוועהלען דעלעגאטען צו דיעזער קאָנווענשאָן. אין דיא מעהרסטע סטייטס אָבער ליעגט דיא גאנצע זאך אין דיא הענד פון דער לעדזשיסלייט־

טשור. זיא איז קיין מאָל ניט געצוואונגען אויסצוגעפינען, צי דאָס פאָלק ווילל א קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנוועגשאָן. אויב זיא אליין דענקט, אז עס איז צייט אזא קאָנווענשאָן צו פאררופען, לעגט זיא דיא זאַך פאַר פאר'ן פאָלק, און דאָס פאָלק וואוט וועגען דעם. נאַטירליך, אויב דאָס פאָלק שטימט אָפּ, אז מען קען אויסקומען אָהן ענדערונגען אין דער קאָנסטיטושאָן, און וואוט געגען א קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנווענשאָן, קען דיא לעדזשיסלייטשור גאָר ניט טהאָן.

ניט פאר יעדע קליינע ענדערונג קען מען זיך באדערען מיט א קאָנווענשאָן. עס איז דארום פאראן נאָך א מעטהאָדע, וויא אזוי צו מאכען אמענדעמענטס אין דיא סטייט קאָנסטיטושאָנס. ניו העמפּשיער איז דיא איינציגע סטייט, וואָס האָט נאָך דיעזע מעטהאָדע ניט אָנגענומען. זיא בעשטעהט אין דאָס פאָלגענדע :

דער אמענדעמענט ווערט פארגעשלאָגען אין דער לעדזשיסלייטשור. אין מאנכע סטייטס מוז דיעזער פאָרשלאָג אָנגענומען ווערען מיט א מאיאָריטעט פון צוויי דריטעל, און אין אנדערע — איז גענוג דריי פינפטעל. ניו יאָרק און פיער אַנדערע סטייטס בעגנוגענען זיך, אויב מעהר וויא א העלפט פון דער לעדזשיסלייטשור נעהמט איהם אָן.

דאָס הייסט אָבער נאָך ניט, אז דער אמענדעמענט איז שוין א געזעץ. ער מוז פריהער גוט געהייסען ווערען פון פאָלק. נאָכדעם וויא דיא לעדזשיסלייטשור נעהמט איהם אָן, ווערט ער פאָרגעלעגט פאר דיא וואוטערס פון דער סטייט; און אויב א מאיאָריטעט שטימט פאר איהם, ווערט ער צוגעגעבען צו דער קאָנסטיטושאָן.

בלויז איינינע סטייטס זיינען דאָ, וועלכע גיבען דאָס פאָלק דיא מאכט אליין פארצושלאָגען אן אמענדעמענט צו דער קאָנסטיטושאָן. דיעזע מאכט הייסט : „דיא איניש־יאייטיוו ענד רעפערענדום“. אין ארעגאָן סטייט קענען אכט פּראָצענט פון די בירגער איינשיקען א פּעטישאָן צו דער לעדזשיסליי־טשור, זיא זאָל פאָרלעגען א געוויסען אמענדעמענט פאר דיא

בירגער פון דער סטייט. דיא לעדזשיסלייטשור איז געצוואונ־
גען דיזע פעטישאן צו פאלגען, און דעם אמענדעמענט פארצו־
לעגען, צי ער געפעללט איהר, צי ניט. אויב א מאיאריטעט פון
דיא בירגער וואוטען פאר'ן אמענדעמענט, טרעט ער אריין אין
קראפט.

אין אקלאהאמא סטייט איז דיא זאך אביסעל שטרענגער.
דארטען מוז דיא פעטישאן פאר'ן אמענדעמענט אונטערגע־
שריעבען ווערען פון 15 פראצענט פון אלע בירגער פון דער
סטייט.

---

## דער אינהאלט פון דיא סטייט־קאנסטיטושאנס.

א סטייט קאנסטיטושאן איז פיעל גרעסער וויא דיא
יונייטעד סטייטס קאנסטיטושאן. דער אינהאלט פון דער
נאציאנאלער קאנסטיטושאן בעציהט זיך כמעט אין גאנצען
אויף איין זאך. ער שרייבט פאר, וויא אזוי דיא רעגיערונג
זאל געפיהרט ווערען, וואס פאר א בעאמטע זיא זאל האבען
און וואס די פליכטען און אויפגאבען פון די פערשיעדענע
בעאמטע זאלען זיין. אין דיא אמענדמענטס זיינען דא אייניגע
זייטיגע זאכען, ווי צום ביישפיעל דיא גרונד רעכטע און פריי־
הייטען פון יעדען בירגער, וואס דער געזעץ טאר פון איהם
איצטער אונטער קיינע אומשטענדען ניט אוועקרויבען; אדער
דער פונקט, אז ניגער שקלאפעריי זאל פערבאטען ווערען אין
דיעזען לאנד. אבער דיעזע „זייטיגע זאכען" פערנעהמען גאר
א קליינעם פלאץ; און זיי זיינען צוגעשטעלט געווארען צוליעב
געוויסע אויסערליכע אומשטענדען.

מיט דיא סטייט קאנסטיטושאנס איז עס אבער גאנץ
אנדערש: איבערהויפט מיט דיא קאנסטיטושאנס וואס זיינען
פערפאסט געווארען אין דיא לעצטע יאהרען. זיי זיינען גרויסע
גראבע ביכער, וועלכע פערהאנדלען אלערליי פראגען, צו זיי־

בעלאַנגען צו א קאָנסטיטושאַן, צו ניט. דער געוועהנליכער אייראָפּעאישער בעגריעף איז, דאָס דיא קאָנסטיטושאַן דאַרף זיך בעגרענצען אויף גרונד־פּראַגען. זיא דאַרף אין אַלגעמיין האָבען דעם כאַראקטער פון אונזער נאַציאָנאלער קאָנסטיטו־שאָן: איהר הויפּט אויפגאַבע דאַרף זיין צו בעשטימען די פאָרמע פון דער רעגיערונג און פאַרביינגעהענדיג קען זיא אויך ערקלעהרען, אויף וויא ווייט דער איינצעלנער קען זיך פיהלען פריי און זעלבּבשטענדיג אין בעצוג צו דער רעגיערונג. אַנ־דערע זאַכען אָבער, דאַרפען געהערען צו דער געזעצגעבענדע מאַכט פון דער רעגיערונג, צו דער לעדזשיסלייטשור.

אָט איז א ביישפּיעל: נאָך דיעזען בעגריעף נאָך קען מען איינשרייבען אין דער קאָנסטיטושאַן, אַז יעדער בירגער האָט דאָס רעכט צו גלויבען אין וועלכע רעליגיאָן איהם געפעהלט. דאָס איז א גרונד רעכט. אַלע גלויבען מיר, אַז דיעזע רעכט טאָר אונטער קיינע אומשטענדען ניט אוועקגענומען ווערען פון דיא בירגער. מיר קענען זיך ניט פאָרשטעלען, אַז עס זאָל מעגליך זיין דיעזען געזעץ צו ענדערען. רעליגיעזע פרייהייט איז איינע פון דיא וויכטיגסטע גרונד פרייהייטען וואָס דיא ציוויליזירטע מענשהייט האָט אויסגעקעמפּפט נאָך פיעלע, פיעלע יאָהרען פון בלוטיגע מלחמות, פאַרפאָלגונגען און מאַרטירעריי.

נעהמט אָבער די פּראַגע, וויא אַזוי צו קאָנטראָלירען דיא טראָסטס. דאָס איז ניט קיין גרונד פּראַגע. זיא וואַקסט אַרויס פון ספּעציעלע אומשטענדען. זיא איז אויך א פּראַגע, וואָס עס הייננט, זאָ צו זאָגען, אין דער לופטען. קיין אַלגעמיין אָנגענומענער ענטפער, קיין בעשטימטע מיינונג איז אויף איהר ניטאָ. דיא צייט האַלט נאָך אין וועבען און אויסארבייטען דעם ענטפער. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז אין פערלויף פון ספּעציעלע אומשטענדען. זיא איז אויך א פּראַגע, וועל־כע הייננט, זאָ צו זאָגען, אין דער לופטען. קיין אַלגעמיין צו אַן אַלגעמיינעם שלום וועגען רעליגיאָן און וועגען רעדע פרייהייט. ווען דאס ווען געשעהן, וועט פיללייכט מעגליך

זיין צו בעטראכטען די פראגע וועגען קאנטראלירען טראסטס אלס א גרונד פראגע, און מען וועט די אפגעשטימטע אנגע־נומענע מיינונג קענען מאכען פאר א פונקט אין דער קאנסטי־טושאן. איצטער, אבער, קען זיא פון אייראפעאישען שטאנד־פונקט אין א קאנסטיטושאן ניט איינגעשלאסען ווערען. איצטער געהערען אלע פראגען וועגען טראסטס צו דער לע־דזשיסלייטשור, צו דיא געזעץ מאכער פון דער רעגיערונג. יעדער נייע לעדזשיסלייטשור קען דיא פראגע לייזען אויף איהר אופן. ביי יעדע זיצונג קענען ה׳א געזעץ־מאכער מאכען נייע געזעצע, וועלכע זאלען זיך צופאסען צו דיא ענטוויקעלטע מיינונגען און פאדערונגען פון דיא בירגער.

אדער נעהמט אזא פראגע וויא דיא פאלגענדע: „פין וויפיעל מענשען זאל א דזשורי בעשטעהן?“ קיינער וועט אויף א מינוט ניט בעהויפטען, אז דיזע פראגע האט צו טהאן מיט דיא „גרונד פרינציפען פון פרייהייט“. מען קען זאגען, אז דיא פרייהייט פאדערט, דאס יעדער אנגעקלאגטער זאל פראצעסירט ווערען ניט פון פראפעסיאנעלע דזשאדזשעס, נאר פון מענשען פון פאלק. דאס קען ווירקליך בעטראכט ווערען אלס א גרונד פרייהייט. אבער ווי גרויס דיא דזשורי זאל זיין, קען בשום אופן אזוי ניט בעטראכט ווערען. אזא פראגע געהערט געוויס ניט צו דער קאנסטיטושאן. זיא דארף פארענטפערט ווערען, אבער דארויף איז דא א לעדזשיסלייטשור. דאס דארף זיין איהר ארבייט.

אין אייראפעאישע קאנסטיטושאנס וועט מען קיינמאל ה׳עזען פונקט ניט געפינען. דיא אמעריקאנער סטייט קאנסטי־טושאנס זיינען אבער אנגעפילט מיט אזוינע געזעצע. זיי זיינען, ווי געזאגט, אין א גרויסען טהייל איינפאכע געזעצ־ביכער.

יעדע סטייט קאנסטיטושאן איז איינגעטהיילט אין פיער טהיילען. דער ערשטער טהייל רעכענט אויס דיא אלע גרונד־רעכטע און פרייהייטען, וואס דיא רעגיערונג טאר ניט אוועקנעהמען פון דיא בירגער.

דיא צווייטע טהייל בעשרייבט דיא פאָרמע פון דער סטייט רעגיערונג, ווער עס זאָל פאר איהר מאַכען די געזעצע, וויא אזוי דיא געזעצע זאָלען דורכגעפיהרט ווערען, וואס פאר בעאמטע דיא סטייט זאָל האָבען און וואָס דיא פליכטען און אויפגאבען פון יעדען בעאמטען זאָל זיין, און זא ווייטער.

דיא דריטע טהייל גיט זיך אָפּ מיט דיא אלע „זייטיגע זאכען" וועגען וועלכע מיר האָבען אויבען גערעדט, מיט געזעצע וועגען טראסטס, סטייט פינאנצען, סקוהלס, און דאָס גלייכען, וועלכע האבען, שטרענג גערעדט, קיין פּלאַץ ניט אין א קאָנסטי־טושאָן.

די פערטע טהייל שרייבט פאָר דיא מעטהאָדען, וויא אזוי דיא קאָנסטיטושאַן קען אמענדירט און געענדערט ווערען, און וויא אזוי דאָס פאָלק קען אין גאנצען איבערמאַכען דיא אַלטע קאָנסטיטושאָן אויף א נייע.

א) דיא ערשטע צעהן אמענדמענטס פון דער נאציאָנאלע קאָנסטיטושאָן פערהאנדעלט דיא זעלבע זאך וואָס דיא דער־מאָהנטע ערשטע טהייל פון דיא סטייט קאנסטיטושאנס. זיי רעכענען אויף אוים געוויסע גרונד פרייהייטען וואָס דיא נאַ־ציאָנאלע רעגיערונג טאָר אונטער קיינע אומשטענדען ביי דיא בירגער ניט אוועקרויבען. עס איז אָבער דאָ אַן אונטער־שיעד. דיא גרונד פרייהייטען וואָס דיא נאַציאָנאלע רעגיערונג רעכענט אויס פאדערט ווירקליך דעם נאמען וואס זיי טראגען. זיי זיינען ווירקליך דיא הייליגסטע און טהייערסטע רעכטע, וואס דיא איינצעלנע פערזאָן פערמאגט. אָהן זיי איז דער מענש א שקלאַף. אין דעם צעטעל פון דיא גרונד פרייהייטען וואָס די סטייט קאָנסטיטושאנס ענטהאַלטען געפינט זיך כמעט אַלעס וואָס דיא נאַציאָנאלע קאָנסטיטושאָן ענטהאלט. זיי בענוגענען זיך אָבער דערמיט ניט. זיי שליסען איין פיעלע אנדערע רעכטע און פרייהייטען וועלכע האָבען קיין רעכט ניט צו קליימען אזא עהרע. און מאנכע פון דיעזע גרונד „פרייהיי־טען" שמעקען מעהר מיט שקלאַפעריי וויא מיט פרייהייט.

אַט, צום ביישפּיעל, געפינט זיך אין דיעזען הייליגען צע־

טעל פון מאַנכע קאָנסטיטושאָנס, דער געזעץ, אז ווייסע קינדער טאָרען ניט געהן מיט ניגער קינדער אין דיא זעלבע סקוהלס. דיא קאָנסטיטושאָן פון מאַסאַטשוזעטס סטייט שרייבט אריין צווישען די „היילינע פרייהייטען“ דיא פאָלגענדע שטעלע: „עס איז דיא רעכטע און דיא פליכט פון יעדער פערזאָן אין דער געזעלשאפט צו דיענען גאָט, דעם בעשעפער און דעם אויפהאַלטער פון דער וועלט“. דיא קאָנסטיטושאָן פון פענסילווייניא סטייט ערקלעהרט, דאָס יעדער איינער האָט דאָס רעכט צו האַלטען וואָס פאר א רעליגיאָן ער וויל, און מאַכט גלייך נאָכדעם דיא פאָלגענדע בעהויפטונג: „קיין מענש, וועלכער גלויבט נאָר אין א גאָט און אין אַן עולם הבא, טאָר צוליעב דיעזע רעליגיעזע פרינציפען ניט גע׳פסל׳ט ווערען פון פאַרנעהמען אירגענד וועלכע אַמט אין דער רעגיערונג“. פון אויבען אויף קומען דיעזע ווערטער אוים זעהר שעהן. זיי גיבען דיא פענסילווייניער איינוואהנער א גאַראַנטי אויף רעליגיעזע פרייהייט. צווישען דיא שורות אבער שטעהט אין דיעזען געזעץ געשריעבען, אז אַן אונגלויבליכער טאָר אין דער סטייט קיין בעאַמטער ניט זיין. אינדירעקט ערקלעהרט דיעזער „פריי־הייטס פונקט“, אז דער וואָס גלויבט ניט אין גאָט, אָדער דער וואָס גלויבט ניט אין אַ צוקונפטיגער וועלט, טאָר ניט ער־וועהלט ווערען צו קיין אַמט אין דער רעגיערונג.

אויסער דיעזע און מאַנכע עהנליכע פונקטען וואס זיינען פאָזיטיוו געגען די גרונד פרינציפען פון פרייהייט, ענטהאַלט דיעזע אפטהיילונג פון דער קאָנסטיטושאָן פונקטען, וואָס האָבען וועניג וואס צו טהאָן מיט פרייהייט אין אַלגעמיין און וועלכע זיינען יעדענפאַלס וויים, וויים אָפגערוקט פון גרונד פרייהייטען.

די קאָנסטיטושאָן פון מערילענד שטעלט אריין דעם פונקט, אז עס איז ראַטהזאם, דאָס די סטייט זאָל בייטען איהרע בעאַמטע וואָס אָפטער, ווייל עס איז א געפאהר צו לאָזען דיא זעלבע בעאַמטע אויף זייערע שטעלען אַ צו לאַנגע צייט. דיא פרייהייט פון פאָלק קען דערפון אַם ענדע ליידען.

דיא קאנסטיטושאן פון וויאמינג סטייט ערקלעהרט, אז אין סיוויל קייסעס זאל דיא גאנצע דזשורי זיך ניט דארפען איינינען אויף אן אורטהייל: צוויי דריטעל זאל זיין גענוג.

דיא קאנסטיטושאן פון נארטה קאראליינא שטעלט אריין אין דעם צעטעל פון גרונד פרייהייטען דעם פונקט, אז געהיימע פאליטישע ארגאניזאציאנען זיינען א געפאהר פאר דיא פרייהייטען פון דער סטייט, און אז דארום דארף מען זעהן זיי אויסצוראטען.

זאל, אבער, דער לעזער ניט קריעגען דעם איינדרוק, אז דיעזער טהייל פון דיא סטייט קאנסטיטושאנס איז אין גאנצען אנגעפילט מיט אזוינע אוגוויכטיגע פונקטען. וויא געזאגט ענטהאלטען זיי אלע דיא אלע אמת׳ע גרונד פרייהייטען וואס מיר געפינען אין דיא ערשטע צעהן אמענדמענטס פון דער נאציאנאלער קאנסטיטושאן. זיי אלע גאראנטירען דיא איינוואהנער פון דער סטייט פרייע רעדע, פרייע פרעסע, רעליגיעזע פרייהייט, דאס רעכט זיך צו פערזאמלען און שיקען קאמפ־ליינס צו דער רעגיערונג, און אזוי ווייטער און ווייטער. דיא פראגרעסיווע קאנסטיטושאנס וואס זיינען פערפאסט געווארען אין דיא לעצטע עטליכע יאהר ענטהאלטען דיא מאדערנע פרינציפען פון גרונד פרייהייטען, פרינציפען, וואס ווערען נאך פארלויפיג ניט פון אלעמען אנערקענט, אבער וועלכע וועלען אין דער צוקונפט זיכער אנערקענט ווערען פונקט אזוי ווי דיא דערמאהנטע גרונד פרינציפען.

אט, צום ביישפיעל, ענטהאלט דיא קאנסטיטושאן פון אקלאהאמא סטייט דיא פאלגענדע פונקטען:

1) דיא סטייט רעגיערונג האט דאס פאלקאמענע רעכט אנצוטרייבען אירגענד וועלכע געשעפטען, אדער אירגענד וועל־כע ארבייט, אויב זיא טהוט עס נאר פאר דאס פאלק. קיין געזעץ טאר ניט געמאכט ווערען איהר דאס צו פארוועהרען.

2) די רעגיערונג טאר ניט אוועקגעבען אדער פערקויפען אויף אייביג א מאנאפאל אויף א געוויסען געשעפט.

3) דיא רעגיערונג האט א רעכט צו בעזוכען צו יעדער צייט דיא אפיסעס פון דיא טראסטס און קארפארײשאנס און אונטערזוכען זייערע ביכער און זייערע געשעפטען. מיט א פריוואט געשעפטסמאן טאר דיא רעגיערונג אזוי ניט האנדלען. זיא טאר זיך ניט ארײנמישען אין זיינע געשעפטען, סיידען זיא האט אורזאכע דאס צו טהאן. דאס הייסט, סיידען זיא קריעגט ערלויבניס פון א געריכט. א קארפארײשאן ווערט אבער אין אקלאהאמא בעטראכט מעהר אלס א געזעלשאפט־ליכע וויא א פריוואט אינסטיטושאן. דיעזע שטעלונג שמעקט אביסעל מיט'ן סאציאליסטישען גייסט.

4) דיא אקלאהאמא קאנסטיטושאן נעהמט אויך ביי דיא דזשאדזשעס אוועק זייער דעספאטישע מאכט פון ארויסגעבען אינדזשאנקשאנס און בעשטראפען דיא יעניגע וואס פאלגען דיא אינדזשאנקשאנס ניט. דיעזע מאכט איז אין גרונד גע־גומען א שטיק טיראניי. זיא איז אן איבערבלייבענים פון דיא פינסטערע צייטען. מיט דיעזע מאכט בענוצען זיך דיא דזשא־דזשעס צו דיענען דיא אינטערעסען פון דיא רייכע, איבער־הויפט אין דיא פעלע פון סטרייקס און לאקאוטס. דיא קאנ־סטיטושאן פון אקלאהאמא סטייט ערקלעהרט, אז א דזשאדזש האט קיין רעכט ניט אליין צו בעשטראפען א פערזאן וואס פאלגט ניט זיין אינדזשאנקשאן. דיעזער פערזאן דארף פאר־געפיהרט ווערען פאר א דזשורי און קריעגען די געלעגענהייט זיך צו פערטהיידיגען. אויב דיא דזשורי געפינט איהם שולדיג, דאן קען איהם דער דזשאדזש בעשטראפען.

ב) דיא צווייטע טהייל פון דיא סטייט קאנסטיטושאנס שרייבט פאר וואס פאר א רעגיערונג דיא סטייט זאל האבען. זיא בעשטימט אלע אבטהיילונגען פון דער רעגיערונג, אלע בעאמטע, וויא אזוי זיי זאלען ארגאניזירט ווערען און ער־וועהלט ווערען, און וואס פאר א פליכטען און אויפגאבען יעדער פון זיי זאל האבען. דיעזער טהייל ענטהאלט אויך פונקטען וועגען דיא שטאדט רעגיערונגען. מיר וועלען ווייטער זעהן, דאס דיא שטעדט און דיא דערפער פון יעדע סטייט ווערען

קאָנטראָלירט דורך דער סטייט רעגיערונג. דיא קאָנסטיטושאָן שרייבט פאָר וויא אזוי דיעזער קאָנטראָל זאָל אנגעפיהרט ווערען. אין דיעזע אבטהיילונג פון דיא קאָנסטיטושאָנס ווערט אויך פערהאנדעלט דיא פראגע וועגען שטימרעכט. ניט אין אַלע סטייטס איז דיא שטימרעכט דאס זעלבע. אין מאַנכע מעגען פרויען וואוטען און אין מאַנכע ניט; אין אייניגע סטייטס דאַרף מען זאָגאר קיין בירגער ניט זיין צו קענען וואוטען פאר געוויסע בעאַמטע; און אין מאַנכע איז דאָס שטימרעכט אזוי בעגרענעצט, אז פיעלע בירגער קענען ניט צוקומען צום באַלאָט באַקס.

ג) דיא דריטע אבטהיילונג פון דיא סטייט קאָנסטיטושאָנס ענטהאַלט דיא אַלע פערשיעדענע געזעצע וועגען וועלכע מיר האָבען אויבען גערעדט; געזעצע, וועלכע האָבען קיין פלאַטץ ניט אין קיין קאָנסטיטושאָנס. מען האָט זיי אהין אריינגעשטעלט בלויז דערפאַר, ווייל דאס פאָלק האט זעהר שטארק געוואונשען זיי זאָלען ניט געענדערט ווערען. אַן איינפאכען לעדזשיסלייטשור געזעץ איז גרינג אויסצומעקען. עס איז בלויז נויטיג דיא זעלבע אָדער א צווייטע לעדזשיסלייטשור זאָל מיט א מאַיאָריטעט וואוטס אָפּשטימען אזוי צו טהאָן. א פונקט אין דער קאָנסטיטושאָן קען ניט געענדערט ווערען, סיידען א מאַיאָריטעט פון פאָלק וואוט דאפיר. דארום פיהרט זיך געוועהנליך אין דער איצטיגער צייט, דאָס יעדער וויכטיגער געזעץ און איבערהויפּט אזא וואָס איז גענען דיא אינטערעסען פון דיא רייכע געפינט פריהער אָדער שפּעטער א פּלאַץ אין דיעזער אבטהיילונג פון דער קאָנסטיטושאָן.

ביישפּיעלע קענען מיר געבען זעהר פיעלע. דיא קאָנסטיטושאָן פון אָקלאהאמא סטייט ענטהאַלט 14 פּיידזשעס מיט געזעצע וועגען טראָסטס און קאָרפּאָריישאנס. זיא בעפעהלט אז דיא סטייט זאָל האָבען א קאָרפּאָריישאָן קאָמישאָן וואָס זאָל בעזיצען דיא מאַכט צו רעגולירען דיא פרייזען און דיא אַלגעמיינע טהעטיגקייט פון דיא קארפּאָריישאנס, וואָס טהוען ביזנעס אין דער סטייט. זיא פאַרבאָט אויך מאָנאָפּאָלס און

בעשטימט דיא פרייזען וואס דיא ריילראודס זאלען נעהמען פאר פאסאזשירען און פאר פראכט.

דיא אקלאהאמא'ר קאנסטיטושאן האט אויך פיעלע גע־זעצע וועגען ארבייט. זיא בעשטימט, צום ביישפיעל, אז ביי אלע קהל'׳שע ארבייט זאלען דיא אנגעשטעלטע ניט אר־בייטען מעהר ווי אכט שטונדען א טאג. זיא בעפעהלט אויך דער לעדזשיסלייטשור זיא זאל מאכען געזעצע צו בעשיצען דיא לעבענס און דעם געזונד פון דיא ארבייטער אין דיא פעקטא־רים, מינעס און אויף דיא אייזענבאהנען.

אין דיעזער אבטהיילונג געפינט מען אויך אין דיא מעהר־סטע קאנסטיטושאנס געזעצע וועגען פרייע בילדונג, וועגען משאריטים, וועגען פארהיטען דאס געזונד פון שטאדט־איינ־וואהנער און דאס גלייכען.

יעדע סטייט קאנסטיטושאן בעשטימט אויף דעם וויכ־טיגסטען פונקט וועגען דיא פינאנציעלע אנגעלעגענהייטען פון דער רעגיערונג, נעמליך, אויף וויא ווייט דיא רעגיערונג האט דאס רעכט זיך צו פערשולדיגען. דיעזער פונקט בעפעהלט דער לעדזשיסלייטשור זיא זאל ניט בארגען מעהר וויא א געוויסען פראצענט פון דעם איינקונפט, וואס דיא רעגיערונג האט, און אז זיא זאל יעדען יאהר צאהלען דיא פראצענטען און א טהייל פון דעם קרן פון דער רעגיערונג'ס חובות. דיעזער פונקט איז זעהר א וויכטיגער. דאס פערצאמט ביז א געוויסען גראד דעם וועג פון א קארופטע רעגיערונג. ווי קארופט א לעדזשי־סלייטשור זאל ניט זיין, מעהר וויא א געוויסע סוממע קען זיא איצטער ניט אנרויבען. דיא קאנסטיטושאן לאזט איהר ניט בארגען צופיעל. און פון טעקסעס שטעלט זיך קיין סך ניט אפ. די עקספענסעס פון א סטייט רעגיערונג זיינען זעהר גרוים.

ד) דיא לעצטע אבטהיילונג אין יעדע קאנסטיטושאן צייגט אן דיא מעטהאדען, ווי אזוי מען קען איהר ענדערען אדער אין גאנצען איבערמאכען. וויא עס איז אויבען אנגע־וויעזען געווארען, זיינען דיעזע מעטהאדען גאנץ פערשיעדען

אין פערשיעדענע סטייטס. אין איין זאך אבער זיינען זיי במעט אלע גלייך: דיא קאנסטיטושאן קען ניט געענדערט ווערען אין מינדעסטען אהן דיא צושטימונג פון פאלק. אין מאנכע סטייטס דארף מען האבען דערויף דיא צושטימונג פון לעדזשיסלייטשור. זיא דארף מיט א מאיאריטעט שטימען די ענדערונג פארשלאגען. אבער אין מאנכע איז דאס אויך ניט נויטיג. דאס פאלק איז דארטען דער גאנצער בעל־הבית איבער דער קאנסטיטושאן. ער קען ענדערונגען פאר־שלאגען און ער קען און מוז זיי גוטהייסען. אויב ניט קענען זיי ניט אנערקענט ווערען.

---

## קאפיטעל 22.

## דיא סטייט רעגיערונג.

יעדע סטייט האט א רעגיערונג, וועלכע איז אין איהר פאר־מע עהנליך צו דער נאציאנאלער רעגיערונג אין וואשינגטאן. דער גאווערנאר אין דער סטייט פערנעהמט דעם זעלבען פלאץ וויא דער פרעזידענט אין דיא יונייטעד סטייטס. די לעדזשי־סלייטשור פערנעהמט דעם זעלבען פלאץ וויא דער קאנגרעס, און זיא איז אויך איינגעטהיילט אין צוויי „הייזער“, גראדע אזוי וויא דער קאנגרעס: אין א סענאט און א הויז אוו רעפרעזענ־טייטיוום. דיא סטייט רעגיערונג האט אויך א געריכט סיסטעם מיט ניעדעריגע און הויכע קאורטס. דער גאווערנאר האט אן עק־זעקוטיוו באארד, וואס איז עהנליך צום פרעזידענט'ס קאבינעט. יעדע סטייט האט אויך א קאנסטיטושאן, וואס איז מעהר אדער ווייניגער עהנליך צו דער יונייטעד סטייטס קאנסטיטושאן.

יעדער איינוואהנער פון דיעזער לאנד לעבט אזוי אונטער צוויי רעגיערונגען: די נאציאנאלע רעגיערונג און די סטייט רעגיערונג. דאס הייסט ניט, אז דער רעגיערונגס יאך איז דא

דערפאר א שווערער. דיא צוויי רעגיערונגען צוזאמען טהוען דיא ארבייט וואס דיא איין נאציאנאלע רעגיערונג טהוט אין אנדערע לענדער. א טהייל געזעצע מאכט דער קאנגרעס אין וואשינגטאן, און א טהייל געזעצע מאכט דיא לעדזשיסלייטשור פון דער סטייט. א טהייל אדמיניסטראטיווע אויפגאבען און פליכטען געהערען צום פרעזידענט, און א טהייל צום גאווער־נאר.

דיא פראגע איז נאר וויא אזוי ווערט דיזע רעגיערונגס־ארבייט איינגעטהיילט? וויא אזוי ווייס דער קאנגרעס וועלכע געזעצע ער מעג מאכען און וועלכע ניט? וויא אזוי ווייסען דיא סטייט לעדזשיסלייטשורס, מיט וועלכע ארבייטען זיי מעגען זיך אפגעבען און מיט וועלכע ניט?

דיא קאנסטיטושאן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען פער־ענטפערט דיעזע פראגען. זיא ערקלערט אויסדריקליך, אז דיא נאציאנאלע רעגיערונג מוז זיך אפגעבען בלויז מיט געוויסע רע־גיערונגס ארבייט און ניט מיט קיין אנדערע; און זיא זאגט אויך, אז דיא סטייט רעגיערונג טאר זיך ניט מישען אין געווי־סע אנגעלעגענהייטען און טאר ניט מאכען געוויסע געזעצע. אלעס וואס דיא קאנסטיטושאן פערבאט דיא סטייט רעגיערונג צו טהאן, איז שטרענג פערבאטען. אלע אנדערע זאכען זיינען איהר אבער פריי. מיט דער נאציאנאלער רעגיערונג איז אבער פערקעהרט: זיא מעג טהאן בלויז אזוינע זאכען, וועלכע דיא קאנסטיטושאן ערלויבט איהר, אנדערע זאכען ניט, ווייל דיא אנדערע זאכען געהערען צו דער סטייט רעגיערונג.

אין דיא פריהערדיגע קאפיטלען האבען מיר בעשריעבען גענוי אלע פליכטען, אויפגאבען, און רעכטע, וואס דיא נאציא־נאלע רעגיערונג האט בעקומען דורך דער קאנסטיטושאן. דא וועלען מיר בעשרייבען דיא אנדערע טהייל: דיא געזעצע און אויפגאבען, וועלכע דיא קאנסטיטושאן האט בפירוש אוועקגע־נומען פון דער סטייט רעגיערונג און איהר פערבאטען זיי צו בעריהרען.

1. דיא סטייט רעגיערונג טאָר זיך ניט מישען אין דעם האנדעל וואס איהרע איינוואָהנער פיהרען אָן מיט אויסלאַנד. בלויז דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג קען קאָנטראָלירען דעם אויסלענדישען האנדעל. א סטייט טאָר ניט מאַכען א געזעץ, צום ביישפיעל, אַז א ביזנעסמאַן זאָל דארפען בעצאָהלען א טעקס, ווען ער פיהרט אריין אדער שיקט ארויס וואארע פון דער סטייט אין אויסלאַנד. אַזאַ טעקס הייסט א טאַריף. דיא סטייט רעגיערונג קען זיך אין טאַריף פראַגען ניט מישען.

2. א סטייט רעגיערונג טאָר צוליעב דעם זעלבען טעם ניט ארויפלייגען קיין טעקס אויף האנדעלסשיפען, וואס ברייגען וואארע און פיהרען ארויס וואַארע פון איהרע האַפענס. ווען דיא סטייט וואָלט אַזאַ טעקס געקענט ארויפלייגען, וואָלט זיא דורך איהם געקענט קאָנטראָלירען דעם האַנדעל מיט דיא לענדער פון וואַנען דיא שיפען קומען און וואוהין דיא שיפען געהען; און דיא קאָנסטיטושאַן האַלט עס פאר א העכסט וויכטיגע זאַך, אַז דער קאָנטראָל פון אויסלענדישען האַנדעל זאָל אין גאַנצען ליעגען אין דיא הענד פון דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג.

3. דיא סטייט רעגיערונג טאָר ניט מאַכען קיין געלד, און טאָר ניט מאַכען קיין געזעץ צו צווינגען בעלי חובות אדער ביזנעס לייט צו נעהמען פאר זייערע חובות אדער פאר זייערע וואַארעס אַנדערע געלד, וויא דיא, וואס דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג גיט ארויס.

4. דיא סטייט טאָר ניט איינפיהרען ביי זיך קיין אַנדער רעגיערונג וויא א רעפּובליק. ווען זאָגאַר אַלע בירגער זאָלען עס וועלען, טאָר קיין סטייט ניט גרינדען פאר זיך אַזאַ רעגיערונג, אין וועלכע דיא בירגער זאָלען קיין דעה ניט האבען. זיי טאָרען ניט ,צום ביישפיעל, מאַכען אַז דער גאָווערנאָר אַמט זאָל איבערגעהן בירושה פון פאטער צום זוהן, און אַז דיא געזעץ־מאַכונג זאָל בעלאַנגען צו א געוויסע קלאַס אריסטאָקראַטען, איבער וועמען דאס פאָלק זאָל קיין דעה ניט האבען. דיא סטייט רע־

גיערונג מוז זיין עהנליך צו דער יונייטעד סטייטס רעגיערונג. זיא מוז זיין פריי. זיא מוז געפיהרט ווערען דורך דעם פאלק.

5. דיא קאנסטיטושאן פערבאט אויך דיא סטייט־רעגיערונג אוועקצונעהמען פון איהרע איינוואהנער מאנכע פון דיא זאגענאנטע „הויפט־רעכטע" פון יעדען פרייען מענשען. דיא סטייט רעגיערונג טאהר ניט מאכען א געזעץ, אז א געוויסע פערזאן אדער א געוויסער פערברעכער, זאל בעשטראפט ווערען אהן א טרייעל, וועלכער זאל איהם געבען א געלעגענהייט זיך צו פערטהיידיגען. זיא טאר אויך ניט אננעהמען א געזעץ, שוועדער צו מאכען דיא שטראף פאר א פערברעכער, נאכדעם וויא יענער האט שוין דעם פערברעכען בעגאנגען. זיא קען פאסען א ביל, אז פון היינט אן און ווייטער, זאל דער פערברעכער שווערער בעשטראפט ווערען. דיעזער געזעץ קען אבער בלויז אנגעווענדעט ווערען אויף צוקונפטיגע פערברעכער. דיא וואס האבען דעם פערברעכען בעגאנגען איידער דער נייער געזעץ איז אנגענומען געווארען, מוזען בעקומען דיא אלטע שטראף.

6. אויף אן עהנליכען ארט בעשיצט אויך דיא קאנסטיטושאן דאס פריוואט אייגענטהום פון דיא איינוואהנער פון דיא סטייטס. זיא פערבאט דיא סטייט רעגיערונג צו מאכען אזוינע געזעצע, וועלכע קענען שטעלען אין געפאהר דיא ביזנעס קאנטראקטען פון דיא איינוואהנער אדער אירגענד וועלכע ביזנעס בעציהונגען צווישען דיא איינצעלנע פערזאנען אדער צווישען ביזנעס קאמפאניעס.

דיא בעדייטונג פון דיעזען פונקט קען קלאהר געמאכט ווערען דורך א פאל, וואס האט ווירקליך פאסירט. א געוויסע סטייט האט ארויסגעגעבען א באנק א טשארטער, וועלכער האט געגעבען דער באנק דאס רעכט צו טהאן ביזנעס אין דער סטייט, אויף דער בעדינגונג, דאס זיא זאל צאהלען א טעקס פון זעקס פראצענט פון איהרע פערדיענסטען. אין איינינע יאהר ארום האט דיא לעדזשיסלייטשור אנגענומען א ביל, דאס דיעזע באנק זאל צאהלען א העכערען טעקס. האט דיא סופרים קאורט גע'פסק'ענט, אז דיעזער געזעץ איז געגען דער קאנסטיטושאן,

ווייל ער צושטערט א ביזנעס־קאָנטראַקט, אַן אפמאַך צווישען דער סטייט און דיא קאָמפּאַניע.

דאס הייסט, נאַטירליך, אַז דיא רעגיערונג טאָר ניט מאַכען געזעצע צו צושטערען אַלטע קאָנטראַקטען, אַלטע ביזנעס־בעציהונגען. אבער זיא מעג צו יעדער צייט מאַכען א געזעץ וועגען צוקונפטיגע קאָנטראַקטען, און דער געזעץ מעג זיך זיין, אַזוי שטרענג וויא דיא רעגיערונג וויל נאר.

7. דיא וויכטיגסטע פערבאָטען געגען דיא סטייט רעגיערונג געפינען זיך ניט אין דער קאָנסטיטושאַן גופא, נאר אין דעם 14טען אַמענדמענט פון דער קאָנסטיטושאַן, וועלכער איז פערפאסט געוואָרען מיט א יאהר אכטציג שפּעטער פון דער עצם קאָנסטיטושאַן. דיעזער אַמענדמענט ערקלעהרט דאס פאָלגענדע:

„קיין סטייט זאָל ניט מאַכען אַזא געזעץ, וועלכער וועט פערקלענערען דיא רעכטע אדער דיא פרייהייטען פון דיא בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען; דיא סטייט טאָר אויך ניט אַוועקנעהמען פון א פערזאָן זיין לעבען, זיין פרייהייט אדער זיין אייגענטהום, אָהן א געזעצליכען פּראָצעס; זיא טאָר אויך ניט ענטזאָגען זיך צו געבען אירגענד וועלכע פערזאָן וואס וואָהנט אין איהרע גרענעצען דעם זעלבען שוץ פון געזעץ וואס דיא איבעריגע איינוואָהנער בעקומען“.

דיעזער אַמענדמענט איז זעהר ניט קיין דייטליכער. וואס מיינט ער מיט דיא ווערטער „רעכטע און פרייהייטען“? וועלכע „רעכטע און פרייהייטען“ געהערען צו דיא בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען און וועלכע ניט? דער סופרים קאָורט האט דיעזען זאץ פערטייטשט אויף זיין שטייגער. ער האט ערקלעהרט, אַז דיא בעדייטונג פון דיעזען אַמענדמענט איז, דאס דיא סטייט רעגיערונג טאָר ניט אַוועקנעהמען פון א בירגער דיא רעכטע וואס דיא קאָנסטיטושאַן גיט איהם אויסדריקליך. אָט, צום ביישפּיעל, ערקלערט דיא קאָנסטיטושאַן, דאס יעדער בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען דארף בעשיצט ווערען, ווען ער ווערט אנגעגריפען פון א פרעמדע מאַכט. דאס יעדער

בירגער האט דאס רעכט צו שיקען א פעטישאן צו דער נאציאָ־נאַלער רעגיערונג און קאַמפּליינען פאַר איהר וועגען געוויסע געזעצע. אַט דיעזע רעכטע און פרייהייטען טאָר דיא סטייט רעגיערונג פון דיא בירגער ניט אוועקרויבען. מיט אַנדערע פרייהייטען אבער קען דיא סטייט רעגיערונג טהאָן וואס זיא וויל.

דער צווייטער טהייל פון דיעזען אַמענדמענט איז פיעל וויכטיגער וויא דער ערשטער. ער פערוועהרט דיא סטייט רעגיערונג אוועקצורויבען פון א פערזאָן זיין לעבען, זיין פרייהייט, אדער זיין אייגענטהום אָהן א געזעצליכען פּראָצעס. שטעלט זיך דיא פראגע: „וואס הייסט א געזעצליכער פּראָצעס?" און דיא פראגע פערענטפערען קען בלויז דער סופרים קאָורט פון דיא פעראייניגטע שטאַטען, ווייל ער האט דאס אויסשליס־ליכע רעכט צו פערטייטשען דיא קאָנסטיטושאָן. און דער סופרים קאָורט פערטייטשט דיעזען פונקט, נאַטירליך, וויא איהם געפעלט, א טייטש וואס גיט איהם, דעם קאָורט, מעהר קראַפט אין בעשטימען דיא געזעצע פון לאַנד.

דורך דיעזען אַמענדמענט נעהמט זיך דאס דער סופרים קאָורט דאס רעכט מבטל צו זיין פיעלע העכסט וויכטיגע גע־זעצע וואס דיא סטייטס מאַכען. ער טשעפּעט זיך צו צו דיא געזעצע, אז זיי נעהמען אוועק פון א געוויסען קלאס בירגער גע־וויסע „פרייהייטען" אָהן א געזעצליכען פּראָצעס, און דארום זיינען זיי געגען דער קאָנסטיטושאָן. אַט אויף אזא ארט האט דער סופרים קאָורט מיט איינינגע יאהרען צוריק מבטל געווען דעם געזעץ וואס דיא סטייט רעגיערונג פון ניו יאָרק האט פער־פאַסט, אז אין בעקערייען זאָל מען ניט טאָרען ארבייטען מעהר וויא אכט שטונדען א טאָג. דער סופרים קאָורט האט נאָך פיעל שטודירען ארויסגעגעבען דעם פאָלגענדען אורטהייל:

„דיעזער געזעץ רויבט אוועק פון דיא ארבייטער דאס רעכט און דיא „פרייהייט" צו ארבייטען מעהר וויא אכט שטונ־דען, און דיא קאָנסטיטושאָן פערבאָט אוועקצונעהמען פון איר־גענד וועלכע פערזאָן אירגענד וועלכע פרייהייט אָהן א געזעצ־ליכען פּראָצעס. דיא ניו יאָרקער סטייט רעגיערונג האט קיין

שום געזעצליכען פּראָצעס ניט געמאַכט ביים אוועקרויבען ביי דיא ארבייטער דיא פרייהייט צו ארבייטען לאַנגע שטונדען און דארום איז דער געזעץ בטל".

דורך דיעזען לעצטען אמענדמענט נעהמט זיך דער סופרים קאָורט דאס רעכט מבטל צו זיין ניט נאר דיא געזעצע, וואס דיא סטייטס מאַכען, נאר אויך דיא געזעצע, וואס דער קאָנגרעס מאַכט. ווען דער געזעץ געפעלט ניט דעם סופרים קאָורט, ער־קלערט ער, אַז ער איז געגען דיעזען אמענדמענט און געה לייקען אָפּ. דער סופרים קאָורט האט דאָך אַלס זיין אויפגאַבע צו פערטייטשען דיא קאָנסטיטושאַן, און ער קען עס פערטייטשען וויא איהם געפעלט.

---

## קאַפּיטעל 23.

## דיא דריי אַבטהיילונגען פון דער סטייט־רעגיערונג.

**דיא 48 סטייט רעגיערונגען זיינען זעהר עהנליך איינע צו** דיא אַנדערע, און זיינען אויך עהנליך צו דער נאַציאָנאַלער רע־גיערונג אין וואשינגטאָן. דער אַלגעמיינער פּלאַן, אויף וועל־כען זיי אַלע זיינען געבויט, איז דער פאָלגענדער: דיא רעגיערונג זאָל בעשטעהן פון דריי דעפּאַרטמענטס, וועלכע זאָלען אויף וויא ווייט מעגליך זיין זעלבסטשטענדיג, אונאבהענגיג איינער פון דעם אנדערען. דער ערשטער דעפּאַרטמענט זאָל הייסען „די עקזעקוטיווע". זיין אויפגאַבע זאָל זיין צו טהאָן דיא פּראַקטישע ארבייט פון דער רעגיערונג, זעהען, אַז אַלע געזעצע זאָלען אָפּ־געהיט ווערען און אַלע אָנגענומענע פּלענער זאָלען פערווירק־ליכט ווערען. דער צווייטער דעפּאַרטמענט זאָל הייסען לעדזשיסלייטשור. זיין אויפגאַבע זאָל זיין, צו מאַכען דיא גע־זעצע און דיא פּלענער, וואס דיא עקזעקוטיווע פיהרט דערנאָך דורך און דער דריטער דעפּאַרטמענט זאָל הייסען „דזשודישערי". ער זאָל פערטייטשען דעם געזעץ נאכדעם

וויא ער ווערט פערפאַסט פון לעדזשיסלייטשור און הויבט אָן דורכגעפיהרט צו ווערען פון דער עקזעקוטיווע. ער זאָל משפט'ען און בעשטראָפען דיא מענשען, וועלכע ווערען פון דער עקזעקוטיווע אַנגעקלאָגט פאַר ניט פאָלגען דעם געזעץ.

דיעזע דריי דעפּאַרטמענטס זיינען דאָ אין יעדע רעגיערונג. אין דיא פרייע יוראָפּעאישע רעגיערונגען זיינען זיי אָבער זעהר ענג פערבונדען איינער מיט'ן צווייטען. אין ענגלאַנד, צום ביישפּיעל, בעטהייליגט זיך דיא עקזעקוטיווע זעהר שטאַרק אין דיא ארבייט פון דער לעדזשיסלייטשור. אַלע געזעצע, וואָס דאַרפען געמאַכט ווערען אין דער לעדזשיסלייטשור, דאָס הייסט אין פּאַרלאַמענט, ווערען דאָרטען פאָרגעשלאָגען פון דער עקזעקוטיווע, דאָס הייסט, פון דיא קאַבינעט מיניסטאָרען. דיא „דזשודזשיערי" איז דאָרטען אויך ניט מעהר וויא אַן אַפּטיילונג פון דער עקזעקוטיווע. זיא קען ניט שטערען איהר אַרבייט און קען אויך ניט מבטל זיין דיא געזעצע, וואס דיא לעדזשיסלייטשור מאַכט.

דאָ אין אמעריקא איז דער פאַל גראַדע פאַרקעהרט. דיא דריי דעפּאַרטמענטס זיינען זעהר וועניג פערבונדען. דיא עקזעקוטיווע קען זיך זעהר וועניג אריינמישען אין דער ארבייט פון דער לעדזשיסלייטשור, און דיא „דזשודזשיערי" איז א וועלט פאַר זיך. זיא פערטייטשט דעם געזעץ און ענטשיידעט קייסעס וויא זיא וויל. מיט דעם גייסט און ווילען פון דיא אַנדערע צוויי דעפּאַרטמענטס רעכענט זיא זיך וועניג. זיא איז זעלבסטשטענדיג און אומאבהענגיג.

---

## קאַפּיטעל 24.

### דער גאָווערנאָר און דיא אַנדערע עקזעקוטיוו בעאַמטע.

די עקזעקוטיווע פון יעדע סטייט רעגיערונג בעשטעהט פון א גאָווערנאָר און פון נאָך אייניגע בעאַמטע. א גאָווערנאָר האָט יעדע סטייט. יעדע סטייט האָט אויך א סעקרעטער און א טרעד־

זשורער. נאָך איינציגע עקזעקוטיווע בעאַמטע זיינען דאָ, וואס דיא מעהרסטע סטייטס האָבען, אָבער מאנכע ניט.

דער גאָווערנאָר פארנעהמט אין דער סטייט רעגיערונג אונגעפעהר דעם זעלבען פּלאץ וואס דער פּרעזידענט פארנעהמט אין דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג. זיינע אויפגאַבען און פליכטען זיינען כמעט דיא זעלבע. ער האָט אָבער ניט דיא מאַכט און דיא אויטאָריטעט, וואס דער פּרעזידענט בעזיצט. דיא לעדזשיסלייטשור האָט פאר איהם ניט דעם רעספּעקט און אנערקענט ניט אזוי זיין אויבערמאכט וויא דער קאָנגרעסס טהוט עס אין בעצוג צום פּרעזידענט. דיא אורזאכע קען מען געפינען אין דער היסטאָרישער ענטוויקלונג פון דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג און דיא סטייט רעגיערונגען.

דיא נאַציאָנאַלע קאָנסטיטושאָן איז פערפאסט געוואָרען פון מענשען, וואס האָבען געזוכט איינצופיהרען א שטארקע האלב מאָנארכיסטישע רעגיערונג אין דיעזער לאנד. זיי האָבען דארום געטרייעט צו געבען דעם פּרעזידענט וואס מעהר מאכט און דער לעדזשיסלייטשור — דעם קאָנגרעס וואָס וועניגער. זייער פּלאן איז געווען, דאָס דער פּרעזידענט זאָל ניט ערוועהלט ווערען פון פאָלק, נאָר פון אויסערוועהלטע פערטרעטער פון דיא פערשיעדענע סטייטס. ניט זייענדיג אבהענגיג אָן דיא שטימען פון פאָלק, וועט דער פּרעזידענט ניט מורא האָבען צו טהאָן דעם ווילען פון דיא רייכע און פון דיא אריסטאָקראטען. ווען דיעזע לייטע וואָלטען ניט מורא געהאַט פאר'ן פאָלק, וואָלטען זיי דאָן געמאכט דעם פּרעזידענט פאר א מין קעניג. דער גייסט, אלזאָ, פון דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטושאָן איז, צו שטעלען דעם פּרעזידענט אויף זעהר א הויכען שטאפּעל, און דיעזער גייסט איז פערשטארקט געוואָרען דורך דעם סופּרים קאָורט, וועלכער האָט אימער פערטייטשט דיא קאָנסטיטושאָן און דעם געזעץ אזוי, אז דעם פּרעזידענט'ס מאכט איז פערשטארקט געוואָרען.

אין דיא סטייט רעגיערונגען איז עס געווען גראדע פארקעהרט. דיא קאָנסטיטושאָנס פון דיא סטייטס זיינען פערפאסט

געווארען פון פאלק, און דאס פאלק איז אימער געווען דעמא־קראטיש. דערצו האט דאס פאלק געהאט פאראורטהיילע געגען גאווערנארס נאך פון דיא אלטע צייטען, ווען זיי זיינען געווען אונטערוואָרפען אונטער דעם ענגלישען יאך. אין יענע יאהרען פלעגט דער גאווערנאר אפוינטעט ווערען פון דער ענגלישער רעגיערונג. דאס פאלק האט איבער איהם קיין שום מאכט ניט געהאט. עס פארשטעהט זיך, אז אלס א ריענער פון דער ענגלישער מאנארכיע האבען דיעזע גאווערנארס זיך וועניג וואס געקימערט פאר דיא אינטערעסען פון פאלק, אין אלע צוזאמענשטויסע, מחלוקות און קעמפפע צווישען דיא היגע קאלאניעס און דיא ענגלישע רעגיערונג, זיינען דיא גאַ־ווערנארס אימער געשטאנען אויף דער זייט פון דער ענגלישער רעגיערונג. מיט'ן פאלק האבען געהאלטען דיא לעדזשיסלייט־שורס ווייל זיי פלעגען ערוועהלט ווערען פון פאלק. און אזוי האט זיך ביים גרויסען עולם אויסגעארבייט דאס געפיהל צו קו־קען מיט פערדאכט אויף דיא גאווערנארס. און ווען די סטייטס האבען זיך אפגעריסען פון ענגלאנד און דאס פאלק האט אין יעדע סטייט אנגעפאנגען צו ארגאניזירען א נייע אונאבהענגי־גע רעגיערונג, האט זיך דער עולם פון דיעזע פאראורטהיילע ניט געקענט בעפרייען. זיי האבען געוואלט מיט'ן גאווערנאר וואס וועניגער האבען צו טהאן. זיי האבען איינגעפיהרט, אז ער זאל ערוועהלט ווערען פון דער לעדזשיסלייטשור. אבער דערפאר האבען זיי איהם געגעבען זעהר וועניג מאכט. זיי האבען דיא רעגיערונג כמעט אין גאנצען אנפערטרויט דער לעדזשיסלייי־טשור, דאס הייסט, זייערע דירעקטע פארטרעטער.

ביסלעכווייז האט זיך דיעזע שטעלונג פון פאלק צום גאַ־ווערנאר געענדערט. דיא מורא פאר'ן גאווערנאר איז פאר־שוואונדען, און דאס פאלק האט שוין געגומען איינזעהען, אז אלס עקזעקוטיוו, אלס דער דורכפיהרער פון דיא געזעצע פון דער סטייט, מוז דער גאווערנאר האבען פיעל מעהר מאכט, ווי זיי האבען איהם געגעבען. אין פערלויף פון דיא לעצטע פופציג יאהר איז דיא מאכט און דער איינפלוס פון גאווערנאר אין

אלע סטייטס געוואקסען אונגעהויער פיעל, און זיי האלטען נאָך אין ווערען גרעסער און שטארקער. עס פאסירט שוין איצטער אָפט, אז דער גאָווערנאָר אין א סטייט צווינגט דער לעדזשיסלייטשור זיא זאָל דורכפיהרען געוויסע רעפאָרמען, וועלכע דאָס פאָלק פאָדערט. דיא איינוואָהנער פון ניו יאָרק מוזען נאָך געדענקען דיא גרויסע אגיטאציאָן, וואָס גאָווערנאָר יוהז האט פערזענליך אנגעפיהרט איבער'ן גאנצען סטייט צו צווינגען דער לעדזשיסלייטשור אָנצונעהמען דיא בילס געגען דאָס געמבלינג. מיט יאָהרען צוריק האָט מען פון אזא זאך ניט געהערט. דער גאָווערנאָר וואָלט דאמאָלסט קוים געוואגט זיך צו שטעלען געגען דער לעדזשיסלייטשור און נאָך אפעליערען צום פאָלק פאר שטיצע.

דער גאָווערנאָר שטעהט איצטער אויך אונטער דעם דירעקטען קאָנטראָל פון פאָלק, גראדע אזוי וויא דיא לעדזשיסלייטשור. מיט דער אויסנאהמע פון מיססיססיפפי סטייט ווערט דער גאָווערנאָר איצטער איבעראָל עלעקטעט פון פאָלק. ער איז אין דיעזען הינזיכט מעהר פאָלק פערטרעטער וויא דער פרעזידענט, און מוז זיך טאקע פיעל מעהר רעכענען מיט'ן ווילען פון פאָלק.

יעדע סטייט האָט זיך איהרע בעדינגונגען וועגען דעם גאָווערנאָר. אין ניו יאָרק, צום ביישפיעל, מוז א קאנדידאט פאר גאָווערנאָר אלט זיין ניט וועניגער וויא דרייסיג יאָהר. ער מוז זיין, נאטירליך, א סיטיזען און מוז האָבען געוואָהנט אין דער סטייט ניט וועניגער וויא פינף יאָהר.

דער טערמין און דיא געהאלט פון דעם גאָווערנאָר איז פערשיעדען אין פערשיעדענע סטייטס. אין צוויי און צוואנציג סטייטס ווערט ער עלעקטעט אויף פיער יאהר; אין 23 סטייטס אויף צוויי יאָהר; אין צוויי סטייטס אויף איין יאָהר און אין איין סטייט אויף דריי יאָהר. דער טענדענץ איצטער איז, צו ערוועהלען דעם גאָווערנאָר אויף פיער יאָהר, ווייל דיא אדמיניסטראטיווע אנגעלעגענהייטען אין דיא סטייטס זיינען אזוי פארפלאָנטערט, אז עס מוז נעהמען א היבשע צייט איידער דער

גאָווערנאָר בעגרייפט זיי אלע און פארשטעהט גענוי זייגע פּפליכטען און אויפגאבען.

אין מאנכע סטייטס טאָר דער גאָווערנאָר ניט ערוועהלט ווערען אויף מעהר וויא איין טערמין. אין דיא מעהרסטע אָבער איז וועגען דעם קיין געזעץ ניטאָ. עס איז בלויז א מנהג גראדע אזוי וויא מיט דעם פּרעזידענט פון דיא פערייניגטע שטאאטען, דאס מעהר וויא צוויי מאָל זאָל דיא סטייט דעם זעל־בען גאָווערנאָר ניט ערוועהלען. דיעזער מנהג ווערט אָבער ניט אָפּגעהיט אין דיא סטייטס אזוי שטרענג וויא אין דער נאַציאָ־נאלער רעגיערונג.

דאָס געהאלט פון גאָווערנאָר איז ניט זעהר גרויס. דיא העכסטע געהאלט צאָהלט איללינאָיז סטייט, 12 טויזענד דאָלאר א יאָהר. דיא אַנדערע גרויסע סטייטס וויא: ניו יאָרק, פּענסיל־וויינִיא ,ניו דזשוירזי און קאליפאָרניא צאָהלען צו צעהן טוי־זענד דאָלאר א יאהר. אלע איבעריגע צאָהלען ווענינער. דאס קלענסטע געהאלט בעקומט דער גאָווערנאָר פון דער קליינער סטייט נעבראסקא—25 הונדערט דאָלאר א יאהר, עטוואס מעהר וויא אן אָלדערמען אין דער שטאָדט ניו יאָרק.

---

## דיא פליכטען, אויפגאבען און מאַכט פון גאָווערנאָר.

דער גאָווערנאָר אלס דער קאָפּ פון דער עקזעקוטיווע האט פאר זיין הויפּט פליכט און אויפגאבע אַכטונג צו געבען, אַז דיא געזעצע פון דער סטייט זאָלען פּינקטליך אויסגעפיהרט ווערען. אויב אן איינצעלנער אדער א קאָמפּאניע איבערטרעט א געזעץ, מוז דער גאָווערנאָר בעאויפטראגען דעם סטייט לאָיער (דעם אטאָרני דזשענעראל) ער זאָל דיא פערברעכער אנקלאגען אין גערינכט אין נאמען פון דער רעגיערונג, און זאָל זעהן זיי זאָלען בעקומען זייער פּערדיענטע שטראף. אויב דיא פער־ברעכער בענוצען זיך מיט געוואלדטהאטען און דיא קאָורט איז געגען זיי צו שוואך, דאן דארף דער גאָווערנאָר ארויסשיקען

דיא סטייט מיליץ און אונטערדריקען דיא געזעץ־פערלעצער מיט געוואלד.

אליין פיהרען דיא גאנצע עקזעקוטיווע ארבייט איז, נאטיר־ליך, פאר דעם גאווערנאר אונמעגליך. צו דיעזער אבטהיילונג בעלאנגט דיא גאנצע פעוואלטונג פון דיא סטייט געשעפטען. זיא דארף קאלעקטען טעקסעס, בויען דיא נויטיגע רעגיערונגס־געביידען, אכטונג געבען אויף דיא בענקס, אויף אינשורענס־קאמפאניעס, אויף דיא ריילראודס און אויף פערשיעדענע טראסטס. זיא מוז אויך קאנטראלירען דיא פינאנסען, הלואות און אויסגאבען. דער גאווערנאר אליין וואלט ניט געקענט אטענ־דען צו קיין הונדערטע טהייל פון דיעזע אלע אנגעלעגענהייטען.

דער עקזעקוטיווו דעפארטמענט האט דארום נאך פיעלע בעאמטע, קאמישאנס, ביוראס און באארדס, וועלכע טהוען די א אלע ארבייטען. דער גאווערנאר איז דער הויפט אויפזעהער אי־בער זיי. פיעלע פון דיעזע בעאמטע און באארדס ווערען אפאינ־טעט פון איהם מיט דער צושטימונג פון סענאט. פיעלע אנדע־רע ווערען ערוועהלט פון פאלק, און אין מאנכע סטייטס האט דער גאווערנאר דאס רעכט צו פאדערען פון דיא בעאמטע אין דעם עקזעקוטיווו דעפארטמענט, זיי זאלען איהם אריינשיקען רעפארטס וועגען זייער ארבייט, און זאלען שווערען, אז דיא רעפארטס זיינען ריכטיג; און אויב ער געפינט עס פאר נויטיג, מעג ער אפוינטען א קאמיטע צו אונטערזוכען א געוויסען דע־פארטמענט.

אין דזשארדזשיא סטייט מוז דער גאווערנאר אונטערזו־כען דיא ביכער פון דעם סטייט טרעזשורער און דעם סטייט קאנטראלער. אין ניו יארק מעג דער גאווערנאר אונטערזוכען אירגענד וועלכען דעפארטמענט צו יעדער צייט. אין מאנכע סטייטס מוזען דיא הויפט־בעאמטע פון דיא פערשיעדענע דע־פארטמענטס אריינשיקען רעפארטס צום גאווערנאר.

מען מוז אבער בעמערקען, אז טראץ דעם האט דער גאַ־ווערנאר ווייט ניט דיא מאכט איבער דיא עקזעקוטיוו בעאמטע, וואס דער פרעזידענט פון דיא יונייטעד סטייטס האט איבער

זיין עקזעקוטיווע. דעם פּרעזידענט'ס עקזעקוטיווע בעשטעהט פון א קליינע צאָהל קאַבינעט מיניסטאָרען, וועלכע ווערען אַפּאָינטעט פון פּרעזידענט, און זיינען פעראַנטוואָרטליך פאר אַלעס וואס זיי טהוען צום פּרעזידענט; זיי האבען ניט קיין אַנדער אויבערמאַכט איבער זיך אויסער דעם פּרעזידענט, און קענען צו יעדער צייט אַראָבגעזעצט ווערען פון פּרעזידענט. מיט דיא סטייט עקזעקוטיוו בעאַמטע איז ניט אַזוי. וויא געזאָגט, ווערען פיעלע פון דיא וויכטיגסטע פון זיי ערוועהלט פון פאָלק, און זייערע אויפגאַבען און פליכטען ווערען בעשטימט פאר זיי אין דער קאָנסטיטושאן פון דער סטייט. זאָגאַר אין דיא סטייטס, וואו זיי מוזען אריינשיקען רעפּאָרטס צום גאַווערנאָר, פיהלען זיי זיך ניט אונטערוואָרפען אונטער איהם, זיי זיינען ניט זיינע פּאָרלייטע, זאָ צו זאָגען. זיי האַלטען איהם ניט פאר זייער אויבערהאַר און פיהלען זיך ניט פערפליכטעט איהם צו פאָלגען און צו פיהרען זייערע דעפּאַרטמענטס אין זיין גייסט. אַראָבזעצען קען דער גאָווערנאָר זיי אויך ניט, אין דיא מעהרסטע סטייטס. און אין דיא עטליכע סטייטס, וואו ער בעזיצט דיעזע מאַכט, קומט איהם אָן זעהר שווער זיך צו בענוצען מיט איהר.

פיעלע זיינען מיט דער מיינונג, אַז דאָס איז א גרויסער חסרון אין אונזערע סטייט רעגיערונגען. זיי דענקען, אַז עס איז אונפּראַקטיש צו געבען דעם גאָווערנאָר אַזוי ווייניג מאַכט איבער דיא אַנדערע עקזעקוטיוו בעאַמטע. נאָך אַלעמען איז דיא פערוואַלטונג פון א רעגיערונג אַזוי וויא א גרויסער געשעפט, און איבער א גרויסע ביזנעס מוז דאָך זיין א הויפּט־מענעדזשער, איין קאָפּ, וועלכער זאָל בעשטימען דיא פּאָליסי, דיא אַלגעמיינע פּרינציפּען, נאָך וועלכע דאָס געשעפט זאָל זיך פיהרען, און וועלכער זאָל אַכטונג געבען, אַז אַלע פערשיעדענע דעפּאַרטמענטס און בראַנטשעס פון געשעפט זאָלען ארבייטען האַרמאָניש, אַזוי וויא דיא רעדער און רעדלאַך פון איין גרויסע מאַשין. ניט אַז איין בראַנטש זאָל פיהרען אהער און דער אַנדערער אהין.

דיא נייע קאָנסטיטושאַנס אַנערקענען דיעזע קריטיק און

זיי גיבען דעם גאָווערנאָר מעהר מאַכט אין דער עקזעקוטיווע. זיי לאָזען איהם אַפּאָינטען פיעלע פון דיא בעאַמטע, וועלכע ווערען אין דיא אַנדערע סטייטס ערוועהלט פון פאָלק. און זיי גיבען איהם א שטאַרקע דעה און א קאָנטראָל איבער דיא פערשיעדענע דעפּאַרטמענטס. עס הערשט איצט, אַלזאָ, דיא ריכטונג צו פערשטאַרקען דיא מאַכט פון גאָווערנאָר אַלס דער הויפּט עקזעקוטיוו פון דער רעגיערונג.

דער גאָווערנאָר איז דער הויפּט קאָמאַנדיר, דער הויפּט גענעראַל איבער דיא סטייט מיליץ, גראַדע אַזוי וויא דער פּרעזידענט איז דער הויפּט גענעראַל איבער דער ארמעע און דער פלאָטע פון דיא יונייטעד סטייטס. אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד, ווען דיא פּאָליציי פיהלט זיך שוואַך איינצושטילען דיא אונרוהען, מעג דער גאָווערנאָר ארויסשיקען דיא מיליץ צו העלפען דער פּאָליציי. אין דיא מעהרסטע סטייטס מעג דער גאָווערנאָר אין אַזאַ פאַל ערקלעהרען א געוויסע שטאָדט אדער א געוויסען דיסטריקט אין דער סטייט אין א קריעגס־צושטאַנד, און איבערגעבען דעם געגענד אין דיא הענד פון דיא מיליטער־בעאַמטע. דיא פּראָגרעסיווע סטייט אקלאהאמא גיט אבער דעם גאָווערנאָר אַזאַ רעכט ניט. מיט אַזוינע עקסטרא מיטלען קען זיך דאָרט דער גאָווערנאָר בענוצען בלויז אין אַזאַ פאַל, ווען אין'ם סטייט הערשט א ריכטיגע רעוואָלוציאָן אדער ווען א שונא קומט אריין אהין און וויל איהר איינגעהמען. אונטער געוועהנליכע אומשטענדען אָבער טאָהר קיין קריעגס־צושטאַנד ניט איינגעפיהרט ווערען, און יעדער בירגער מוז בעהאַנדעלט ווערען אַזוי וויא אין צייט פון פריעדען.

אין דיא געזעץ־מאַכונג האָט דער גאָווערנאָר כמעט אין יעדע סטייט דיא זעלבע מאַכט און אויפגאַבען, וואס דער פּרעזידענט האָט אין בעצוג דער געזעצמאַכונג פון דיא יונייטעד סטייטס. ער דאַרף ביי דער ערעפנונג פון דער לעדזשיסלייטשור אריינשיקען א מעססעדזש, אין וועלכען ער רעקאָמענדירט געוויסע בילס, און שלאָגט פאָר די פּאָליסי פון דער פּערוואַלטונג. ער דאַרף אויך אין זיין מעסעדזש פערהאַנדלען דיא

פראגע וועגען דיא פינאנסען פון דער סטייט רעגיערונג. דער פרעזידענט האט מיט דיעזע פראגע גאר ניט צו טהאן, ווייל דער סעקרעטערי אוו דיא טרעזשורי שיקט אריין וועגען דעם א רעפארט צום קאנגרעס. דיא גאווערנארס מוזען אבער זיך דער־מיט אליין אפגעבען. אין ניין סטייטס פאדערט דיא קאנסטיטו־שאן פון דיא גאווערנארס זיי זאלען אין זייערע מעסעדזשעס פארשלאגען דעם בודזשעט, וויפיעל טעקסעס דיא רעגיערונג זאל קאלעקטען פאר איהרע עקספענסעס אין דעם קומענדען יאהר.

דיא לעדזשיסלייטשור איז, נאטירליך, ניט געצוואונגען צו פאלגען, וואס דער גאווערנאר רעקאמענדירט איהר אדער שלאגט פאר אין זיין מעסעדזש, גראדע אזוי וויא דער קאנגרעס איז ניט מחויב צו פאלגען דעם פרעזידענט'ס מעסעדזשעס. אויב דער גאווערנאר ווינשט זעהר שטארק, אז א געוויסער פארשלאג זאל אנגענומען ווערען, האט ער צוויי וועגען, דורך וועלכע ער קען טרייען צו צווינגען דיא לעדזשיסלייטשור דאס צו טהאן: 1) ער קען ערוועקען אן אלגעמיינע מיינונג צו גונסטען זיין פארשלאג און 2) ער קען אויפפאדערען דיא לע־דזשיסלייטשור אבצוהאלטען א ספעשעל סעשאן אום צו פער־האנדלען דיא פראגע א צווייטען מאל.

דיא ערשטע מעטהאדע איז א גאנץ מאדערנע. אמאל פלעגט דער גאווערנאר זיך האלטען פון ווייטענס פון דאס פאלק. עס איז געווען אנגענומען ביי אלעמען, אז דאס פאלק האלט פיעל מעהר פון דער לעדזשיסלייטשור וויא פון גאווערנאר, און טרויט פיעל מעהר דער לעדזשיסלייטשור וויא דעם גאווערנאר.

דיעזע שטעלונג איז אבער איצט פיעל געענדערט געווא־רען. דאס פאלק האט נעהאט פיעלע ערפאהרונגען, אין וועל־כע דיא גאווערנארס האבען זיך ארויסגעוויעזען פאר בעסערע דיענער פון פאלק וויא דיא לעדזשיסלייטשורס. און איצט פא־סירט עס אפט, דאס גאווערנארס אפעלירען צום פאלק, ער זאל צווינגען דיא אסעמבליליים און סענאטארען אין דער לעדזשי־סלייטשור, זיי זאלען שטימען פאר געוויסע פאפולערע ביללס.

דיא ספּיעשעל סעשאָן איז אויך א שטאַרקע וואָפע געגען דער לעדזשיסלייטשור. דיא קאָנסטיטושאַנס פון אַלע סטייטס גיבען דעם גאָווערנאָר דיא מאַכט אַזוינע סעשאָנס צו פערופען. דיא לעדזשיסלייטשור האט געוועהנליך זעהר מורא דערפאַר. ערשטענס, ווערען דיא ספּעשעל סעשאָנס פערופען אין דיא וואַקיישאָן מאָנאטען, און דיא לעדזשיסלייטשור לייטע האבען קיין חשק ניט אויפצואָפּפערען זייער רוהע און צו שוויצען אין דיא הייסע זומער־מאָנאטען אין קעפּיטאל. צווייטענס, ווען א ספּעשעל סעשאָן ווערט גערופען, ציהט דאס דיא אויפמערקזאמקייט פון'ם פאָלק, אַלע ווערען פעראינטערעסירט אין דער פראַגע, וואס ווערט ביי דיזער זיצונג פערהאַנדעלט, און אַלע פאָלגען נאָך אַלעס וואס דאָרטען קומט פאָר. עס פערשטעהט זיך, אַז אונטער אַזוינע אומשטענדען ווילען דיא פאָלקס־פערטרעטער מורא האבען צו וואוטען געגען א פאָרשלאַג, וואס איז ווירקליך גוט פאר'ן פאָלק; און ווען דער גאָווערנאָר פערופט א ספּעשעל סעשאָן ווייס ער, אַז זיין פאָרשלאַג איז אַזאַ, וואס דאס פאָלק וועט געוויס אונטערשטיצען.

אין אַלע סטייטס אויסער איינע, נאָרטה קאראָליינא, דאַרף דער גאָווערנאָר אונטערשרייבען יעדען ביל וואס ווערט אנגענומען אין דער לעדזשיסלייטשור. אויב דער גאָווערנאָר ווייזט צוריק דעם ביל, מוז ער איהם אפּשיקען צוריק צו דער לעדזשיסלייטשור צוזאַמען מיט אַן ערקלעהרונג, ווארום ער האט דעם ביל צוריקגעוויעזען. דיא לעדזשיסלייטשור האט דאס רעכט דעם ביל ווידער צו פערהאַנדלען און קען איהם דורכפיהרען, טראָץ דעם גאָווערנאָר'ס ווילען. אין דיא גרעסטע צאָהל סטייטס מוזען צוויי דריטעל פון דיא מעמבערס אין דער לעדזשיסלייטשור וואוטען פאר'ן ביל, אומצואוואַרפען דעם גאָווערנאָר'ס „וועטאָ“. אין איינינע סטייטס איז גענוג א מאַיאָריטעט פון דער לעדזשיסלייטשור'ס שטימען געגען גאָווערנאָר'ס ווילען. אין דיא דריי סטייטס: דעלעווער, מערילענד און נעבראַסקא, פאָדערט זיך א מאַיאָריטעט פון דריי פינפטעל דורכצופיהרען א ביל, וואס דער גאָווערנאָר האט צוריקגעוויעזען.

דיא גאווערנאר'ס פון כמעט אלע סטייטס האבען דאס רעכט צו בעגנאדיגען פעראורטהיילטע פערברעכער און צו פערלייכטערן זייער שטראף. אין מאנכע סטייטס קען זיך דער גאווערנאר מיט דיעזער מאכט ניט בענוצען, סיידען ער קריעגט פריהער אדער שפעטער דיא צושטימונג ענטוועדער פון דעם סטייט סענאט אדער פון דיא הויכע עקזעקוטיוו בעאמטע. אין פענסילוויניא סטייט, צום ביישפיעל, מוז דיא פראגע וועגען בעגנאדיגען א געוויסען פערברעכער פריהער פערהאנדעלט ווערען פון דעם ליוטענאנט גאווערנאר, אטארני דזשענעראל און סעקרעטערי אוו סטייט. זיי מוזען ווערען דעם אפהאלטען אן אלגעמיינעם פאלקס פערהער. און ווען זיי געפינען, אז דער פערברעכער פערדיענט בעגנאדיגט צו ווערען, דארפען זיי שרייבען וועגען דעם צום גאווערנאר, און ער קען דאן האנדלען וויא ער וויל. אויב ער וויל, פאלגט ער דיא רעקאמענדיישאן פון דיא אונטערזוכער און אויב ער וויל ניט פאלגט ער ניט.

אין אלגעמיין, אלזא, פערנעהמען דיא גאווערנארס פון דיא מעהרסטע סטייטס אין זייערע סטייט־רעגיערונגען דעם זעלבען פלאץ וויא דער פרעזידענט פערנעהמט אין דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. זיי זיינען ניט אזוי מעכטיג. דאס פאלק האט צו זיי ניט אזוי פיעל צוטרויען. דאס קומט אבער פון דיא אמאליגע צייטען, ווען דיא מאסען איז נאך געלעגען פריש אין זכרון דיא צרות, וואס זיי זיינען אויסגעשטאנען פון דיא גאווערנארס, וואס דער ענגלישער קעניג פלעגט אפאינטען פאר דיא קאלאניעס. ביסלאכווייז פערשווינדעט אבער דיעזער מיסטרויען. און דיא מאכט פון דיא גאווערנארס ווערט פערשטארקט. דאס פאלק הויבט אן צו האבען אין דיא גאווערנארס מעהר אמונה וויא אין דיא לעדזשיסלייטשורס. עס איז קיין צווייפעל ניט, אז דיא גאווערנארס זיינען ווייניגער קארופט וויא דיא לעדזשיסלייטשורס, און אז זיי קימערען זיך מעהר פאר'ן וואהלזיין פון דאס פאלק וויא דיא לעדזשיסלייטשורס.

## דיא פּערשיעדענע בעאַמטע פון דער עקזעקוטיווע.

אויסער דעם גאָווערנאָר זיינען דאָ נאָך צעהנדליגע בעאמטע, וואָס העלפען פיהרען דיא פערוואלטונג פון דער סטייט. די העכערע פון זיי ווערען געוועהנליך עלעקטעט פון פאָלק אזוי ווי דער גאָווערנאָר ; דיא קלענערע אבער ווערען אפּוינטעט, מאַנכע פון דעם גאָווערנאָר, מאַנכע פון דער לעדזשיסלייטשור און מאַנכע זאָגאר פון דיא דזשאַדזשעס פון דיא הויכע קאָורטס.

כמעט יעדע סטייט האָט דיא פאָלגענדע פינף הויכע בעאמטע וואס ווערען עלעקטעט פון פאָלק :

1) דער ליוטענאַנט גאָווערנאָר. ער איז אין דער סטייט א מין וויים־פּרעזידענט. ווען דער גאָווערנאָר שטאַרבט אדער רעזיגנירט, אָדער ווען ער קען ניט טהאָן זיינע פפליכטען צוליעב אירגענד וועלכע אנדער אורזאכע, פאַרנעהמט דער ליוטענאַנט גאָווערנאָר זיין פּלאַץ. אויסער דעם האָט ער כמעט קיינע אנדערע אויפגאבען. אין מאַנכע סטייטס דיענט ער אלס טשערמאַן ביי דיא מיטינגען פון סענאַט; און אין אנדערע סטייטס טהוט ער דאָס אויך ניט. עס איז דארום קיין וואונדער ניט, וואס אייניגע סטייטס האָבען דיעזען אמט אין גאנצען אָפּגעשאפט. זיי בעגנעהען זיך אָהן א ליוטענאַנט גאָווערנאָר. ווען דער גאָווערנאָר שטאַרבט דאָרטען, פאַרנעהמט זיין אמט דער פּרעזידענט פון סענאַט אדער אַן אנדער הויכער סטייט בעאמטער.

2) יעדער סטייט האָט א סעקרעטערי אוו סטייט. עס פארשטעהט זיך, אז זיינע אויפגאבען זיינען בשום אופן ניט דיא זעלבע וויא דיא אויפגאבען פון דעם סעקרעטערי אוו סטייט אין דעם וואשינגטאָנער קאַבינעט. יענער איז דער מיניסטער פון אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען. דיא סטייטס האָבען אזוינע אַנגעלעגענהייטען ניט, און דארפען דארויף קיין מיניסטאָרען ניט.

דיא אויפגאבען פון דעם סעקרעטערי אוו סטייט אין דער סטייט רעגיערונג זיינען אין אלגעמיין דיא אויפגאבען פון א סעקרעטער. ווען דיא לעדזשיסלייטשור נעהמט אָן א נייעם גע־

זעץ, ווערט ער אפגעשיקט צום סעקרעטערי און סטייט און ער פערשרייבט איהם אין דיא געזעץ ביכער און פארעפענטליכט איהם פאר דיא בירגער פון דער סטייט. ער האלט אויך אלע רעקארדס וועגען די עלעקשאנס פון סטייט בעאמטע. אין מאנכע סטייטס גיט ער אויך ארויס טשארטערס צו פערשיעדענע געשעפטען און קאמפאניעס, וועלכע מוזען האבען טשארטערס, וויא, צו ביישפיעל, בענקס, אינשורענס קאמפאניעס, טראסטס און זא ווייטער. ווען דיא בעאמטע ווערען ערוועהלט, איז עס געוועהנליך דיא אויפגאבע פון דעם סעקרעטער זיי איינשווערען אין אמט. ער איז אויך דער טשערמאן פון פיעלע באארדס און קאמישאנס, און ביי איהם ליעגט דער זיעגעל פון דער סטייט. אלע אפיציעלע פאפיערען, צו וועלכע עס פאדערט זיך דיעזער זיעגעל, מוזען דארום דורכגעהן דורך זיין אפפיס.

3) יעדע סטייט האט א טרעזשורער. דאס איז אן אמט, אהן וועלכען עס איז אונמעגליך אויסצוקומען אין יעדע געזעללשאפט וואס האט פינאנסען. ער נעהמט צו אלע געלדער, וואס ווערען געזאמעלט פאר דער סטייט דורך טעקס־קאללעקטארס, און וואס קומען אריין אין דער סטייט דורך פערשיעדענע אנדערע וועגען; און ער צאהלט אוים געלדער צו דיא וואס ברענגען איהם ארדערס פון דעם קאנטראלער.

4) כמעט אלע סטייטס האבען א קאנטראלער אדער אן אוידיטאר. ער קוקט דורך און אונטערזוכט אללע ביללס פאר געלדער וואס ווערען אריינגעשיקט צו דער סטייט. אויב ער געפינט אוים, אז דיא ביללס זיינען ריכטיג, גיט ער אן ארדער צום טרעזשורער, ער זאל זיי בעצאהלען. אהן זיין ארדער טאר דער טרעזשורער קיין סענט ניט ארויסגעבען פון דער שטאדט ־ קאסע. דער קאנטראלער בעשטימט אויך, אין וועלכע בענקס דער טרעזשורער זאל אריינלעגען דיא סטייט געלד. דער טרעזשורער מוז איהם פאלגען.

אויסער דיעזע הויפט אויפגאבען, האט דער קאנטראלער נאך ארבייט. ער דארף יעדען יאהר בעשטימען וויא ארויפצולעגען און וויא צו קאללעקטען געוויסע טעקסעס. ער דארף אויך

האַלטען אַן אויג אויף דיא פערשיעדענע ירושות און פאָנדס, וואָס ווערען צוליעב געוויסע אורזאכען איינגעלעגט ביי דער סטייט רעגיערונג. ער איז אויך א מיטגליעד פון פיעלע פערשיעדענע באָארדס און קאָמישאָנס, וואס טהוען געוויסע ארבייט פאר דער סטייט רעגיערונג.

5) דער פינפטער בעאַמטער, וואָס יעדע סטייט האָט, איז דער אַטאַרני דזשענעראל, דאָס הייסט, א רעגיערונגס־לאָיער. מען דארף ניט פארגעסען, אז דיא סטייט רעגיערונג איז אויסער אלץ א גרויסער געשעפט. דיא גרויסע סטייטס נעהמען אריין און גיבען אויס הונדערטע מילליאָנען דאָלארס א יאָהר. אזא גרויסע פירמע מיט אזוי פיעל פערשיעדענע געשעפטען, מוז האָבען א לאָיער. דיעזער אטאָרני דזשענעראל פארטהיידיגט די אינטערעסען פון דער סטייט אין אלע טרייעלס, וואס זיא האָט מיט איינצעלנע פערזאָנען אדער מיט קאָמפּאניעס. ווען דער גאָווערנאָר, דער סעקרעטערי אוו סטייט, דער טרעזשורער אדער דער קאָנטראָלער ווייזט איהם אָן אויף א געוויסע פערזאָן, אז זיא האָט פארלעצט א געוויסען געזעץ, מוז דער אטאָרני דזשענעראל איהר אָנקלאָגען. ער מוז אויך אכטונג געבען אויף דיא עהרליכקייט פון דיא בעאמטע און פון דיא פאָלקס פארטרעטער. אויב ער געפינט אויס, דאָס אימיצער האָט געמאַכט א פערזוך א בעאַמטען אונטערצוקויפען אָדער צו בעאיינפלוסען אויף אַן אונגעזעצליכען ארט, מוז ער יענעם מאן ברענגען צו גערעכטיגקייט.

דיזע אלע בעאמטע ווערען ערוועהלט אין דער זעלבער צייט ווען דער גאָווערנאָר ווערט ערוועהלט, און זייער טערמין איז אויך, געוועהנליך, דער זעלבער וויא דעם גאָווערנאָרס.

דער גאָווערנאָר האָט איבער דיעזע בעאמטע קיין שום דעה ניט. זיי זיינען ניט פעראַנטווארטליך צו איהם און ניט צו דער לעדזשיסלייטשור. דאָס פאָלק עלעקטעט זיי און דארום בעטראַכטען זיי זיך אלס דיא דירעקטע דיענער פון פאָלק גראדע אזוי וויא דער גאָווערנאָר אליין.

אויסער דיעזע פינף הויכע בעאמטע האט יעדע סטייט א גרויסע צאהל קלענערע בעאמטע און צעהנדליגע באארדס, קאַמישאַנס און דעפּארטמענטס, וועלכע בעשטעהען פון עטליכע מענשען. דיא אנגעלעגענהייטען פון יעדע סטייט רעגיערונג זיינען זעהר צאהלרייך און פערשיעדענארטיג. אַט, צום ביישפּיעל, זיינען איניגע פון זיי: דיא סטייט מוז אכטונג געבען אויף דיא בענקס, אויף דיא אינשורענס קאָמפּאניעס, אויף דיא פעקטאָריעס, אויף דיא ריילראָודס און ז. וו. זיי זאָלען אפּהיטען דיא געזעצע, אונטער וועלכע יעדע פון דיעזע ביזנעססען איז אונטערוואָרפען. דיא זעלבע מענשען וואס גיבען אכטונג אויף בענקס, קענען ניט אכטונג געבען אויף פעקטאָרים אדער אויף ריילראָודס. ערשטענס, איז עס צופיעל פאר איין גרופּפּע מענשען, און צווייטענס, איז דיא ארבייט צו פערשיעדענארטיג. עס מוזען דארום זיין ספּעציעלע באארדס אדער קאָמישאָנס, אדער איינצעלנע בעאמטע, דאָס הייסט, סופּעראינטענדענטס פאר יעדע אפּטהיילונג. עס מוז זיין א פעקטאָרי דעפּארטמענט, א בענקינג דעפּארטמענט, אן אינשורענס דעפּארטמענט און זא ווייטער. אויך האט דיא סטייט פיעל אייגענטהום. קהל'שע געביידעס, קהל'שע לייברעריעס, קהל'שע פּארקס, טייכען, קאַנאלען, וועלדער און לאנד, און אויף זיי אכטונג צו געבען מוז מען האבען ספּעציעלע באארדס מיט ספּעציעלע בעאמטע. דיא סטייט גיט זיך אויך אָפּ מיט פילאנטראָפּישע ארבייט. זיא האט האָספּיטאלס, זי האט אויך גרויסע סומען אויף פערשיעדענע צדקות. זיינען אויף דעם דאָ עקסטרא באארדס.

אום צו געבען דעם לעזער א בעגריעף פון דיא פיעלע בעאמטע און דעפּארטמענטס, וואס א סטייט האט, וועלען מיר דאָ אויסרעכענען א טהייל פון דיא, וואס ניו יאָרק סטייט פּאַרמאָגט: אן אינשורענס דעפּארטמענט, א בענק סופּעראינטענדענט, א סופּעראינטענדנט פון קהל'שע ארבייט, א קאָמישיאָנער פון בילדונג, א קאָמישיאָנער פון אגריקולטור, א קאָמישיאָנער פיר די געזונדהייט פון פאלק, א פּריזאָן קאָמישאָן, וואס בעשטעהט פון זיעבען מעמבערס: א סופּעראינטענדענט פון

קהל'שע געביידעס, א טעקס קאמישאן פון דריי מעמבערס, א קאמישיאנער פון ארבייט, א באארד פון טשאריטיעס, א סופער־ווייזער פון אלע סטייט טשאריטיעס, א וואסער קאמישאן, א קאראנטין קאמישאן, א באארד אוו פארמאסי, א פאבליק סויר־ווים קאמישאן און פיעלע, פיעלע אנדערע בעאמטע און קאמישאנס.

דיא מעהרסטע פון דיעזע בעאמטע ווערען אפוינטעט פון גאווערנאר מיט דער צושטימונג פון סענאט. זעהר ווענינ פון זיי ווערען ערוועהלט דירעקט פון פאלק. א גרויסער חסרון איז וואס דיעזע אלע באארדס און בעאמטע שטעהען ניט אונטער איין און דעם זעלבען קאנטראל. דער גאווערנאר אפוינטעט זיי אפילו, אבער דיא קאנסטיטושאן בעשטימט דיא צייט, אויף וויא לאנג זיי זאלען דיענען. זיי פיהלען זיך דארום זעלבסטשטענדיג און ניט אונטערוואָרפען אונטער דעם גאווערנאר, טראָטץ דעם וואס אין דיא מעהרסטע פעלע האט דער גאווערנאר דיא מאכט זיי אראפצוזעצען אין מיטען טערמין.

יעדער בעאמטער פון יעדען באארד האט ניט אין זינען די גאנצע אלגעמיינע פערוואלטונג. יעדער ציהט פאר זיך. יעדערער טרייעט ארויסצוקריגען פון לעדזשיסלייטשור וואס מעהר געלד פאר זיין ארבייט, כדי ער זאל האבען וואס מעהר מאכט. די עקזעקוטיווע איז, אלזא, ניט צענטראליזירט, דיא דעפארטמענטס ארבייטען ניט הארמאניש. אפט פאסירט, דאס איין דעפארטמענט גראבט דעם צווייטען, ווייל ער האפט, אז דורך דעם וועט ער געווינען מעהר מאכט.

ווען דער גאווערנאר וואלט, צום וועניגסטענס אויסגעקליבען מענשען וואס שטימען איין מיט זיינע פאליסים, און מענשען וואס בעלאנגען צו דער זעלבער פארטיי, און גלויבען אין דיא זעלבע פרינציפען, — דאן וואלט נאך געוועזן צו דערליידען. אין דיא מעהרסטע סטייטס אבער ווערען א טהייל פון דיא בעאמטע אפוינטעט פון גאווערנאר. דיא איבעריגע ווערען עלעקטעט פון פאלק; עס פאסירט ניט זעלטען, דאס דיא הויכע בע־

אמטע פון דער סטייט בעלאנגען צו איין פארטיי און דיא קלע־נערע בעאמטע, וועלכע דארפען ארבייטען אונטער זייער אויפ־זיכט, זאָ צו זאָגען, בעלאנגען צו אן אנדער פארטיי. דער רעזולטאט איז, נאטירליך, א גאנץ שלימער. איינער ציהט אהער און דער צווייטער אהין; ליידען, ליידעט דערפון דער געזעץ און דאָס פאָלק.

און ווען דער גאָווערנאָר אפּוינטעט דיא בעאמטע, איז אויך ניט אין גאנצען גוט. דיא וויכטיגערע עמטער געהען נאַ־טירליך צו דיא הויכע פּאָליטישענס, צו דיא חברה לייט, וואס האָבען געהאָלפען דעם גאָווערנאָר עלעקטען. און דיעזע פּאָליטי־שענס טויגען זיך פאר זייערע שטעלען אזוי וויא א פויער טויג צו זיין א פּראָפעססאָר אין א קאללעדזש. עס איז רעכט, אז א געוועזענער סאלון קיפּער ווערט אפּוינטעט פאר דעם קאָמישאָ־נער פון בענקס אדער פון ריילראָודס. פאר דיעזע שטעללען דארף מען האָבען מענשען, וואס זיינען ספּעציאַליסטען אין בענקינג ביזנעס און אין דיא ריילראָוד ביזנעס. אָבער דיא פּאָ־ליטיקס פּאָדערען, אז געוויסע פּאָליטישענס זאָלען קריעגען פע־טע דזשאָבס און זיי קריגען עס טאקי, צי דיא סטייט ליידעט דערפון, צי ניט.

אלע זיינען איינשטיממיג דארין, אז די עקזעקוטיווע אין דיא סטייט רעגיערונגען איז איצט זעהר שלעכט איינגעאָר־דערט. פערשיעדענע פּלענער ווערען פּארגעשלאָגען וויא אזוי דאָס אויסצובעסערען. אין אלגעמיין ווערט עס געראטהען, דאָס דיא צאָהל בעאמטע זאָל פארקלענערט ווערען, און דיא ארבייט זאָל קאָנצענטרירט ווערען אין א קליינע צאָהל דעפּארטמענטס, וועלכע זאָלען שטעהן דירעקט אונטער דער אויפזיכט פון דעם גאָווערנאָר. אין דיא איסט ווערט דיעזער פּלאן ביסלעכווייז אָנ־גענומען. אין דיא סאוטה און אין דיא וועסט אָבער—ניט. דאָר־טען נעהמט מען וואָס ווייטער מעהר אוועק פון גאָווערנאָר דיא מאכט פון אפּוינטען בעאמטע. מען גיט דיעזע מאכט אלץ מעהר אריין אין דיא הענד פון פאָלק, זיי זאָלען דיא בעאמטע ערוועה־לען.

## קאַפּיטעל 25.

# דיא סטייט לעדזשיסלייטשור.

דיא לעדזשיסלייטשור איז דיא קערפּערשאַפט פון פּאָלקס־פאַרטרעטער, וועלכע מאַכט דיא געזעצע פאַר דיא איינוואָהנער פון דער סטייט. אין דעם אַלטעגליכען לעבען פון דיא איינצעלנע פּערזאָנען שפּיעלט דיעזער ברענטש פון דער סטייט רעגיערונג מעהר ראָלע וויא אַלע אַנדערע ברענטשעס, און זאָגאר מעהר ווי דער קאָנגרעסס און דיא גאַנצע נאַציאָנאַלע רעגיערונג אין וואַשינגטאָן. דיא סטייט לעדזשיסלייטשור מאַכט פאַר אונז דיא אַלע הונדערטע געזעצע, וואָס בעשטימען אונזער צוזאַמענלעבען, וואָס קאָנטראָלירען אונזערע ביזנעס און בעשיצען אונזער לעבען, אונזער געזונד און אונזער אייגענטהום. געזעצע וועגען קאָנטראַקטען, וועגען קויפען און פערקויפען, וועגען מאָרטגיידזשעס, וועגען ירושות, וועגען הייראַטה און גט'ען, וועגען פערשידענע פאַרברעכענס, וועגען סקוהלס, וועגען טשאַריטיס. דאָס אַלעס קומט פון לעדזשיסלייטשור. זיא בעשטימט אויך דיא טעקסעס, וואָס דיא בירגער זאָלען צאָהלען, און בעשליסט אויך וויפיעל געלד עס זאָל אויסגעגעבען ווערען פאַר פערשיעדענע קהל'שע ארבייט. און אין אַלגעמיין גערעדט, ליעגט דיא גאַנצע סטייט אין דיא הענד פון דער לעדזשיסלייטשור. עס זיינען דאָ געוויסע גרענעצען, וועלכע דיא לעדזשיסלייטשור טאָר ניט איבערטרעטען. זיא מוז פאָלגען דיא קאָנסטיטושאָן פון דיא פערייניגטע שטאַאַטען און דיא קאָנסטיטושאַן פון דער סטייט, אָבער אין פערגלייך מיט דיא אונגעהויערע גרויסע מאַכט, וואָס זיא פערמאָגט, זיינען דיעזע בעגרענצונגען אונבעדייטענד.

דיא סטייט לעדזשיסלייטשור איז אין איהר אויפבוי עהנליך צום קאָנגרעסס פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. זיא בעשטעהט אויך פון צוויי „הייזער", צוויי ברענטשעס. דיא אויבערשטע „הויז" רופט זיך דער סענאַט; און דיא אונטערשטע

„הויז“ האָט פערשיעדענע נעמען און פערשיעדענע סטייטס. אין דיא מעהרסטע סטייטס געהט זיא אונטער דעם זעלבען נאָמען וויא דיא ניעדעריגערע הויז פון קאָנגרעסס, נעמליך, דיא „האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס“. אין ניו יאָרק און אין נאָך איינינע סטייטס רופט זיא זיך „אססעמבלי“ און אין אנדערע דריי סטייטס, דיא „האוז אָוו דעלעגייטס“.

צוליעב וואס דארף מען צוויי ברענטשעס אין דער סטייט־לעדזשיסלייטשור ? דיעזע פראגע שטעלען אלע, און קיין גו־טען ענטפער האָט קיינער ניט. מילא, פאר דיא צוויי ברענטשעס אין קאָנגרעסס האָט מען געקענט געפינען א שטיקעל תירוץ. דאָרטען, צום ווענינסטענס, פלעגט דער סענאַט ניט ערוועהלט ווערען פון פאָלק. מען קען דארום זאגען, אז ער פלעגט פארטרע־טען דיא סטייטס אלס סטייטס, און דערמיט האָט ער געהאט אן אנדער אויפגאבע, וויא דיא ניעדערי־גערע הויז, דיא „האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס“, וועלכע פאר־טרעט דאס פאָלק. מיר וויסען אפילו, אז דאס איז ניט דער אמת. מיר וויסען, אז דיא סטייטס, אלס סטייטס, האבען שוין לאנג ניט געהאט קיין בעזונדערע אינטערעסען און דאר־פען ניט האָבען קיין בעזונדערען ברענטש אין קאָנגרעסס, וואס זאָל זייערע אינטערעסען פערטהיידיגען. אָבער לכתחילה איז דער סענאַט פון דיא יונייטעד סטייטס אָרגאניזירט געוואָרען פאר דיעזען צוועק, און ער האלט זיך אויף מיט׳ן אלטען כח.

אין דער סטייט לעדזשיסלייטשור האָט אָבער דער סענאַט קיין שום פּלאץ ניט. ער ווערט ערוועהלט פון פאָלק, פּונקט אזוי וויא דיא אססעמבלי, וויא דער ניעדעריגער ברענטש פון דער לע־דזשיסלייטשור. דער סענאַטאָר פארטרעט דעם זעלבען בירגער, דיא זעלבע אינטערעסען וויא דער אססעמבלימאן. היינט צו־ליעב וואָס דארף מען צוויי ? זיי ביידע טהוען דיא זעלבע אר־בייט, און האָבען דיא זעלבע מאָטיווען.

איין שטיקעל תירוץ איז דאָ, אָבער זעהר א שוואכער. עס איז א שטיקעל געפאהר צו פערלאָזען זיך אויף איין קערפּערשאפט, זיא זאָל מאכען דיא געזעצע. ווען עס זיינען

דא צוויי ברענטשעס, היט איינע דיא אנדערע און איינע בע־סערט אוים דיא מיסטייקס, וואס דיא צווייטע מאכט. דיעזע מיינונג שטאמט פון דיא פערפאסער פון דער נאציאנאלער קאנ־סטיטושאן. וועלכע האבען ניט געהאט קיין צוטרויען צו אמת'ע פאלקס פארטרעטער, ווייל זיי האבען געגלויבט, אז אזוינע מענ־שען וועלען זיך שנעל לאזען בעאיינפלוסען פון פאלקס קאפריזען אדער פאפולערע דעמאגאגען און מאכען אזוינע געזעצע, וועלכע וועלען דאס לאנד אריינשלעפען אין א בלאטע. דיא נאציאנאלע קאנסטיטושאן האט דאס געטרייט צו פארהיטען דורך דעם, וואס זיא האט אריינגעגעבען א גרויסע טהייל פון דיא געזעץ־מאכונג אין דיא הענד פון דעם סענאט און פון דעם פרעזידענט. און האט בעשטימט אז זיי זאלען ניט ערוועהלט ווערען פון פאלק דירעקט, וועלען זיי, אלזא, ניט אזוי מורא האבען פאר דעם ווילען און פאר דיא פאדערונג פון'ם גרויסען המון.

איצט, אז די סענאטארס דארפען, לויט דעם נייעם אמענ־דעמענט, שוין ערוועהלט ווערען דירעקט פון פאלק, האט שוין דיעזער תירוץ אנגעוואָרען זיין ווערטה אפילו אין בעצוג צו דעם יונייטעד סטייטס סענאט. אבער אין דער נאציאנאלער קאנסטיטושאן איז דאך זעהר שווער צו ענדערען דיא פונקטען, דארום האלט זיך אויף דער יונייטעד סטייטס סענאט, וויא שוין געזאגט, מיט דעם אלטען כח.

און דיא פערפאסער פון דיא סטייט קאנסטיטושאנס טהוען נאך דיא נאציאנאלע קאנסטיטושאן בלינדערהייט. זיי הייסען דיא לעדזשיסלייטשור זאל בעשטעהן פון צוויי ברענטשעס, כאטש זיי זיינען ביידע גלייך אונטערוואָרפען אונטער דעם ווי־לען און אונטער דער מורא פון פאלק, ווייל זיי ווערען ביידע די־רעקט ערוועהלט פון פאלק. וויא געזאגט, ווערט דיעזער פונקט אין דיא סטייט קאנסטיטושאנס קריטיקירט פון פיעלע, פון קאנסערוואטארען אזוי גוט וויא פון ראדיקאלען. אבער קיין איינציגע סטייט האט נאך ביז יעצט ניט אבגעשאפט דעם סע־נאט. איין סטייט האט אויף א קורצע צייט געטרייט אויסצוקו־

מען אהן א סענאט, אבער זיא האט עס ניט געגליכען און האט איהם צוריק ארגאניזירט.

אונטערשיעדען צווישען דיא צוויי ברענטשעס פון לעדזשיסלייטשור זיינען דא עטליכע: 1) דער סענאט בעשטעהט פון א קלענערע צאהל פארטרעטער ווי די אססעמבלי. יעדער סענאטאר פארטרעט א גרעסערע צאהל בירגער, וויא דער אססעמבלימאן. און דיא סענאט דיסטריקטען זיינען צוויי מאל און אויך זאגאר דריי מאל אזוי דיא גרוים ווי דיא אססעמבלי דיסטריקטען.

2) א סענאטאר ווערט ערוועהלט אויף א לענגערען טערמין. אין ניו יארק, צום ביישפיעל, ערוועהלט מען א סענאטאר אויף צוויי יאהר און אן אסעמבלימען אויף איין יאהר.

3) אין מאנכע סטייטס ווערט דער סענאטאר ערוועהלט ניט מיט אמאל, נאר טהיילוייז. דארטען דיענט א סענאטאר פיער יאהר. און עס איז אזוי איינגעארדענט געווארען פון אנפאנג אן, אז אלע צוויי יאהר ענדיגט זיך דער טערמין פון א העלפט סענאטארען. עס קומט אלזא, אויס, דאס אין סענאט זיינען אימער דא א העלפט אלטע ערפאהרענע מעמבערס. וויא עס איז בעשריעבען געווארען אין א פאריגען ארטיקעל, הערשט דער זעלבער סיסטעם אין דעם סענאט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

דיא קאנסטיטושאן פון יעדער סטייט בעשטימט דיא גרויס פון סענאט און פון דער אססעמבלי. אין ניו יארק, צום ביישפיעל, מוז דער סענאט בעשטעהן פון פופציג מעמבערס און די אססעמבלי פון הונדערט און פופציג. דיא קאנסטיטושאנס בעשטימען אויך דיא אלגעמיינע ארט און וויזע, וויא אזוי דיא סטייטס זאלען דיעזע פארטרעטער ערוועהלען. אין אלגעמיין טרייען דיא קאנסטיטושאנס איינצופיהרען אזא סיסטעם. אז יעדער סענאטאר און יעדער אססעמבלימאן זאל פארטרעטען דיא זעלבע צאהל בירגער וואס יעדער אנדערער סענאטאר און אססעמבלימאן. דאס אויסצופיהרען איז ניט לייכט. וויא דיא

קאנסטיטושאנס זאלען זיך ניט סטארען, פיהרען זיי דאס געזעצ פאלקאם ניט אויס.

לאמיר נעהמען די ניו יארק סטייט קאנסטיטושאן. זיא בע־פעהלט, אז אלע צעהן יאהר זאל דיא רעגיערונג איבערצעהלען דיא בעפעלקערונג פון דער סטייט און דיא לעדזשיסלייטשור זאל איהר דאן איינטיילען אין פופציג גלייכע טייל, דאס הייסט, ניט גלייך אין גרויס, נור אין דער בעפעלקערונג; יעדער פון דיא פופציג דיסטריקטען זאל האבען דיא זעלבע צאהל איינוואהנער וויא דיא אנדערע. דיעזע 50 גלייכע טהיילען זאלען ערוועה־לען דיא 50 סענאטארען, יעדע טהייל איין סענאטאר.

דיעזער סיסטעם איז גאנץ עהרליך, גאנץ דעמאקראטיש. אבער עס איז דא א קליינער „אבער". אין דער קאנסטיטושאן איז דא איין בעדינגונג, וואס מאכט עס אין גאנצען קאליע. דיע־זע בעדינגונג זאגט, אז איין „קאונטי" טאר ניט ערוועהלען מעהר וויא א דריטעל פון אלע סענאטארען, און צוויי קאונטיס וואס גרענעצען זיך איינע לעבען דיא אנדערע, אדער וואס זיינען אפ־געטהיילט איינע פון דיא אנדערע בלויז מיט א נאטירליכען קהל'שען וואסער, טארען צוזאמען ניט ערוועהלען מעהר וויא א העלפט פון אלע סענאטארען.

יעדע סטייט איז צושניטען אין א געוויסע צאהל קאונטיס. מאנכע פון זיי זיינען גרויסע, און מאנכע קליינע. מאנכע האבען גרויסע בעפעלקערונגען און מאנכע קליינע. אין ניו יארק זיינען דא איין און זעכציג קאונטיס. איינע פון זיי איז מאנהעטען, אין ניו יארק, וועלכע האט א בעפעלקערונג פון אן ערך פון דריי מיליאן און א צווייטע איז העמילטאן, וועלכע האט בלויז איינ־נע טויזענד מענשען. אלזא, נאך דיעזען פונקט אין דער קאנ־סטיטושאן קומט אויס, אז דיא גרויסע שטעדט קריגען ניט דיא צאהל פארטרעטער אין סענאט צו וועלכע זיי זיינען בערעכטיגט נאך זייער בעפעלקערונג נאך. ניו יארק איז א קאונטי, ברוקלין איז אויך א קאונטי (זיא הייסט קינגס קאונטי). צוזאמען האבען דיעזע צוויי קאונטיס מעהר וויא א העלפט פון דער גאנצער בע־פעלקערונג פון דער סטייט און זיי דארפען בערעכטיגט זיין צו

שיקען מעהר וויא א העלפט פון דיא 50 סענאטאָרען. אבער דיא קאָנסטיטושאָן זאָגט, אז צוויי קאונטיס, וואס גרענעצען זיך איינע מיט דיא אנדערע טאָרען ניט פארטראטען ווערען פון מעהר וויא א העלפט פון דיא סענאטאָרען. דיזער פונקט איז אריינגעשטעלט געוואָרען אויף דעם פערלאנג פון דיא קליינע שטעדטלאך און פון דיא פארמערס אפ סטייט, וועלכע האָבען מורא געהאט, אז דיא שטאָדט ניו יאָרק זאָל ניט קאָנטראָלירען דיא לעדזשיסלייטשור. (איצט, אז דיא בראָנקס איז שוין אויך געוואָרען א בעזונדער קאונטי, איז עס שוין אגר אן אנדער רעכענונג)

מיט דער אססעמבלי איז נאָך ערגער. די קאָנסטיטושאָן ערקלערט, אז דיא גאנצע סטייט זאָל ניט ערוועהלען מעהר וויא 150 אססעמבלי לייט; אָבער יעדע קאונטי וויא קליין זיא זאָל ניט זיין (מיט איין אויסנאהמע) זאָל מוזען פערטראטען ווערען פון אן אססעמבלימאן. דיא בעפעלקערונג פון ניו יאָרק סטייט איז יעצט אן ערך פון צעהן מיליאָן. און וויבאַלד דיא גאנצע סטייט ערוועהלט 150 פארטרעטער, קומט אויס, אז יעדע עטליכע און זעכציג טויזענד איינוואָהנער דאַרף ערוועהלען אן אססעמבלימאן. דער רעזולטאט פון דיזען געזעץ איז, אז דיא קליינע קאונטים האָבען מעהר פארטרעטער וויא זיי קומט, און דיא גרעסערע קאונטים האָבען ווייניגער פארטרעטער וויא זיי קומט. איין טהייל פון דער סטייט איז צופיעל פארטראטען און א צווייטע טהייל איז צו ווייניג פארטראטען. דאָס איז ניט דעמאָקראטיש.

אין מאנכע אנדערע סטייטס איז נאָך ערגער. אין קאָנעקטיקוט סטייט, צום ביישפיעל, עקזיסטירט דער פאָלגענדער סיסטעם: דיא גרויסע שטעדט ווערען פארטראטען פון צוויי אססעמבלילייט יעדע, און די קליינע שטעדטלאך פון איינעם יעדע. עס זיינען דאָרטען דאָ מאנכע שטעדטלאך וואס האָבען ניט מעהר ווי א טויזענד איינוואָהנער, און די טויזענד ערוועהלען א פארטרעטער. און מאנכע גרויסע שטעדט זיינען דאָרטען פאראן וואָס האָבען צו הונדערט טויזענד איינוואָהנער און מעהר, און

דאָך קענען זיי מעהר וויא צוויי פארטרעטער ניט שיקען. (מען האָט אויסגערעכענט, אז אין דיעזער סטייט ווערען עטליכע גרויסע שטעדט, וואס ענטהאלטען מעהר ווי א העלפט פון דער גאַנצער בעפעלקערונג פון דער סטייט, פערטראָטען דורך וועניגער וויא א פינפטעל פון אלע אססעמבלי לייט).

אונגעפעהר דאָס זעלבע איז אין ווערמאָנט סטייט. דאָרטען זאָגט דיא קאָנסטיטושאָן, אז יעדע שטאָדט אָדער שטעדטעל קען אין דער אסעמבלי שיקען ניט מעהר און ניט וועניגער וויא איין פארטרעטער, קיין אונטערשיעד וויא קליין אדער וויא גרויס זיא זאָל ניט זיין. דאָרטען זיינען פאראַן צעהן שטעדטלאַך, וועלכע זיינען אזוי קליין, אַז אלע צוזאמען פערמאָגען זיי א בעפעלקערונג פון 1271 מענשען, און דיעזע שטעדטלאַך שיקען אין דער אססעמבלי דיא זעלבע צאָהל פארטרעטער וויא דיא צעהן גרויסע שטעדט אין דער סטייט, וועלכע פערמאָגען צוזאַמען נאָהענט צו הונדערט טויזענד מענשען.

ענדערען דיזע פונקטען אין דיא קאָנסטיטושאָנס, איז זעהר שווער. די דערפער און די אלע קליינע שטעטלאַך לאָזען עס ניט. פאר זיי איז דער יעצטיגער סיסטעם אויסגעצייכענט. זיי האָבען מעהר קראפט, מעהר דעה אין דער רעגיערונג, וויא זיי קומט. דערצו האָבען דיא קליינע שטעדטלאַך זעהר מורא צו געבען דיא גרויסע שטעדט צופיעל מאַכט. זיי האָבען ניט קיין צוטרוי צו די איינוואָהנער און צו דיא פארטרעטער פון דיא גרויסע שטעדט, און זיי שטערען דארום יעדען פערזוך וואס ווערט געמאכט צו פארגרעסערען דיא צאהל פארטרעטער פון דיא גרויסע שטעדט.

דיא קאָנטיטושאָן פון יעדע סטייט בעשטימט וויא גרויס איהר סענאַט און איהר אססעמבלי זאָל זיין. אין ניו יאָרק בעשטעהט דער סענאַט פון 50 מעמבערס און דיא אססעמבלי פון 150. פאראן אָבער פיעלע קלענערע סטייטס, וועלכע האָבען גרעסערע לעדזשיסלייטשורס. ניו העמשיער סטייט, צום ביי־שפיעל, איינע פון דיא קלענסטע סטייטס אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט אַן אססעמבלי פון 390 מעמבערס. דיא אסעמ־בלי פון מאססאטשוזעטס סטייט בעשטעהט אויך פון 240 מעמ־

בערס. דיא קלענסטע לעדזשיסלייטשור האט דיא סטייט דע־לעווער. איהר סענאט בעשטעהט פון 17 מעמבערס און איהר־האוז אוו רעפרעזענטייטיווס (אססעמבלי) פון 34 מעמבערס. דורכשניטליך זיינען אין דיא סטייטס פאראן דריי מאל אזוי פיעל אססעמבלי לייט וויא סענאטארען.

דער טערמין אויף וועלכען דיא געזעץ־מאכער ווערען ער־וועהלט, איז אויך פערשיעדען אין פערשיעדענע סטייטס. מעהר וויא א העלפט פון דיא סטייטס ערוועהלען זייערע סענאטארען אויף פיער יאהר. אין ניו יארק און נאך אין א צעהנדליג סטייטס ווערען זיי ערוועהלט בלויז אויף צוויי יאהר, און אין מאססאטשוזעטס און רהאד איילענד סטייטס, עלעקטעט מען סענאטארען יעדען יאהר. דאס זעלבע איז אויך מיט דיא אס־סעמבלי לייט. אין דיא מעהרסטע סטייטס איז זייער טערמין צוויי יאהר. אין דריי סטייטס ווערען זיי ערוועהלט אויף פיער יאהר. אין ניו יארק, מאססאטשוזעטס, ניו דזשוירזי און רהאד איילענד ערוועהלט מען אססעמבלי לייט יעדען יאהר.

די אלגעמיינע מיינונג איז, דאס אן אססעמבלי מאן דארף ערוועהלט ווערען צום וועניגסטענס אויף צוויי יאהר. א פריי־שער מעמבער קען זעהר וועניג אויפטהאן דעם ערשטען יאהר, ווי פעהיג ער זאל ניט זיין. איהם געדויערט א שטיק צייט איי־דער ער בעקאנט זיך מיט דיא טעכנישע זייט פון דער ארבייט. ער מוז ווערען געניט אין דיא פערשיעדענע טריקס און מעטהא־דען פון זיינע קאללעגען. אנדערש קען ער גאר ניט טהאן. און דאס געדויערט א שטיק צייט. ביי דער לעצטער קאנסטיטושאן קאנווענשאן פון ניו יארק סטייט האבען פיעלע דעלעגאטען געטרייט ענדערען דיזען פונקט אין דער קאנסטיטושאן און צו פארגרעסערען דעם טערמין פון דיא אססעמבלי לייט אויף צוויי יאהר צייט. אבער דיא מעהרסטע דעלעגאטען זיינען געווען דא־נעגען. זיי האבען געטענה'עט, אז וויא עס פיהרט זיך איצטער האבען דיא אססעמבלי לייט מעהר מורא פאר דיא אלגעמיינע מיינונג. זיי ווייסען, אז אויב זיי וועלען אפטהאן א שלעכטע זאך, וועט דאס פאלק עס געדענקען ביי דיא נעקסטע וואהלען,

און זיי וועלען נאָכאמאָל ניט עלעקטעט ווערען. דיעזע טענה איז אָבער א גאנץ שוואכע. דער פאקט איז, דאָס דיא אססעמבליליייט אין ניו יאָרק סטייט זיינען ניט עהרליכער וויא דיא אססעמבלי־לייט אין אלאבאמא סטייט, צום ביישפיעל, טראָץ דעם וואס דאָ ווערען זיי ערוועהלט יעדען יאָהר און אין אלאבאמא אלע פיער יאָהר.

מען דארף ניט זיין קיין יחסן אום צו קענען לויפען פאר אן אססעמבלי מאן אדער סענאטאָר. יעדערער וואס מעג וואוטען מעג אויך לויפען פאר דיעזע עמטער. אין מאנכע סטייטס מוז א סענאטאָר אלט זיין צום וועניגסטענס 30 יאָהר.

אין דיא סטייטס וואו דיא אססעמבלי לייט ווערען ער־וועהלט יעדען יאָהר, מוז דיא לעדזשיסלייטשור, נאטירליך, אָפּ־האלטען זיצונגען יעדען יאָהר. אין ניו יאָרק סטייט, צום ביי־שפיעל, מוז דיא לעדזשיסלייטשור אָנפאנגען איהר זיצונג דעם ערשטען מיטוואָך אין יעדען מאָנאט יאנואר. אין דיא מעהרסטע סטייטס אָבער פערזאמעלט זיך דיא לעדזשיסלייטשור איינמאָל אין צוויי יאָהר; און אין אלאבאמא און מיססיססיפפי, וואו דיא אססעמבלי לייט ווערען עלעקטעט אויף א טערמין פון פיער יאָהר, ווערען דיא זיצונגען אויך אָפּגעהאלטען איינמאָל אין פיער יאָהר. נאטירליך, דאָס זיינען בלויז דיא רעגולע זיצונ־גען. עס פאסירט אָבער זעהר אָפט אין יענע סטייטס אז דיא לע־דזשיסלייטשור מוז זיך פערזאמלען נאָך עטליכע מאָל אין פער־לויף פון דיא פיער יאָהר צוליעב ספּעשעל ביזנעס.

ווי לאנג דיא רעגולע זיצונגען זאָלען געדויערען ווערט אויך אין מאנכע סטייטס בעשטימט דורך דער קאָנסטיטושאָן. אין ניו יאָרק איז קיין גרענעץ ניטאָ. דאָ מעג דיא לעדזשיסלייטשור מיטען יעדען טאָג אין יאָהר. געוועהנליך אָבער ווערט זיא פאר־טיג מיט אלע איהרע געשעפטען אין פערלויף פון דריי, פיער מאָנאט. און דאן שליסט זי זיך צו ביז ענדע יאָהר. אין מאנכע סטייטס ערלויבט ניט דיא קאָנסטיטושאָן דיא לעדזשיסליי־טשור צו מיטען מעהר וויא 40 אדער אמייסטענס 90 טעג. דיא אלגעמיינע מיינונג שיינט צו זיין, אז וואס וועניגער ארבייט

דיא לעדזשיסלייטשור טהוט, דעסטא בעסער איז עס פאר דיא איינוואהנער פון דער סטייט. אין א פאאר סטייטס, וואו די מעמבערס פון דיא לעדזשיסלייטשורס קריגען בעצאהלט פון טאג, הייסט דיא קאנסטיטושאן זיי פארקלענערען דיא טעגליכע געהאלט, אויב זיי פארציהען דיא זיצונגען צופיעל. אין אקלא־האמא סטייט, צום ביישפיעל, קריגען דיא מעמבערס זעקס דא־לאר א טאג פאר דיא ערשטע זעכציג טעג, וואס זיי מיטען. דער־נאך צאהלט מען זיי בלויז צו צוויי דאלאר א טאג.

אין דעם ענין פון געהאלט אונטערשיידען זיך אויך דיא פערשיעדענע סטייטס. אין דיא מעהרסטע סטייטס צאהלט מען זיי פון טאג, דורכשניטליך קריגען זיי פיער דאלאר א טאג. אין מאנטאנא סטייט בעקומען זיי אבער 12 דאלאר א טאג, און אין איינינע ניט מעהר וויא דריי דאלאר.

אין ניו יארק און אין פיעלע אנדערע סטייטס צאהלט מען דיא מעמבערס פון דער לעדזשיסלייטשור א יעהרליכען גע־האלט. אין מאנכע — דריי הונדערט דאלאר א יאהר; אין מאנ־כע — פיער; אין מאנכע—פינף און אין מאנכע — טויזענד. אין ניו יארק און אין פענסילווייניא סטייטס, קריגען זיי דיא העכסטע געהאלט, 15 הונדערט דאלאר א יאהר.

ווער בעשטימט דיא געהאלט פון דיא לעדזשיסלייטשור מעמבערס? אין דיא מעהרסטע סטייטס ווערט עס בעשטימט דורך דער קאנסטיטושאן. אין איינינע אבער האט דיא לעדזשיס־לייטשור אליין איבער זיי דיא גאנצע דעה. אבער, אום צו פער־היטען, אז א לעדזשיסלייטשור זאל ניט העכערן איהרע אייגע־נע וויידזשעס, ערקלערען דיא קאנסטיטושאנס פון יעדע סטייט, אז דיא לעדזשיסלייטשור קען בלויז אננעהמען א ביל, אז דיא מעמבערס וואס וועלען שפעטער ערוועהלט ווערען זאלען קריגען א העכערען געהאלט. דיא אייגענע ווייזשעס פארגרעסערען טארען זיי ניט.

עס איז ווערטה צו בעמערקען, דאס אין אלע סטייטס קריי־

גען דיא סענאַטאָרען דיזעלבע געהאלט וויא דיא אססעמבלי־לייט, טראָטץ דעם וואָס מען בעטראַכט זיי פאר וויכטיגערע פערטרעטער.

---

## דיא מאַכט און דיא אויפגאַבען פון דער לעדזשיסלייטשור.

מיט הונדערט יאָהר צוריק איז דיא מאכט פון די סטייט לעדזשיסלייטשור געווען אונבעגרענעצט. דאמאָלסט האָט דאָס פאָלק צו איהר געהאט דעם פולסטען צוטרויען. און זיא האָט געמעגט מאַכען וואס פאר א געזעצע זיא האָט נאָר אליין געוואָלט. מיט דער צייט אָבער האָבען דיעזע געזעץ־מאכער אונזערע מיסברויכט זייער מאכט, און דאס פאלק איז געצוואונגען געווען דיעזע מאכט צו בעגרענעצען. דיא לעדזשיסלייטשור האָט איצט וועיט, וועיט ניט די זעלבע מאכט, וואס די אמאָליגע לעדזשיסלייטשורס האָבען געהאט.

דער איינציגער וועג דורך וועלכען מען קען מאכען גרענעצען פאר לעדזשיסלייטשורס איז, דורך דיא סטייט קאָנסטיטושאָנס. יעדע סטייט קאָנסטיטושאָן ענטהאלט גאנצע פיידזשעס מיט געזעצע, וועלכע דיא לעדזשיסלייטשורס טאָרען ניט ענדערען און אויך פיידזשעס מיט רוללס, וועלכע דיא לעדזשיסלייטשורס מוזען אָפּהיטען.

אָט, צום ביישפּיעל, ענטהאלט יעדע קאָנסטיטושאָן געוויסע געזעצע וועגען טראָסטס און קאָרפּאָריישאָנס. דיא ערפאהרונג האָט בעוויעזען, אז ווען עס קומט צו פראגען וועגען טראָסטס, קען מען זיך אויף דיא לעדזשיסלייטשורס ניט פארלאָזען. דיא טראָסט מאַגנאַטען, מיט זייערע גרויסע געלדער, שיינען צו האָבען א גרעסערען איינפלוס אויף דיא פאָלקס פארטרעטער וויא דאָס פאָלק אליין. דיא קאָנסטיטושאָנס האָבען דארום אוועקגענומען א גרויסע טהייל פון דיא מאַכט, וואָס דיא אמאָליגע לעדזשיסלייטשורס האָבען געהאט אין טראָסט פראַגען.

דאס זעלבע איז אויך מיט דער פינאנציעלער מאכט פון דיא לעדזשיסלייטשורס. אמאל פלעגען דיא געזעץ־מאכער אין גאנצען קאנטראלירען דיא פינאנסען פון דער סטייט רעגיע־רונג. זיי פלעגען קענען מאכען פיר דער סטייט וויפיעל הוצאות זיי האבען נור געוואלט, און ווען דיא געלד פון דער קאסע האט ניט געסטייעט האבען זיי געהייסען דעם גאווערנאר אדער דעם טרעזשורער ער זאל בארגען דיא נויטיגע סומען ביי דיא גרויסע באנקיערען. דאס האט, נאטירליך, דיא לעדזשיסלייטשורס דיא געלעגענהייט געגעבען צו בעשאפען דזשאבס און צו געבען ארבייט פאר זייערע פאליטישע פריינד. און דיא סטייט האט פאר אלץ געצאהלט. מען פלעגט בויען געביידעס פאר דער רע־גיערונג, מען פלעגט מאכען „אויסבעסערונגען" אין פערשיעדע־נע דעפארטמענטס, צי דאס איז נויטיג געוועזן צי ניט. דערוויילע האבען בודלערס פארדיענט. דיא יעצטיגע קאנסטיטושאנס טרייען דאס ביז א געוויסען גראד צו פערמיידען. יעדע קאנ־סטיטושאן בעגרענעצט דיא מאכט פון דער לעדזשיסלייטשור צו בארגען געלד פאר דער רעגיערונג. זיא מעג בארגען א גע־וויסע סומע, אבער ניט מעהר. דיא קאנסטיטושאנס צווינגען אויך דיא לעדזשיסלייטשורס זיי זאלען יעדען יאהר בעצאה־לען דיא פראצענטען און א טהייל פון דעם קרן פון דיא אלטע חובות.

דער הויפט קוואל פון דיא קאררופציאן אין דיא לעדזשיס־לייטשורס זיינען דיא זאגענאנטע לאקאלע און ספעציעלע גע־זעצע. דיא געזעצע וואס א לעדזשיסלייטשור מאכט, קען איינ־געטיילט ווערען אין צוויי קלאסען: איינע, די אלגעמיינע גע־זעצע און דיא אנדערע, דיא לאקאלע און דיא ספעציעלע געזע־צע. דער געזעץ, אז סאלונס מוזען זיין צוגעשלאסען זאנטאג, איז אן אלגעמיינער געזעץ, ווייל יעדער בירגער פון דער סטייט וואס האלט א סאלון מוז דעם געזעץ היטען. דאס זעלבע איז אויך מיט'ן געזעץ, אז קינדער אונטער 14 יאהר טארען ניט ארבייטען אין פעקטארים. דיזער געזעץ בעציהט זיך אויף אלע קינדער אין אלע טהיילען פון דער סטייט. נעהמט אבער אזא געזעץ ווי דער

פאלגענדער, אז דיא שטאדט ניו יארק זאל מעגען בויען א נייעם בריק איבער'ן איסט ריווער, דאס איז א לאקאלער געזעץ. דער געזעץ, אז דיא קארס וואס לויפען פון ניו יארק נאך קוני איילענד זאלען ניט טארען נעהמען מעהר וויא פינף סענט פעיר וועט אויך זיין א לאקאלער געזעץ. דער בילל וואס איז דורכגעגאנגען אין דער ניו יארקער לעדזשיסלייטשור מיט א צייט צוריק, אז דיא פרויען טיטשערינס זאלען בעקומען דיא זעלבע געהאלט וויא דיא מענער איז א ספעציעלער און א לאקאלער געזעץ; אמאל בעציהט ער זיך אויף דיא טיטשערס פון איין גרויסע שטאדט אין דער סטייט.

אט דיעזע מאכט צו מאכען לאקאלע און ספעציעלע געזעצע איז זעהר א געפעהרליכע. וויא געזאגט, זיינען זיי דער הויפט קוואל פון דיא קאררופציאן אין דיא לעדזשיסלייטשורס, נעהמט, צום ביישפיעל, א פראגע, וואס אנבעלאנגט א קארקאמפאניע אין א געוויסע שטאדט אדער שטעדטעל אין דער סטייט. דיא איינוואהנער פון אנדערע שטעדט אין דער סטייט קימערען זיך זעהר וועניג צו יענע קאר קאמפאניע וועט נעהמען ביי דיא דארטיגע איינוואהנער מעהר קאר פעיר, צי וועניגער קאר פעיר. זיי ליעגט דיא גאנצע פראגע איבערהויפט ניט אין זינען. דיא קאר קאמפאניע קען דארום גאנץ לייכט אונטערשמירען דיא אססעמבלי לייט און סענאטארען פון דיא אנדערע שטעדט זיי זאלען וואוטען וויא פאר איהר איז בעסער. דיא פערטרעטער פון דער שטעדטעל, וואו דיא קאר לויפט, וואלטען, נאטירליך, מורא האבען פאר זייערע וואוטערס און שטימען געגען דער קאמפאניע, אבער זיי זיינען דאך בלויז א קליין הייפעלע אין דער לעדזשיסלייטשור, דיא פערטרעטער פון אנדערע שטעדט און שטעדטלאך קענען זיי לייכט בעזיעגען.

דיא קאנסטיטושאנס פון דיא סטייטס זוכען פערשיעדענע מיטלען וויא אזוי דיעזען קוואל פון קאררופציאן צו פארניכטען. זיי טרייען מיט אלע כחות, דאס דיא לעדזשיסלייטשורס זאלען מעגען מאכען וואס וועניגער ספעציעלע און קאלע געזעצע. אין ניו יארק האט דיא קאנסטיטושאן אן

אויסגעצייכענטען מיטעל. זיא זאגט, אז אויב די לעדזשיסלייטשור מאכט א געזעץ פאר א געוויסע שטאדט אין סטייט, האט דער געזעץ קיין ווערדע ניט, סיידען דער מעיאר פון דער שטאדט שרייבט איהם אונטער. דאס איז גוט מעהר ניט ביז א געוויסען גראד. דורך דיעזען מיטעל קען א שטאדט ניט צולאזען דיא לעדזשיסלייטשור זאל פאר איהר מאכען שלעכטע געזעצע. זיא האט אבער ניט קיין מיטלען, דורך וועלכע זיא זאל קענען ווירקען אויף דיא לעדזשיסלייטשור זיא זאל פיר איהר מאכען גוטע געזעצע, נויטיגע רעפארמס און זא ווייטער.

אין אלגעמיין האבען נאך דיא סטייטס ניט געפונען קיין גוטע מיטלען אויסצוהיילען דיא שרעקליכע מכה פון קארופציאן, פון וועלכע עס ליידען אלע לעדזשיסלייטשורס פון דיעזער לאנד. דיא גרויסע טראסטס און קארפארייאשאנס קענען נאך איצטער אויספיהרען זעהר, זעהר פיעל ביי אונזערע געזעצמאכער. דיא מאכט פון דאלאר איז נאך אלץ גרעסער וויא דיא שטימע פון פאלק. עס איז קיין וואונדער ניט וואס דער אמעריקאנער עולם פערליערט זיין צוטרויען צו זיינע לעדזשיסלייטשורס.

דיא סטייט לעדזשיסלייטשור האט אונגעפעהר דיא זעלבע אויפגאבע, וואס דער קאנגרעס אין וואשינגטאן; און זיא פיהרט זיך כמעט אויף׳ן זעלבען אופן וויא דער קאנגרעסס. אין דיא סטייטס וואו ס׳זיינען פאראן לוטענאנט גאווערנארס זיינען זיי דיא טשערלייטע פון דיא סענאטס. דיא נידעריגערע „הייזער“ פון דיא לעדזשיסלייטשורס, דיא אססעמבלי אדער דיא הויז אוו רעפרעזענטייטיווס (וויא מיר האבען אין אנפאנג פון׳ם קאפיטעל געזאגט, האט דיא „אונטערשטע הויז“ פון דער לעדזשיסלייטשור פערשיעדענע נעמען אין פערשיעדענע סטייטס) ערוועהלען איינעם פון זייערע אייגענע מעמבערס אלס טשערמאן און זיי רופען איהם דער „ספיקער“. נאטירליך, בעלאנגט דיעזער ספיקער אימטער צו דער פארטיי, וועלכע האט א מאיאריטעט אין דער אססעמבלי. אין סענאט איז אויסער דעם טשערמאן אויך דא א פרעזידענט, וואס דיא

סענאטארען קלייבען אויס פון צווישען זיך. דער פרעזידענט פון סענאט און דער ספיקער פון דער אססעמבלי זיינען די צוויי הויפט פיהרער פון דער לעדזשיסלייטשור. מען קען זאגען, אז דער שיקזאל פון אלע געזעצע, וואס ווערען אין לעדזשיסלייטשור פארגעשלאגען, ליעגט אין די העכד פון דיעזע צוויי לייטע.

די סטייט לעדזשיסלייטשורס טהוען זייער ארבייט אויף׳ן זעלבען ארט ווי דער קאנגרעס אין וואשינגטאן, נעמליך דורך קאמיטעס. די מעמבערס פון דעם ניו־יארקער סענאט, צום ביישפיעל, ווערען איינגעטהיילט אין אן ערך פון 27 קאמיטעס. די אססעמבלי — אין נאהענט צו פערציג. יעדע קאמיטע גיט זיך אפ מיט א ספעציעלע אבטהיילונג פון דער ארבייט. עס איז דא א קאמיטע פאר אינשורענס, א קאמיטע פאר בענקס, א קאמיטע פאר בילדונג און זא ווייטער. די קאמיטעס אליין שלאגען ניט פאר קיין געזעצע. ווען אבער א ביל ווערט אריינגעבראכט אין סענאט אדער אין דער אסעמבלי, ווערט ער די ערשטע זאך איבערגעגעבען צו דער קאמיטע, וועלכע גיט זיך אפ מיט דיעזער אבטהיילונג. א ביל וואס שלאגט פאר א נייעם געזעץ וועגען בענקס, ווערט איבערגעגעבען צו דער בענק קאמיטע; א ביל וועגען אינשורענס ווערט איבערגעגעבען צו דער אינשורענס קאמיטע; די קאמיטעס האלטען אפ פריוואט מיטינגען און בעטראכטען דיעזע בילס. אויב דער ביל איז א וויכטיגער, וועט די קאמיטע אפהאלטען וועגען איהם א לאנגע זיצונג און וועט איינלאדען אלעמען, וואס זיינען אין דעם געזעץ פעראינטערעסירט זיי זאלען קומען אין פארלייגען זייערע טענות פארוואס זיי זיינען פאר אדער געגען דעם ביל. די קאמיטע קען מיט׳ן ביל טהאן וואס זי וויל. זי קען איהם אין גאנצען פערווארפען, זי קען אין איהם מאכען וואס פאר ענדערונגען זי וויל, און זי קען איהם אננעהמען ווי ער שטעהט און געהט. ווען די קאמיטע ווערט פארטיג מיט׳ן ביל, לעגט זי איהם פאר פאר

דעם סענאט אדער פאר דער אססעמבלי און דיא גאנצע קער־פערשאפט שטימט איבער איהם.

אונגעפעהר אזוי ווערען פערהאנדעלט דיא ביללס אין קאנ־גרעסס אויך. און דערפאר וואס דיא וויכטיגסטע טהייל פון דער געזעצמאכונג ווערט געטהאן דורך דיא קאמיטעס, שפיעלען דער פרעזידענט פון סענאט און דער ספיקער פון אססעמבלי אזוינע וויכטיגע ראללעס אין דער לעדזשיסלייטשור. דיעזע צוויי לייטע אפאינטען דיא קאמיטעס. דער „ספיקער" אפאינ־טעט דיא קאמיטעס אין דער אססעמבלי און דער „פרעזידענט" אפאינטעט דיא קאמיטעס אין סענאט. עס פארשטעהט זיך, אז דיעזע צוויי לייטע גיעבען אכטונג, אז דיא וויכטיגסטע קא־מיטעס, דיא וועלכע דארפען פערהאנדלען דיא וויכטיגסטע בילס, וויא צום ביישפיעל, דיא פינאנץ קאמיטע, אדער דיא „שטעדט קאמיטע", זאלען בעשטעהן פון זייערע מענשען, פון סענאטארען אדער אססעמבלי־לייט, וואס וועלען זיי פאלגען. דיעזע צוויי לייטע זיינען געוועהנליך פראמינענטע מאשין פא־ליטישענס. זיי שטעהען אם נאהעגטסטען צו דיא באסעס, וואס קאנטראלירען דיא פארטיי, וועלכע האט דיא מאיאריטעט אין דער לעדזשיסלייטשור. זייער פפליכט איז, אלזא, אכטונג צו געבען ביים אפאינטען דיא קאמיטעס, דאס זייער פארטיי זאל אין יעדער קאמיטע האבען א מאיאריטעט מעמבערס.

איידער א ביל ווערט א געזעץ מוז ער אנגענומען ווערען מיט א מאיאריטעט שטיממען איןביידע צווייגען פון דער לע־דזשיסלייטשור און ער מוז כמעט אין יעדע סטייט אונטערגע־שריעבען ווערען פון גאווערנאר. ווען א ביל ווערט פארגע־שלאגען פריהער אין סענאט און ווערט דארט אנגענומען, שיקט איהם דער סענאט אפ אין דער אססעמבלי, און אויב ער ווערט דארטען אויך אנגענומען, שיקט מען איהם אפ צום גאווערנאר און אויב דער גאווערנאר שרייבט איהם אונטער, ווערט ער א געזעץ. אויב דער ביל ווערט פריהער פארגעשלאגען אין דער אססעמבלי, פאסירט מיט איהם דאס זעלבע. פון דער אססעמב־לי געהט ער צום סענאט און פון סענאט צום גאווערנאר. אונ־

געפעהר אויפ'ן זעלבען ארט ווערט געהאנדעלט מיט בילס אין וואשינגטאן. דארטען דארפען זיי אויך אנגענומען ווערען איןביידע ברענטשעס פון קאנגרעסס און דערנאך דארפען זיי אויך אונטערגעשריעבען ווערען פון פרעזידענט.

ניט אלע סטייט קאנסטיטושאנס זיינען פאלקאם גלייך אין דיעזען פונקט פון אננעהמען בילס. אין פיעלע סטייטס, צום ביישפיעל, איז דא א געזעץ, אז בילס וואס האבען צו טהאן מיט געלד פראגען, מוזען פריהער אריינגעבראכט ווערען אין דער אססעמבלי און אויב זיי ווערען דארטען אנגענומען, קען מען זיי פארלייגען פאר'ן סענאט. דער סענאט טאר אין אזוינע פראגען ניט נעהמען דער ערשטער דאסווארט. אין די צוויי סטייטס רהאוד איילענד און נארטה קאראליינא דארף דער גאווערנאר די בילס ניט אונטערשרייבען. עס איז גענוג אז זיי ווערען אנגענומען אין ביידע ברענטשעס פון דער לעגיזשיסלייטשור.

אויב א ביל ווערט צוריקגעוויעזען פון גאווערנאר, קען די לעדזשיסלייטשור איהם אננעהמען טראץ דעם גאווערנאר'ס ווילען. און דא אונטערשיידען זיך אויך די געזעצע אין די פערשיעדענע סטייטס. אין די מעהרסטע סטייטס מוז דער ביל בעקומען א מאיאריטעט פון צוויי דריטעל שטיממען אין ביידע הייזער פון דער לעדזשיסלייטשור אום איבערצואווארפען דעם גאווערנאר'ס צוריקווייזונג. אין מאנכע סטייטס איז גענוג, אז ער קריעגט א מאיאריטעט פון דריי פינפטעל, און אין 9 סטייטס איז גענוג א געוועהנליכע מאיאריטעט. אין דיעזע 9 סטייטס ווירקט דעם גאווערנאר'ס צוריקווייזונג מעהר ניט אויף אזוי ווייט, אז די לעדזשיסלייטשור זאל דעם ביל דארפען פערהאנדלען א צווייטען מאל. אויב ער געהט דיעזען צווייטען מאל דורך מיט א מאיאריטעט שטימען, איז גוט.

אין ניו יארק סטייט איז פיעל שווערער דורכצופיהרען א ביל, וויא אין וואשינגטאן. ערשטענס מוז דא פאר'ן ביל שטימען ניט א מאיאריטעט פון די אססעמבלי לייט און סענאטארען, וואס זיינען אנוועזענד ביים דער זיצונג, וואס פערהאנ-

דעלט דעם ביל, נור א מאיאריטעט פון אללע ערוועהלטע סע־ נאטארען און אססעמבלי לייט. אין קאנגרעסס איז ניט אזוי; דארטען איז געניג, אז דער ביל קריגט א מאיאריטעט פון דיא אנוועזענדע מעמבערס.

יעדער ביל מוז פארגעלעזען ווערען אין דער לעדזשיסליי־ טשור דריי מאל. איין מאל בשעת מען שלאגט איהם פאר; א צווייטען מאל בשעת דיא קאמיטע גיט אפ א בעריכט וועגען איהם, און דעם דריטען מאל ווען מען שטימט ענדליך אפ צי מען זאל איהם אננעהמען צי ניט. דריי טעג בעפאר מען שטימט וועגען א ביל צום לעצטען מאל מוז ער אוועקגעלייגט ווערען אן אפגעדרוקטער אויף דעם דעסק פון יעדען אססעמבלימען אדער סענאטאר. דיעזער פונקט איז געמאכט געווארען אום צו פארהיטען, אז מאשין פאליטישענס זאלען ניט דורכשטופען בילס דורך דער לעדזשיסלייטשור שטילערהייט קיינער זאל דערפון ניט וויסען ביז וואנען עס איז נאך אלעמען. דיא דריי פארלעזונגען און דיא געדרוקטע פאפיערען ביי יעדען געזעץ־ מאכער אויפ'ן דעסק מיט דריי טעג בעפאר דער לעצטער וואוט ווערט גענומען, גיט דיא געגנער פון יעדען ביל דיא געלעגענ־ הייט צו פארעפענטליכען פאר'ן פאלק דיא חסרונות פון ביל און צו מאכען א געוואלד אין דער פרעססע אויב דער ביל האט א קארופטען צוועק.

אבער טראץ דיא אלע „וועכטער” וואס דיא סטייט קאנ־ סטיטושאן האט אוועקגעשטעלט, אז יעדער ביל זאל פערהאנ־ דעלט ווערען לאנגזאם און אפען פאר דאס גאנצע פאלק אין דיא אויגען, ווערען דאך צעהנדליגע בילס, און מאנכע, דיא סאמע וויכטיגסטע, דורכגעשטופט דורך דער לעדזשיסליי־ טשור אין דיא לעצטע פאאר טעג, ווען אלע גרייטען זיך צו פאהר־ רען אהיים און קיינער האט קיין צייט ניט צו בעטראכטען דיא בילס אויסצוגעפינען ריכטיג פאר וועלכע געזעצע ער זאל וואר־ טען און פאר וועלכע ניט.

דיא ניו־יארקער קאנסטיטושאן האט אויך א געזעץ, אז בילס וועגען בעוויליגען געלד פאר לאקאלע און פריוואט צווע־

קען, מוזען אָנגענומען ווערען מיט א מאַיאָריטעט פון צוויי דריי־טעל שטיממען. עס איז שוין אָנגעוויעזען געוואָרען פריהער, אז דיעזע ביללס וועגען לאָקאלע און פּריוואט זאכען זיינען א קוואל פון קאָרופּציאָן. דיעזער פּונקט, אלזאָ, ציעלט זיך צוריקצוהאל־טען דיא לעדזשיסלייטשור זיא זאָל אזוי לייכט ניט קענען בע־וויליגען קיין געלד צום וויינינגסטענס פאר דיעזע צוועקען.

אויסער געזעצמאכונג האָט דיא לעדזשיסלייטשור נאָך אויפגאבען. אין פיעלע סטייטס קען דער גאָווערנאָר ניט אפּאָינטען קיין בעאמטע אָהן דיא צושטימונג פון דעם סענאט. אין מאנכע סטייטס קען דיא לעדזשיסלייטשור אויך אראָפּוואר־פען בעאמטע, זאָגאר דיא הויכע סטייט בעאמטע, וועלכע ווערען ערוועהלט פון פאָלק. דאָס ווערט געוועהנליך געטהאָן דורך „אימפּיטשמענט“, דאס הייסט דורך אזא מין טריייעל. דער בע־אמטער ווערט אָנגעקלאָגט אין דער אססעמבלי דורך א מעמבער פון דער אססעמבלי און אויב דיעזע „הויז“ נעהמט אָן דיא קלאגע, לעגט זיא איהר פאר דעם סענאט און דער סענאט האלט אָפּ א געריכטס זיצונג. דער בעשולדיגטער בעאמטער ווערט איינגעלאדען ער זאָל פאָרלייגען זיין פערטהיידיגונג, און נאכדעם וויאביידע צדדים ווערען אויסגעהערט, שטימט דער סענאט אָפּ צי דער בעאמטער זאָל אראָפּגעזעצט ווערען, צי ניט.

דיא סטייט־לעדזשיסלייטשורס מישען זיך אָפט אריין אין פראגען מיט וועלכע זיי האָבען גאָר ניט צו טהאָן. א לע־דזשיסלייטשור קען אמאָל אָננעהמען א רעזאָלוציאָן, צום ביי־שפּיעל, צו פערדאמען א געוויסע האנדלונג פון אן אויסלענ־דישע רעגיערונג. דיא סטייט רעגיערונגען האָבען מיט אויסלענ־דישע פּאָליטיק קיין שום פארבינדונג ניט. פון דעסטוועגען ווערען אזוינע רעזאָלוציאָנען זעהר אָפט אָנגענומען. זיי האָבען קיין שום אָפיציעלע אָדער געזעצליכע רעכטע ניט. זיי דריקען אָבער אויס דיא מיינונג פון א וויכטיגע קערפּערשאפט, און אלס אזעלכע קענען זיי אמאָל האָבען א ווירקונג. ווען דיא לאנד האָט געקאָכט מיט דער פאספּאָרטען פראגע, האָבען פיעלע סטייט לעדזשיסלייטשורס געפאסט רעזאָלוציאָנען, אז אמעריקא

זאָל דיא טריטי מיט רוסלאַנד אַפּשאַפּען. דיא סטייטס האָבען מיט טריטיס גאָר ניט צו טהאָן, פון דעסטוועגען האבען דיעזע רעזאָלוציאָנען פיעל געהאָלפען דער בעוועגונג.

---

## וויא אַזוי סטייט בעאַמטע קענען אַראָפּגעזעצט ווערען אין מיטען טערמין.

דער פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען האט דיא מאַכט אַראָפּצוזעצען יעדען הויכען און נידעריגען בעאַמטען, וואָס ער אַפּאָינטעט. ער דאַרף זיך זאָגאַר ניט אָנפרעגען בייּם סענאַט באַטש פאַר דיא אַפּאָינטמענטס מוז ער קריעגען דעם סענאַט׳ס צושטימונג. דיא גאָווערנאָרס האָבען אָבער דיעזע געוואַלדיגע מאַכט ניט. אין מאַנכע סטייטס קענען זיי אַראָפּזע־צען בלויז אַ קליינע צאָהל פון דיא נידעריגע בעאַמטע. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז עס זיינען קיין שום מיטלען ניטאָ וויא אַזוי לויז צו ווערען פון אַ סטייט בעאַמטען ווען עס זיינען דאָ ערנסטע אורזאַכען דאַפיר. דיא קאָנסטיטושאָן פון יעדע סטייט ווייזט אָן וויא אַזוי דאָס קען געטהאָן ווערען. ניט אין אַלע סטייטס איז דיא מעטהאָדע דיא זעלבע. אַרום און אַרום זיינען דאָ זעקס פערשיעדענע וועגען וויא אַזוי בעאַמטע קענען אַראָפּגעזעצט ווערען.

1) דיא ערשטע און דיא אַלגעמיינסטע מעטהאָדע איז דורך „אימפּיטשמענט“. דורך דיעזען וועג קען מען כמעט אין אַלע סטייטס אַראָפּזעצען אַלע הויכע בעאַמטע, זאָגאַר דעם גאָ־ווערנאָר. דאָס ווערט געוויינליך געטהאָן אויף׳ן פאָלגענדען אַרט: דער בעאַמטער ווערט פערקלאָגט פאַר דער נידעריגער הויז פון דער לעדזשיסלייטשור, פאַר דער אַססעמבלי און אויב אַ מאַיאָריטעט פון דיעזער „הויז“ שטימט דיא קלאָגען אָנצונעה־מען, ווערען זיי אָפּגעשיקט צו דער העכערער „הויז“, צום סע־נאַט. דאָרטען ווערט געמאַכט אַ רעגעלער טרייעל, אין וועלכען דיא דזשאַדזשעס פון דער העכסטער קאָורט פון סטייט בעטהיי־

ליגען זיך. דער אָנגעקלאָגטער בעאַמטער ווערט פאָרגערופען, דיא קלאַגעס ווערען פאָר איהם פאָר־עלייענט און ער ווערט אויפגעפאָדערט זיך צו פאַרטהיידיגען. אויב דער סענאַט געפינט דעם אָנגעקלאָגטען שולדיג, ווערט ער אראָפּגעזעצט פון זיין אמט. מעהר וויא דיעזע שטראָף קען איהם דער סענאַט ניט געבען. אויב דיא קלאַגע איז פאָר א קרימינאל פערברעכען, קען דער בעאַמטער אָנגעקלאָגט ווערען אין קאָורט, נאכדעם וויא ער ווערט אראָפּגעזעצט. דאָרטען קען ער בעשטראָפט ווערען וויא ער פערדיענט. דער סענאַט האָט אָבער דערמיט ניט צו טהאָן. ער ־ארף בלויז ענטשיידען צי דער בעאַמטער זאָל אראָפּגעזעצט ווערען צי ניט.

יעדע קאָנסטיטושאָן שרייבט פאָר דיא פערשיעדענע קלאַגעס פאָר וועלכע דיא לעדזשיסלייטשור מעג א בעאַמטען אראָפּזעצען. אין אַלגעמיין זיינען זיי כמעט דיא זעלבע אין אַללע סטייטס. כמעט אַלע קאָנסטיטושאָנס הייסען אראָפּזעצען א בעאַמטען אויב ער נעהמט כאַבאַר, אויב ער איז א שיכור, אויב ער טהוט ניט זיין פפליכט; אויב ער איז אונפעהיג; אויב ער בעגעהט א פערברעכען; אויב ער איז א פעררעטהער צו דער לאַנד; אויב ער איז ניט אַנשטענדיג.

2) אין מאַנכע סטייטס קען דיא לעדזשיסלייטשור אראָפּזעצען געוויסע בעאַמטע אָהן א שום טרייעל. דיאביידע הייזער דארפען בלויז אָננעהמען א רעזאָלוציאָן דער בעאַמטער זאָל אראָפּגעהן און דאָס איז גענוג. אין ניו־יאָרק סטייט, צום ביישפּיעל, קען מען אויף דיעזען ארט אראָפּזעצען דיא העכסטע דזשאָדזשעס פון דער סטייט; דיא דזשאָדזשעס פון סופּרים קאָורט און פון דער קאָורט אָוו אַפּיעלס. דיא רעזאָלוציאָן מוז אָבער אין יעדע צווייג פון דער לעדזשיסלייטשור אָנגענומען ווערען מיט א מאַיאָריטעט פון צוויי דריטעל פון אַללע מעמבערס. דיא קאָנסטיטושאָן בעפעהלט אויך, דאָס איידער מען וואָוט איבער אזא רעזאָלוציאָן זאָל דער דזשאָדזש קריגען דיא ערלויבניס זיך צו פאַרטהיידיגען.

3) דיא דריטע מעטהאָדע איז, דאָס דער בעאַמטער זאָל

אראפּגעזעצט ווערען דורך דעם גאָווערנאָר מיט דער צושטי־מונג פון סענאט. ניט אין אַלע סטייטס האָט דער גאָווערנאָר אזא גרויסע מאכט. אין ניו־יאָרק סטייט קען דער גאָווערנאָר צוזאמען מיט'ן סענאט אראָפּזעצען יעדען בעאמטען און אַלע מעמבערס פון די באארדס און קאָמישאַנס, וועלכע ווערען פון זיי אַפּאָינטעט. עס זיינען דאָ ווייניג סטייטס, וועלכע זיינען אין דיעזען הינזיכט עהנליך צו ניו־יאָרק.

4) אין פיעלע סטייטס האָט דער גאָווערנאָר אליין די מאכט אראָפּצוזעצען די אַלע בעאמטע וואָס ווערען אַפּאָינטעט. ער דארף זאָגאר ניט די צושטימונג פון סענאט. אין ניו־יאָרק סטייט האָט דער גאָווערנאָר דיעזע מאכט איבער א געוויסע צאָהל קליינע בעאמטע. ער קען אראָפּזעצען דעם סופּעראינ־טענדענט פון פּריזאָנס, דעם סופּעראינטענדענט פון פּאָבליס וואָרקס, די דיסטריקט אטאָרניס, די שעריפס, די קאָונטי טרעזשורערס, די סיטי מעיארס, און די באָראָה פּרעזידענטס פון די שטעדט. דער גאָווערנאָר פון ניו־יאָרק סטייט מעג אויך סוספּענדירען דעם סטייט טרעזשורער, ווען די לעדזשיסלייטשור איז געשלאָסען. די קאָנסטיטושאָן האָט איהם געגעבען דיעזע ספּעציעלע מאכט, כדי דער טרעזשורער זאָל אימער האָבען איבער זיך אַן אויפזעהער. זייענדיג אַנפערטרויט מיט אזוי פיעל קהל'שע געלדער, קען מען דעם סטייט טרעזשורער אָהן אַן אויבערמאכט ניט לאָזען. ווען די לעדזשיסלייטשור איז אָפען ניט זיא אַכטונג אויף'ן טרעזשורער. אָבער ווען זיא איז געשלאָסען, דאַן געהט די אויפזיכט איבער צום גאָווער־נאָר. און ווען דער גאָווערנאָר זעהט, אַז דער טרעזשורער טהוט ניט זיין פּפליכט וויא געהעריג איז, קען ער איהם הייסען ארויס פון אמט ביז וואַנען די לעדזשיסלייטשור וועט זיך צוריק עפע־נען, און דאַן גיט דער גאָווערנאָר די קיים איבער צו דער לע־דזשיסלייטשור זי זאָל מיט'ן טרעזשורער האנדלען וויא זיא וויל.

5) אין מאנכע סטייטס זיינען דאָ געוויסע קליינע בע־אמטע, וואָס קענען אראָפּגעזעצט ווערען פון זייערע שטעלעס דורך די קאָורטס. דיעזע בעאמטע קענען אָנגעקלאָגט ווערען

פאַר אונפעהיגקייט, פאַר קאָרופּציאָן, אָדער פאַר אַ פאַרברעכען געגען דעם געזעץ און אויב דער ריכטער געפינט זיי שולדיג, קען ער בעפוילען מען זאָל דיא שולדיגע מעהר ניט ערלויבען צו פאַרנעהמען זייערע עמטער אין דער סטייט רעגיערונג.

6) אין איין סטייט בלויז איז דאָ אַ זעקסטע מעטהאָדע דורך וועלכע מען קען אַ בעאַמטען אראָפּזעצען, און דיעזע מעטהאָדע איז איז דיא לאָגישסטע און דיא פּראָגרעסיווסטע. נעמליך: דער בעאַמטער זאָל אראָפּגעזעצט ווערען דורך דעם פאָלק אליין. פאַרלויפיג איז דיא מעטהאָדע איינגעפיהרט בלויז אין אָרעגאָן סטייט. אויב 25 פּראָצענט פון אַלע סיטיזענס שיקען אריין אַ פּעטישאָן, אַז אַ געוויסער בעאַמטער זאָל אראָפּגעהן, מוז דיא פראגע איבערגעגעבען ווערען צו אַן אַלגעמיינע אָפּשטימונג און אויב אַ מאַיאָריטעט שטימט דאַפיר, געהט דער בעאַמטער אראָפּ פון זיין שטעלע.

---

## קאַפּיטעל 26.

## דיא סטייט קאָורטס.

דיא קאָורטס אין וועלכע 90 פּראָצענט פון אַלע פּראָצעסען קומען פאָר, בעלאַנגען צו דער סטייט רעגיערונג. דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג האָט אויך קאָורטס; אבער אין זיי ווערען פאַרגעבראַכט בלויז געוויסע קייסעס, וועלכע זיינען בעשטימט געווארען פאַר זיי אין דער קאָנסטיטושאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. דעם דורכשניטליכען בירגער קומט זעהר, זעהר זעלטען אויס אריינצוטרעטען אין אַ נאַציאָנאַלען קאָורט. עס זיינען אָבער דאָ וועניג בירגער וועלכע זאָלען ניט ווען עס איז קומען אין בעריהרונג מיט דיא סטייט קאָורטס. ביזנעס לייט קומען אהין אויפמאָנען חובות אדער סעטלען סכסוכים וועגען געוויסע ביזנעס אנגעלעגענהייטען מיט זייערע קאָלעגען. אַרבייטער דארפען אפט אָנקומען אין קאָורט אויפצומאָנען ווייד

דזשעס, אדער מען ברענגט זיי אין קאורט פאר איבערטרעטען אינדזשאנקשאנס אדער פיקעטען אין צייט פון א סטרייק. דער וואס האט אליין קיין טרייעל ניט, איז אמאל געצוואונגען צו קומען אין קאורט אלס וויטנעס פאר אן אנדערען; אדער ער ווערט גערופען צו זיצען אלס דזשורימאן אין פראצעסען. מיט איין ווארט, דער קאורט זאאל איז א נאהענטער מחותן מיט דעם דורכשניטליכען בירגער. ער פארנעהמט א שטיקעל פלאץ אין אונזער אל־טעגליכען לעבען.

עס זיינען נאטירליך דא ניעדעריגערע קאורטס און העכערע קאורטס. דער אונטערשיעד צווישען זיי איז, דאס אין דיא ניעדעריגערע קאורטס ווערען געמשפט קליינע לייכטע קייסעס; און אין דיא הויכע קאורטס, גרויסע, שווערע קייסעס. ניט אין אלע סטייטס רופען זיך דיא קאורטס מיט דיא זעלבע נעמען און ניט אלע סטייטס האבען גאר דיא זעלבע צאהל קאורטס און דיא זעלבע סארטען קאורטס. דער אלגעמיינער סיסטעם איז אבער דער זעלבער איבעראל. מיר וועלען אלס ביישפיעל נעהמען דיא סטייט ניו יארק.

דיא ניעדעריגסטע קלענסטע דזשאדזשעס רופען זיך דיא „דזשאסטיס אוו דיא פיעס“ (ריכטער פון פריעדליכקייט). אזא דזשאדזש איז דא כמעט אין יעדע שטעדטעל און דערפעל. ער ווערט ערוועהלט פון פאלק. אין דיא גרעסערע שטעדט רופט מען זיי מיט א שעהנערען נאמען: מעדזשיסטרייטס און מיוניסיפאל דזשאדזשעס. פאר דיעזע ריכטער ווערען פארזיי־בראכט גאר קליינע קייסעס, וויא צום ביישפיעל: פעדלען אהן לייסענס, האלטען א סאלון אפען נאך איינס אזייגער, אדער ווען איינער מאנט ביים צווייטען א חוב פון עטליכע דאלאר. דיא מעדזשיסטרייטס פראצעסירען בלויז פארברעכען און די מיור־ניסיפאל דזשאדזשעס משפט'ען בלויז סיוויל קייסעס (קייסעס, אין וועלכע איין בעל דין מאנט ביים צווייטען א געוויסע סומע געלד, און אין וועלכע דער פסק קען בלויז זיין אז דיא געלד זאל ענטוועדער בעצאהלט ווערען, אדער ניט. אין מעדזשיסטרייט קאורטס איז דער אורטהייל ענטוועדער א געלד שטראף, וועל־

כע ווערט בעצאָהלט צו דער רעגיערונג אדער פארשיקט צו וועי
רען אויף א געוויסען טערמין אין פּריזאָן).

מיט א שטאפּעל העכער וויא דיא „דזשאָסטיס אָוו דיא פּיעס" שטעהען דיא קאונטי דזשאַדזשעס. יעדע קאָונטי האָט א קאָורט. דיעזע דזשאַדזשעס קענען משפּט'ען סיוויל קייסעס, ווען איין בעל דין מאָנט ביים צווייטען ווענינער ווי צוויי טויזענד דאָלאר. אויב דיא סומע איז א גרעסערע, מוז דער טרייעל פּאָרקומען אין א העכערען קאָורט. קרימינעלע קייסעס קענען דיזע קאָורטס משפּט'ען אלע, אויסער ווען דיא פערברעכער זיינען אָנגעקלאָגט אין מאָרד.

דיא שטאָדט ניו יאָרק איז אליין א גאנצע קאָונטי. אין איהר איז דיא קאָונטי קאָורט צוטהיילט אין צוויי ברענטשעס. איינער הייסט „קאָורט אָוו דזשענעראל סעשאָנס" און דער צווייטער, דיא סיטי קאָורט. אין דיא „קאָורט אָוו דזשענעראל סעשאָנס" ווערען פאָרגעבראכט בלויז קרימינעלע פּראצעסען, און כאָטש דער אלגעמיינער געזעץ איז, דאָס אין קאָונטי קאָורטס טאָרען קיין מאָרד טרייעלס ניט פארקומען, קומען אזוינע טרייעלס זעהר אָפט פאר אין „קאָורט אָוו דזשענעראל סעשאָנס". דיעזער געריכט איז אין דיעזען הינזיכט אן אויסנאָהם. אין דיא סיטי קאָורטס ווערען גע'משפּט בלויז סיוויל־קייסעס, פּראָצעסען איבער געלד פראגען, ווען דיא סומע, פאר וועלכע מען משפּט זיך איז ווענינער וויא צוויי טויזענד דאָלאר.

אין דער שטאָדט ניו יאָרק איז דאָ א קאָורט, וואס דיא אנדערע שטעדט פון דער סטייט האָבען ניט. זיא הייסט דיא ספּעשעל סעשאָנס. אין איהר ווערען פּראָצעסירט קליינע קרימינעלע קייסעס, דאָס הייסט, אזוינע קייסעס, וואס זיינען צו־הויך פאר דיא מעדזשיסטרייט קאָורטס, אבער צו קליין, ניט ערנסט גענוג מען זאָל זיי דארפען פארברענגען פאר דיא דזשענעראל סעשאָנס.

מיט א מדרגה העכער וויא דיא קאָונטי קאָורטס שטעהען דיא סופרים קאָורטס. דיא צאָהל פון סופרים קאָורטס איז פיעל קלענער וויא דיא צאָהל פון קאָונטי קאָורטס. פאר דיזען

צוועק איז דיא סטייט צוטהיילט בלויז אין ניין דיסטריקטען און יעדער דיסטריקט ערוועהלט פון פינף ביז דרייסיג דזשאַ־דזשעס. אויב דער דיסטריקט איז א גרויסער, ערוועהלט ער מעהר דזשאַדזשעס; אויב ער איז א קליינער, ערוועהלט ער וועניגער. אלע סופרים קאָורט דזשאַדזשעס ווערען עלעקטעט אויף פערצעהן (14) יאהר. פאר זיי קענען פאַרגעבראַכט ווערען אלע קייסעס, פון דיא קלענסטע ביז דיא גרעסטע. געוועהנליך, מיט קליינע קייסעס וועלען זיי זיך ניט באדערען. זיי וועלען זיי אָפּ־שיקען אין דיא ניעדעריגערע קאָורטס. אָבער דיא קראַפט האָבען זיי צו פּראָצעסירען אלעס. אם מייסטענס ווערען דאָרטען גע־משפט מאָרד־פּראצעסען און סיוויל־קייסעס, אין וועלכע ס'האנ־דעלט זיך וועגען גרויסע סומען געלד. דיא סופרים קאָורט דזשאַ־דזשעס פאָהרען ארום פון איין קאָונטי אין דער צווייטער, און פארברענגען אין יעדען פלאץ א שטיק צייט, ביז וואנען זיי פארטיגען זיך אָפּ מיט דיא אלע קייסעס וואס זיינען אנגעגרייט פאר זיי, איידער זיי זיינען אנגעקומען.

איבער דעם סופרים קאָורט זיינען דאָ נאָך צוויי קאָורטס: נעמליך, דיא אפּעלייט דיוויזשאן פון סופרים קאָורט און דיא קאָורט אָוו אַפּיעלס. אין דיאביידע קאָורטס קומען קיין טריי־על ניט פאָר. דאָרטען אפּעליערט מען בלויז פאר נייע טרייעלס אדער געגען דעם אורטהייל פון דיא ניעדעריגערע קאָורטס. אפּעלייט דיוויזשאָנס פון סופרים קאָורט זיינען אין דער סטייט דאָ פיער, און יעדער פון זיי האט זיין דעפּאַרטמענט. איינער פון דיעזע פיער קאָורטס גיט זיך אויסשליסליך אָפּ מיט קייסעס וואָס קומען פאָר אין דער שטאָדט ניו יאָרק. און דאָס פערשאפט איהם גענוג ארבייט. דיא דזשאַדזשעס פאר דיעזע קאָורטס ווערען אפּוינטעט פון גאָווערנאָר. ער קלייבט זיי אויס פון דיא אלגעמיינע סופרים קאָורט דזשאַדזשעס, וואס דאָס פאָלק ער־וועהלט. אין דער שטאָדט ניו יאָרק בעשטעהט דיעזער קאָורט פון 7 דזשאַדזשעס. אין דיא אַנדערע דריי דעפּאַרטמענטס בע־שטעהען זיי בלויז פון פינף דזשאַדזשעס יעדער.

דער העכסטער קאָורט פון אלע אין דער סטייט איז, דער

„קאָורט אָוו אפּיעלס". ער בעשטעהט פון זיעבען עלעקטעטע דזשאַדזשעס, וועלכע ווערען ערוועהלט אויף 14 יאהר צייט.

א לאָיער קען אפּעלירען געגען אן אורטהייל פון א ניעדעריגערען קאָורט בלויז אויף גרינדע, נעמליך, אַז דער דזשאַדזש האט דיא קיים ניט געפיהרט געזעצליך. אַז ער האט צוגעלאָזען עדות, וואס דארפען נאָכ'ן געזעץ נאָך ניט צוגעלאָזט ווערען, אדער אַז ער האט צור־קגעוויעזען בעווייזע וואס האבען נאָכ'ן געזעץ נאָך געמעגט צוגעלאָזען ווערען און זאָ ווייטער. אויף דעם גרונד אבער אַז דיא פאַקטען, אויף וועלכע דער אורטהייל האט זיך בעגרינדעט, זיינען ניט בעוויעזען געוואָרען, אַז דיא עדות זיינען געווען צו שוואַכע אדער דיא אַנדערע בעווייזע ניט בעגרינדעט—אויף דיעזען גרונד קען מען קיין אפּיעל ניט מאַכען.

אין דיא גרעסטע טהייל סטייטס ווערען דיא דזשאַדזשעס ערוועהלט פון פאָלק. דיא ניעדעריגערע דזשאַדזשעס ווערען עלעקטעט פאר א קליינעם טערמין און די העכערע דזשאַדזשעס פאר א לענגערען טערמין. אין ניו יאָרק ווערען דיא העכסטע דזשאַדזשעס ערוועהלט אויף 14 יאהר, אין פּענסילוויי:יא עלעקטעט מען זיי אויף 21 יאהר.

אייניגע סטייטס זיינען דאָ, וועלכע געטרויען ניט דאס פאָלק אויסצוקלייבען דיא דזשאַדזשעס. אין דעלעווער סטייט ווערען דיא הויפּט דזשאַדזשעס אפּאָינטעט פון גאָווערנאָר מיט דער צושטימונג פון סענאַט. אין ניו דזשוירזי ווערען זאָגאַר פיעלע פון דיא ניעדעריגערע דזשאַדזשעס אויך אפּאָינטעט דורכ'ן גאָווערנאָר מיט דער צושטימונג פון סענאַט. אין מאַססאַטשוזעטס סטייט ווערען אַלע דזשאַדזשעס אפּאָינטעט פון גאָווערנאָר מיט דער צושטימונג פון זיין עקזעקוטיוו קאונסיל. אין דיא פיער סטייטס: סאוטה קאראָליינא, רהאָוד איילענד, ווערמאנט און ווירדזשיניא, קלייבט דיא לעדזשיסלייטשור אויס דיא דזשאַדזשעס. אין דיא דריי סטייטס, מאַססאטשוזעטס, ניו העמשיער און רהאָד איילענד ווערען דיא דזשאַדזשעס אפּוינטעט

אדער עלעקטעט אויפ'ן גאנצען לעבען. אין אלע אנדערע סטייטס דיענען זיי בלויז א געוויסע צאהל יאהרען.

וועלכע פון דיא דריי מעטהאדען איז דיא בעסטע? איז עס בעסער, אז דאס פאלק זאל דיא דזשאדזשעס ערוועהלען, צי איז עס בעסער זיי זאלען אפוינטעט ווערען ענטוועדער פון גאווער־נאר אדער פון דער לעדזשיסלייטשור? דיעזע פראגע ווערט אין דיעזער לאנד דעבאטירט זייט פיעלע, פיעלע יאהרען. מאנ־כע דענקען, אז עס איז בעסער אז דיא דזשאדזשעס זאלען פיה־לען, אז דאס פאלק האט איבער זיי דיא מאכט, אז אויב זיי וועל־לען דאס פאלק ניט צופריעדען שטעלען, האבען זיי א טשענס דעם צווייטען מאל ניט ערוועהלט צו ווערען. אנדערע אבער ער־קלערען, אז טאקי דערפאר טויג ניט, אז דאס פאלק זאל דיא דזשאדזשעס עלעקטען, ווייל דזשאדזשעס דארפען זיין אין גאנ־צען אונאבהענגיג. זיי דארפען פיהלען פריי און דארפען פאר קיינעם קיין מורא ניט האבען; אויב ניט, קענען זיי זייערע פליכטען ריכטיג ניט דורכפיהרען.

דיא מעהרסטע סטייטס האלטען מיט'ן ערשטען צד, און גיבען דאס פאלק דאס רעכט דיא דזשאדזשעס צו עלעקטען. אום אבער דיא ריכטער זאלען ניט דארפען זיין צו נאהענט פאר־בונדען מיט פאליטיקס און זאלען ניט דארפען שטענדיג טראכ־טען וועגען נאמינייש‌אנס און עלעקשאנס, איז איבעראל איינגע־פיהרט געווארען, אז דיא וויכטיגע דזשאדזשעס זאלען ערוועהלט ווערען אויף לאנגע טערמינען.

דיא געהאלט פון דיא דזשאדזשעס אין דיעזער לאנד איז ניט קיין הויכע. אין ווערמאנט סטייט בעקומען דיא סופרים־קאורט דזשאדזשעס ניט מעהר וויא 25 הונדערט דאלאר א יאהר. ניו יארק צאהלט דעם הויפט דזשאדזש פון זיא קאורט אוו אפיעלס 14 טויזענד און 200 דאלאר א יאהר. און דיא אי־בעריגע זעקס דזשאדזשעס פון דיעזען געריכט צו $13,700 יע־דען. מאנכע סופרים קאורט דזשאדזשעס אין ניו יארק בעקו־מען 17 טויזענד און 500 דאלאר א יאהר.

מען מוז אין זינען האבען, אז בלויז גרויסע לאיערס זיינען פעהיג צו פערנעהמען דיא הויכע עמטער אלס דזשאדזשעס, און

גרויסע לאָיערס, אין אַזאַ סטייט ווי ניו יאָרק איז, מאַכען און־געהויער מעהר וויא זאָגאר 17 טויזענד דאָלאר א יאָהר. צוליעב דעם געהאַלט לוינט זיך זיי גענויס ניט צו זיין דזשאַדזשעס. דיא וואָס נעהמען אָן דיעזע שטעלען, טהוען עס מעהר צוליעב דיא עהרע און אנדערע צוליעב דעם אדוועטייזמענט. בעצאָה־לען דיעזע לייטע אזוי פיעל געלד וויא זיי וואָלטען געקענט פערדיענען אלס לאָיערס, איז פאר דער סטייט רעגיערונג איינ־פאך אונמעגליך. זיא איז דאפיר ניט רייך גענוג.

אויסער דיעזע אלגעמיינע קאָורטס האָט דיא סטייט איי־ניגע ספעשעל קאָורטס. עס איז, צום ביישפיעל דאָ, א „סאראָ־גייט קאָורט", וועלכער גיט זיך אָפּ אויסשליסליך מיט קייסעס וועגען ירושות. 2) א טשילדרענס קאָורט, וואו מען משפּט קליי־נע קינדער ווען זיי בעגעהען א פערברעכען. 3) א קאָורט אָוו־קליימס, וואו אן איינצעלנער בירגער קען ברענגען קלאגען געגען דער גאנצער סטייט רעגיערונג.

---

## סיוויל קייסעס און קרימינעל קייסעס — וויא זיי ווערען געפיהרט.

עס זיינען דאָ צוויי סארטען פּראצעסען. צוויי סארטען קייסעס. אין איין סארט האַנדעלט זיך בלויז וועגען דעם, צי א געוויסע פּערזאָן, אדער א געוויסע פירמע זאָל דארפען בע־צאָהלען א צווייטע פּערזאָן אדער א צווייטע פירמע א געוויסע סומע געלד. דיעזע קייסעס רופען זיך סיוויל קייסעס. דער צוויי־טער סארט איז, ווען דיא קאָורט דארף ענטשיידען, צי א גע־וויסע פּערזאָן זאָל פערשיקט ווערען אין פּריזאָן אדער זאָל בע־צאָהלען א געלד - שטראָף צו דער רעגיערונג. דיזע קייסעס רופען זיך „קרימינאל קייסעס".

געוועהנליך איז דער גרונד פון דיא טרייעלס אין דיא צוויי פעללע פערשיעדען. אין א סיוויל קייס מאָנט איין פּערזאָן ביי

א צווייטען געלד, ווייל ער איז איהם דאס געלד שולדיג פאר ארבייט, פאר וואארע, פאר ברעכען א קאנטראקט און זא ווייטער. אין א קרימינאל פראצעס האט דער אנגעקלאגטער ענטווערער בעגאנגען א געוואלד־טהאט געגען א צווייטע פערזאן, אדער ער האט איבערטראטען אן אלגעמיינעם געזעץ פון דער סטייט רעגיערונג. אמאל פאסירט עס אבער, אז איינער קען פאר דער זעלבער טהאט, אויפ'ן זעלבען גרונד פראצעסירט ווערען אי סיוויל, אי קרימינאל. אט, צום ביישפיעל, ווען איין פערזאן בעפאלט א צווייטע און שלאגט איהם. דער אנגעגריפענער קען ברענגען צוויי קלאגעס געגען זיין אנגרייפער. ער קען ביי איהם מאנען דעמעדזשעס, א געוויסע סומע געלד אלס שאדענערזאץ, און דאס איז א סיוויל קלאגע; און אויב ער וויל, קען ער איהם אנקלאגען אין קרימינאל קאורט און פאדערען, מען זאל דעם אנגרייפער בעשטראפען מיט פריזאן אדער מיט א געלד־שטראף, וועלכע זאל איינגעצאהלט ווערען ניט צו איהם, צום אנקלעגער, נאר צו דער סטייט רעגיערונג.

וויא עס איז שוין אויבען אנגעוויעזען געווארען, זיינען דא בעזונדערע קאורטס אויף דיא צוויי סארטען קייסעס. בלויז אין סופרים קאורט קענען פארגעבראכט ווערען אי סיוויל, אי קרימינאל קייסעס. דיא ניעדעריגערע קאורטס, אבער, זיינען איינגעטיילט אין צוויי קלאסען, אין מאנכע ווערען פראצעסירט בלויז קרימינאל קייסעס, און אין מאנכע בלויז סיוויל קייסעס.

אין סיוויל קייסעס זיינען, זא צו זאגען,ביידע צדדים גלייכע יחסנים. ביידע דינגען לאיערס, וועלכע זאלען פאר זיי פיהרען דעם פראצעס. דאס איז ניט דער פאל אין קרימינאל־קייסעס. דארטען ווערט דיא אנקלאגע געפיהרט פון דער סטייט רעגיערונג, פון דעם דיסטריקט אטארני; דער מאן געגען וועמען דער פארברעכען איז בעגאנגען געווארען דארף זיך כמעט גאר ניט מישען. דיא סטייט רעגיערונג האלט עס פאר איהר אויפגאבע דעם אנגעקלאגטען צו פערפאלגען, און צו זעהן, אז ער זאל בעשטראפט ווערען.

דיא טרייעלס גופא ווערען אין ביידע סארטען קייסעס גע־

פיהרט אויפ'ן זעלבען ארט. ביז מען קומט אָבער צו צום
טרייעל, זיינען דיא האַנדלונגען אביסעל פערשיעדען. דאָ ווע־
לען מיר בעשפּרעכען דיא פערשיעדענע שריטע, וואס מען מוז
נעהמען אין סיוויל קייסעס און אין קרימענעלע קייסעס.

אין אַ סיוויל פּראָצעס נעהמט, נאַטירליך, דער אָנקלאגער
דעם ערשטען שריט. ער „גיט אָן אין קאָורט" אַ קלאגע, אין וועל־
כער ער ערקלערט אז ער פאָדערט פון יענעם און יענעם אַ גע־
וויסע סומע געלד צוליעב דער און דער אורזאכע. דיא קלאגע
ווערט צוגעשיקט צום אָנגעקלאָגטען צוזאמען מיט אַן אויפפאָ־
דערונג פון קאָורט (סאָמאָנס) ער זאָל אויף איהר ענטפערען
ביז אַ געוויסען טאָג. דער אָנגעקלאָגטער האָט דאַן צוויי אויס־
וועגען:

1. אויב ער וויל, קען ער ענטפערען מיט אַ „דעמורער",
דאָס הייסט, ער קען ערקלערען, אז דיא אַלע גרינדע, אויף וועל־
כע דער אנקלאָגער שטיצט זיך, זיינען אמת, און אז פון דעסט־
וועגען דאַרף ער איהם קיין געלד ניט בעצאָהלען, ווייל נאָכ'ן
געזעץ נאָך קומט פאר אזוינע זאכען קיין געלד ניט. אָט איז אַ
ביישפּיעל:

דיא באָארד אָוו עדיוקיישאָן האָט ענטזאגט געוויסע פרויען
טיטשערס פון זייערע שטעלעס בלויז דערפאר, וואס זיי זיינען
געוועזען פערהייראטה. דיא פרויען האָבען אפּגעוואַרט אַ שטיקעל
צייט און פערקלאָגט דיא באָארד פאר דיא געהאלט, וואָס זיי
האָבען פארלאָרען אין דיא וואכען, וואס זיי האָבען ניט געאַר־
בייט. דיא פאקטען פון דער קייס זיינען געוועזען דיא פאָלגענדע
צוויי: אז דיא פרויען זיינען פריהער געוועזען בעשעפטיגט אלס
טיטשערס, און אז דיא באָארד אָוו עדיוקיישאָן האָט זיי דער־
נאָך ענטזאגט. דיעזע פאקטען האָט דיא באָארד אָוו עדיוקיישאָן
אין איהר ענטפער אויף דער קלאגע ניט אָפּגעלייקענט. זיא
האָט בלויז געטענה'ט, אז, צוגעבענדיג דאָס דיא פאקטען זיינען
אמת, קומט דיא טיטשערס אויך קיין געלד ניט, ווייל זי, דיא
באָארד אָוו עדיוקיישאָן האָט נאָכ'ן געזעץ נאָך אַ רעכט געהאַט
דיא טיטשערס צו ענטזאגען דערפאר, וואָס זיי האָבען געהיי־

ראטה. דיא פרויען טיטשערינס האבען געטענה'עט, אז נאכ'ן געזעץ נאך האט דיא באארד אוו עדיוקיישאן ניט געהאט דאס רעכט זיי צו ענטזאגען, און אז דערפאר קומט זיי דאס געהאלט, וואס זיי האבען פארלארען.

ווייבאלד אז דא האנדעלט זיך בלויז אין א פראגע פון געזעץ, דארף מען דאך קיין שום טרייעל ניט. א טרייעל מאכט מען נאר ווען דיא צוויי בעלי דינים שטימען ניט איין איבער געוויסע פאקטען. ווען, צום ביישפיעל, אין דער פאריגער קיים וואלט דיא באארד אוו עדיוקיישאן ניט צוגעגעבען, אז דיא טיטשערינס זיינען ביי איהר אמאל געווען בעשעפטיגט, אדער ווען זיא וואלט ערקלערט, אז זיא האט גאר דיא פרויען ניט ענטזאגט, נאר זיי האבען אליין רעזיגנירט. דאן וואלט מען געמאכט א טרייעל.ביידע צדדים וואלטען פארגעלייגט זייערע בעווייזע, פארגעפיהרט זייערע עדות און מ'וואלט טרייען אויסצוגעפינען ווער עס האט געזאגט דעם אמת. וויא דיא קיים שטעהט אבער, איז ניטא איבער וואס צו מאכען א טרייעל. דער דזשאדזש דארף דא בלויז ענטשיידען וויא דער געזעץ איז. אויב ער וויל, קען ער דאס פסק'ענען גאר אהן א שום פארהער. געוועהנליך אבער, בעטעןביידע לאיערס זיי זאלען פאר איהם פארלעגען זייערע מיינונגען וועגען דעם געזעץ, פארוואס איינער האלט אז דער געזעץ איז אזוי און דער אנדערער, אז דער געזעץ איז פארקעהרט. דיא לאיערס שיקען זייערע טענות אריין צום דזשאדזש און ער ענטשיידעט ווער פון זיי האט רעכט.

2. אין דיא מעהרסטע פעללע ענטפערט דער אנגעקלאגטער מיט אן ערקלעהרונג, אין וועלכער ער לייקענט אפ געוויסע פאקטען, וואס ווערען אנגעגעבען אין דער קלאגע. דיא קלאגע, צום ביישפיעל, לויטעט, אז דער מאן האט דער מיידעל פארשפראכען מיט איהר צו הייראטהען, און דער מאן זאגט, אז עס איז ניט אמת, ער האט אזא פערשפרעכען קיין מאל ניט געמאכט. אדער צום ביישפיעל, אין דער קלאגע שטעהט, אז דער אנגעקלאגטער האט פערשפראכען צוצושיקען צום קלעגער דיא סחורה בעפאר א געוויסען דאטום, און דער אנגעקלאגטער זאגט, אז דאס איז א

ליגען. דיעזען ענטפער מוז דער אָנגעקלאָגטער אָפּשיקען צום קלעגער.ביידע צדדים ווייסען איצטער, וואס דעם אנדערענס טענות זיינען. דיא קיים ווערט ארויפגעשטעלט אויפ'ן קאלענדאר פון א געוויסען דזשאַדזש, דאָס הייסט, מען פערשרייבט, אז זיא זאָל גע'משפט ווערען אין א געוויסען קאָורט ווען עס וועט „קומען צו איהר נעקסט". וויא לאַנג דאס קען געדויערען, קען מען קיינמאָל ניט פאראויסזאָגען. עס ווענדעט זיך וויפיעל צייט דיא פריהערדיגע טרייעלס פארנעהמען.

מאנכע קייסעס זיינען דאָ, וועלכע ווערען פּראָצעסירט בלויז פון א דזשאָדזש. דיא מעהרסטע קייסעס אָבער ווערען פאָרגעבראכט פאר א דזשאָדזש און א דזשורי, סיידען ביידע צדדים וויליגען איין ניט צו האָבען קיין דזשורי. אין א דזשורי טרייעל האָט דיא דזשורי אלס איהר אויפגאבע צו בעשטימען דיא פאקטען פון דער קייס. זיא דארף אויסהערען דיא עדות פון ביידע צדדים, גוט בעטראכטען אלע אנדערע בעווייזע, וואס ווערען פאר איהר אָפּגעבען, און אורטהיילען ווער פון דיא צוויי בעלי דינים האָט דערצעהלט דעם אמת.

א דזשורי טרייעל ווערט געפיהרט אויפ'ן פאָלגענדען ארט. דער לאָיער פאר דעם קלעגער עפענט אויף דיא קייס מיט א רעדע, אין וועלכער ער לייגט פאר פאר דער דזשורי זיינע טענות און גיט איהר אן אלגעמיינעם בעגריף פון דיא עדות און בעווייזע, וואס ער דענקט פארצולעגען, זיינע טענות צו בעשטעטיגען. ווען ער ענדיגט דיעזע רעדע, הויבט ער אָן פאָרצורופען זיינע עדות. ער שטעלט דעם עדות פראגען און דער עדות ענטפערט. געוועהנליך זיינען דיא פראגען אזוינע, אז דער ענטפער ברענגט ארויס דיא פאקטען, וועלכע דער לאָיער זוכט פארצולעגען פאר דער דזשורי. דאָס רופט זיך דער „דירעקטער פארהער" פון דעם עדות. ווען דער דירעקטער פארהער ענדיגט זיך, האָט דער לאָיער פון דעם צווייטען צד, דער לאָיער פון דעם אָנגעקלאָגטען, דאָס רעכט צו שטעלען דעם עדות פראגען, אום אָפּצושוואכען דאָס, וואס ער האָט פריהער ערקלערט.

דיזער פארהער פון דעם צווייטען לאָיער רופט זיך דער קרייץ־פארהער.

דיא אנקלאגע רופט אזוי איינציגווייז פאַר אלע איהרע עדות און לעגט פאר פאר דער דזשורי אלע איהרע אנדערע בעווייזע. ווען זיא ווערט פארטיג, הויבט אָן דער לאָיער פון דעם אָנגעקלאָגטען פארצורופען פאר דער דזשורי זיין צד. ער האלט אויך פריהער א רעדע, אין וועלכע ער גיט אָן אלע זיינע טענות און ציינט אָן, וואס ער דענקט צו בעווייזען מיט זיינע עדות. דערנאָך רופט ער דיא עדות איינציגווייז, און מיט זיינע עדות קומט פאַר דאָס זעלבע וויא מיט דיא עדות פאר דער אנקלאגע. מעהר ניט, דאָ נעהמט זיי דעם אָנגעקלאָגטענס לאָיער אויף'ן דירעקטען פארקעהר, און דעם קלעגער'ס לאָיער אויפ'ן קרייץ פארהער.

אין פערלויף פון דיעזע פערהאנדלונגען קומט דעם דזשאָדזש אוים פיעלע מאָל צו ענטשיידען סכסוכים צווישען די לאָיערס. דיעזע סכסוכים זיינען איבער געוויסע פראגען פון געזעץ. איין לאָיער וועט, צום ביישפיעל, פראָטעסטירען, אז דער צווייטער לאָיער האָט נאָכ'ן געזעץ נאָך ניט געטאָרט שטעלען א געוויסע פראגע זיינעם אן עדות. דער אנדערער לאָיער זאָגט, אז ער האָט דיא פראגע יע געמעגט שטעלען. דער דזשאָדזש דארף דאן ענטשיידען ווער עם האָט רעכט. אויב ער פסק'ענט, אז דיא פראגע האט ניט געטאָרט געשטעלט ווערען, טאָר דער עדות אויף איהר ניט ענטפערען. אזוינע סכסוכים מאַכען זיך זעהר פיעל אין פערלויף פון א טרייעל. אמאָל שטימען דיא לאָיערס ניט איבער דער פראגע, צי מעג א געוויסער בעווייז אין גאנצען צוגעלאָזען ווערען צום טרייעל, צי ניט. און דאָס ווערט אויך ענטשיעדען דורכ'ן דזשאָדזש. וויא געזאָגט, האָבען דיא אלע פראגען אויסשליסליך צו טהאָן מיט'ן געזעץ. דער לאָיער, וועלכער פערליערט דעם סכסוך, האָט א רעכט צו הייסען איינשרייבען אין דעם רעקאָרד פון דעם טרייעל, אז ער שטימט ניט איין מיט'ן דזשאָדזש'ם ענטשיידונג. נאָכ'ן טרייעל קען ער אויפ'ן גרונד פון דיעזע ענטשיידונגען פון דעם

דזשאָדזש, אפּעליערען פאר א נייעם טריעל אין א העברעען קאָורט. אויב דער העברעער קאָורט האַלט מיט איהם, אז דער דזשאָדזש האָט ווירקליך ניט געוואוסט דעם געזעץ און האָט ניט ריכטיג ענטשיעדען דיעזע ספסוקים, בעוויליגט ער דעם אפּיעל און בעפעהלט, אז דיא קייס זאָל איבער א נייעם פּראָצעסירט ווערען.

נאָכדעם וויא ביידע צדדים ענדיגען מיט פאררופען אלע זייערע עדות און מיט פארלייגען אלע זייערע בעווייזע, האַלטען דיא לאָיערס שלום רעדעס. פריהער רעדט דער לאָיער פאר דער אנקלאגע און דערנאָך דער לאָיער פאר דער פערטהיידיגונג.

אויב דער דזשאָדזש דענקט, אז דער אנקלאגעס בעווייזע זיינען גאָר, גאָר ניט ווערטה געוועזן און אז איהר צד האָט גאָר ניט בעוויעזען, קען ער אליין פּסק'ענען, אז דיא קלאגע איז קיין קלאגע ניט, און דיא קייס זאָגאר ניט איבערגעבען אין דיא הענדע פון דער דזשורי. אויב ער פיהלט אבער, אז עטוואס בעדייטונג האָט דיא קלאגע יע, נאָר זיא איז זעהר שוואך בעגרינדעט, קען ער הייסען דיא דזשורי זיא זאָל ארויסטראגען אן אורטייל פאר דעם אָנגעקלאָגטען. דיא דזשורי איז ניט מחויב איהם צו פאָלגען. אבער עס פּאַסירט זעהר זעלטען א דזשורי זאָל איבערטרעטען דעם פערלאנג פון א דזשאָדזש.

אין געוועהנליכע פעללע אָבער, מישט זיך דער דזשאָדזש אין דעם אורטייל ניט אריין. נאָכדעם וויא דיא צוויי לאָיערס ווערען פארטיג מיט זייערע רעדעס, האַלט ער, דער דזשאָדזש א רעדע פאר דער דזשורי. אין זיין רעדע ערקלערט ער די דזשורי לייט דיא געזעצע, וואָס האָבען א שייכות צו דער קייס. ער ציהט אויך זייער אויפמערקזאמקייט אויף דיא שטאַרקסטע פונקטען וועגען דיא צוויי צדדים, און דאן הייסט ער זיי זיך צוריקציהען אין דעם פּריוואט דזשורי צימער, און דארטען מרייען צו ענטשיידען דיא קייס צווישען זיך.

דיא דזשורי לייט קענען אין דעם צימער פארברענגען אזוי לאנג וויא זיי ווילען נאָר. אויב זיי געפינען אויס, אז דער קלע־

גער האט רעכט, און אז דער אנגעקלאגטער דארף איהם בעצאה־
לען געלד, מוזען זיי אויך בעשטימען וויא גרויס דיא סומע זאל
זיין; דיא דזשורי ליים קענען אנדערש ניט ארויסגעבען קיין
פסק, סיידען זיי אלע, דאס הייסט, אלע צוועלף אייניגען זיך.
אויב איינער פון דיא צוועלף געהט ניט איין אויף דעם פסק, דאן
הייסט עס, אז דיא דזשורי איז ניט געאייניגט, און דיא קייס
מוז פראצעסירט ווערען איבער א נייעס.

אויב דער אנקלעגער געווינט דעם טריייעל און דיא דזשורי
פסק'ענט איהם צו א געוויסע סומע געלד, גיט איהם דער
דזשאדזש ארויס א „דזשאדזשמענט", וועלכער לויטעט, אז דער
אנגעקלאגטער מוז בעצאהלען דעם קלעגער דיא געלד. פריהער
טרייט דער קלעגער דיא געלד אויםמאהנען מיט גוטען. אויב
אבער דער אנגעקלאגטער בעצאהלט ניט מיט גוטען, קען דער
קלעגער זיך ווענדען צו א שעריף און דער שעריף מאנט דיא
געלד אויף מיט געוואלד. ער נעהמט ביי איהם צו וואס ער האט,
א ביזנעס, א הויז, אדער באארעס געלד. אין פאלל ער פערכאפט
א ביזנעס אדער א שטיק ריעל עסטייט, פערקויפט עס דער שע־
ריף אין אקשען, און פון דער סומע, וואס ער בעקומט דאפיר,
נעהמט ער אראפ דעם חוב פאר דעם קלעגער און דיא קאסטען
פאר זיין אייגענע ארבייט, און אויב עס שטעלט זיך דערנאך
עפעס אב, גיט ער עס צוריק דעם אנגעקלאגטען.

אין א סיוויל קייס קען דער צד, וואס פערליערט, אפעליע־
רען אין א העכערען קאורט. דער אפיעל מוז זיך שטיצען אויף א
מיסטייק, וואס דער דזשאדזש האט געמאכט אין פיהרען דעם
טריייעל. אפעלירען אויפ'ן גרונד, אז די דזשורי האט ניט ריכטיג
געפסק'ענט, אז זיא האט ניט ריכטיג פערשטאנען די בעווייזע,
אדער אז זיא האט ניט געהאט גענוג אורזאכע ארויסגעבען איהר
פסק—מיט דיעזער טענה אפעליערען, קען מען ניט. דאס גע־
ריכט נעהמט אן, אז דיא דזשורי האט קיין מיסטייק ניט גע־
מאכט. אין פראגען פון געזעץ אבער, האלטען דיא קאורטס, קע־
נען דיא קלענערע דזשאדזשעס אמאל יע מאכען א טעות,
און דארום קען מען אויף דיעזען גרונד יע אפעליערען.

אויב דער העכערער קאָורט ווייזט דעם אַפּיעל צוריק, קען דער צד, וועלכער האָט פערלאָרען, אַפּעלירען אין א העכערען קאָורט. ער קען אזוי געהן העכער און העכער ביז וואנען ער גרייכט מיט זיין אַפּיעל ביז׳ן קאָורט אָוו אַפּיעלס אין דער סטייט אָדער ביז׳ן סופּרים קאָורט אין וואשינגטאָן. דארטען אויב מען ווייזט דעם אַפּיעל צוריק, איז שוין מעהר קיין עצה ניטאָ. אזוי מוז עס שוין בלייבען.

אויב אָבער דער אַפּיעל ווערט בעפריעדיגט, דאַן בעפעהלט געוועהנליך דער דזשאַדזש, אז דיא קייס זאָל איבער א נייעס פּראָצעסירט ווערען. נאָכ׳ן צווייטען טרייעל, קען דער, וועלכער האָט פערלאָרען, ווידער אַפּעליערען, און אויב ער געווינט דעם אַפּיעל, דאַן ווערט דיא קייס פּראצעסירט א 3טען מאָל,און נאָך דעם קען מען איהר ווייעדער אַפּעלירען. עס איז ניטאָ קיין גרענעץ צו דיא צאָהל אַפּיעלס. אויב נאָר דער צד וועלכער האָט פערלאָרען האָט א גרונד, קען ער אַפּעליערען, און אויב דער אַפּיעל ווערט בעפריעדיגט, מוז די קייס נאָך אמאָל פּראצעסירט ווערען.

אין דיא ניו יאָרקער קאָורטס האָט עס שוין איין מאָל פּאַסירט, אז א קייס האָט זיך אויף אזא ארט ארומגעשלעפּט אין די קאָורטס צוואנציג יאָהר צייט. אָנגעפאנגען האָט זיא זיך אין דעם יאָהר 1882. א מאָטאָרמאַן איז דאַן פערוואונדעט געוואָרען אויף א קאר, און ער האָט אָנגעקלאָגט דיא קאָמפּאני פאר דעמעדזשעס. אין יאָהר 1884 איז פאָרגעקומען דער ערשטער טרייעל און דיא דזשורי האָט דעם מאָטאָרמאַן צוגע־פּסק׳ענט פיער טויזענד דאָלאר. דיא קאָמפּאניע האָט דיא קייס אַפּעליערט. און אין צוויי יאָהר שפּעטער האָט דיא קאָורט אָוו אַפּיעלס געפּסק׳ענט, אז דער אַפּיעל איז א גערעכטער און אז דיא קייס מוז איבער א נייעס פּראָצעסירט ווערען.

ביים צווייטען טרייעל האָט דער מאָטאָרמאַן ווייעדער גע־וואונען. דיעזען מאָל האָט איהם דיא דזשורי צוגעפּסק׳ענט $4900. דיא קאָמפּאניע האָט ווייעדער אַפּעליערט. עס האָט זיך געצויגען א לאנגע צייט און דער העכערער קאָורט האָט ווידער דעם אַפּיעל בעפריעדיגט,און אין יאָהר 1889 איז דיא קייס פּראָצע־

סירט געוואָרען צום דריטען מאָל. דיעזען מאָל האָט שוין דיא קאָמפּאני געוואונען, און דער מאָטאָרמאן האָט אפּעליערט. איהם האָט אויך דער קאָורט דעם אַפּיעל בעפריעדיגט. דיא קייס איז גע'משפּט געוואָרען א פערטען מאָל, און דיא דזשורי האָט וויע־דער צוגע'פסק'ענט דעם מאָטאָרמאן ‎$4500‎. דיא קאָמפּאניע האָט ווידער אפּעליערט און ווידער געוואונען. ביים פינפטען טרייעל האָט דער מאָטאָרמאן געקראָגען צוגעפּסק'ענט ‎$4900‎. ווידער האָט דיא קאָמפּאניע אפּעליערט און דיא קייס איז גע־בראכט געוואָרען פאר א דזשורי צום זעקסטען מאָל. דיא דזשו־רי האָט דעם מאָטאָרמאן צוגע'פּסק'ענט ‎$4500‎. דיזער פּסק איז פערבליעבען. דיא קאָמפּאניע האָט אפּעליערט, און איהר אפּיעל פארלאָרען.

---

### קרימינאַל פּראָצעסען.

דיא קלאַגע אין א קרימינאַל פּראָצעס ווערט מייסטענס גע־מאכט פון דער פּאָליציי אדער פון דעם דיסטריקט אַטאָרני, און ווען זאָגאר א פּריוואט בירגער ברענגט דער ערשטער דיא קלאַ־גע ווערט זיא אָבער באלד איבערגענומען אין דיא הענד פון דעם דיסטריקט אַטאָרני, און ביים טרייעל הייסט עס, אז דער אָנגעקלאָגטער האָט בעגאנגען א פערברעכען ניט געגען א געווי־סע איינצעלנע פּערזאָן, נאָר געגען דעם געזעץ פון דער סטייט. דיא סטייט רעגיערונג זוכט איהם צו בעשטראפען, ווייל ער האָט פארבראָכען געגען איהר.

א קרימינאַל קייס פאנגט זיך געוועהנליך אָן דערמיט, וואס דער פארברעכער ווערט ארעסטירט. אויב א פּאָליציי בע־אמטער איז אליין אנוועזענד געוועזען בשעת דער פארברעכען איז בעגאנגען געוואָרען, קען ער דעם פארברעכער גלייך ארעסטי־רען. אין דיא מעהרסטע פעלּלע אָבער ווערען קרימינאַל פאר־ברעכער ארעסטירט דורך „וואררענטס“. א פּערזאָן קומט אין קאָורט און דערצעהלט, אז ער איז חושד דאס א צווייטע פּער־

זאָן האָט איהם בעגנב'עט אדער ער זאָגט, אז א צווייטע פער־זאָן האָט איהם געשלאָגען. דער דזשאָדזש גיט איהם דאן ארויס א „ווארראנט" און מיט דיעזען ווארראנט קען דער קלעגער אויפפאָדערען א פאָליסמאן אָדער א דעטעקטיוו, ער זאָל דעם אָנגעקלאָגטען מאן ארעסטירען.

ווען א פאָליסמאן ארעסטירט א פארברעכער, ברענגט ער איהם דיא ערשטע זאך פאר אין דעם פאָלים סטיישאָן, צו וועל־כען דער פאָליסמאן געהערט. דאָרטען פערשרייבט מען בלויז דעם נאָמען און אדרעס פון דעם ארעסטירטען און דעם אלגע־מיינעם כאראקטער פון פארברעכען. אזוי שנעל וויא מעגליך ווערט דער פארברעכער דאן אָפגעפיהרט פון פאָלים סטיישאָן אין א מעדזשיסטרייט קאָורט.

דער מעדזשיסטרייט הערט אוים דיא קלאגע און דיא בע־ווייזע וואס עס זיינען דאָ געגען דעם ארעסטירטען. אויב דיא קלאגע איז גאָר א לייכטע, גיט ער אליין ארוים דעם פסק: ענט־ווערער ער בעפרייט דעם אָנגעקלאָגטען אין גאנצען אָדער ער גיט איהם א לייכטע שטראף. אויב אָבער ער געפינט אוים, אז דיא קלאגע איז אן ערענסטע, און ער זעהט אויך, אז דיא בע־ווייזע געגען דעם אָנגעקלאָגטען זיינען שטארקע, הייסט ער מען זאָל דעם אָנגעקלאָגטען פערהאלטען צו א טרייעל. ביז'ן טרייע־מוז דער מעדזשיסטרייט איהם ארויסלאָזען אויף בייל. ער דארף בעשטימען, וויא גרוים דיא בייל זאָל זיין. אין פאלל דער ארעסטירטער ווערט אָנגעקלאָגט אין מאָרד, טאָר דער מע־דזשיסטרייט איהם אונטער בייל ניט שטעלען.

אין ערענסטע קלאגעס איז דעם מעדזשיסטרייט'ס ענטשיי־דונג ניט גענוג, אז מען זאָל דורך דעם שטעלען דעם אָנגעקלאָג־טען צום טרייעל. ער מוז נאָך פריהער פארגעפיהרט ווערען פאר א גרענד דזשורי. דיעזע קערפערשאפט בעשטעהט פון 23 פער־זאָן, אויסגעקליבענע מענשען פון פאָלק. דיעזע קערפערשאפט האלט איהר זיצונג אין געהיים. דער דיסטריקט אטאָרני לייגט פאר איהר פאָר דיא קלאגע, וואס ער האָט געגען דעם ארעס־טירטען און דיא בעווייזע, וואס ער האָט געזאמעלט געגען איהם.

דעם אנגעקלאגטען הערט דיא גרענד דזשורי גאר ניט אויס. זיא בעשטימט נאר, צו דעם דיסטריקט אטארני׳ס בעווייזע האבען אירגענד וועלכע ווערדע, און אויב א מאיאריטעט פון דיא 23 דזשורי לייט שטימען דאפיר, אז עס איז דא גענוג גרינדע צו שטעלען דעם בעשולדיגטען צו א טריייעל, גיט דיא גרענד דזשורי ארויס אן אינדייטמענט, און דער אנגעקלאגטער ווערט פערהאלטען צום טריייעל. נאך דעם אינדייטמענט פיהרט איהם דער דיסטריקט אטארני פאר פאר א דזשאדזש, וועלכער בעשטימט אונטער וויפיעל בייל מען זאל דעם אנגעקלאגטען שטעלען. און אויב ער האט ווער עס זאל פאר איהם דיא בייל לייגען, לאזט מען איהם ארויס פריי ביז׳ן טריייעל.

מען דארף דא בעמערקען, אז ביי דיא אלע פארהערס האט דער אנגעקלאגטער דאס רעכט זיך צו ענטזאגען צו ענטפערען אויף אירגענד וועלכע פראגע, וואס מען שטעלט איהם. דער געזעץ איז, דאס ניט דיא פאליציי, ניט דער דיסטריקט אטארני און ניט דיא ריכטער אין קאורט האבען א רעכט צו צווינגען א פארברעכער, ער זאל זיי געבען אירגענד וועלכע אינפארמיישאנס ווענען דעם פארברעכען. דיא פאליציי היט דעם געזעץ ניט אפ. עס איז א בעוואוסטער פאקט, אז דיא דעטעקטיוום בענוצען זיך מיט מיטלען פון אינקוויזיטארס ארויסצוציהען א וידוי פון ארעסטירטע פערזאנען, ווען זיי זיינען שטארק חושד אין א פארברעכען. דיעזע מיטלען רופט מען דיא „טחוירד דיגרי“. זיי בעשטעהען פון שרעקליכע גייסטיגע מאַטערניש, וועלכע זיינען אזוי אונערטרעגליך, אז עס פאסירט אמאל, אז גאנץ אונשולדיגע מענשען זיינען זיך „מודה“ אין דיא שווערסטע פארברעכענס.

דיא דעטעקטיוום טהוען עס אבער, אבוואהל דאס איז געגען דעם געזעץ. אין דיא מעהרסטע פעללע זיינען דיא ארעסטירטע ארימע מענשען, וועלכע האבען ניט ווער עס זאל זיך פאר זיי אנענעהמען, און דארום קענען מיט זיי דיא דעטעקטיוום טהאן וואס זיי ווילען. מיט רייכע ארעסטירטע נעהמען זיך דיא דעטעקטיוום אזוינע רעכטע ניט.

דער טרייעל פאר דער דזשורי ווערט געפיהרט אויפ'ן זעל־בען ארט וויא אין דיא דזשורי טרייעלס אין סיוויל קייסעס. דער אונטערשיעד איז מעהר ניט ביים אויסקלייבען די דזשורי־לייט. אין קרימינאל קייסעס געדויערט דיעזער אויסקלייבען אביסעל לענגער. יעדער דזשורי קאנדידאט ווערט עקזאמינירט פון דעם דיסטריקט אטאָרני און פון דעם לאָיער פון דער פאר־טהיידיגונג. אויב דער קאנדידאט גיט צו, אז ער האָט אַ בע־שטימטע מיינונג, אז דער אָנגעקלאָגטער איז געוויס שולדיג אדער געוויס ניט שולדיג, ווערט ער גע'פסל'ט. דער דזשאַדזש אליין פסל'ט איהם. דער דזשאָדזש קען אויך צוריקווייזען דזשו־רי קאנדידאטען צוליעב אנדערע אורזאכען. אייגענטליך האָט דער דזשאַדזש דיא פולע רעכט אָנצונעהמען אדער צוריקצווייזען וואס פאר א דזשורי לייט ער וויל. דער לאָיער פון יעדען צד האָט אויך א רעכט צו פסל'ענען א געוויסע צאָהל דזשורי קאנדידא־טען גאָר אָהן א שום אורזאכע. נאָכדעם וויא ער פסל'ט דיא צאָהל, וואס דער געזעץ ערלויבט איהם, מוז דער לאָיער אָננעה־מען דיא דזשורי לייט וואס דער דזשאָדזש הייסט איהם אָנ־נעהמען.

דער דיסטריקט אטאָרני אדער זיינער אן אסיסטענט פאנגט אָן דעם טרייעל מיט אַ רעדע צו דער דזשורי. אין דיעזער רעדע דערצעהלט ער אין וואס פאר אַ פערברעכען דער ארעס־טירטער איז אנגעקלאגט געוואָרען און גיט אן אויסצוג פון דיא בעווייזע, וואס ער האט אין זינען פאָרצולייגען. נאכדעם וויא ער ענדיגט דיעזע רעדע הויבט ער אָן פאָרצורופען זיינע עדות. ער שטעלט דיעזע עדות פראגען און זיי ענטפערען. דיא פראַ־גען זיינען, נאטירליך, אזוינע, אז דיא אַנטוואָרטען אויף זיי בעווייזען געוויסע פאקטען, וועלכע זיינען נויטיג פאר דער אנ־קלאַגע. אָט, צום ביישפיעל, זיינען איינינע פראגען, וואס דער דיסטריקט אטאָרני האט געשטעלט דיא עדות ביי דעם בע־ריהמטען „טרייענגעל פייער“:

„האט איהר געארבייט אין שאפ בשעת דער פייער האט אויסגעבראָכען?“

אַנטוואָרט: „יעס“.

„וואס האט איהר געטהאָן, ווען איהר האט געהערט דעם געשריי פייער?“

„איך בין געלאָפען צו דער וואשינגטאָן פּליים טהיר“.

„זייט איהר דורך דיעזער טהיר ארויסגעלאָפען?“

„ניין!“

„פארוואס נים?“

„ווייל דיא טהיר איז געווען פערשלאָסען“.

נאכדעם וויא דער דיסטריקט אטאָרני ענדיגט אויספרעגען דעם עדות, האט דער לאָיער פון דער פערטהיידיגונג דאס רעכט צו שטעלען דעם עדות פראגען און טרייען צו מאכען דעם עדות ער זאָל זיך ווידערשפּרעכען, אדער זאָל צוגעבען פאקטען, וועל־כע זיינען פאר דער פערטהיידיגונג וויכטיג. דעם דיסטריקט אטאָרני'ס אויספרעגען דיא עדות הייסט דער „דירעקטער פער־הער“, דער אויספרעגען פון דעם אנדערען צד הייסט „דער קרייץ־פעהרער“.

ווען דער דיסטריקט אטאָרני ווערט פארטיג מיט זיינע עדות און לעגט פאָר אלע זיינע בעווייזע, וואס ער האט, הויבט דיא פערטהיידיגונג אָן פאָרצולעגען איהר צד. און זיא טהוט עס אויפ'ן זעלבען ארט וויא דיא אנקלאגע. פריהער האלט דער לאָיער א רעדע פאר דער דזשורי, אין וועלכער ער גיט אן אויסצוג פון דער פערטהיידיגונג און פון דיא עדות און בעווייזע, וואס ער דענקט פאָרצוברייננגען, דאן רופט ער פאָר זיינע עדות איינ־ציגווייז און שטעלט זיי פראגען, וועלכע זיי ענטפערען. ווען ער ענדיגט דעם דירעקטען פערהער, נעהמט זיי דער דיסטריקט אטאָרני אויף א קרייץ־פערהער. דער דיסטריקט אטאָרני טרייט אבצושוואכען דיא עדות פאר דער פערטהיידיגונג, גראדע אזוי וויא דער פערטהיידיגונגס־לאָיער האט געזוכט אבצושוואכען דיא עדות פאר דער אנקלאגע.

ביים אויספרעגען דיא עדות קומען זעהר אָפט פאָר צוזאַ־מענשטויסע צווישען דיא לאָיערס פון ביידע צדדים. ניט אַלעס מעג א לאָיער פרעגען אן עדות. יעדע פראגע מוז האבען א

שייכות צו דער קיים, אויב ניט, קען דער צווייטער צד פראָטעסטירען, און בעפוילען דעם עדות ער זאָל אויף איהר ניט ענטפערען. עס איז אבער ניט אימער זעהר לייכט צו בעשטימען צי א געוויסע פראַגע האט א שייכות צו דער קיים צי ניט. דיעזע פראַגען ווערען ענטשיעדען פון דזשאָדזש. דער לאָיער, וועלכער ליידעט פון דעם דזשאָדזש'ס ענטשיידונג, האט א רעכט צו ערקלערען, אַז ער שטימט ניט איין מיט איהר. ער מעג נאָכ'ן טרייעל, אויף דעם גרונד פון דיעזע אויסזעצונגען זיינע, אפּעלירען אין א העכערען קאָורט פאר א נייעם טרייעל. אויב דער העכערער קאָורט געפינט אויס, אַז דער לאָיער האט ווירקליך רעכט געהאַט, אַז דעם דזשאָדזש'ס ענטשיידונג איז טאַקי ניט געוועזן קיין גערעכטע, בעפרידיגט ער (דער קאָורט) דעם לאָיער'ס אַפּיעל און בעפעהלט, דיא קיים זאָל נאָך אַמאָל פראָצעסירט ווערען.

ווען ביידע צדדים ווערען פארטיג מיט זייערע עדות און בעווייזע, האַלטען דיא לאָיערס די שלום־רעדעס פאר דער דזשורי. דער לאָיער פאר דער פערטהיידיגונג רעדט דער ערשטער. נאָך איהם רעדט דער לאָיער פאר דער אנקלאַגע, דאס הייסט, דער דיסטריקט אַטאָרני. אין דיעזע רעדעס טרייען ביידע לאָיערס צו ווירקען אויף דיא מחות און אויף דיא הערצער פון דיא דזשורי־לייט. עס פּאַסירט אָפט, אַז דיא שלום־רעדע פון א לאָיער מאַכט א טיעפערען איינדרוק וויא אַלע בעווייזע, וואס ער האט פאָרגעלייגט אין פערלויף פון דעם טרייעל.

נאָך דיא לאָיערס רעדט דער דזשאָדזש. ער מאַכט א סך־הכל פון דיא בעווייזע, וואס ביידע צדדים האבען געבראַכט. ער פערזאָגט דיא דזשורי לייט, אַז זיי מוזען זיין פאָלקאָם איבערצייגט, אַז דער אנגעקלאַגטער האט געטהאָן דעם פערברעכען אויף א געוויסען אַרט, אונטער געוויסע אומשטענדען, איידער זיי וועלען איהם געפינען שולדיג. ער ערקלערט זיי דעם געזעץ וועגען דעם פערברעכען. אמאָל זיינען אין דעם זעלבען פערברעכען דאָ עטליכע גראַדען. עס ווענדעט זיך וויא אַזוי דער פערברעכען איז בעגאַנגען געוואָרען. דער דזשאָדזש מוז דאס

אַלץ קלאָהר מאַכען פאַר דיא דזשורי ליוט, כדי זיי זאָלען ניט פערגעסען דעם אַנגעקלאַגטען צו אַ לייכטערע אָדער אַ שווערערע שטראָף וויא ער פערדיענט.

דער שיקזאַל פון דעם אַנגעקלאַגטען ווענדעט זיך זעהר פיעל אָן דיעזער רעדע, וואס דער דזשאַדזש האַלט. דיא דזשורי־ליוט פאָלגען געוועהנליך וואס דער דזשאַדזש הייסט זיי, און כאָטש ער זאָגט זיי ניט אויסדריקליך וואס פאַר אַן אורטהייל ארויסצוטראָגען, פערשטעהען זיי אָבער פון זיינע רייד, וואס פאַר אַן אורטהייל ער ערוואַרטעט.

ווען דער דזשאַדזש ענדיגט זיין רעדע, ווערט דיא קייס איבערגעגעבען אין דיא הענד פון דער דזשורי. דיא צוועלף לייטע געהען אריין אין אַן אַפּגעזונדערטען צימער און זיינען זיך צווישען זיך מישב, וואס פאַר אַן אורטהייל ארויסצוגעבען. דיא בעראַטהונג איז אַ געהיימע, דיא טהירען פון דעם צימער זיינען פערשלאָסען און בעוואַכט. אויב אַלע צוועלף לייטע אייניגען זיך אויף איינעם און דעם זעלבען אורטהייל איז גוט; אויב אָבער עס איז דאָ אירגענד וועלכע פערשיעדענהייט צווישען זיי, קענען זיי קיין אורטהייל ניט ארויסגעבען. עס פּאַסירט אַמאָל, אַז אַלע דזשורי לייט האַלטען, דאס דער פערברעכער איז שולדיג. איי־ניגע פון זיי אָבער ווילען, ער זאָל בעקומען אַ שווערע שטראָף און אייניגע ווילען, ער זאָל קריגען אַ לייכטערע שטראָף. דיא ערשטע ווילען איהם ערקלערען שולדיג אין אַ הויכען גראַד, און דיא אַנדערע—אין אַ ניעדעריגערען גראַד. וויבאַלד אַלע זיינען ניט איינפערשטאַנען אויף דעם גראַד פון פערברעכען, קענען זיי קיין אורטהייל ניט ארויסגעבען. זיי קענען ערקלערען, אַז זיי אַלע האַלטען דעם אַנגעקלאַגטען פאַר שולדיג און לאָזען עס אי־בער פאַר'ן דזשאַדזש, ער זאָל בעשטימען אויף וויא וויט זיין שולד גרייכט.

ווען דיא דזשורי לייט אייניגען זיך אויף אַן אורטהייל, קומען זיי צוריק אריין אין קאָורט־זאַל און דער פאָרמאַן פון דער דזשורי ערקלערט וואס דער אורטהייל איז. אויב זיא געפינט דעם אַנגעקלאַגטען „ניט שולדיג“, ווערט ער גלייך בעפרייט.

אפּעלירען געגען אזא אורטהייל קען דער דיסטריקט אטאָרני ניט. אויב דיא דזשורי ערקלערט איהם שולדיג, דאַן בלייבט עס איבער פאַר'ן דזשאַדזש ארויסצוגעבען דעם פּסק. געוועהנליך ווערט דער פּסק ארויסגעגעבען עטליכע טעג נאכדעם וויא דיא דזשורי פּעראורטהיילט דעם פּערברעכער.

פאַר יעדען פערברעכער בעשטימט דאס געזעץ א „מינימום“ און א „מאַקסימום“ שטראָף. פאַר דעם צווייטען גראַד מאָרד, צום ביישפּיעל, איז דיא קלענסטע שטראָף 20 יאהר אין פּריזאָן און דיא העכסטע שטראָף איז לעבענסלענגליכע געפענגניס. דיא דזשורי קען ניט בעפעהלען דעם דזשאָדזש צי ער זאָל דעם פּערברעכער געבען דיא שווערסטע אדער דיא לייכטסטע שטראָף. דאס איז דעם דזשאָדזש'ס זאַך. דער דזשאָדזש נעהמט אין אנבעטראַכט דיא אומשטענדען, אונטער וועלכע דער פּערברעכען איז בעגאַנגען געוואָרען און מאַכט דעם פּסק לייכט אדער שווער.

בלויז פאַר איין פּערברעכען האט דער דזשאָדזש קיין אויס־וועג ניט און מוז געבען דעם פערברעכער דיא שווערסטע שטראָף. און דיעזער פערברעכען איז מאָרד אין ערשטען גראַד. אויב א דזשורי געפינט אן אנגעקלאגטען שולדיג א'ן ערשטען גראַד מאָרד, מוז איהם דער דזשאָדזש פּעראורטהיילען צום טוידט.*)

ווען אן אנגעקלאגטער ווערט געפונען שולדיג, זיינען זיינע האָפנונגען נאָך ניט אין גאַנצען פערלאָרען. ער קען אפּעלירען אין א העכערען קאָורט און פאָדערען, אַז דער אורטהייל זאָל אפּ־געשאַפט ווערען. וויא עס איז שוין אויבען אנגעוויעזען געוואָרען, מוז דער אַפּיעל געמאַכט ווערען אויפ'ן גרונד, אַז דער דזשאָדזש האט ניט ריכטיג געפיהרט דעם טרייעל, ווען ער האט צוגעלאָזען

*) אין דיא פאָלגענדע פינף סטייטס: מעין, מישיגען, וויסקאנסין, רהאָוד איילענד און קענזעס, איז דיא טוידט־שטראָף אין גאַנצען אפּגעשאַפט. א פערברעכער, וועלכער ווערט דאָרטען פּעראורטהיילט אין ערשטען גראַד מאָרד, בעקומט אַלס דיא שווערסטע שטראָף לעבענסלענגליכע געפענגניס. דיא סאָציאַליסטען זיינען געגען טוידט־שטראָף און זייערע פערטרעטער אין דיא פערשיעדענע לעדזשיסלייטשורס פון דיא סטייטס ברייגנען אריין בילס אבצושאַפען דיעזע שטראָף. אין דעם יאהר 1912 איז דער גאָווער־נאָר פון ניו יאָרק, דזשאָהן דיקס, ארויס מיט אן ערקלעהרונג, אַז ער וואָלט וועלען דיא לעדזשיסלייטשור זאָל אננעהמען א ביל אבצושאַפען דיא טוידט־שטראָף אין דיעזען סטייט.

אדער ניט צוגעלאזען געוויסע בעווייזע, און ענדליך, אויב דער אפיעל ווערט צוריקגעוויעזען, קען ער ווידער אפעלירען אין א העכערען קאורט, און דאן אין נאך א העכערען, ביז דיא סאמע העכסטע. אויב ער ווערט אויך דארטען צוריקגעוויעזען, האט דער פעראורטהיילטער קיין אנדער ברירה ניט. ער מוז געהן זיצען. ער קען, זיצענדיג אין פריזאן, זיך ווענדען צום גאווער־נאר ער זאל איהם פערצייהען. עס פאסירט אבער זעלטען דער גאווערנאר זאל אזא ביטע בעפריעדיגען.

אויב דער אפיעל אין א העכערען קאורט ווערט בעפריעדיגט, דאן ווערט דער אנגעקלאגטער גע'משפט א צווייטען מאל. דאס זעלבע פאסירט, ווען דיא דזשורי קען זיך ניט אייניגען אויף אן אורטהייל. דער דזשאדזש הייסט דאן דיא דזשורי לייט געהן אהיים, און מען קלייבט אויס אן אנדער דזשורי און מען מאכט דעם גאנצען טריעל איבער־א־נייעס.

נאכ'ן געזעץ נאך מעג דער דיסטריקט אטארני שטעלען אן אנגעקלאגטען צום טריעל אפילו צעהן מאל, כל זמן דיא דזשורי אייניגט זיך ניט. עס איז אבער איינגעפיהרט, אז אויב די דזשורי אייניגט זיך ניט ביים ערשטען און צווייטען טריעל, לאזט מען דעם אנגעקלאגטען ארויס פריי. דיא אורזאכע איז איינפאך דאפיר, ווייל יעדער טריעל קאסט אפ דער רעגיערונג א שטיק מיט געלד, און עס לוינט זיך ניט צו ספענדען צופיעל צו פעראורטהיילען איין פערברעכער. און דערצו איז עס אימער שווערער צו פער'משפט'ען א פערברעכער ביים צווייטען טריעל וויא ביים ערשטען, און ביים דריטען וויא ביים צווייטען. דער דיסטריקט אטארני רעכענט אויס, אז וויבאלד איהם איז ניט געלונגען צו פעראורטהיילען דעם פערברעכער ביים ערשטען און ביים צווייטען טריעל, וועט עס איהם ניט געלינגען ביים דריטען טריעל אויך צו פעראורטהיילען איהם.

דעם אנגעקלאגטען אליין קען דיא אנקלאגע פאר קיין עדות ניט פאררופען. ווען זיא איז זאגאר זיכער, אז דורך געוויסע פראגען וואלט זיא איהם געצוואונגען ער זאל אליין מודה זיין אין זיין פערברעכען, קען זיא איהם אויפ'ן וויטנעס־סטענד ניט

רופען. דיא פערטהיידיגונג אבער קען איהם יע פאָררופען אלס עדות. זיא מוז אבער אין זינען האבען, אז קוים מאַכט זיא איהם פאר אן עדות, וועט זיא מוזען ערלויבען דיא אנקלאַגע זאָל איהם נעהמען אויף א קרייץ־פערהער און איהם שטעלען וואס פאר א פראַגען זיא וועט נאר וועלען. דיא פערטהיידיגונג ריזיקירט זעלטען דערמ'ט, סיידען זיא האט קיין אַנדער ברירה ניט און סיידען זיא פיהלט זיכער, אז דער אנגעקלאגטער וועט מאַכען א גוטען איינדרוק אויף דער דזשורי. ניט איינמאָל האט פאַסירט, אז א פערברעכער האט פערלאָרען דיא קייס דורך דעם, וואס ער איז אליין או'פגעטראָטען אלס עדות פאר זיך. ער האט געגעבען דער אנקלאַגע דיא געלעגענהייט איהם אויסצו־פרעגען ביים קרייץ־פערהער און צו בעוויזען זיין שולד דורך דיא אַנטוואָרטען, וואס ער אליין האט געגעבען אויף איהרע פראַגען.

---

קאַפּיטעל 27.

### וואס הייסט א „קאונטי״? וויא אַזוי ווערט זיא רעגיערט.

צוליעב ריין־פראַקטישע צוועקען, אַז דיא רעגיערונגס־אר־בייט, דיא פערוואַלטונג פון דער סטייט זאָל קענען געטהאָן ווע־רען בעסער און לייכטער, ווערט דיא סטייט צושניטען אין טהייל־לען, וויא מען רופט עס אָפיציעל, אין „קאונטיס״. דיא איינ־וואָהנער פון יעדער קאונטי ערוועהלען פאר זיך געוויסע בעאַמטע, וואס אַטענדען דאָרטען צו געוויסע רעגיערונגס־ארבייט. דיא בעאַמטע פון איין קאונטי קענען זיך אין דיא אנגעלעגענהייטען פון דער צווייטער קאונטי ניט מישען.

געדענקען מוז מען שטענדיג, דאס דיא סטייט רעגיערונג איז דיא גאַנצע בעל הבית'טע איבער דער סטייט. א גרויסע טהייל פון פערוואַלטונגס־ארבייט טהוט זיא אליין, דורך אייגענע

באארדס אדער קאמישאנס. ווען זיא וואלט וועלען, וואלט זיא געקענט אליין אטענדען צו אלעס און אבשאפען דיא קאונטיס און דיא קאונטי־בעאמטע. נאר, וויא געזאגט, דאס איז ניט פראקטיש. אונטער דער איצטיגער סיסטעם ווערט דיא ארבייט געטהאן שנעלער און בעסער. און דיא איינוואהנער זיינען מיט דיעזער סיסטעם אויך מעהר צופריעדען. דיא בירגער פון יעדער קאונטי פיהלען, אז זיי האבען זייערע אייגענע פערוואלטער, וועמען זיי אליין האבען אויסגעקליעבען. זיי פיהלען, אז זיי קענען זיך אויף דיעזע לייט בעסער פערלאזען, וויא אויף מענשען וואס ווערען עלעקטעט פון אלע בירגער פון דער גאנצער סטייט מיט אמאל.

אבער דיא סטייט־רעגיערונג, דאס הייסט, דיא לעדזשי־סלייטשור און דער גאווערנאר, קענען מיט דיא קאונטיס און מיט דיא בעאמטע פון דיא קאונטיס טהאן וואס זיי ווילען. אין דיא מעהרסטע סטייטס קען דיא לעדזשיסלייטשור צו יעדער צייט אבשאפען דיא אלטע קאונטיס און מאכען נייע, צונויפשטעלען צוויי קאונטיס אין איינער און צושפאלטען איין קאונטי אין צוויי. אין אייניגע סטייטס איז עס נויטיג, אז דיא איינוואהנער פון דיא קאונטיס זאלען געבען זייער צושטימונג איידער דיא לעדזשיסלייטשור קען מאכען אירגענד וועלכע ענדערונג. אין לואיזיאנא סטייט איז דאס אזוי שטרענג, אז אויפלעזען א קאונטי אין גאנצען, דאס הייסט, פערשמעלצען איהר אין א צווייטע, קען מען ניט, סיידען צוויי דריטעל פון דיא איינוואה־נער גיבען זייער צושטימונג.

דיא קאנסטיטושאנס פון מאנכע סטייטס ענטהאלטען געוויסע געזעצע, וואס בעגרענצען דיא מאכט פון דער לעדזשי־סלייטשור אין בעצוג צו מאכען נייע קאונטיס. זיי שרייבען, צום ביישפיעל, פאר, אז יעדע נייע קאונטי מוז האבען א געוויסען שטח און מוז האבען א געוויסע צאהל איינוואהנער. דיא מעהר־סטע פון דיעזע קאנסטיטושאנס פאדערען, דאס זייער גרויס זאל זיין ניט ווייניגער וויא 400 קוואדראטנע מייל. אין טעקסעס מוזען זיי זיין ניט ווייניגער וויא 700 קוואדראטנע מייל. וועגען

דיא גרויס פון דער בעפעלקערונג זיינען אויך דאָ פערשיעדענע געזעצע. אין נאָרטה דאקאָטא איז געגוג, אז דיא נייע קאונטי האט איין טויזענד איינוואָהנער, ווענינער אבער ניט. אין מעריִלענד מוז זיא האבען וועניגסטענס א בעפעלקערונג פון צעהן טויזענד.

דיעזע אַלע בעגרענצונגען געפינט מען אבער בלויז אין די קליינע צאָהל סטייטס. אין אַלע איבעריגע האט דיא לעדזשיסלייטשור דיא פולע פרייע מאַכט אין דיעזער הינזיכט. זיא קען טהאָן מיט אַלטע קאונטיס וואס זיא וויל און קען צו יעדער צייט בעשאַפען נייע קאונטיס און קען זיי מאַכען וויא גרויס זיא וויל נאר אליין. דיא איינוואָהנער קענען איהר קיין שום דעה ניט זאָגען.

ניט אַלע סטייטס זיינען איינגעטהיילט גלייך. דאס הייסט, ניט אַלע סטייטס האבען דיא זעלבע צאָהל קאונטיס, און דיא קאונטיס פון דער זעלבער סטייט זיינען ניט אַלע פון דער זעלבער גרויס און האבען ניט דיא זעלבע צאָהל איינוואָהנער. ד'א סטייט טעקסעס האט 243 קאונטיס, מעהר וויא אירגענד אן אנדער סטייט. דיא קלענסטע צאָהל קאונטיס האבען, נאַטירליך, דיא צוויי קלענסטע סטייטס, דעלאַווער און רהאָוד איילענד. דיא ערשטע האט דריי און דיא צווייטע פינף. דיא וויכטיגסטע סטייטס האבען פון 60 ביז 100 קאונטיס יעדע.

דער אונטערשיעד אין דעם שטח פון דיא קאונטיס איז זעהר גרויס. אין רהאָוד איילענד איז דאָ א קאונטי, וואס פערנעהמט אין גאַנצען 25 סקוועער מייל; און, פערקעהרט, איז דאָ אין מאָנטאַנא סטייט א קאונטי, וואס פערנעהמט איבער 20 טויזענד סקוועער מייל. דורכשניטליך האבען דיא קאונטיס א שטח פון צווישען 400 און 600 סקוועער מייל.

דער אונטערשיעד אין דער בעפעלקערונג איז גאר שטויגענד. אין טעקסעס איז ניט לאַנג צוריק געווען א קאונטי, וועלכע איז בעוואָהנט געווען אין גאַנצען פון פיער פערזאָן. פערנומען האט זיא עטליכע טויזענד סקוועער מייל. אבער זיא איז כמעט אין גאַנצען געווען בעדעקט מיט געדיכטע וועלדער. אויף איין שטי־

קעל פּלאַץ האט א פאמיליע אויסגעבויט א פארם, און דיעזע פאמיליע איז בעשטאַנען פון פיער מענשען. צו דערזעלבער צייט האט דיא ניו יאָרק קאונטי, אויף וועלכער עס שטעהט א טהייל פון דער שטאָדט ניו יאָרק, געהאט א בעפעלקערונג פון איבער צוויי מיליאָן. דיא מעהרסטע קאונטים איבער'ן גאַנצען לאַנד האבען א בעפעלקערונג פון צווישען צעהן און דרייסיג טויזענד פערזאָן.

דיא מעהרסטע קאונטים בעשטעהען טהיילווייז פון פארמס און דערפער און טהיילווייז פון שטעדט און שטעדטלאך. עס זיינען אבער דאָ אייניגע פעלע, אין וועלכע דיא קאונטי בע־שטעהט אין גאַנצען פון איין גרויסע שטאָדט. צווישען דיעזע קען מען דערמאָהנען דיא פאָלגענדע: פילאַדעלפיא, סט. לואיס, באַלטימאָר, סאַן־פראַנציסקא, ניו ארלינס און דענווער. דיא שטאָדט ניו יאָרק איז גאר אן אויסנאַהמספאַל. אנשטאַט צו זיין א טהייל פון א קאונטי, שליסט זיא אין זיך איין פינף גאַנצע קאונטים.

ניט אין אַלע סטייטס האבען דיא קאונטים דיא זעלבע אויפגאַבען, דיא זעלבע בעאַמטע און דיא זעלבע מאַכט. וויא געזאָגט, זיינען זיי אין גאַנצען אונטערוואָרפען אונטער דיא סטייט לעדזשיסלייטשורס. אין יעדער סטייט בעשטימט דיא לעדזשיסלייטשור פונקט וויפיעל מאכט און וויפיעל אויפגאַבען דיא קאונטי זאָל האבען. אין אַלגעמיין גערעדט איז דיא קאונטי זעהר וויכטיג און זעהר שטאַרק אין דיא סאוטה. אין דיא ניו־ענגלאַנד סטייטס האַלט מען פון איהר וועניגער און דיא לעדזשי־סלייטשורס דאַרטען גיבען איהר וואס וועניגער מאכט און וואס וועניגער אויפגאַבען אין דיא רעגיערונגס־פערוואַלטונג. (וואָרום דאס איז אזוי, ווערט בעשפּראָכען אויף אן אַנדער פּלאַץ).

דיא פערוואַלטונג פון דיא קאָורטס און דיא אויפפּאַסונג אויף דיא פּריזאָנערס בעלאַנגט אין אַלע סטייטס צו די קאונטים. יעדע קאונטי האט אייגענע קאָורטס. דיא איינוואָהנער דאָרטען ערוועהלען דיא נויטיגע קאָורט־בעאַמטע. אין יעדע קאונטי זיינען אויך דאָ דזשיילס און דיא איינוואָהנער דאָרטען ערוועה־

לען דיא דזשייל־בעאמטע. מיט זעהר וועניג אויסנאהמען האט יערע קאונטי א דזשאדזש, וואס גיט זיך אב מיט פראגען וועגען ירושות אין דער קאונטי. אין יעדער קאונטי איז אויך דא א רע־גיערונגס־אפיס, וואו עס ווערט פערשריעבען אלע ריעל־עסטייט געשעפטען, וואס ווערען אבגעטהאן אין דער קאונטי. אויב אימיצער פערקויפט א הויז אדער א לאט, אדער ער פערדינגט דיא הויז אדער דעם לאט אויף ליעס, ווערט עס גלייך איינגע־שריעבען אין דיא ביכער אין דיעזען אפיס. און דיעזע ביכער זיינען פריי אפען פאר יעדען, כדי יעדער זאל לייכט קענען אויס־געפינען צו וועמען געוויסע ריעל עסטייט געהערט. דיא בעאמ־טע פון דיעזען דעפארטמענט זיינען ערוועהלט פון דיא איינוואה־נער פון דער קאונטי.

אין אלע, אויסער דיא זעקס ניו ענגלאנד סטייטס, גיבען זיך דיא קאונטי בעאמטע אב מיט בויען און פיקסען דיא וועגען און דיא בריקען פון דער קאונטי. אין דיא מייסטע סטייטס זיינען זיי אויך דיא אויפזעהער איבער דער רעגיערונגס צדקה־אנשטאלטען. אין דיא סטייטס פון דיא סאוטה ווערען דיא סקוהלס פערוואלטעט דורך קאונטי בעאמטע.

אין פינאנציעלע אנגעלעגענהייטען איז דיא קאונטי גאנץ וויכטיג. איהרע רעגיערונגס־עקספענסעס צאהלט זיא דורך טעקסעס, וואס זיא לעגט אליין ארויף און קאלעקטעט אליין פון איהרע איינוואהנער. אין פיעלע סטייטס קאלעקטען איהרע בעאמטע דיא טעקסעס פאר דער סטייט רעגיערונג.

דיא קאונטי שפיעלט אויך א ראלע אין פאליטיקס. אין עלעקשאן צייט ווערט יעדע קאונטי בעטראכט אלס א דיסטריקט. קאונטי בעאמטע דארפען זעהן דיא וואהלען זאלען צוגעהן גע־זעצליך, און זיי שיקען אריין דיא רעזולטאטען פון דיא וואהלען אין זייער דיסטריקט. דיא פאליטישע פארטייען אנערקענען דיא וויכטיגקייט פון דער קאונטי אין דיעזער הינזיכט און זיי האבען דארום אין יעדער קאונטי א ספעציעלע קאמיטע, דיא „קאונטי קאמיטע", וועלכע פערנעהמט א וויכטיגען פלאץ אין דער אלגעמיינער סטייט ארגאניזאציאן.

קיין געזעצע פאר זיך קען דיא קאונטי ניט מאכען. דאס געהערט אין גאנצען צו דער סטייט לעדזשיסלייטשור. דיא קאונטי איז ארגאניזירט אום צו פיהרען דיא פערוואלטונג, דיא רעגיערונגס־געשעפטען, און זיא מוז דאס זאגאר טהאן וויא דיא לעדזשיסלייטשור בעפעהלט איהר. דאך מאנכעס מאל לאזט דיא לעדזשיסלייטשור אליין איבער געוויסע געזעץ־פראגען פאר דיא איינוואהנער פון דער קאונטי, זיי זאלען אליין בעשטימען וויא דער געזעץ אין זייער דיסטריקט זאל זיין. אין דיא סאוטה, צום ביישפיעל, ווערט דיא פראגע פון האנדלען מיט שנאפס און ביער ענטשיעדען אין יעדע קאונטי בעזונדער דורך אן אלגע־מיינע אבשטימונג. אויב דיא איינוואהנער וואוטען, אז דער האנדעל זאל פערבאטען ווערען, ווערט עס אין יענער קאונטי פערבאטען. אויב זיי וואוטען ער זאל ווייטער אנגעהן, געהט ער אן.

---

## דיא קאונטי בעאמטע.

ניט אין אלע סטייטס איז דיא קאונטי רעגיערונג פון דיא זעלבע וויכטיגקייט. אין דיא סאוטה האט זיא פיעל מעהר אויפגאבען וויא אין דיא ניו־ענגלאנד סטייטס. דיא צאהל בע־אמטע און די אויפגאבען פון דיא בעאמטע זיינען דארום פער־שיעדען אין פערשיעדענע סטייטס. מיט צוויי אויסנאהמס בלויז האט יעדע סטייט א קאונטי באארד, וועלכע בעשטעהט פון עטליכע ערוועהלטע בעאמטע. דיעזע קערפערשאפט גיט זיך אפ מיט דיא אלגעמיינע פערוואלטונגס ארבייט און מיט קאל־לעקטען טעקסעס פאר דיא רעגיערונגס עקספענסעס.

אין א סך סטייטס ערוועהלט יעדע קאונטי איהר דזשאדזש, איהר דיסטריקט אטארני, שעריף, טרעזשורער, קאראנער, און פיעלע אנדערע בעאמטע. אין איניגע סטייטס גיט די קאונטי אכטונג אויף דעם געזונדס צושטאנד פון דיא איינוואהנער, און דארטען ערוועהלען דיא בירגער „העלטה קאמישאנערס“. אין

עטליכע סטייטס פון דיא סאוטה איז דא אין יעדע קאונטי א ספעציעלער טעקס קאלעקטאר.

דיא קלענסטע ראלע שפיעלט דיא קאונטי אין רהאוד איילאנד סטייט. דארטען זיינען דא בלויז צוויי קאונטי בעאמטע, דער שעריף און דער קאונטי קלארק, און זיי זאגאר ווערען ניט ערוועהלט פון פאלק. דיא לעדזשיסלייטשור אפאינטעט זיי אללע יאהר. אין קאנעקטיקוט סטייט ווערען אויך כמעט אללע קאונטי בעאמטע אפאינטעט. דיא איינוואהנער ערוועהלען בלויז דעם שעריף.

אלע סטייטס, אויסער רהאוד איילענד, האבען קאונטי־באארדס, וועלכע גיעבען זיך אפ מיט דיא אלגעמיינע פערוואלטונגס ארבייט. זיי פארנעהמען אונגעפעהר דעם זעלבען פלאטץ וואס דיא לעדזשיסלייטשור פערנעהמט אין דער סטייט רעגיערונג, כאטש זיי קענען פאר דער קאונטי קיין געזעץ ניט מאכען. אין קאנעקטיקוט סטייט ווערען דיא מעמבערס פון דיעזער באארד אפאינטעט פון דער לעדזשיסלייטשור, אין אלע אנדערע סטייטס ווערען זיי אבער ערוועהלט פון פאלק. דער טערמין זייערער איז ניט איבעראל דער זעלבער. אין מאנכע סטייטס זיינען זיי איין יאהר בלויז, אין מאנכע צוויי, אין מאנכע דריי, אין אייניגע זעקס יאהר.

אין דיא מעהרסטע סטייטס איז דיעזע באארד זעהר קליין. זיא בעשטעהט דארטען פון דריי, פינף אדער זיעבען מעמבערס. אין אייניגע פון דיא גאר גרויסע סטייטס, וויא צום ביישפיעל ניו־יארק, ניו־דזשוירזי, וויסקאנסין און איללינאיז, זיינען דיא באארדס זעהר גרויס. אין מאנכע קאונטים דארטען גרייכט דיא צאהל פון דיעזע באארד מעמבערס ביז איבער פופציג. די אורזאכע דערפון איז דיעזע: דארטען שיקט יעדע שטאדט, שטעדטעל און דערפעל אין דער קאונטי איינעם אדער עטליכע פארטרעטער אין דער באארד. און אין א גרויסע קאונטי מאכט זיך אפט, אז דיא צאהל פון אזוינע שטעדטלאך גרייכט זעהר הויך. אין דיעזע סטייטס קומט אפט אויס, אז די גרויסע שטעדט קריגען ניט דיא ריכטיגע אנערקענונג אין דיא קאונטי

באארדס. יעדע קליינע דערפעל מיט א הייפעלע איינוואהנער שיקט א פארטרעטער, און דיעזע קאונטי פארשטעהער זיינען צוזאמען פיעל מעהר וויא דיא פארשטעהער פון דיא גרויסע שטעדט, טראץ דעם וואס דיא גרויסע שטעדט קריגען געוועהנ־ ליך דאס רעכט צו שיקען מעהר וויא איין פארטרעטער אין דער באארד. דיא שטאדט באפלא האט אכציג פראצענט פון דער בעפעלקערונג פון אירי קאונטי (זיא איז א טהייל פון דיעזער קאונטי), פארטרעטער אין דער באארד האט זיא אבער בלויז 50 פראצענט. דיא שטאדט שיקאגא האט נאך א לאנגען קאמפף אויסגעפיהרט, אז זיא זאל ערוועהלען צוויי דריטעל פון די מעמבערס פון דער קוק קאונטי, אין וועלכע זיא געפינט זיך.

א קאונטי וועלכע בעשטעהט פון איין שטאדט האט גארניט קיין קאונטי באארד. באסטאן, צום ביישפיעל, איז אליין א גאנצע קאונטי. עס איז דארום דארטען ניט נויטהיג צו האבען א קאונטי באארד. דיא שטאדט רעגיערונג האט דאך א באארד אוו אלדערמען, און זיא קען שוין אטענדען צו דיא אללע פערוואלטונגס אנגעלעגענהייטען. דאס זעלבע איז מיט דער שטאדט ניו־יארק, וועלכע בעשטעהט פון פינף קאונטים. דיעזע קאונטים שליסען קיין אנדערע וויא דיא שטאדט ניט איין. עס איז דארום גאנץ איבעריג צו האבען דארטען אי א קאונטי באארד אי א באארד אוו אלדערמען.

דיא איבעריגע קאונטי בעאמטע, ווי צום ביישפיעל, שע־ ריף'ס און דיסטריקט אטארנים, ווערען אין דיעזע שטעדט אבער יע ערוועהלט גראדע וויא אין אנדערע קאונטים. אין ניו־ יארק האט יעדע פון דיא פינף קאונטים איהר דיסטריקט את־ טארני, איהר שעריף, איהר קאראנער, איהר קאונטי קלויוק און זא ווייטער.

דיא אויפגאבען פון דער באארד זיינען ניט איבעראל דיי־ זעלבע. זייער וויכטיגסטע ארבייט בעשטעהט אין קאנטראלי־ רען און מענעדזשען דיא פינאנסען פון דער קאונטי רעגיערונג. כמעט אין אלע סטייטס האט דיא באארד דיא מאכט צו בע־ שטימען וויפיעל יעדער איינוואהנער זאל צאהלען טעקסעס און

שיקען מענשען דיעזע טעקסעס צו קאָלעקטען. אין מאַנכע סטייטס האָט זיא אויך אַ רעכט צו פאָדערען, אז געוויסע ביזנעסען זאָלען מוזען ארויסנעהמען אַ לייסענס און באצאָהלען דער רעגיערונג אַ געוויסע סוממע געלד דאפיר. באָרגען געלד אויף באָנדס קען דיא קאונטי באָארד כמעט ערגעץ ניט, סיידען דיא לעדזשיסלייטשור גיט איהר דערצו ספעציעלע ערלויבניס.

דיא באָארד בעשטימט אויך וואָס צו טאָהן מיט דיא געלד וואָס זיא זאמעלט דורך דיא טעקסעס. אַ טהייל פון דיא געלד ווערט פארברויכט אויף אויסצאָהלען דיא געהאלטען צו פערשיעדענע קאונטי בעאמטע. דיא קאורטס און דיא דזשיילס און אנדערע רעגיערונגס געביידען פון דער קאונטי ווערען געבויט, געפיקסט און אויסגעהאלטען מיט דיעזע געלד.

אין פיעלע סטייטס האָט די באָארד אלס איהר אויפגאַבע צו בויען און צו פיקסען וועגען און בריקען. אין יענע סטייטס ווערט נאַטירליך אַ גרויסע טהייל פון דיא איינגעקאָלעקטעטע געלד פארברויכט אויף דיעזען צוועק.

אין דיא מעהרסטע סטייטס בויט דיא קאונטי רעגיערונג אנשטאלטען פיר איהרע אָרימע לייט. אין מאַנכע פלעצער זיינען דאָ קאונטי האספיטאלס זאָגאר. אין די סאוטה און אין דיא וועסט, וואו דיא קאונטי ווערט אנערקענט אלס אַ וויכטיגע רעגיערונגס אפטהיילונג, האָט דיא באָארד דיא קאנטראָל איבער לייסענס פאר דיא סאלונס, האָטעלס, פעדלערס און אנדערע געשעפטען.

איבער דיא איבעריגע בעאמטע פון דער קאונטי האָט די באָארד כמעט ערגעץ קיין שום מאכט ניט. אין איינינע סטייטס בלויז איז זייער אויפגאבע צו אונטערזוכען דיא ביכער פון דיזע בעאמטע און זעהען צי דיא געלד חשבונות שטימט אין זיי. אין נעבראסקא סטייט האָט דיא באָארד דיא מאכט אויסצוהערען קלאגעס, וואָס דיא איינוואהנער ברייגנען געגען דיא אנדערע בעאמטע, און אויב זיא געפינט, אז אַ בעאמטער האָט זיך שלעכט אויפגעפיהרט, מעג זיא איהם אראָפזעצען. אין אינדיאנא סטייט קען זיא אראָפזעצען דעם קאונטי טרעזשורער.

דיעזע צוויי פעללע זיינען אבער אויסנאהמעס. אין אללע איבעריגע סטייטס האט דיא באארד אזא מאכט איבער דיא בעאמטע ניט.

אין דיא מעהרסטע סטייטס קאנטראלירט דיא קאונטי באארד דיא עלעקשאנס. זיא בעשטימט וואו דיא פאלינג פלעצער זאלען זיין און מאכט דיא נויטיגע באללאטס פאר דיא פערשיעדענע פארטייען. נאך דעם עלעקשאן צעהלט זיא דיא שטימען און גיט ארוים דיא אפיציעלע רעזולטאטען. דאס גיט דער באארד און דער קאונטי אין אלגעמיין א וויכטיגע פאליטישע מאכט. דיא פארטיי וואס קאנטראלירט דיא קאונטי באארדס פון א סטייט קען אין עלעקשאן צייט דורכדעם זעהר פיעל געווינען.

## דער דיסטריקט אטטארני.

דער דיסטריקט אטטארני (אין מאנכע סטייטס רופט מען איהם „פראסעקיוטינג אטארני“, אין מאנכע „סטייט אטארני“, „קאונטי אטארני“ און „סאליסיטאר“), איז איינער פון די סאמע וויכטיגסטע קאונטי בעאמטע. זיין אויפגאבע איז צו פארטרעטען אין קאורט דער רעגיערונגס אדער דעם פאלק׳ס צד אין קרימינעלע און סיוויל קייסעס. ער ווערט ערוועהלט פון דיא בירגער אין יעדער קאונטי. בלויז אין אייניגע סטייטס ווערט ער אפאינטעט פון גאווערנאר. אין קאנעקטיקוט ווערט ער אפאינטעט פון דיא דזשאדזשעס פון סופרים קאורט.

טראץ דעם וואס דיא ארבייט פון דיעזען בעאמטען בעשטעהט אין פייטען קייסעס אין קאורט, איז עס אין דיא מעהרסטע סטייטס ניט נויטהיג ער זאל זיין א לאיער. בלויז אין קענטאקי און מערילענד איז דא א פונקט אין דיא קאנסטיטושאנס, אז יעדער וואס לויפט פאר דיסטריקט אטטארני מוז זיין א לאיער. אין דיא מעהרסטע פון דיא איבעריגע סטייטס

האבען דיא קאורטס גע׳פסקנ׳ט, אז דאס פאלק קען ערוועהלען וועמען עס וויל, צי ער איז א לאיער צי ניט.

דיא הויפט ארבייט פון דעם דיסטריקט אטטארני איז צו זעהען, אז קרימינעלע פארברעכער זאלען בעקומען זייער שטראף אין קאורט. דאס הייסט אבער ניט, אז ער מוז פאר־פאלגען געזעצליך יעדערען וואס דיא פאליציי בעשולדיגט אין א פארברעכען. אויב נאך זיין מיינונג איז דער ארעסטירטער אונשולדיג, אדער ער זעהט איין אז דיא פאליציי האט געגען איהם ניט גענוג בעווייזע, קען ער הייסען איהם בעפרייען. זיין פפליכט איז צו זעהען, אז דער געזעץ זאל דורכגעפיהרט ווערען, אז יעדער וואס ווערט ארעסטירט פאר א פארברעכען זאל בע־קומען וואס ער פארדיענט. ער דארף זיך בעטראכטען אלס דער פריינד פון דעם אנגעקלאגטען פונקט אזוי וויא פון דיא קלע־גער; און אויב נאך זיין מיינונג איז דער אנגעקלאגטער אונ־שולדיג, איז עס זיין פפליכט איהם צו העלפען.

אין דיא מעהרסטע סטייטס מוז יעדער בעשולדיגטער פארגעפיהרט ווערען פאר א גרענד דזשורי איידער ער ווערט פראצעסירט. פאר דיעזער דזשורי דארף דער דיסטריקט אט־טארני פארלייגען אללע בעווייזע וואס ער האט געגען דעם אנ־געקלאגטען, און זיא בעשטימט צי מען קען איהם אויפן גרונ־פון דיעזע בעווייזע פראצעסירען. דאס נעהמט פון דיסטריקט אטטארני אוועק א גרויסע טהייל פון זיין מאכט. אויב דיא גרענד דזשורי הייסט דעם אנגעקלאגטען פערהאלטען און שטע־לען צום טרייעל, מוז דער דיסטריקט אטטארני דאס טאהן, אבער וויא באלד דער אינדייטמענט פון דער גרענד דזשורי איז גענצליך בעגרינדעט אויף דיא בעווייזע וואס דער דיסטריקט אטטארני לייגט פאר, קומט אוים אז ער קאנטראלירט דיא גרענד דזשורי סאי וויא סאי. אויב ער וויל זיא זאל קיין אינ־דייטמענט ניט ארויסגעגעבען, קען ער זיינע בעווייזע אזוי פאר־לייגען, אז זיא וועט מוזען טאהן זיין וויללען.

אין מאנכע סטייטס איז דיא גרענד דזשורי כמעט אפגע־שאפט געווארען אין גאנצען. מען רופט זיא צונויף בלויז אין

געוויסע שווערע קייסעס. אין געוויינליכע פראצעסען ווערט דיא זאך איבערגעלאזען צום דיסטריקט אטטארני. אויב ער דענקט, אז דיא בעווייזע זיינען שטארק גענוג, קען ער ארדערען א טרייעל, אויב ניט קען ער דעם בעשולדיגטען אליין בעפרייען.

דער דיסטריקט אטטארני האט עס אלס זיין פפליכט צו פארפאלגען געזעצליך רעגיערונגס - בעאמטע, וועלכע נעהמען גרעפט אדער זיינען קאררופט אויף אירגענד וועלכען ארט. עס פאסירט אבער זעלטען, דאס ער זאל דיעזע טהייל פון זיינע פפליכטען אויספיהרען. אין דיא מייסטע פעללע געהערט דער דיסטריקט אטטארני צו דער זעלבער פאליטישער פארטיי וויא דיא איבעריגע בעאמטע, און דיא פאליטישע מאשין אדער דער פאליטישער באס ערלויבט ניט אז איינער פון איהרע בעאמטע זאל פארפאלגען א צווייטען.

אויסער קרימינעלע קייסעס מוז דער דיסטריקט אטארני רעפרעזענטירען דיא סטייט אדער דיא סטייט בעאמטע, ווען זיי האבען סיוויל פראצעסען מיט פערזאנען אדער מיט קאמפאניעס. עס פאסירט, צום ביישפיעל, אז דיא קאונטי מאכט א קאנטראקט מיט א פרייוועט קאמפאניע, זיא זאל בויען פאר דער רעגיערונג א געוויסע געביידע, אדער א בריק, און די קאמפאניע ברעכט דעם קאנטראקט. דער דיסטריקט אטטארני מוז דאן אנקלאגען דער קאמפאניע פאר דעמעדזשעס און אויפטרעטען אין קאורט פאר דער רעגיערונגס צד.

אין גרויסע שטעדט איז דער דיסטריקט אטטארני זעהר א וויכטיגער בעאמטער. אין דיא לעצטע יאהרען האבען מאנכע פון זיי זיך ערוואָרבען א נאמען איבערן גאנצען לאנד צוליעב דיא וויכטיגע קייסעס אין וועלכע זיי האבען זיך בעטהייליגט. אין קאונטרי דיסטריקטען אבער האט דער דיסטריקט אטארני זעהר ווייניג צו טאהן, און גוטע לאיערס ווילען דארטען דיעזען אמט גארניט אננעהמען.

## דער שעריף.

דער העכסטער בעאַמטער אין דער קאונטי איז דער שעריף. זיין אויפגאַבע איז אַ דאָפּעלטע. ער דאַרף היטען דעם פריעדען און דיא רוהיגקייט אין דער קאונטי, און דאַרף דורכפיהרען אַלע פּסקים, וואָס דיא דזשאַדזשעס פון דער קאונטי גיבען ארויס, סיי אין קרימינעלע סאַי אין סיוויל קייסעס.

אין אַלע סטייטס אויסער איינע ווערט דער שעריף ער־וועהלט פון פאָלק. דיא איינציגע אויסנאַהמע איז רהאָוד איילענד. דאָרטען ווערט ער יעדען יאהר אַפּאָינטעט פון דער סטייט אַסעמבלי. דער טערמין זיינער איז פערשיעדען אין פער־שיעדענע סטייטס. אין ניו יאָרק און אין נאָך איינינע סטייטס דיענט ער דריי יאהר. אין דיא מעהרסטע סטייטס אָבער ווערט ער ערוועהלט אויף צוויי יאהר בלויז.

דיעזער אַמט איז ניט קיין בכבוד'ער, ער איז אַבער זעהר אַ פעטער. אין מאַנכע סטייטס קריעגט דער שעריף אַ בעשטימ־טען געהאַלט, וועלכער איז געוועהנליך גאַנץ גרויס. אין אָהאַיאָ, צום ביישפּיעל, איז דאָ אַ קאונטי, וואָס צאָהלט איהר שעריף פופצעהן־טויזענד דאָלאַר אַ יאהר. אין פיעלע אַנדערע סטייטס קריעגט דער שעריף קיין געהאַלט ניט. ער בעקומט נאָר אַ „פי“, אַ געוויסע סומע אַלס בעצאָהלונג פון יעדען בעל דין פאַר וועלכען ער פיהרט אויס אַ פּסק. אָט דיעזע „קליינע אָבצאָהלונג“ איז פאַר דיא שעריפס אַ שמאַלץ־גרוב. אין ניו יאָרק קאונטי טראָגט דאָס אַריין מעהר וויא פופציג־טויזענד דאָלאַר אַ יאהר.

דער שעריף אַפּאָינטעט אַ געוויסע צאָהל דעפּיוטי שעריפס און זיי מעגען טהאָן אַלעס וואָס דער שעריף בעאויפטראַגט זיי. אויב זיי מאַכען אָבער אַ מיסטייק, און זיי טהוען ניט ריכטיג זייערע פליכטען, איז דער שעריף דאַפיר פעראַנטוואָרטליך.

אין דיא מעהרסטע סטייטס איז איבער דעם שעריף קיין שום אויבערמאַכט ניטאָ. ער איז צו קיינעם ניט פעראַנטוואָרט־ליך. אין ניו יאָרק אבער, און אין נאָך איינינע גרויסע סטייטס, קען דער גאָווערנאָר דעם שעריף אראָבזעצען פון אַמט, אויב ער געפינט דאַפיר גענוג אורזאַכען.

דעם שעריפ׳ס ערשטע אויפגאבע „צו היטען דיא ארדנונג אין דעם פריעדען פון דער קאונטי" האט א גאנץ קליינעם פלאץ אין שטעדט. דארטען זיינען דא אנדערע, בעסערע בעאמטע וואס טהוען דיעזע ארבייט, דיא ארגאניזירטע מאכט פון דער פאליציי. אין קאונטרים אדער אין דערפער קומט ער אבער דארויף זעהר צונוץ. ווען א פערברעכען ווערט בעגאנגען אויף א פארם און דער פערברעכער אנטלויפט, איז דער שעריף מיט זיינע דעפיוטים דיא ערשטע אויפ׳ן פלאץ. דער געזעץ גיט איהם דיא מאכט אין צייט פון נויט ארויסצופאדערן אלע איינוואהנער פון דער קאונטי, זיי זאלען איהם צו הילפע קומען נעגען פערברעכער. אין פאל פון אן אלגעמיינעם אויפשטאנד, פון ראיאטען, קען זיך דער שעריף ווענדען צום גאווערנאר נאך מיליץ, און אויב דיא מיליץ איז צו ווייניג, קען ער פאדערען פון גאווערנאר, ער זאל זיך ווענדען צום פרעזידענט נאך מיליטער.

אין דיא כאוטה שפיעלט דער שעריף א וויכטיגע ראלע אין היטען דיא ארדנונג. דארטען ווערען בעגאנגען פיעלע פער־ברעכענס אין דיא קאונטרי־פלעצער און דערפער, וואו דיא פאליציי־מאכט איז זעהר א שוואכע. דעם שעריף קומט דארטען אויך אפט אוים צו בעשיצען פערברעכער אדער פערדעכטיגע פערזאנען פון לינטשערס. איבערהויפט איז דאס דער פאל ווען דיא פערברעכער זיינען ניגערס.

אבער איבעראל זיינען דיא הויפט־אויפגאבען פון דעם שעריף און זיינע דעפיוטים פערבונדען מיט דיא געריכטס־הייזער. אין יעדער קאורט מוז זיין א שעריף אדער א דעפיוטי שעריף דורכצופיהרען דיא בעפעהלען פון דיא דזשאדזשעס. ווען מען דארף אויפפאדערען אן עדות צו ערשיינען אין קאורט, אדער ארויסשיקען א ווארראנט אימיצען צו ארעסטירען, מוז דאס דורכגעהן דורך דעם שעריף אדער זיין דעפיוטי. אין סיוויל קייסעס ווערען דיא „דזשאדזשמענטס" אויפגעמאהנט דורך דיא שעריפס. אהן איהם אדער זיינעם א דעפיוטי טאר א קרעדיטאר ביים בעל חוב גאר ניט נעהמען, ווען זאגאר ער האט אין האנד א דזשאדזשמענט. אהן א שעריף טאר א לענדלארד ניט ארויס־

שטעלען זיין טענענט. ווען א דזשאַדזש'ס א פסק דארף דורכ־געפיהרט ווערען, מוז דאָס געטהאָן ווערען דורך א שעריף.

אין קרימינאַל קייסעס ווערט דער שעריף אויך אָנפערטרויט מיט דורכפיהרען דיא שטראָפען וואָס דיא דזשאַדזשעס לעגען ארויף אויף פערברעכער. דיא פריזאָנס שטעהן אונטער זיין אויפזיכט. נאָכדעם וויא דער דזשאַדזש גיט ארויס דעם פסק, ווערט דער פריזאָנער איבערגעגעבען אין דעם שעריף'ס הענד. ער דארף איהם אין פריזאָן אָבפיהרען און איז פאר איהם פער־אנטוואָרטליך ביז וואַנען ער זיצט אָב זיין טערמין. אין דיא מעהרסטע סטייטס דארף דער שעריף אויך דורכפיהרען דעם טויט־שטראָף אויף דיא פעראורטהיילטע מערדער. ער דיענט אַלזאָ אַלס הענקער.

דער שעריף מוז זאָרגען פאר דיא געזונדהייט פון דיא פריזאָנערס. ער מוז דיא ארעסטאַנטען אויך בעשיצען געגען דעם צאָרן פון פאָלק. אין דיא סאוטה, צום ביישפיעל, וואו עס פאסירט אָפט, אז מאבס בעפאלען דזשיילס און נעהמען ארויס פריזאָנערס און לינטשען זיי, איז דער שעריף דערפאר פער־אנטוואָרטליך. ער מוז זעהן דיא פריזאָנס זאָלען אזוי בעוואכט ווערען, אז א מאב זאָל אהין ניט קענען אריינברעכען. (דיא פעראנטוואָרטליכקייט איז אבער בלויז א טהעאָרעטישע. דער געזעץ זאָגט, אז דער שעריף איז פעראנטוואָרטליך. פאקטיש אָבער פאסירט עס זעהר, זעהר זעלטען, ווען דיא רעגיערונג זאָל דאַרטען בעשטראָפען א שעריף דערפאר וואָס ער האָט דערלאָזען, אז א ניגער זאָל געלינטשט ווערען.)

אמאָל איז דער שעריף געווען א פיעל וויכטיגערער בע־אמטער וויא איצטער. ער האָט געהאט פיעלע פינאנציעלע אויפגאבען און האָט פערנומען אין דער קאונטי דעם זעלבען פלאץ, וואָס דער גאָווערנאָר פערנעהמט אין דער סטייט. אין ענגלאנד איז ער נאָך היינט א גאנץ הויכער בעאמטער.

## דיא קאַראָנערס.

ווען מען געפינט א גע'הרג'עטען מענשען, אָדער ווען אימיי־צער שטאַרבט פּלוצלינג אין סטריט, אָדער ווען א דאָקטאָר דענקט אז זיינער א פּאַציענט איז געשטאָרבען אויף אַן אונ־נאַטירליכען אופן, רופט מען דיא ערשטע זאַך אריין דעם קאָראָ־נער, וועלכער מאַכט אַן אונטערזוכונג וועגען דעם. אויב דער קאָראָנער דענקט, אז א מאָרד איז בעגאַנגען געוואָרען, מוז ער צונויפרופען א דזשורי פון זעקס אָדער צוועלף פּערזאָן. זיי רופען דאַן אַלעמען וואָס קענען וואַרפען אירגענד וועלכע ליכט אויף דיא געהיימניס. זיי אונטערזוכען אויך אַלע אנדערע בעווייזע און טראָגען דאַן ארויס א ווערדיקט. אויב דיא דזשורי קומט צו דער איבערצייגונג, אז א געוויסע פּערזאָן איז פאר דעם טויט פערענטוואָרטליך, קען דער קאָראָנער ארויסגעבען א וואָר־ראַנט דיא פּערזאָן צו ארעסטירען. דאָס פּאַסירט אָבער זעהר זעלטען. געוועהנליך ארעסטירט דיא פּאָליציי דיא פערדעכטיגע פּערזאָן איידער דיא קאָראָנער'ס דזשורי איספּראַוועט זיך מיט איהר ארבייט.

פאר אַזאַ פליכט וויא דער קאָראָנער האַט, פאָדערט זיך אַז ער זאָל זיין א גוטער דאָקטאָר און א גוטער לאָיער. ער מוז דאָך, ערשטענס, קענען בעשטימען פון וואָס דיא פּערזאָן איז געשטאָרבען, וואָס עס האָט דעם טויט פערורזאַכט און מוז, צווייטענס, קענען אָנפיהרען אַן אונטערזוכונג פאר א דזשורי. דער געזעץ אין כמעט אַלע סטייטס פאָדערט אבער ניט דער קאָראָנער זאָל קענען דאָקטאָריע אָדער לאָא. און דער פאַקט איז, אז דיא מעהרסטע קאָראָנערס זיינען קליינע בריות אויף ביידע זאַכען. פיעלע זיינען דארום מיט דער מיינונג, אז דיעזער אַמט איז א גאַנץ איבריגער, און זיי ראַטהען ער זאָל אין גאַנצען אָב־געשאַפט ווערען.

אין דיא מעהרסטע סטייטס ווערען דיא קאָראָנערס ער־וועהלט פון דיא איינוואָהנער פון דיא קאַונטיס, אויף א טערמין פון צוויי ביז פיער יאהר. אין דריי סטייטס ווערען זיי אָבער

אפּאינטעט פון גאָווערנאָר מיט דער צושטימונג פון סענאט. אין קאָנעקטיקוט און ווירדזשיניא ווערען זיי אפּאָינטעט פון דיא דזשאַדזשעס אין דיא הויכע קאָורטס. אין רהאָוד איילענד ווערען זיי גראַדע וויא דיא איבריגע קאונטי־בעאמטע אפּאָינ־טעט פון דער סטייט אסעמבלי.

## קאָורט קלוירקס.

דיא מעהרסטע קאָורטס האָבען קלוירקס אָדער סעקרעטערע וועלבע פיהרען דיא פּראָטאָקאָלען פון אלעס וואס קומט פאָר אין קאָורט. געוועהנליך ווערען זיי עלעקטעד פון פאָלק אויף א טערמין פון צוויי אָדער פיער יאהר. אין דריי ניו ענגלאנד סטייטס ווערען זיי אפּאָינטעט פון דיא דזשאָדזשעס און אין רהאָוד איילענד ווערען זיי אפּאינטעט פון דער אסעמבלי אויף איין יאהר צייט.

דער קלוירק עפענט און שליסט יעדען מיטינג פון קאָורט. ער האלט דיא רעקאָרדס פון אלע טרייעלס. ביי איהם לעגט מען אויך איין אלע נויטיגע דאָקומענטען וואס מען מוז האָבען פאר געוויסע קייסעס.

אמאָל איז דער זעלבער קלוירק אויך דער סעקרעטער פון דער קאונטי־פערוואלטונג, און ער איז בעקאנט אונטער'ן נאָמען קאונטי קלוירק. דאָרט פיהרט ער אויך דיא נויטיגע קאונטי רעפּאָרטס וויא, צום ביישפּיעל, דיא געבורטען און טויטענפעלע וואס קומען דאָרטען פאָר. ער גיט ארויס הייראטה־לייסענס און אנדערע געזעצליכע פּאפּיערען.

## פראביים־דזשאדזש אדער סאראגייט.

אין יעדע קאונטי איז פאראן א ספעציעלער קאורט וואס גיט זיך אב מיט פראגען און מיט קייסעס וואס זיינען נוגע ירושות און צוואות. דער דזשאדזש פון דיעזער קאורט הייסט פראביים דזשאדזש אדער סאראגייט. אויב נאכ'ן טויטען בלייבט א צואה ווערט זיא אונטערזוכט פון דיעזער קאורט צי איז זיא א געזעצליכע, צי זיא איז געמאכט געווארען נאך דיא פאדערונגען פון געזעץ. אין פאל קיין צואה איז ניטא, בעשטימט דיא קאורט ווער עס זאל דעם פערמעגען קריעגען. אויב עס זיינען ניטא קיין יורשים אפאינטעט דיא קאורט מענשען וואס זאלען דעם פערמעגען פערוואלטען ביז וואנען יורשים וועלען זיך מעלדען. דאס זעלבע טהוט דיא קאורט ווען עס בלייבען יורשים, וואס זיינען נאך צו יונג אליין צו אטענדען צו דיא געשעפטען, וואס זיינען געבליבען פון דעם פערשטארבענעם.

---

## אנדערע קאונטי בעאמטע.

1. קאונטי אסעסארס. — אין דיא סאוטה און אין דיא וועסט ערוועהלט יעדע קאונטי א צאהל אסעסארס, וועמעם אויפגאבע עס איז אבצושאצען דעם פערמעגען פון אלע איינוואהנער וואס האבען ריעל־עסטייט און אנדערע אייגענטהום און צו בעשטימען וויפיעל יעדער פון זיי דארף נאכ'ן געזעץ נאך איינצאהלען אלס טעקסעס. אין דיא סטייטס פון דיא נארטה און נארטה איסט ווערען דיא טעקסעס בעשטימט פון שטאדט־און סטייט בעאמטע. דיא קאונטי האט דערמיט גאר ניט צו טהאן. עס זיינען צווישען זיי אבער אויך פאראן געוויסע אויסנאהמען. דיא קאונטי אין וועלכע דיא שטאדט שיקאגא געפינט זיך האט א באארד פון טעקס אססעסארס.

2. קאונטי טרעזשורער. — אין אלע סטייטס, אויסער רהאוד איילענד, האט יעדע קאונטי א טרעזשורער. זיינע אויפ־

גאַבען זיינען דיא געוועהנליכע אויפגאַבען פון א טרעזשורער. ער נעהמט צו אַלע געלדער וואָס דיא רעגיערונג נעהמט אריין דורך טעקסעס און דורך אַנדערע קוועלען. ער צאָהלט אויס אַלע בילס וועלכע ווערען אונטערגעשריעבען פון דיא נויטיגע בעאַמטע.

געוועהנליך מוז דער טרעזשורער איינלעגען א גרויסען דעפּאָזיט, ווייל איהם ווערען אנפערטרויט גרויסע סומען געלד. פאַר דיעזע פעראַנטוואָרטליכקייט בעקומט ער א גאַנץ הויכען געהאַלט. אין מאַנכע סטייטס נעהמט ער דיא פּראָצענטען וואָס דיא בענקס צאָהלען פאַר דיא דעפּאָנירטע קאונטי געלד. דיעזע סומע טרעפט אמאָל אָן אין דיא הונדערטע טויזענדע דאָלארס.

3. דער רעקאָרדער. — אין מאַנכע קאונטיס איז דאָ א ספּעציעלער בעאַמטער אויף צו האַלטען דיא רעפּאָרטס פון דיא מאָרטגיידזשעס, ליעסעס, דיעדס, וואָס ווערען געמאַכט צווישען דיא איינוואָהנער פון דער קאונטי. דיעזע ארבייט ווערט אין מאַנכע פלעצער געטהאָן פון דיא קאָורט קלוירקס.

4. דער אָדיטאָר. — אין מאַנכע סטייטס ווערט אין יעדע קאונטי ערוועהלט אַן אָדיטאָר. זיין אויפגאַבע איז דורכצוקוקען פון צייט צו צייט דיא ביכער פון קאונטי־טרעזשורער און פון דיא אַנדערע בעאַמטע פון דער קאונטי און זעהען צי דיא חשבונות ווערען ריכטיג געפיהרט. אין איינינע סטייטס האָט דער אָדיטאָר דאָס רעכט צו פערוועהרען דעם טרעזשורער אויס־צוצאָהלען געלד פאַר א געוויסען ביל וועלכער איז נאָך זיין מיינונג ניט קיין ריכטיגער. ער קען פאָדערען דאָס דער ביל זאָל פריהער אונטערזוכט ווערען פון דיא באָארד אוו סופּערווייזערס.

5. דיא סקוהל באָארד. — דיעזע בעאַמטע קאָנטראָלירען דיא סקוהלס פון דער קאונטי. זיי בעשטימען וואָס פאַר געהאַלט דיא טיטשערס זאָלען בעקומען. זיי גיבען ארויס לייסענס פאַר טיטשערס. זיי בעשטימען דיא קורסען אין דיא סקוהלס, וואָס מען זאָל דאָרטען לערנען, וויפיעל יאהר דיא קורסען זאָלען דויערן און אזוי ווייטער.

6. דיא אווערסיערס אוו דהי פור (דיא אויפזעהער אויף דיא ארימע לייט) — זיי האבען אונטער זייער אויפזיכט אלע קהל'שע צדקה־אנשטאלטען פון דער קאונטי.

7. דיא סארווייער (מעסטער). — ווען דיא קאונטי דארף בויען וועגען אדער ווען זיא פלאנעוועט צו בויען בריקען אדער צו מאכען עהנליכע ענדערונגען, ווענדעט זיא זיך צום סארווייער ער זאל אויסמעסטען דיא לאנד און ראטהען וויא אזוי דיעזע פלענער קענען אם בעסטען דורכגעפיהרט ווערען.

---

## קאפיטעל 28.

## וואס הייסט א טאונשיפ?

דיא קאונטיס אטענדען בלויז צו א טהייל פון דיא לאקאלע רעגיערונגס־פערוואלטונג. אין מאנכע סטייטס האבען זיי מעהר אויפגאבען, און אין מאנכע, ווייניגער. איבעראל, אבער, שטעלען זיך אפ פיעלע אנגעלעגענהייטען צו וועלכע ניט דיא קאונטי בעאמטע און ניט דיא סטייט בעאמטע אטענדען. דיעזע אנ־געלעגענהייטען געהערען צו א קלענערע רעגיערונגס ארגאניזא־ציאן, וועלכע רופט זיך דיא טאונשיפ.

דיא קאונטיס פון יעדע סטייט זיינען איינגעטהיילט אין „טאונשיפס“, אדער וויא מען רופט עס אפט, אין טאונס. יעדע טאון פארנעהמט דורכשניטליך פון 20 ביז 40 סקוועער מייל, און אמאל פיעל ווייניגער, און דיא בעפעלקערונג זייערע איז אין דיא מעהרסטע פעלע ווייניגער וויא פיער טויזענד פערזאן. אין דיא סאוטה און אין דיא וועסט, וואו דיא קאונטי רעגיערונג איז זעהר שטארק ענטוויקעלט און וואו דיא קאונטי בעאמטע גיבען זיך אב מיט דיא לאקאלע פראגען, האט דיא טאונשיפ רעגיערונג זעהר ווייניג צו טהאן. אין דיא זעקס ניו ענגלאנד סטייטס, איז גראדע פארקעהרט. דארטען איז דיא

קאונטי רעגיערונג שוואַך און דיא הויפּט ראָלע שפּיעלט דיא טאַונשיפּ. אַזוינע זאַכען וויא, צום ביישפּיעל, בויען וועגען און בריקען, אָדער קאָנטראָלירען דיא סקוהלס און דיא האַי־סקוהלס, ווערען אין דיא סאַוטה אַטענדעט פון דיא קאונטי בעאַמטע; אין ניו ענגלאַנד זיינען זיי דיא אויפגאַבען פון דיא טאַונשיפּ רעגיערונג. דיא אַנדערע סטייטס, דיא וואָס ליע־גען צווישען דיא סאַוטה און ניו ענגלאַנד, האָבען אין דיעזען הינזיכט געמאַכט אַ פּשרה. זיי גיעבען ניט דיא טאַונשיפּס אַזוי פיעל מאַכט וויא אין ניו ענגלאַנד, און דיא קאונטיס זיינען ביי זיי ניט אַזוי וויכטיג וויא אין דיא סאַוטה.

איידער מיר וועלען בעשרייבען דיא אָרגאַניזאַציאָן פון דיא טאַונשיפּ רעגיערונג אין פערשיעדענע סטייטס, וועלען מיר בעטראַכטען דיא היסטאָרישע אורזאַכען, וואָס האָבען געפיהרט דערצו, אַז אין דיא סאַוטה זאָל דיא הויפּט ראָלע אין דיא לאָ־קאַלע רעגיערונג געשפּיעלט ווערען פון דיא קאַונטיס, און דאָס אין דיא ניו ענגלאַנד סטייטס זאָל זיא געשפּיעלט ווערען פון דיא טאַונשיפּס.

דיא ענגלענדער האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו בעזעצען אין דיעזער לאַנד אין אָנפאַנג פון דעם 17טען יאָהר הונדערט. דיא ערשטע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען אין דעם יאָהר 1607 אויף אַ שטיקעל ערד וואָס געפינט זיך אין דער איצטיגער ווירדזשיניאַ סטייט. דיא צווייטע קאָלאָניע האָט זיך געגרינדעט אין דעם יאָהר 1620 אין דער איצטיגער מאַססאַטשוזעטס סטייט. ווירדזשיניאַ און מאַססאַטשוזעטס זיינען ווייט איינע פון דיא אַנדערע. איצטער אַז מיר האָבען שנעלע דאַמפּף־שיפען און נאָך שנעלערע באַהנען, ווערט דיא שטרעקע צווישען דיא צוויי סטייטס בעטראַכט אַלס אַ קורצע. מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק, אָבער, איז עס געוועזן אַ געוואַלדיגער מהלך, וויא פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטען.

ביסלאַכוויי! האָבען זיך אַרום דער קאָלאָניע אין מאַססאַ־טשוזעטס סטייט געגרינדעט נאָך קאָלאָניעס. מאַנכע אין אַנ־דערע טהיילען פון דער זעלבער סטייט און מאַנכע אין דיא

נאָהענטע סטייטס, אין קאָננעקטיקוט און רהאָוד איילענד. ארום דער קאָלאָניע אין ווירדזשיניא איז אויך דאָס זעלבע געווען. עס האָבען זיך געגרינדעט נאָך קאָלאָניעס אין ווירדזשיניא און דיא שכנ׳ישע טעריטאָריעס, אין נאָרטה קאראָליינא, אין סאוטה קאראָליינא, אין דזשאָרדזשיא. ווירדזשיניא ליעגט צום דרום זייט פון מאַסאַטשוזעטס, האָט מען מיט דער צייט אָנגעפאַנגען צו רופען דיא גרופע קאָלאָניעס ארום ווירדזשיניא אלס דיא סאוטה (דרום), און דיא גרופע קאָלאָניעס ארום מאַססאַטשוזעטס, אלס דיא נאָרטה (צפון). דיא לעצטע זיינען אויך געווען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „ניו ענגלאַנד“ (ניי ענגלאַנד).

דער אונטערשיעד צווישען דיא צוויי טהיילען פון לאַנד איז געווען אָבער ניט בלויז אין נאָמען. דיא מענשען וואָס האָבען זיך בעזעצט אין דיא סאוטה, זיינען געווען גאָר אנדערע וויא דיא וואָס האָבען זיך בעזעצט אין דיא נאָרטה. זיי האָבען אין זייער היימאַטה לאַנד, אין ענגלאַנד, בעלאַנגט צו פערשיעדענע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט; זיי זיינען אהער געקומען צוליעב גאַנץ פערשיעדענע אורזאַכען, מיט גאַנץ פערשיעדענע אידעאַלען און האַפנונגען. און דאָ האָבען זיי זיך אויך געפיהרט גאָר אנדערש. און דיעזער אונטערשיעד עקזיסטירט נאָך עד היום. כאָטש דיא צוויי געגענדען זיינען שוין לאַנג פערשמאָלצען געוואָרען אין איין לאַנד און ווערען שוין איבער הונדערט יאָהר רעגיערט פון דער זעלבער צענטראַלער רעגיערונג. דיא סאוטה און דיא נאָרטה זיינען כמעט וויא צוויי אָבגעזונדערטע לענדער, וויא צוויי בעזונדערע פעלקער.

דיא ערשטע קאָלאָניסטען וועלכע זיינען געקומען אין דיא נאָרטה און זיך בעזעצט אין מאַססאַטשוזעטס, זיינען געווען מענשען פון פּראָסטען פאָלק, אָרימע פאַרמערס און האַנדווערקער. געקומען אהער זיינען זיי צוליעב דיא רעליגיעזע פערפאָלגונגען, וואָס זיי האָבען געליטען אין ענגלאַנד. אין ענגלאַנד איז אין יענע יאָהרען אָנגעגאַנגען א בעוועגונג צו מאַכען דיא רעליגיאָן מעהר דעמאָקראַטיש: דיא מעמבערס

פון דער קירכע, דער המון, זאָל האָבען א גרעסערע דעה אין דיא אנגעלעגענהייטען פון דער טשוירטש, און דער גלח זאָל ניט זיין אזוי אונטערוואָרפען אונטער דעם ווילען פון דיא העכערע קירכען־בעאמטע, דיא בישאָפּס און די ארכיבישאָפּס. געפיהרט דיעזע בעוועגונג האָבען אַם מייסטענס דיא גלחים פון קליינע שטעדטלאך, און זיי און זייערע אנהענגער זיינען דערפאר שרעקליך פערפאָלגט געוואָרען, ניט נאָר פון דער אָרגאניזירטער מאכט פון דער קירכע, נאָר אויך פון דער רעגיערונג, וועלכע איז דאמאָלסט געווען שטארק פערבונדען מיט דער קירכע.

עס פערשטעהט זיך, אז דאָס אליין וואָלט נאָך דיא מענשען קיין אמעריקא ניט פערטריעבען. אָבער וויא געזאָגט, זיינען דיעזע לייטע אויך געווען אָרימע לייט. זיי האָבען דארום ניט געהאט אין ענגלאנד וואָס אָנצואווערען, און האָבען געפאָלגט דיא עצה פון זייערע גלחים, צו פערלאָזען דיא לאנד, און ארומוואנדערען אין דער ווילדער, אונבעזעצטער אמעריקא, און דאָרטען אויפבויען נייע היימען, וואו זיי וועלען קענען דיענען גאָט נאָך זייער אייגענעם ווילען נאָך. דיא גלחים אליין זיינען אויך מיטגעפאָהרען. צוזאמען מיט דיא איבעריגע האָבען זיי דאָ געקעמפּפט געגען דער ווילדער נאטור און דיא ווילדע אינדיאנער. דיא ערד אין מאססאטשוזעטס איז אין יענע צייטען ניט געווען קיין פרוכטבארע. דאָרטען זיינען אויך געווען א סך געדיכטע וועלדער און שטיקער שטיינערנע ערד. דיא איינוואנדערער פלעגען זיך דארום בעזעצען אין גרופּען ניט ווייט פון ברעג ים. דיא ערשטע זאך פלעגען זיי אויסבויען א קליינע קירכע. דערנאָך פלעגט יעדער איינער נעהמען א שטיקעל ערד ניט ווייט פון דער טשוירטש, און דאָרטען אויפבויען פאר זיך און פאר זיין פאמיליע א קליינע הייזקע און פלעגט זיך נעהמען צו בעארבייטען זיין שטיקעל ערד.

דיא גרופּע קאָלאָניסטען זיינען געקומען צוזאמען אונטער דיא פיהרערשאפט פון דעם גלח, און דער לעבען דאָ האָט זיי נאָך מעהר און מעהרער פעראייניגט און פערבונדען. דער ערשטער באנד איז געווען דיא קירכע, וואו זיי פלעגען זיך אלע

פערזאמלען יעדען זונטאג און יעדען יום טוב, פיר רעליגיעזע צערעמאָניעס. דיא קירכע איז מיט דער צייט געוואָרען דער צענטער פון דעם סאָציאלען לעבען. דאָרטען פלעגען אָפּגע־האלטען ווערען דיא אסיפות, זיך צו בעראטהען וועגען אלע קהל'שע אנגעלעגענהייטען. דיא טשוירטש איז געווען זעהר עהנליך צו דער אמאָליגער קהל שטיבעל אין דיא ליטווישע קליינע שטעדטלאך. דאָ איז געווען דער צענטער פון דיא גאנ־צע געזעלשאפטליכע טהעטיגקייט.

דער צווייטער באנד, וואס האט פעראייניגט דיא קאָלאָ־ניסטען אין איין געמיינדע, איז געווען דער שטענדיגער גע־פאהר פון דיא ווילדע אינדיאנער. דיא געשיכטע פון דיא ערש־טע קאָלאָניעס אין ניו ענגלאנד איז פול מיט שוידערליכע הריגות, און פאָגראָמען, און מלחמות מיט דיא אינדיאנער.

וויט פערשפּרייטען זיך איבער'ן לאנד האָט אַ קאָלאָניע צוליעב דיא צוויי אורזאכען ניט געקענט. יעדער פארמער האָט געמוזט וואהנען נאָהענט צו אַ טשוירטש און נאָהענט צו זיינע ברידער פארמערס, זיי זאָלען איהם קענען העלפען אין פאל פון אן אינדיאנישע אטאקע. יעדע קאָלאָניע האָט אלזאָ פער־נומען אַ קליינעם שטח ערד. ווען עס פלעגען אָנקומען נייע איינוואָהנער, פלעגען זיי זיך בעזעצען ערגעץ אנדערש און אויפבויען אַן אייגענע קאָלאָניע, מיט אַן אייגענע קירכע, מיט אַן אייגענע פערטהיידיגונגס־ארגאניזאציאָן געגען דיאָ אינ־דיאנער. יעדע פון דיעזע בעזונדערע קהלות האָט געהייסען אַ „טאונשיפּ". זיא פלעגט געוועהנליך זיין ארומגעבויט מיט אַ פלאנקען פון שטארקע הויכע פלעקער, וועלכע האָט געדיענט אלס אַ פעסטונג געגען דיא אינדיאנער. אויסער דעם פלעגט יעדע טאונשיפּ געוועהנליך זיין אָפּגעזונדערט פון דער צווייטער דורך אַ געדיכטען וואלד, אַ הויכער שטיינערנער בארג, אָדער אַ וואסער. דיא נאטור האָט געהאָלפען דיא קהלות צו זיין אָפּ־געטהיילט און אָבגעזונדערט.

דיא קאָלאָניסטען וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין וויר־דזשיניא און אין דיא גאנצע סאוטה, זיינען געווען גאָר אנדערע

מענשען. זיי זיינען אהער געקומען צוליעב אנדערע צוועקען און דיא אומשטענדען אונטער וועלכע זיי האָבען דאָ געלעבט זיינען גאָר אנדערע.

דיא קאָלאָניסטען פון דיא סאוטה זיינען געווען מייסטענס אריסטאָקראטען, אָדער גליק־זוכער. זיי האָבען פערלאָזען ענג־לאנד צוליעב פּאָליטישע אורזאכען, צוליעב געוויסע איבערקעה־רענישען און אינטריגעס אין דיא הויכע פּאָליטישע קרייזען. געקומען אהער זיינען זיי ניט זוכען אן איינפאכען פּראָסטען פּארמער לעבען, נאָר דעם זעלבען רייכען אריסטאָקראטישען לעבען וואָס זיי האָבען געפיהרט אין ענגלאנד. יעדער קאָלאָ־ניסט האָט געהאט זיינע אייגענע פּערזענליכע אינטערעסען, זיינע אייגענע אמביציעס. זיי זיינען ניט געקומען וויא ברידער, פּעראייניגט אונטער איין פיהרער, מיט איין אידעאל, וויא דיא קאָלאָניסטען פון ניו ענגלאנד, און דיא לאנד וואו זיי האָבען זיך בעזעצט, האָט זיך גראדע געפּאסט פאר זייערע צוועקען. ערשטענס, איז דיא ערד אין דיא סאוטה געווען פּרוכטבאר און פלאך, גראד, און ריין פון וועלדער און שטיינער. יעדער קאָלאָניסט האָט לייכט געקענט פערנעהמען א גרויסען שטח לאנד, און אויב ער האָט נור געהאט דיא נויטיגע מענשען איהם צו העלפען, האָט ער געקענט ענטוויקלען א גרויסען, רייכען פּארם. צווייטענס, האָט מען דאָרטען ניט געדארפט ציטערען פאר דיא אינדיאנער, ווייל אין יענעם געגענד זיינען דיא אינדיאנער שבטים געווען זעהר פריינדליך. ניט דער כא־ראקטער פון דיא מענשען, ניט דער כאראקטער פון דעם לאנד, און ניט דיא אומשטענדען, האָבען געצוואונגען דיא קאָלאָניס־טען צו וואָהנען נאָהענט איינער צום צווייטען און זיין ענג פער־בונדען אין זייער געזעלשאפטליכען לעבען. פּארקעהרט, יעדער קאָלאָניסט האָט געטרייעט צו האָבען מעהר לאנד און זיין וואָס ווייטער פון זיין שכן. פאר ארבייטער האָבען דיא קאָלאָניסטען גענומען ניט ווייסע מענשען, נאָר שווארצע שקלאפען, ווייל פאר ווייסע איז דער קלימאט דאָרטען א צו הייסער.

און אזוי האָט זיך אין דיא סאוטה ענטוויקעלט א מין פע־

אדאליסטישע, פריצישע געזעלשאפט. דיא בעזיצער פון דיא ערד זיינען געווען רייכע מענשען. יעדערער האט געהאט א גרויסען הויף, מיט גרויסע קאטטאן און טאבאק פעלדער. דיא שווארצע ארבייטער זיינען געווען זיינע פאלקאמע שקלאפען, און דיא ווייסע זיינען אין פיעלע הינזיכטען געווען ערגער אפ און ערגער פערשקלאפט וויא דיא שווארצע. דיעזע האלבע פריצים האבען געוואהנט ווייט איינע פון דיא אנדערע, און יעדערער פון זיי איז געווען א הערשער אין זיין אייגענע „פלענטיישאן", וועלכע איז געווען אמאל פיעל גרעסער וויא דיא קליינע שטעדטלאך און דערפלאך פון דיא אויבענדערמאהנטע ניו ענגלאנד סטייטס.

דיא רעגיערונגס פארמע פון א געזעלשאפט ווערט בעשטימט פון דעם עקאנאמישען צוזאמענלעבען וואס דיא מענשען אין דער געזעלשאפט פיהרען. אין דיא ניו ענגלאנד סטייטס האט דער לעבען געבראכט דיא פארמערס אין נאהענטע בעריהרונג און אין ברידערליכע בעציהונגען, האט זיך דארט ענטוויקעלט אין יעדער קאלאניע, אדער וויא מען האט עס דארט שפעטער א נאמען געגעבען, טאון, א פאלקאמענע דעמאקראטיע, אין וועלכע דיא רעגיערונג איז געווען דורכאויס אין דיא הענד פון פאלק, פון גאנצען פאלק. אין דיא סאוטה האט דיא רעגיערונג אנגענומען א גאנץ אנדערען כאראקטער. זיא איז געווען פעאדאליסטיש, פריציש. דיא רייכע לאנד בעזיצער זיינען געווען דיא גאנצע דעה זאגער און זיי האבען אין אלגעמיין געזוכט צו געבען דער רעגיערונג וואס וויינינגער מאכט, כדי זיי זאלען קענען בעסער געוועלטיגען איבער דיא מענשען אויף זייערע „פלענטיישאנס".

עס פערשטעהט זיך אז מיר ריידען דא וועגען דער לאקאלער רעגיערונג. איצטער זיינען דיעזע לאקאלע רעגיערונגגען, אי אין דיא נארטה, אי אין דיא סאוטה, אין גאנצען אונטערווארפען אונטער דיא סטייט רעגיערונגען. דיא סטייט לעדזשיסלייטשורס קענען בעשטימען דיא פארמע און דעם כאראקטער פון דיא לאקאלע פערוואלטונג. זיי קענען זיי מאכען

דעמאָקראַטיש אָדער ניט־דעמאָקראַטיש. אבער מען דאַרף ניט פערגעסען, אז רעגיערונגגען ווערען ניט בעשאַפען אָדער געענ־דערט פּלוצלונג. גראַדע אַזוי וויא יעדע אַנדערע געזעלשאַפט־ליכע ערשיינונג, ווערען זיי ענטוויקעלט ביסלאַכוויוז, גראַדענ־וויז. אויב דער אָנפאַנג איז אַ גוטער, אויב דער פאַרזייעטער קערענדעל איז אַ געזונטער, דאַן ענטוויקעלט זיך פון איהר אַ גוטער, געזונטער בוים; און אויב דער קערנדעל איז אַ שלעכ־טער, קען מען דאָס אימער דערקענען אָן דעם אויסגעוואַקסענעם בוים.

דיא לאָקאַלע רעגיערונג אין דיא ניו ענגלאַנד סטייטס, איז אימער געווען מעהר דעמאָקראַטיש און מעהר אונאַב־העננינ פון דער סטייט רעגיערונג וויא דיא לאָקאַלע רעגיערונג אין דיא סאַוטה, און אַזוי איז עס פערבליעבען ביז דעם היינ־טיגען טאָג, טראָץ דעם וואָס איצטער זיינען דיא גרויסע אונטער־שיעדען אין דעם אַרט לעבען אין דיא צוויי טהיילען פון לאַנד כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען, און טראָץ דעם וואָס דיא סטייט רעגיערונגען אין דיאביידע טהיילען פון לאַנד זיינען אָרגאַניזירט און פיהרען זיך זעהר ז׳ן זעלבען אַרט און האָבען דיא זעלבע אונבעגרענעצטע מאַכט איבער דיא לאָקאַלע אַבטהיילונ־גען פון דער סטייט.

---

## דיא טאַונס אין דיא ניו ענגלאַנד סטייטס.

אין יעדע „טאַונשיפּ“ אדער, וויא מען רופט איהר בקיצור, „טאַון“ אין דיא ניו ענגלאַנד סטייטס, האָט אין דיא סאַמע ערשטע יאָהרען, מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק, געהערשט דיא פאָלקאָמסטע דעמאָקראַטיע, פאָלקס הערשאַפט. יעדער וואָס האָט דאָרטען געוואוינט, אויב ער איז נאָר געווען אַ מעמבער אין דער קירכע (און דאַמאָלסט זיינען אַלע דאָרטען געווען רע־ליגיעזע און האָבען געהערט צו דערזעלבער קריסטליכער סעקטע) האָט ער געהאַט דיא זעלבע פּאָליטישע רעכטע וויא יעדער אַנ־

דער מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט. דיא לאָקאַלע רעגיערונג אין יענע ערשטע יאָהרען איז געווען דיא גאַנצע און דיא איינ־ציגע רעגיערונג. ערשט שפּעטער האָבען זיך ענטוויקעלט דיא סטייט רעגיערונגען, וועלכע האָבען גענומען געוועלטיגען אי־בער דיא „טאַונשיפּס". געפיהרט געוואָרען זיינען דיעזע „טאַונ־שיפּ" רעגיערונגען אויפ'ן פאָלגענדען אופן: איין מאָל אין יאָהר פלעגען אַלע טשווירטש מעמבערס, דאָס הייסט פאַקטיש אַלע מעמבערס פון דער טאַונשיפּ, זיך פערזאַמלען און אַן אַל־געמיינע אסיפה אין דער טשווירטש. דער עולם פלעגט ערוועה־לען אַ טשערמאַן, און מ'פלעגט דערנאָך בעשפּרעכען אַלע פראַ־גען וואָס האָבען אנבעלאַנגט צו פערוואַלטונג. דיעזע אסיפות פלעגען געפיהרט ווערען אויפ'ן זעלבען אופן וויא עס ווערען געפיהרט דיא געוועהנליכע סאָסייעטי מיטינגען. יעדערער האָט געקענט נעהמען דאָס וואָרט און ריידען איבער יעדער פראַגע אַזוי לאַנג וויא ער האָט געוואָלט. נאָכדעם וויא דיא אסיפה פלעגט בעשטימען דיא אַלע פערוואַלטונגס־פראַגען און אָננעה־מען אַלע נייע געזעצע, פלעגט זיא ערוועהלען אַ געוויסע צאָהל מענשען דאָס אַלעם דורכצופיהרען. דיא ערוועהלטע האָבען קיין אייגענע מאַכט אָדער דעה ניט געהאַט. זיי האָבען געמעגט טהאָן און געקענט טהאָן בלויז דאָס, וואָס דער גאַנצער עולם האָט אָבגעשטימט ביי דער אַלגעמיינער אסיפה. אויב אין דעם פער־לויף פון יאָהר פלעגט זיך מאַכען אַ ספּעציעלע פראַגע, וואָס האָט גלייך געמוזט ענטשיעדען ווערען, פלעגט פּעררופען ווע־רען אַ ספּעציעלער מיטינג פון דער גאַנצער „טאַונשיפּ" פאַר דיעזען צוועק.

אַזא מין רעגיערונג קען עקזיסטירען בלויז אין אַ קליינער געזעלשאַפט, וואו עס איז מעגליך פאַר אַלע איינוואָהנער צו־נויפצוקומען זיך אויף אַ מיטינג און דורכצוריידען זיך צווישען זיך וויא דיא קהלה זאָל פערוואַלטעט ווערען. קיין בעסערע, פרייערע רעגיערונג וויא דיעזע קען מען זיך ניט פאַרשטעלען. דאָס איז אַ ריינע דעמאָקראַטיע, אמת'ע פאָלקס־הערשאַפט. דיא איינוואָהנער אַליין פיהרען דיא רעגיערונג מיט דיא איי־

גענע הענד, זאָ צו זאָגען, אָהן אגענטען, אָהן פערמיטלער, אָהן פּאַרטרעטער.

מיט דער צייט אָבער איז אונטערגעקומען פון איין זייט די העברעע רעגיערונגען. פריהער די קאָלאָניסטישע הער־שאַפט, וואָס די ענגלישע רעגיערונג האָט אהער אריבערגע־שיקט, און שפּעטער די סטייט רעגיערונגען, וואָס זיינען אָר־גאַניזירט געוואָרען אויף דעם בעפעהל פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער רעגיערונג. פון דער צווייטער זייט זיינען די „טאַונשיפּס" אַליין געוואָרען זעהר גרויס, די צאָהל איינ־וואָהנער האָבען זיך פאַרגרעסערט און די נייע איינוואַנדערער זיינען ניט געווען פון דעם זעלבען סאָרט, ווי די אַלטע ערשטע קאָלאָניסטען. די ביידע זאַכען האָבען פיעל געשטערט דעם אַלטען פּלאַן פון פאָלקאָמענער דעמאָקראַטיע אין די לאָקאַלע „טאַונשיפּ" פערוואַלטונג. די סטייט רעגיערונג האָט פון זיי אַוועקגענומען פיעלע רעכטע און פרייהייטען, און מיט דער צייט האָט זי זיי אין גאַנצען אונטערוואָרפען אונטער איהר אויבער־מאַכט. דער וואוקס פון דער בעפעלקערונג, וויעדער, האָט עס אונמעגליך געמאַכט פאַר דעם גאַנצען עולם צו האָבען אַ פאָל־קאָמענעם קאָנטראָל איבער דער גאַנצער „טאַונשיפּ" פער־וואַלטונג.

פון דעסטוועגען איז די „טאַונשיפּ" נאָך עד היום פער־בליבען די לאָקאַלע רעגיערונגס פאָרמע אין די ניו ענגלאַנד־סטייטס. ביז דעם היינטיגען טאָג נאָך קומען דאָרטען פאַר די יעהרליכע אסיפות, ביי וועלכע אַלע לאָקאַלע פראַגען ווערען בע־טראַכט פון אַלע אנוועזענדע און די פערוואַלטער פון דער „טאַונשיפּ" ווערען ערוועהלט. עס פערשטעהט זיך, אז ווען די „טאַונשיפּ" ווערט זעהר גרויס, דאָס הייסט, ווען דאָרטען וואַקסט אויף אַ שטאָדט, דאַן אָרגאַניזירט זי אַן אַנדער סאָרט רעגיערונג, אַ „שטאָדט רעגיערונג" מיט אַ שטאָדט טשאַרטער. אָבער כל זמן זי בעשטעהט ווי אין די אַלטע צייטען, פון אַ צאָהל פאַרמערס פון קליינע דערפלעך אָדער פון גאָר קליינע שטעדטלעך, וואו עס וואוינען בלויז עטליכע טויזענד מענשען,

פיהרט זיא זיך אויפ'ן אלטען דעמאקראטישען שטייגער. דיא אלטע „יענקים“ ליעבען דיעזען סארט רעגיערונג. זיי פיהלען, אז זיא גיט זיי פאלקאמענע פרייהייט, פאלקאמענע מאכט און דעה איבער זייערע אייגענע לאקאלע אינטערעסען.

אפט פאסירט, דאס ווען א „טאונשיפ“ ווערט צו גרויס אין בעפעלקערונג, צוטהיילט איהר דיא סטייט לעדזשיסלייטשור אין צוויי אדער אין עטליכע „טאונשיפס“. און אמאל פאסירט פארקעהרט, אז אן אלטע „טאונשיפ“ פערלירט איהר בעפעלקערונג. אין אזא פאל טשעפעט דיא לעדזשיסלייטשור געוועהנליך איהר ניט. אין ניו העמפשיר געפינט זיך איצטער א „טאונשיפ“, וועלכע האט א בעפעלקערונג פון 17 פערזאן. דיא גרעסטע „טאונשיפ“ געפינט זיך אין רהאוד איילענד. איהר בעפעלקערונג גרייכט ביז 21 טויזענד פערזאן. דורכשניטליך האט יעדע „טאונשיפ“ אן ערך פון דריי טויזענד מענשען.

אמאל פלעגען דיא יעהרליכע און דיא ספעשעל מיטינגען פון דיא „טאונשיפ“ איינוואהנער אפגעהאלטען ווערען אין דיא טשוירטשעס. איצטער אבער האט יעדע „טאונשיפ“ א „טאון האלל“, ספעציעל געבויט פאר דיעזען צוועק. דיא יעהרליכע מיטינגען קומען געוועהנליך פאר אין מאנאט מארטש. אין מאנכע פלעצער האלט מען זיי פריהער, אין מאנאט פעברואר, און אין מאנכע שפעטער, אין מאנאט אפריל. גאר אמאל זיינען כמעט אלע איינוואהנער פון „טאונשיפ“ געווען בירגער און אלע האבען דארום זיך געמעגט בעטהייליגען אין דיעזע מיטינגען. איצטער אבער זיינען אין פיעלע „טאונשיפס“ פאראן איממיגראנטען, וועלכע האבען ניט קיין וואוטס. געוועהנליך פיהרט זיך אין יענע פלעצער, אז מען לאזט דיא פרעמדע דיא מיטינגען ביייוואהנען. אין מאנכע „טאונשיפס“ ערלויבט מען זיי זאגאר אנטהייל צו נעהמען אין דיא דעבאטען. וואוטען אבער פאר בעאמטע אדער פארשלעגע מאכען לאזט מען זיי ניט.

ביי דער יעהרליכער אסיפה איז דער טאגעס־ארדנונג איינגעטהיילט אין דריי טהיילען: 1) פראגען וואס אנבעלאנגען דיא אלגעמיינע פערוואלטונג פון דער „טאונשיפ“, וויא, צום

ביישפּיעל, סקוהלס, טשאַריטי אנשטאַלטען א. ז. וו.; 2) וויפיעל דיא „טאונשיפּ“ זאָל אויף דער פערוואַלטונג אויסגעבען און וויפיעל טעקסעס דיא רעגיערונג זאָל ארויפלייגען אויף דיא איינוואָהנער. 3) דיא עלעקשאָנס פון רעגיערונגס בעאַמטע דורכ־צופיהרען דיא אַלע בעשליסע פון דער אסיפה און צו פיהרען די גאַנצע „טאונשיפּ“ אדמיניסטריישאָן.

וועגען דיא ערשטע צוויי פּונקטען זיינען קיינע ערקלעה־רונגען ניט נויטיג. וועגען דיא בעאַמטע אָבער וואָס ווערען ער־וועהלט, דאַרף מען ריידען אביסעל מעהר באריכות. וואָס פאַר בעאַמטע ווערען ביי דער אסיפה ערוועהלט?

1) דיא „סעלעקטמען“ (דיא אויסערוועהלטע). זיי ווערען אויסגעקליבען אלס דיא הויפּט פיהרער פון דער פערוואַלטונג. דאָס איז אַ מין עקזעקוטיוו קאָמיטע. דיא צאָהל זייערע איז ניט אין אַלע „טאונשיפּס“ דיא זעלבע. מאַנכע האָבען דריי „סע־לעקטמען“, מאַנכע פינף, אַנדערע זיבען און מאַנכע זאָגאַר ניין. אין אַלגעמיין איז זייער אויפגאַבע דורכצופיהרען אַלעס, וואָס עס ווערט ביי דער אסיפה בעשטימט. זיי האָבען אויך דאָס רעכט צו פערררופען ספּעשעל אסיפות, ווען זיי געפינען עס פאַר נויטיג. אין אַזוינע פעלע מוזען זיי אָבער דעם מיטינג אַנאָנסירען מיט צעהן טעג פריהער און מוזען אויף פערעפענטליכען דעם צוועק צוליעב וועלכען דער מיטינג ווערט איינגערופען.

צווישען דיא פיעלע אויפגאַבען, וואָס דיא „סעלעקטמען“ האָבען, געפינען זיך דיא פאָלגענדע: זיי מאַכען פּלענער וואו און וויא צו מאַכען וועגען אָדער סטריטען אין „טאונשיפּ“; זיי קלייבען אויס דיא מענשען וואָס זאָלען זיין דזשורי־לייט אין פאַל פון אַ טריעל. אין מאַנכע „טאונשיפּס“ בעשטימען זיי וויפיעל טעקסעס יעדער זאָל צאָהלען און גיבען אכטונג אויף דיא אָרימע און נויטבעדערפטיגע. ווען אימיצער האָט זיך צו בעקלאָ־גען אויף דער „טאונשיפּ“, געהט ער צו דיא „סעלעקטמען“. ווען דיא „טאונשיפּ“ פיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט דער סטייט רע־גיערונג, טהוט זיא עס אויף דורך איהרע „סעלעקטמען“. מען מעג זאָגען, אַז דיעזע קאָמיטע איז דיא גאַנצע רעגיערונג פון דער „טאונשיפּ“ דעם יאָהר, אויף וועלכען זיא איז ערוועהלט.

2) דער „טאון קלוירק". ער איז א מין רעקארדינג סעקרע־טער פאר דער „טאונשיפ". ער מוז אנוועזענד זיין ביי אלע אסיפות און האלטען דיא פראטאקאלען. ער מוז אויך פערשריי־בען דיא רעזולטאטען פון דיא וואוטס וואס ווערען אפגעגעבען פאר אלע פארשלעגע און דיא צאהל שטימען וואס אלע קאנדי־דאטען פאר פערשיעדענע עמטער בעקומען. ער פערשרייבט אויך דיא געבורטען, דיא טויטען־פעללע און דיא חתונות וואס פאסירען אין דער „טאונשיפ". ווען א פאאר'ל וויל הייראטען, מוזען זיי זיך ווענדען צום „טאון קלוירק" נאך מעררידזש לייסענס.

3) דער „טאון טרעזשורער". זיין אויפגאבע איז דיא גע־וועהנליכע אויפגאבע פון יעדען טרעזשורער. ער נעהמט צו אלע געלדער וואס דיא „טאונשיפ" קאלעקטעט פון טעקסעס און פון דיא געלד צאהלט ער אויס אלע „טאונשיפ" הוצאות. נא־טירליך מוז ער אם ענדע פון יעדען יאהר אפגעבען חשבון פון דיא געלד, וואס ער האט איינגענומען און אויסגעגעבען.

4) „קאנסטייבעלס". דאס זיינען א סארט פאליסלייט. זייער אויפגאבע איז צו פערפאלגען פערברעכער, זיי צו כאפען און ארעסטירען. אין מאנכע „טאונשיפס" האבען דיא קאנסטיי־בעלס אויך פאר זייער פפליכט צו קאלעקטען דיא טעקסעס. אין דיא מעהרסטע „טאונשיפס" זיינען דערויף פאראן ספעציעלע מענשען.

5) „טעקס אססעסארס" און „אויפפאסער איבער דיא ארימע". אין פיעלע „טאונשיפס" ווערט דיא ארבייט פון בע־שטימען דיא טעקסעס וואס יעדער זאל צאהלען און דיא אר־בייט פון אכטונג געבען אויף דיא ארימע לייט זיי זאלען האבען וואס צו עסען און וואו צו שלאפען, געטהאן פון דיא „סעלעקט־מען". אין דיא פלעצער אבער, וואו דיא „סעלעקטמען" הא־בען פיעל צו טהאן, ווערען ערוויף עלעקטעט ספעציעלע פערזא־נען. געוועהנליך בעשטעהען דיעזע קאמיטעס פון דריי מענשען.

6) סקוהל קאמיטע. דיעזע קערפערשאפט איז איינע פון דיא סאמע וויכטיגסטע אין דער „טאונשיפ" אדמיניסטריישאן.

דיא מעמבערס פון דיעזער קאָמיטע ווערען ערוועהלט ניט אויף איין יאָהר, וויא דיא אַלע אַנדערע בעאַמטע, נאָר אויף דריי יאָהר; און אום צו פאַרהיטען, אַז דיא גאַנצע קאָמיטע זאָל מיט אַמאָל ניט געביטען ווערען אויף נרינע מענשען, איז איינגע־פיהרט, אַז יעדען יאָהר זאָל אָבגעהאַלטען ווערען וואהלען פאַר אַ דריטע טהייל פון דיא מעמבערס. דער כאַראַקטער פון די מעמ־בערשאַפט קען דארום געענדערט ווערען בלויז ביסלעכווייז.

דיא סקוהל קאָמיטע האָט זעהר פיעל ארבייט. זיא דאַרף בעשטימען וואָס פאַר לעהר־ביכער דיא סקוהלס זאָלען בענו־צען; זיא דאַרף אויסקלייבען טיטשערס, און אכטונג געבען, אַז דיא טיטשערס זאָלען פינקטליך טהאָן זייער ארבייט.

7) „סאָרווייערס אָוו הייוויים". דיעזע בעאַממטע דארפען אכטונג געבען, אַז דיא וועגען און דיא בריקען אין דער „טאונ־שיפ" זאָלען געהאַלטען ווערען אין אָרדנונג און זאָלען געפיקסט ווערען ווען נויטיג.

8) עס זיינען דאָ נאָך פיעלע בעאַמטע, וועלכע זיינען נויי־טיג אכטונג צו געבען אויף פערשיעדענע זאַכען אין דיא פאַרמס און אין דיא קליינע דערפלעך.

---

## דיא טאַונס אין דיא סאַוטהערן סטייטס.

אין דיא סאַוטה און אין דיא וועסט זיינען קיין „טאונס" אין דעם ריכטיגען זינן פון דעם וואָרט ניטאָ. דיא „קאַונטי" איז דאָרטען דיא לאָקאַלע רעגיערונג און אַטענדעט צו דיא לאָקאַלע רעגיערונגס אנגעלעגענהייטען. אום לייכטער צו מאַכען דיא אַר־בייט פון דער „קאַונטי", ווערט יעדע קאונטי צוטהיילט אין דיסטריקטען פאַר פערשיעדענע צוועקען. עס זיינען דאָרטען, צום ביישפיעל, דאָ סקוהל דיסטריקטען, עלעקשאָן דיסטריק־טען, וועג דיסטריקטען א. ז. וו. דאָס הייסט, אנשטאַט וואָס דיא קאונטי בעאַמטע זאָלען דירעקט קאָנטראָלירען אַלע סקוהלס פון

דער קאונטי אדער זאלען דירעקט אויפפאסען אויף דיא וואה־לען, וואס קומען פון צייט צו צייט פאר אין דער קאונטי, צו־שניידען זיי דיא קאונטי אין קליינע חלקים און ערלויבען דיא איינוואהנער פון יעדען דיסטריקט אויסצוקלייבען אייגענע סקוהל־בעאמטע אדער וועג־בעאמטע, זיי זאלען פערוואלטען די סקוהלס און וועגען וויא זיי געפעלט. מען קען דיעזע דיסטריקטען כמעט ניט אנרופען טאונס צוליעב צוויי אורזאכען. ערשטענס, האבען זיי ניט דיא גרונד־בעדינגונג, וואס אן ארגאניזירטע רע־גיערונג מוז האבען, זיא האט אליין קיין מאכט ניט צו טעקסען איהרע איינוואהנער. צווייטענס, האט יעדער דיסטריקט בלויז איין אויפגאבע. א סקוהל דיסטריקט גיט זיך בלויז אפ מיט סקוהל פראגען, א וועג דיסטריקט מיט וועג פראגען. אנרופען עס אן ארגאניזירטע לאקאלע רעגיערונג ווען דיא בעאמטע האבען בלויז איין איינציגע אויפגאבע, קען מען ניט. דער נאמען פאסט ניט.

אין דיא מעהרסטע סטייטס פון דיא סאוטה און דיא וועסט רופט מען דיעזע דיסטריקטען מיט אנדערע נעמען. אין מערילענד, פלארידא און אלאבאמא, צום ביישפיעל, זיינען זיי בעקאנט אלס עלעקשאן דיסטריקט; אין דעלעווער רופט מען זיי „האנדרעדס“; אין לואיזיאנא הייסען זיי ווארדס; אין טעקסעס זיינען דא „קאמישאנער׳ס פריסינקטס“ און „דזשאסטיס׳ס פרי־סינקטס“. בלויז אין פיער סטייטס, אין נארטה און סאוטה קא־ראליינא, אין ארקענסא און מיזורי געהען זיי אונטער דעם נא־מען „טאונשיפ“.

ניט אין אלע פון דיעזע סטייטס אין דער סאוטה האבען דיא דיסטריקטען דיא זעלבע אויפגאבען, און דערפאר האבען זיי ניט אלע דיא זעלבע בעאמטע. אין ווירדזשיניא הייסען דיא וויכטיגסטע קאונטי דיסטריקטען „מעדזשיסטעריעל דיס־טריקטס“. יעדע פון זיי ערוועהלט א סופערוויזאר פאר דער קאונטי באארד, דריי דזשאסטיסעס אוו דיא פיעס, א קאנסטיי־בעל און אן אווערסיער (אויפפאסער) אוו דהי פור. אין נארטה אין סאטוה קאראליינא האבען דיא „טאונשיפס“ דיא איינציגע

אויפגאַבע צו קאָלעקטען טעקסעס פון די איינוואָהנער. אין דיא מעהרסטע סטייטס זיינען דיא דיסטריקטס אָרגאַניזירט הויפּט־זעכליך צו ערוועהלען דזשאַסטיסעס אָוו דהי פּיעס און קאָנסטייבעלס; און אפילו אין דיעזען הינזיכט זיינען דיא דיסטריקטען ניט אונאבהענגיג איינע פון דיא אַנדערע. אין פיעלע סטייטס האָט דער דזשאַסטיס אָוו דהי פּיעס פון איין דיסטריקט דאָס רעכט צו משפּט'ען קייסעס אין אַלע אַנדערע דיסטריקטען פון דער זעלבער קאונטי. אין מאַנכע סטייטס זיינען דיא דזשאַסטיסעס אויך מעמבערס פון דער קאונטי באָארד.

אין מערילענד און אין סאוטה קאראָליינא ווערען דיא דזשאַסטיסעס אַפּאָינטעט פון גאָווערנאָר. אין א טהייל פון נאָרטה קאראָליינא ווערען זיי ערוועהלט פון דער סטייט אַסעמבלי.

דיא עלעקשאָן בעאַמטע, דיא סופּערווייזערס פון דיא וועגען פאַר דיעזע קאונטי דיסטריקטען ווערען אויך אַפּאָינטעט.

אין יעדע סטייט פון דיא סאוטה ווערען דיא קאונטיס איינגעטהיילט ספּעציעל אין סקוהל דיסטריקטען. דיא בעאַמטע פאַר דיעזע דיסטריקטען ווערען אין מאַנכע סטייטס אַפּאָינטעט פון דיא קאונטי סקוהל באָארד. אין איינינע סטייטס ווערען זיי ערוועהלט פון דיא איינוואָהנער פון דיא דיסטריקטען. אין קענטאָקי שטימען פרויען ביי דיעזע עלעקשאָנס.

---

## „טאונשיפּס" אין דיא סענטראַל סטייטס.

אין דיא גרעסטע און דיא וויכטיגסטע סטייטס, דיא סטייטס וואָס ליעגען אין מיטען פון לאַנד, שפּיעלען דיא „טאונשיפּס" א פּיעל גרעסערע ראָלע וויא אין דיא סאוטה, אָבער ניט אזא הויפּט ראָלע וויא אין ניו ענגלאַנד. אין דיא זעלבע סטייטס פון דיזער גרופּע, וויא, צום ביישפּיעל, ניו יאָרק, ניו דזשוירזי און פּענסילווייניא, האָבען זיך דיא „טאונשיפּס" אַליין ענטוויקעלט,

און דערפאר זיינען מאנכע פון זיי קלענער און מאנכע גרעסער. זייערע גרענעצען דארטען זיינען אויך צודרעהט און קרום. אין די איבעריגע סטייטס אָבער זיינען כמעט אַלע טאונשיפּס פון דיא זעלבע גרויס, זעקס סקוועאר מייל. דיא ערד דאָרטען האָט אמאָל בעלאַנגט צו דער רעגיערונג, און ווען זיא האָט עס אויסגעטהיילט צו קאָלאָניסטען, האָט זיא עס צושניטען אין גלייכע חלקים און יעדען חלק געמאכט פאר א בעזונדערע „טאונשיפּ“.

אויסנאהמעס זיינען אין דיעזע סטייטס אויך פאראַן. אין איללינאָיז, צום ביישפּיעל, זיינען דאָ 17 קאונטים (דיא גאַנצע סטייט האָט 102 קאונטים), וועלכע האָבען גאָר קיין „טאונשיפּס“ ניט. דיא קאונטי בעאַמטע אַטענדען צו דער גאַנצער לאָקאַלער פערוואַלטונג. אין נעבראַסקא האָבען בלויז 25 קאונטים „טאונשיפּס“. דיא איבעריגע 77 קאונטים האָבען קיין „טאונשיפּס“ ניט. אומגעפעהר דאס זעלבע איז אויך אין מיזורי סטייט.

אין דיא מייסטע סטייטס וואס ליגען נעהענטער צו ניו ענגלאנד, וויא, צום ביישפּיעל, אין ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, מישיגען, איללינאָיז, וויסקאנסין, מינעסאָטא, ווערען דיא „טאונשיפּס“ רעגיערט אונגעפעהר אַזוי וויא אין ניו ענגלאנד — דורך „טאונשיפּס“ מיטינגס. נאַטירליך, אין דיעזע סטייטס האָבען דיא פאָלקס מיטינגען ניט אַזא מאכט וויא אין ניו ענגלאנד. אין ניו יאָרק, צום ביישפּיעל, ווערען זיי אָבגעהאַלטען בלויז איין מאָל אין צוויי יאהר, און דער געזעץ גיט זיי אין אַלגעמיין זעהר ווייניג מאכט. טעקסעס ארויפלייגען אויף דיא איינוואָהנער קענען דיעזע מיטינגען ניט. אין אַנדערע סטייטס האָבען דיעזע מיטינגען יע דיא מאכט צו טעקסען, אָבער דערפאר זיינען זיי בעגרענעצט אין אַנדערע הינזיכטען.

דאָס פאָלק אין דיעזע סענטראַל סטייטס איז גאַנץ ווייניג פּראַינטערעסירט אין דיעזע מיטינגען, דאָס הייסט, אין פערגלייך מיט דיא איינוואָהנער פון דיא ניו ענגלאנד סטייטס. אין „טאונשיפּס“, וואו דיא צאָהל בירגער איז פון 500 ביז 600, קומען צו א מיטינג געוועהנליך פון 10 ביז 20 פערזאָן. עס זיינען,

נאטירליך, דא אויסנאהמעס. דיא צאהל פון דיעזע אויסנאהמעס איז אבער זעהר קליין.

אין דיא סטייטס וואס ליגען נעהענטער צו דיא סאוטה, אין פענסלווינא, אינדיאנא, אייאווא, קענזעס און מיזורי, קו־מען קיין „טאונשיפ" מיטינגען גאר ניט פאר. דיא וויכטיגע פראגען ווערען איבערגעגעבען צו אן אלגעמיינע אבשטימונג, צו א רעפערענדום; אבער די בירגער קומען זיך ניט צונויף אויף אן אסיפה דיא פראגען צו דעבאטירען, וויא דאס איז דער פאל אין דיא ניו ענגלאנד סטייטס.

אין דער הינזיכט פון ערוועהלען בעאמטע זיינען אויך מאנכע פון דיעזע סטייטס עהנליכער צו ניו ענגלאנד וויא דיא אנדערע. אין פענסילווייניא, אהייא, אייאווא, מינעסאטא און נארטה און סאוטה דאקאטא ווערט ערוועהלט א באארד אוו סופערווייזערס אדער טראסטיס, וועלכע זיינען עהנליך צו דיא „סעלעקטמען" אין ניו ענגלאנד. אין דיא אנדערע סטייטס איז דער סיסטעם אביסעל אנדערש. דארטען ווערט ערוועהלט איין הויפט בעאמטער פאר דער „טאונשיפ" צוזאמען מיט א קליינע באארד. דער הויפט בעאמטער פיהרט דיא גאנצע פערוואל־טונג. זיין מאכט איז בלויז עטוואס בעגרענעצט דורך די באארד.

אין ניו יארק, מישיגען און אין איללינאיז רופט מען דיע־זען הויפט בעאמטען דער סופערווייזער; אין וויסקאנסין הייסט ער „טאון טשערמאן". אין דיעזע סטייטס פערטרעט דיעזער בעאמטער דיא „טאונשיפ" אין דער קאונטי באארד.

דיא אויפגאבען פון דיעזע בעאמטע זיינען פערשיעדען אין פערשיעדענע סטייטס. אין ניו יארק און אין איללנאיז זיי־נען זיי הויפטזעכליך דיא טרעזשורערס פון דער טאון. זיי האל־טען אלע טאון געלדער און צאהלען אוים אלע ביללס. אויסער דעם קענען זיי אנפיהרען טרייעלס אין נאמען פון דער טאון. אין ניו יארק קענען זיי פערקויפען טאון אייגענטהום, אויב דער טאון מיטינג גיט זיי דיא ערלויבנים. אין מישיגען סטייט זיי־נען זיי דיא אססעסארס. זיי שאצען אפ דיא ווערדע פון יעדען

איינוואָהנער׳ס אייגענטהום און בעשטימען וויפיעל טעקסעס ער זאָל צאָהלען.

זעהר א וויכטיגע ראָלע האָבען דיא טאונשיפּ טראָסטים. זיי קאָנטראָלירען דיא פינאַנצען פון דיא טאונשיפס, זיי זיינען דיא אויפזעהער איבער דיא אָרימע, דיא טרעזשורערס און דיא קלוירקס אין דיא סקוהל דיסטריקטס. זיי גרייטען אויך צו דיא ליסט פון די נעמען פון אַלע וואָוטערס אין דער טאונשיפּ און זיי זיינען דיא עלעקשאָן אינספּעקטאָרס. אויסער דעם האָבען זיי אויך קלענערע אויפגאַבען.

דיא טאונשיפּ באָארדס זיינען אויך אין זייערע אויפגאַבען פערשיעדען אין פערשיעדענע סטייטס. אין מאַנכע סטייטס בע־שטעהט דיעזע באָארד פון דיא הויפּט בעאַמטע פון דער טאונ־שיפּ. אין ניו יאָרק, איללינאָיז און מישיגען בעשטעהען זיי פון דעם סופּערוויזער, דעם קלוירק און פון דעם דזשאַסטיס אָוו דהי פּיעס. אין אַנדערע סטייטס אָבער איז דיא באָארד א ספּע־ציעלע קערפּערשאַפט. אין מיזורי סטייט בעשטעהט זיא פון דעם טראָסטי און צוויי אַנדערע ערוועהלטע מעמבערס. אין אינדיאַנא זיינען אין דער באָארד דאָ דריי ספּעציעל ערוועהל־טע מעמבערס. דאָס זעלבע איז אין פיעלע אַנדערע סטייטס פון דיעזער גרופּע.

וואָס זיינען דיא אויפגאַבען פון דיעזע באָארדס? אין ניו־יאָרק גיבען זיי אַרוים לייסענס פאַר פּעדלערס, גיבען אַכטונג אויף דעם געזונדהייטס־צושטאַנד פון דער טאונשיפּ, פּאַסען אויף דיא וואַסער, זעהען דיא טאון זאָל גוט בעלויכטען ווערען א. ז. וו. אין מישיגען קענען זיי ארויפלייגען טעקסעס אויף דיא איינוואָהנער, ווען זיי געפינען עס פיר נויטיג. אין אינדיאַנא האבען זיי נאָך א גרעסערע מאַכט: זיי קענען באָרגען געלד פאַר קהל׳שע עקספּענסעס.

אין דיא סטייטס, וואו עס איז ניטאָ קיין הויפּט טאונשיפּ בעאַמטער, האָבען דיעזע באָארדס פיעלע אַנדערע אויפגאַבען. אין פּענסילווייניא, צום ביישפּיעל, גיבען זיי אַכטונג אויף דיא

וועגן, אויף די בריקען און אויף די אָרימע לייט פון דער טאָונשיפּ.

אויסער די באָארד ערוועהלט יעדע טאָונשיפּ אַ טאָונשיפּ קלוירק (אינדיאַנאַ סטייט האט ניט קיין טאָונשיפּ קלוירק). זיי זיינען די סעקרעטערע פון די טאָונשיפּ מיטינגען און פון די טאָונשיפּ באָארדס. אין מאַנכע סטייטס האָבען זיי נאָך קליינע אויפגאַבען.

אין פיעלע פון דיעזע סטייטס ערוועהלט יעדע טאָונשיפּ עטליכע טעקס אססעסאָרס. וויא עס איז אויבען אָנגעוויזען געװאָרען, ווערט אין אייניגע סטייטס די אַרבייט פון בעשטימען די טעקסעס געטהאָן פון די טראָסטיס אָדער טאָונשיפּ באָארדס. אין די מעהרסטע סטייטס אָבער ווערט דארויף ער־וועהלט אַ ספּעציעלע באָארד, געוועהנליך פון דריי מעמבערס.

אין די מעהרסטע סטייטס ערוועהלט יעדע טאָונשיפּ אַ טרעזשורער. אין אַזוינע סטייטס וויא ניו יאָרק, וואו דער סופּערווייזער איז דער טרעזשורער, דאַרף מען, נאַטירליך, אַזאַ בעאַמטען ניט האָבען.

אין מאַנכע סטייטס ערוועהלען די טאָונשיפּס ספּעציעלע אויפזעהער איבער די וועגען און איבער די צדקה אַנשטאַלטען.

זעהר וויכטיגע טאָונשיפּ בעאַמטע זיינען די דזשאַסטיסעס אָוו דהי פּיעס. מאַנכע טאָונשיפּס ערוועהלען צו צוויי יעדע, מאַנכע צו דריי און מאַנכע זאָגאַר צו פינף. דיעזע דזשאַדזשעס האָבען ניט קיין גרויסע מאַכט. זיי קענען פּראָצעסירען בלויז קליינע קייסעס. אין מאַנכע סטייטס טאָרען זיי ניט משפּט'ען קיין סיוויל קייס, אין וועלכע די סומע איז איבער הונדערט דאָלאַר. אין אַנדערע קענען זיי משפּט'ען קייסעס פאַר אַ סומע פון דריי הונדערט דאָלאַר. אין קרימינעלע קייסעס איז זייער מאַכט אויך זעהר קליין. ווען דער פערברעכען איז גאָר אַ קליינער, אַזאַ, פאַר וועלכען די העכסטע שטראָף איז אַ קליי־נער געלד פיין אָדער עטליכע טעג אין פּריזאָן, קענען זיי די

קיים משפט'ען. אויב דער פערברעכען איז אן ערנסטער, מוזען זיי איהם אבשיקען אין א העכערע קאורט.

אין אלע קייסעס אבער קענען דיעזע ריכטער ארויסגעבען ווארענטס דיא פערברעכער צו ארעסטירען. זיי קענען אויך אב־האלטען א פערהער און בעשטימען צו דער אנגעקלאגטער זאל ארויסגעלאזען ווערען אויף בייל און ווי גרויס די בייל זאל זיין.

אין מאנכע סטייטס זיינען דיעזע ריכטער אויך קאראנערס. זיי קענען אויך זיין „מסדר קדושין'ס".

מערקווירדיג איז דאס טראץ דעם וואס דיעזע דזשאדזשעס דארפען אורטהיילען קייסעס, איז עס ניט נויטיג נאך'ן געזעץ זיי זאלען זיין געשטודירט אין לאא. דיא איינוואהנער פון דיא טאונשיפס קענען אויסקלייבען ווען זיי ווילען פאר'ן דזשאס־טיס אוו דהי פיעס, אפילו דער גרעסטען עם הארץ.

יעדע טאונשיפ ערוועהלט א קאנסטייבעל, וועלכער האט דארטען דיא זעלבע אויפגאבען וויא דער קאנסטייבעל אין א ניו ענגלאנד טאון. זיי דארפען ארעסטירען א פערברעכער, ברייננגען עדות אין קאורט און אויספיהרען דיא פסק'ען, וואס דיא דזשאסטיסעס גיבען ארויס.

---

## סקוהל דיסטריקטען.

אין אלע סענטראל סטייטס האט יעדע קאונטי אויסער טאונשיפס אויך סקוהל דיסטריקטען. אין פינף סטייטס איז יע־דע טאונשיפ צו דער זעלבער צייט א גאנצער סקוהל דיסטריקט אויך. אין דיא איבעריגע סטייטס זיינען אבער דיא סקוהל דיס־טריקטען קלענער וויא דיא טאונשיפס. אמאל קען איין טאון־שיפ זיין איינגעטהיילט אין עטליכע סקוהל דיסטריקטען..

דעם צוועק פון דיעזע דיסטריקטען איז לייכט צו טרעפען. יעדער פון דיעזע דיסטריקטען האט זיינע סקוהל בעאמטע, וועלכע קאלעקטען טעקסעס ספעציעל פאר דיא סקוהלס פון

דעם דיסטריקט, און וועלכע קאָנטראָלירען דיא סקוהלס. אין אַ גרויסע טהייל פון דיעזע סטייטס האָבען דיא איינוואָהנער אליין אַ גרויסע מאכט אין קאָנטראָלירען דיא סקוהלס. אויסער דעם וואָס זיי ערוועהלען דיא סקוהל בעאמטע, האלטען זיי אָפּ אסיפות (אזוי וויא דיא טאונשיפּ מיטינגס) און בעשפּרעכען צווישען זיך וויא אזוי דיא סקוהלס זאָלען זיך פיהרען, וואָס מען זאָל דאָרטען לערנען, וואָס פאר טיטשערס מען זאָל אָנ־שטעלען און ז. וו. דיא בעאמטע מוזען דיא בעשליסע פון דיע־זע מיטינגען פאָלגען.

## קאפיטעל 29.

### דיא רעגיערונג פון דער שטאָדט ניו יאָרק.

דיא רעגיערונג פון דער שטאָדט ניו יאָרק איז א בעל-הוצאה 160 מיליאָן דאָללאר א יאָהר. איהר בעפעלקערונג איז פיעל קלענער וויא דיא בעפעלקערונג פון לאָנדאָן, דאָך זיינען איהרע עקספּענסעס א סך גרעסער. און זיא קומט נאָך ניט אויס מיט דאָס געלד, וואס זיא זאמעלט דורך טעקסעס פאר איהרע הוצאות. זיא איז א שרעקליכער בעל חוב. זיא איז שולדיג כמעט אזוי פיעל וויא דיא נאציאָנאלע רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאאטען, וועלכע איז געצוואונגען געווען אָנצובאָרגען אונגעהויערע גרויע סוממען אין דער צייט פון דיא מלחמות אין פערלויף פון דיא לעצטע פופציג יאָהר. דרייסיג פּראָצענט פון דיא הוצאות אונזערע ווערען פערברויכט אויף צו צאָהלען פּראָצענט און א טהייל פון קרן פון דיעזע ריעזיגע חובות.

ווען ניו יאָרק וואָלט ניט געווען אזוי אונגעהויער רייך און יוען דיא ווערדע פון איהר ריעל עסטייט וואָלט ניט געשטיגען פון יאָהר צו יאָהר, וואָלט דיא שטאָדט רעגיערונג שוין לאנג געמוזט באנקראָטירען. דורך דעם, וואס דיא לאנד און דיא הייזער ווערען דאָ טהייערער און טהייערער האָט דיא רעגיערונג דיא מעגליכקייט צו קאָלעקטען יעדען יאָהר מעהר און מעהר טעקסעס (דיא טעקסעס זיינען געוועהנליך א געוויסער פּראָצענט פון דיא ווערדע פון דיא ריעל עסטייט און אויב די ווערדע איז גרעסער זיינען דיא טעקסעס גרעסער). און דאָס גיט

איהר א געלעגענהייט צו דעקען דיא ריעזיגע הוצאות, וועלכע האלטען אויך אין איין וואקסען און גיט איהר אויך דיא מעגליכ־קייט צו באָרגען נאָך געלד פאר אויסערגעוועהנליכע עקספּענ־סעס, וואס פאָדערען זיך פון צייט צו צייט.

נעהמענדיג דיעזע פאקטען אין אנבעטראכט, איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואס דיא שטאָדט רעגיערונג פון ניו יאָרק איז אימער געווען אזוי קאָררופּט. פּאָליטישענס האָבען דאָ געהאַט א קלאָנדייק. זיי האָבען אין ניו יאָרק געקענט מאכען מעהר פון גרעפט, פון כאבאר און פון בודעל וויא אין הונדערטע קליי־נע און גרויסע שטעדט אין דיא וועסט צוזאמענגענומען. און עס איז אויך קיין וואונדער ניט, וואס דיא סטייט רעגיערונג האט אימער געהאלטען ניו יאָרק פעסט אין איהרע הענד. זיא האט דער לאָקאלער רעגיערונג געגעבען וואס וועניגער זעלבסט־הערשאפט. א צייט לאנג פלעגט דיא לעדזשיסלייטשור יעדען יאָהר בעשטימען דעם ביודזשעט פון דער שטאָדט. זי פלעגט בעשטימען וויפיעל דיא שטאָדט זאָל אין דעם קומענדען יאָהר אויסגעבען אויף איהרע פערשיעדענע דעפּארטמענטס, וויפיעל אויף סקוהלס, וויפיעל אויף פּאָליסלייט, וויפיעל אויף פייער־לייט, וויפיעל אויף סטריט קלינינג און זאַ ווייטער און ווייטער. א לאנגע צייט האָט דיא לעדזשיסלייטשור פּאקטיש אליין רע־גיערט איבער דער שטאָדט דורך באָארדס. זי פלעגט אפּוינטען א צאָהל מענשען, וואס זאָלען אכטונג געבען אויף דיא סקוהלס, א צאָהל מענשען וואס זאָלען פיהרען דעם פייער דעפּארטמענט, דעם פּאָליס דעפּארטמענט, דעם סטריט קלינינג דעפּארטמענט און ז. וו. ביסלעכווייז אבער האָבען זיך דיא איינוואָהנער מעהר און מעהר בעפרייט פון דעם יאָך פון דער סטייט רעגיע־רונג. אין גאנצען זעלבסטשטענדיג זיינען זיי נאָך איצטער אויך ניט. דיא סטייט רעגיערונג האָט נאָך איבער אונזער שטאָדט רעגיערונג א געוואלדיגע מאכט. אָבער אין פערגלייך מיט אמאָליגע יאָהרען זיינען מיר איצטער פיעל, פיעל זעלבסט־שטענדיגער און פרייער.

יעדע סטייט אין דיעזער לאנד האָט געהאַט א סך שלעכטע

ערפאהרונגען מיט איהר לעדזשיסלייטשור, אין בעצוג צו דיא גרויסע שטעדט. דיא סטייט רעגיערונג אליין האָט קליינע הוצאות און קליינע איננאַהמע. פון איהר לאַטכענען אָדער מאַ־ בען געלד דורך גרעפט, איז זעהר שווער. ס'איז פשוט צו וועניג פאר אזוי פיעל בעאמטע פּאָליטישענס. דיא גרויסע שטעדט, פארקעהרט, האָבען אימער געהאַט גרויסע הוצאות, און דאָר־ טען האָט מען געקענט אָפּלעקען א ביינדעל. איבערהויפּט האָבען דערפון געהאַט דיא פארטרעטער אין דער לעדזשילייטשור. ווען א שטאָדט פלעגט דארפען עפּעס איינפיקסען א נויטיגע זאך, ווי, צום ביישפּיעל, בויען קארס, לייגען געז אדער עלעקטריק פייפּס, ציהען וואסער פון געוויסע טייכען אדער קוואלען און אזוי ווייטער. האָט זיא זיך געמוזט ווענדען צו דער לעדזשיס־ לייטשור נאָך אַן ערלויבנים. דיא לעדזשיסלייטשור האָט אויך געדארפט בעשטימען וויא אזוי, דורך וועמען און אונטער וועל־ כע בעדינגונגען דיעזע אויסבעסערונגען זאָלען געמאכט ווערען. געוועהנליך פלעגט מען דעם דזשאב אוועקגעבען א פּריוואט־ קאָמפּאניע, א חברה קאפּיטאליסטען און דיעזע לייט פלעגען פאר'ן דזשאב גוט בעצאָהלען.

דיא קאָררופּציאָן, גרעפט און בודעל אין דיא לעדזשיסלייי־ טשורס איז געוואָרען א נאַציאָנאַלע מכה. עס איז ניט געוועז קיין איין סטייט, וועלכע האָט פון איהר ניט געליטען. איבער'ן גאנצען לאַנד האָט זיך אויפגעהויבען א מעכטיגער פּראָטעסט־ געשריי. מען האָט געמאכט אונטערזוכונגען. פיעלע פון דיא הויפּט בודלערס און גרעפטערס זיינען ארעסטירט געוואָרען און מאנכע איז עס געלונגען צו בעשטראפען. אין איניגע סטייטס האָבען דיא בירגער געמאכט א פערזוך דיא מכה אויסצוהיילען אויף אַן אנדער ארט. זיי האָבען אריינגעשטעלט אמענדמענטס אין זייערע סטייט קאָנסטיטושאָנס, וועלכע האָבען ביז א גע־ וויסען גראד בעגרענעצט דיא מאכט פון דיא לעדזשיסלייטשורס איבער דיא שטאָדט־רעגיערונגען. זעהר ווייט זיינען דיזע בע־ גרענצונגען ניט געגאנגען, און דערפאר האָט עס ניט געהאָלפען זעהר פיעל אָפּצושטאָפּען די קאָררופּציאָן און בודלעריי אין די

לעדזשיסלייטשורס. אָבער אויף וויא ווייט זיי גרייכען, זיינען זיי וויכטיג. דיא קאָנסטיטושאָן פון ניו יאָרק סטייט ענטהאלט אזוינע עטליכע פונקטען. איידער מיר פאנגען אָן צו ערקלערען דעם איצטיגען טשארטער פון דער שטאָדט ניו יאָרק, וועלען מיר בעטראכטען דיעזע פונקטען אין דער סטייט קאָנסטיטושאָן, אָהן זיי איז שווער צו פערשטעהן גרינדליך דעם טשארטער.

1. אין געוויסע פעללע מוזען דיא געזעצע, וואס דיא לעדזשיסלייטשור מאכט פאר שטעדט, פארגעלעגט ווערען פאר די מעיאָרס פון דיא שטעדט, איידער זיי ווערען אָפּגעשיקט צום גאָווערנאָר, ער זאָל זיי אונטערשרייבען. דיא קאָנסטיטושאָן טהיילט איין דיא שטעדט פון דער סטייט אין דריי קלאססען נאָך דער גרויס נאָך. צו דער ערשטער קלאס געהערען אזוינע שטעדט, וועלכע האָבען א בעפעלקערונג פון איבער 175 טויזענד. אזוינע שטעדט זיינען אין דיעזער סטייט דאָ בלויז דריי: ניו יאָרק, באָפאלאָ און ראטשעסטער. ווען די לעדזשיסלייטשור מאכט א געזעץ פאר אלע שטעדט פון א געוויסע קלאס, דאַן קענען דיא מעיאָרען פון דיא שטעדט זיך ניט אריינמישען. אזוינע געזעצע רופט מען אלגעמיינע געזעצע. דיא לעדזשיסלייטשור קען, צום ביישפיעל, אליין דורכפיהרען א ביל, אז אין אלע דריי שטעדט פון דער ערשטער קלאסס זאָלען דיא סאלונס מוזען צאָהלען טויזענד דאָלאר א יאָהר פאר לייסענס. דיא איינוואָהנער פון די שטעדט קריגען זאָגאר ניט דיא געלעגענהייט אויסצודריקען זייער מיינונג צי דער געזעץ געפעללט זיי, צי ניט. ווען, אָבער, דיא לעדזשיסלייטשור וויל מאכען א „ספּעציעלען געזעץ", דאָס הייסט, א געזעץ פאר איין שטאָדט אדער פאר עטליכע שטעדט אין א געוויסען קלאס, ווען, צום ביישפיעל, די לעדזשיסלייטשור וויל מאכען א לאָא בלויז פיר ניו־יאָרק אדער פאר ניו יאָרק און ראטשעסטער, דאן מוז זי געבען די בירגער פון דער שטאָדט אדער פון דיא עטליכע שטעדט דיא געלעגענהייט אויסצודריקען זייער מיינונג וועגען דעם געזעץ.

און דיא געלעגענהייט קריעגען דיא בירגער אויפ׳ן פאָלגענדען ארט. נאָכדעם ווי דער ביל ווערט אָנגענומען אין דער לעדזשיסלייטשור, ווערט ער אָפּגעשיקט צום מעיאָר פון דער שטאָדט. דער מעיאָר ארראנזשירט דאן אן אפענע פערזאמלונג פאר דיא איינוואָהנער פון דער שטאָדט, ביי וועלכער דער געזעץ ווערט דעבאַטירט. אין 15 טעג צייט מוז דער מעיאָר ענטשיידען, צי דער געזעץ געפעלט איהם, צי ניט. אויב ער שרייבט איהם אונטער, ווערט ער אָפּגעשיקט צום גאָווערנאָר, און אויב דער גאָווערנאָר שרייבט איהם אויך אונטער, ווערט ער א געזעץ. אויב אָבער דער מעיאָר ווייזט דעם ביל צוריק, ווערט ער צוריק אָפּגעשיקט צו דער לעדזשיסלייטשור, און דיא לעדזשיסלייטשור פערהאַנדעלט איהם א צווייטען מאָל. אויב דיא לעדזשיסלייטשור נעהמט דעם ביל ווידער אָן מיט א מאַיאָריטעט, קען דער מעיאָר גאָר ניט טהאָן. בלויז דער גאָווערנאָר קען דאמאָלט עפּעס ווירקען. ער קען זיך ענטזאגען דעם ביל אונטערצושרייבען און אָהן זיין אונטערשריפט קען מען קיין געזעץ ניט מאכען, סיידען צוויי דריטעל מעמבערס פון דער לעדזשיסלייטשור שטימען פאר איהם.

דיא דעה וואס דיא סיטי מעיאָרס האָבען זאָגאר איבער „ספּעציעלע“ געזעצע, איז, אלזאָ, ניט קיין איבעריג גרויסע. ווען דיא לעדזשיסלייטשור וויל שטארק אזא געזעץ דורכפיהרען, קען זיא עס טהאָן. זיא דארף בלויז דעם ביל פערהאנדלען צוויי מאָל אנשטאַט איינמאָל. און דער פאקט איז, דאָס פיעלע פון דיא וויכטיגסטע ספּעציעלע בילס פאר דער שטאָדט ניו יאָרק זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען טראָטץ דעם ווילען פון דיא ניו יאָרקער סיטי מעיאָרס. אָט, צום ביישפּיעל, האט דיא לעדזשיסלייטשור פעראייניגט ניו יאָרק און ברוקלין אין איין גרייטער ניו יאָרק, טראָטץ דעם וואס דיא מעיאָרס פון דיעזע שטעדט זיינען געווען געגען דעם. דיא לעדזשיסלייטשור האָט פאר אונז אויך פערפאסט א טשארטער, וואס דעם מעיאָר איז זעהר ניט געפעללען געוועזן.

פון דעסטוועגען אויף א ביסעל העלפט עס פאָרט. דעם

מעיאָר'ס צוריקווייזען און איבערהויפט דיא פּאָלקס דעבאטען, וואָס קומען פאָר אין דיא פופצעהן טעג, וואס דער מעיאָר איז זיך מישב וועגען דיא ביללס, האָט שוין פיעלע מאָל געווירקט, אז דיא לעדזשיסלייטשור זאָל א צווייטען מאָל דיא ביללס ניט פערהאנדלען. נאָך אלעמען איז דיא עפענטליכע מיינונג דיא שטאַרקסטע וואפע וואס דאָס פאָלק האָט געגען דיא קאָרופּטע געזעץ מאכער. ווען א לעדזשיסלייטשור פיהלט, אז דער גרויסער עולם איז שטאַרק אונצופריעדען מיט איהרע א שטיקעל ארבייט, וועט זיא טרייען דאָס צו פארניכטען. דיא מעמבערס ווייסען דאָך, אז פאר זיי קומט אָן אן עלעקשאָן, א יום־הדין, ווען זיי וועלען דארפען אפּגעבען חשבון פאר זייער האנדלונג.

2) דיא קאָנסטיטושאָן פערזאָגט אויך, אז דיא עלעקשאָנס פאר בעאַמטע אין ניו יאָרק און ברוקלין זאָלען שטאטפינדען אין דיא „אום־יאָהרען", דאָס הייסט אין דיא יאָהרען : 1913, 1915, 1917 און זאָ ווייטער. דיעזער געזעץ איז זעהר א וויכטיגער. דיא עלעקשאָנס פאר דיא בעאַמטע פון דער סטייט און פאר דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג קומען פאָר אין דיא „גראד־יאהרען". דער פּרעזידענט וועט עלעקטעט ווערען אין 1920, 1924, 1928. דער גאָווערנאָר אין 1918, 1920, 1922 און זאָ ווייטער. קאָנגרעסלייטע ווערען אויך ערוועהלט אלע צוויי גראד־יאהרען, אין 1918, 1920, 1922. אמאָל, אז מען פלעגט דאָ ערוועהלען דיא שטאָדט בעאַמטע אין דיא זעלבע יאָהרען און אין דער זעלבער צייט, וויא דיא סטייט און נאַציאָנאַלע בעאַמטע, פלעגען דיא איינוואָהנער פון דער שטאָדט, דיא וואוטערס זיך ניט אינטערעסירען פיעל מיט דיא שטאָדט קאנדידאטען. א וואוטער פלעגט אין זינען האָבען מעהר דיא סטייט און נאַציאָנאַלע קאָנדידאטען, און ווען איהם פלעגט געפעללען זיין דער פּרעזידענט אָדער גאָווערנאָר קאנדידאט פון א געוויסע פּארטיי, פלעגט ער שוין אויך שטימען פאר דיא שטאָדט קאנדידאטען פון יענער פארטיי. דערצו פלעגען דיא בירגער פון דער שטאָדט ביי דיזע וואהלען ניט קענען שענקען גענוג אויפמערקזאמקייט צו די אישיום און די פראגען, וואס האָבען געהערט צו דער־

שטאַדט פערוואַלטונג. דיא סטייט און נאַציאָנאַלע אישיוס האָבען ביי זיי צוגענומען די גאַנצע צייט און דיא שטאַדט - פראַגען האָבען דערפון געליטען.

מען מוז דאָ ניט פארגעסען, אז דיא אלטע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבען ניט קיין גרונד פּרינציפּען אין וועלכע זיי אונטערשיידען זיך. דיא אישיוס, איבער וועלכע זיי קעמפּפען ביי דיא וואהלען זיינען קליינע רעפאָרמען אדער לייזונגען פון צייט-פראַגען. ביי זיי איז אויך דיא הויפּט וויכטיגקייט דיא פּערזענליכקייטען פון דיא קאַנדידאַטען, ווייל פיעלע פון דיא, וואס ווערען נאָמינירט זיינען דיא לאַקייען פון קאָררופּטע מאַשין באָסעס. ווען דיא בירגער, אלזאָ, האָבען געמוזט וואוטען אין איין עלעקשאָן אי פאר סטייט, אי פאר שטאַדט בעאַמטע, האָבען זיי קיין מעגליכקייט ניט געהאַט אויסצושטודירען דיא אלע פערשיעדענע אישיוס און דיא אלע פערשיעדענע פּערזענליכקייטען פוןביידע טיקעטס און אויסקלייבען וועלכע זיינען גוט און וועלכע ניט. דאָס מעהרסטע וואס זיי פלעגען טהאָן איז געווען צו פאראינטערעסירען זיך מיט דעם סטייט טיקעט, און דיא שטאַדט פלעגט פון זיי פערנאַכלעסיגט ווערען. דיא פּאָליטישע באָסעס האָבען דערפון געוואוסט, און זיי פלעגען אויפשטעלען אלס שטאַדט קאַנדידאַטען דיא ערגסטע בודלער. אויפ'ן סטייט טיקעט פלעגען זיי נאָמינירען בעסערע מענשען, און זיי פלעגט טאַקע געלינגען דורך דעם גאַנצען סטייט טיקעט צו ערוועהלען זייערע קאָררופּטע שטאַדט קאַנדידאַטען.

אום דיעזען איבעל צו היילען איז געמאַכט געוואָרען דיזער געזעץ אין דער קאָנסטיטושאָן, אז דיא וואהלען פאר שטאַדט בעאַמטע זאָלען ניט פארקומען אין דיא זעלבע יאָהרען וויא דיא וואהלען פאר נאַציאָנאַלע און סטייט בעאַמטע.

3) אום צו פארהיטען אז דיא שטאַדט בעאַמטע זאָלען ניט פערשווענדען צופיעל געלד אויף דיא שטאַדט הוצאות און זאָלען ניט אריינשלעפּען דיא שטאַדט צופיעל אין חובות, פערזאָגט די קאָנסטיטושאָן די סטייט-לעדזשיסלייטשור, אז זי זאָל גוט אכטונג געבען אויף די פינאַנצען פון יעדער שטאַדט. די לעדזשיס-

לייטשור דארף בעשטימען וויפיעל געלד יעדע שטאדט מעג באר־גען און וויא הויך דיא טעקסעס פון דער שטאדט מעגען זיין. דיא לעדזשיסלייטשור מוז אויך בעשטימען דיא ארבייטס שטונדען און דיא וויידזשעס פון אלע שטאדט אנגעשטעלטע, און מאכען די נויטיגע ארבייטס געזעצע פאר אלע ארבייטער, וואס זיינען בעשעפטיגט דירעקט פון דיא שטאדט רעגיערונגען, און פאר דיא ארבייטער וואס זיינען בעשעפטיגט ביי די קאנטראקטארס און באסעס, וועלכע מאכען דזשאבס פאר דער שטאדט.

4) דיעזע פראגע וועגען בארגען געלד איז אזא העכסט־וויכטיגע, אז דיא ניו יארקער קאנסטיטושאן האט זיך ניט פאר־לאזען אויף דער לעדזשיסלייטשור זיא זאל האבען דאס פולע רעכט צו בעשטימען וויפיעל א שטאדט זאל מעגען בארגען. די קאנסטיטושאן אליין ענטהאלט א פונקט, אז קיין שטאדט אדער דארף אין דער סטייט, זאל ניט טארען זיין קיין בעל חוב מעהר וויא דיא ווערדע פון 10 פראצענט פון דיא ריעל עסטייט, וואס געפינט זיך ביי איהר. ווען אלע געטעקסטע לאטס און הייזער אין א שטעדטעל זיינען ווערטה צעהן מיליאן דאלאר, דאן מעג דאס שטעדטעל בארגען איין מיליאן דאלאר; אויב דיא געטעקס־טע ריעל עסטייט איז ווערטה הונדערט מיליאן, מעג זיא זיך פערשולדיגען אין צעהן מיליאן דאלאר. דיעזער ווארט „געטעקס־טע" איז וויכטיג. יעדע שטאדט ענטהאלט פיעלע לאטס און הייזער, וועלכע צאהלען ניט קיין טעקסעס: רעגיערונגס הייזער, צום ביישפיעל, אדער סקוהלס און האספיטאלס און זא ווייטער. דיעזע ריעל עסטייט ווערט ניט אריינגערעכענט אין חשבון.

צוויי אויסנאהמען זיינען דא אין בעצוג צו דיעזען געזעץ. 1. ווען א דארף אדער א שטאדט דארף האבען געלד אויף איינ־צופיקסען א „וואסער פלענט", ד. ה. אויף צו לעגען פייפס און צוציהען וואסער פון א קוואל צו דיא הייזער. דארויף מעג דיא שטאדט בארגען וויפיעל געלד זיא ברויכט נאר אהן א שום גרענעץ. די שטאדט ניו יארק האט א פריווילעגיע און זיא מעג אויך איבערטרעטען דיא 10 פראצענט גרענעץ אין בארגען אביסעל געלד, ווען זיא ברויכט נאר אויף צו בויען נייע סאב־

וויים און נייע פארקס. דיא שטאָדט אליין קען אָבער דאָס געלד ניט באָרגען. זיא מוז קריגען דיא ערלויבנים פון דיא לע דזשיסלייטשור, און דיא לעדזשיסלייטשור דאַרף בעשטימען דיא סומע און דיא בעדינגונגען, אויף וועלכע דיא הלואה זאָ. געמאַכט ווערען. די לעדזשיסלייטשור קען אויך בעשטימען וואָ און וויא אזוי דאס געלד זאָל געבאָרגט ווערען.

5) דיא קאָנסטיטושאָן בעשרענקט דיא מאכט פון דער לעדזשיסלייטשור אין אפּוינטען בעאמטע און דינגען אָנגע־שטעלטע פאר דיא שטאָדט רעגיערונג. זיא ערקלערט, אז אויב א שטאָדט דאַרף האָבען נייע בעאמטע, וועלכע זיינען ניט דער־מאָנט אין דער קאָנסטיטושאָן, זאָלען זיי ערוועהלט ווערען פון דיא בירגער פון דער שטאָדט אדער דיא לעדזשיסלייטשור קען בעשטימען, אז זיי זאָלען אפּוינטעט ווערען פון אן אנדער שטאָדט בעאַמטען.

6) דיא לעדזשיסלייטשור האָט קיין רעכט ניט אָנצונעה־מען א בילל, אז א געוויסע סטריט אין א געוויסער שטאָדט אָדער א געוויסער וועג צווישען געוויסע שטעדט אָדער דערפער זאָל געענדערט אָדער אָפּגעשאפט ווערען. זיא טאָר אויך ניט פאר־גרעסערען אדער פארקלענערען דעם געהאלט פון שטאָדט בע־אמטע אין מיטען פון זייער טערמין.

7) עס איז דאָ אַ ספּעציעלער פּונקט אין דער קאָנסטיטו־שאָן, אז דיא לעדזשיסלייטשור טאָר ניט געבען א פּריוואט־קאָמפּאניע דיא ערלויבניס צו בויען א סטריט קאר אין א געווי־סער שטאָדט אדער דאָרף, סיידען דיא בעאמטע פון יענער שטאָדט אָדער דאָרף גיבען פריהער זייער צושטימונג דערצו.

אָבער טראָטץ דיא אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע בעגרענצונגען האָט דיא לעדזשיסלייטשור און דער גאָווערנאָר, דאָס הייסט די סטייט רעגיערונג, א געוואַלדיגע מאַכט איבער די פערוואלטונג פון דיא שטעדט און דערפער. יעדער טשארטער וואס א שטאָדט אדער דאָרף בעקומט, ווערט אויסגעארבייט און אָפּגע־שטימט אין דער לעדזשיסלייטשור, און אין דיעזע טשארטערס ווערען בעשטימט און בעשריעבען אלע איינצעלהייטען וועגען

דיא סארט רעגיערונג וואס זיא זאל האבען. דיא צאהל בעאמטע, דיא אויפגאבען פון יעדען בעאמטען און דיא געהאלטען וואס יעדער בעאמטער און יעדער אנגעשטעלטער פון קלענסטען ביז'ן גרעסטען זאל בעקומען.

דיא קאנסטיטושאן גיט אויף דעם גאווערנאר דיא מאכט אראפצוזעצען דעם סיטי מעיאר, דיא באראה פרעזידענטס און דעם פאלים קאמישיאנער פון א שטאדט, אויב זיי זיינען נאך זיין מיינונג ניט פעהיג גענוג, ניט עהרליך גענוג אדער אזוי ניט פאסיג פאר זייערע עמטער.

אויסער דעם איז דא א סטייט סיוויל סוירוויס קאמישאן, א קערפערשאפט, וועלכע בעלאנגט צו דער סטייט רעגיערונג, און זיא קאנטראלירט דיא סיוויל סוירוויס קאמישאנס פון דער שטאדט רעגיערונג, וועמעס אויפגאבע עס איז אנצושטעלען און אכטונג צו געבען אויף דיא פערשיעדענע ארבייטער אין דיא פערשיעדענע אפטהיילונגען פון דער שטאדט רעגיערונג. אינדי־רעקט, אלזא, האלט דיא סטייט אלע שטאדט אנגעשטעלטע אונ־טער איהר קאנטראל און אונטער איהר אויפזיכט.

די סטייט גיט אויך אכטונג אויף די עלעקשאנס אין דער שטאדט ניו יארק. דערויף אפוינטעט דער גאווערנאר א סופעי־אינטענדענט און עלעקשאנס מיט א גאנצען סטעף פון דעטעק־טיוום און שעריפס, וועמעס אויפגאבע עס איז אכטונג צו געבען, אז דיא וואהלען אין ניו יארק זאלען צוגעהן עהרליך, מען זאל זיי ניט פעלשען און ניט קויפען קיין וואוטס. דיעזער געזעץ איז געמאכט געווארען צוליעב דיא שטענדיגע געוואלדען, וואס פלעגען זיך אויפהויבען ביי יעדע שטאדט־עלעקשאן, אז טעמעני האלל האט דיא עלעקשאן בע'גנב'עט. ס'איז אבער א גאנץ גרוי־סער ספק צי דער געזעץ האט דיעזע עלעקשאן גנבות און פאלש־קייטען פארקלענערט.

דיא טעקסעס פון דיא סאלונס ווערען קאלעקטירט דורך א קאמישאנער, וואס דער גאווערנאר אפוינטעט. א העלפט פון דיעזע טעקסעס געהערען צו דער סטייט און א העלפט צו דער שטאדט.

דיא סטייט האט אויך א שטארקען קאנטראל איבער דיא וויכטיגסטע אנגעלעגענהייטען פון דיא שטאדט רעגיערונגען, איבערהויפט פון דער שטאדט ניו יארק דורך א נייע קערפער־שאפט, וועלכע דיא לעדזשיסלייטשור האט ארגאניזירט אין דעם יאהר 1907. דיעזע קערפערשאפט הייסט די „פאבליק סוירוויס קאמישאן". פון וואס פאר א מענשען דיעזע קאמישאן בע־שטעהט און וואס איהר מאכט, פליכטען און אויפגאבען זיינען וועלען מיר רעדען אין אן אנדער פלאטץ באריכות. אין אלגע־מיין, אבער, קען מען דא בעמערקען, דאס דורך דער פאבליק סוירוויס קאמישאן קען דיא סטייט רעגיערונג זיך אריינמישען און זאגען א גאנץ שטארקע דעה אין דיא וויכטיגסטע אנגעלע־גענהייטען פון דער שטאדט רעגיערונג.

---

## דער טשארטער פון גרייטער ניו יארק.

דעם עלפטען מאי, 1896, האט דיא לעדזשיסלייטשור אין אלבאני אנגענומען א ביל, אז נויארק, ברוקלין, סטעטען איי־לאנד און נאך דריי שטעדטלאך און אכט דערפער אין לאנג־איילאנד זאלען פעראייניגט ווערען אין איין גרויסע שטאדט, און דיעזע שטאדט זאל הייסען גרייטער ניו יארק (פארגרעסער־טע ניו יארק). צו דער זעלבער צייט וואס דיעזער ביל איז דורכ־געגאנגען, האט דער גאווערנאר אפוינטעט א קאמיטע אויסצו־ארבייטען א נייעם טשארטער פאר דיעזע גרויסע שטאדט. א יאהר צייט האט דיא קאמיטע דעם טשארטער געפלאנט און דערנאך האט עס געדויערט א היבשע שטיקעל צייט איידער די לעדזשיסלייטשור האט איהם גוטגעהייסען. ער איז אריינגעטרא־טען אין קראפט דעם ערשטען יאנואר 1898. דאס איז, אין אלגעמיין דער טשארטער, אונטער וועלכען ניו יארק ווערט איצטער רעגיערט. אייניגע ענדערונגען זיינען אין איהם גע־מאכט געווארען פון צייט צו צייט, אבער דיא גרונד פרינציפען זיינען נאך פארלויפיג ניט געביטען געווארען.

## קאפיטעל 30.

### דיא פינף בארא'ס און דיא בארא־פרעזידענטען.

דיא קאמישאן, וואס האט דעם איצטיגען טשארטער פער־פאסט, איז געווען מיט דער מיינונג, אז גרייטער נויארק איז צו גרויס און האט א צו גרויסע בעפעלקערונג, זיא זאל קענען מיט א מאל פערוואלטעט ווערען פון דיא זעלבע בעאמטע און פון דעם זעלבען אפפיס. דערפאר האבען זיי דיא שטאדט איינ־געטהיילט אין פינף חלקים, יעדען חלק האבען זיי גערופען „באַ־ראָה". דיא טהייל פון דער שטאדט, וואס ליעגט צווישען דעם איסט ריווער און הארלעם ריווער האבען זיי א נאמען געגעבען בארא און מאנהעטען; דעם טהייל פון דער אנדער זייט פון דעם הארלעם ריווער האבען זיי א נאמען געגעבען „בארא און בראנקס"; סטעטאן איילענד האבען זיי א נאמען געגעבען „באַ־ראה און ריטשמאנד"; דיא גאנצע שטאדט ברוקלין — בארא און ברוקלין; דיא איבריגע שטעדטלעך און דערפער אין לאנג איילענד, וואס זיינען איינגעשלאסען געווארען אין גרייטער נויארק, האבען זיי א נאמען געגעבען „בארא און קווינס".

יעדע בארא האט אן איינענע פערוואלטונג. דער הויפט בעאמטער פון דער בארא איז דער בארא פרעזידענט, וועל־כער ווערט עלעקטעט אויף פיער יאהר פון דיא איינוואהנער פון דער בארא. ניט אין אלע באראס בעקומט דער פרעזי־דענט דעם זעלבען געהאלט. אין מאנהעטען, בראנקס און ברוקלין קריעגען זיי צו 7500 דאל. א יאהר; אין קווינס און ריטשמאנד בעקומען זיי בלויז צו פינף טויזענד דאללאר א יאהר.

אויב דער גאווערנאר געפינט, אז א בארא פרעזידענט טהוט ניט זיין פפליכט, אדער ער איז ניט עהרליך, אדער ער איז ניט פעהיג גענוג, מעג ער איהם אין מיטען טערמין אראפזעצען פון זיין אמט. אין אזא פאלל אדער ווען דיא שטעלע פון א באַ־ראה פרעזידענט ווערט לעדיג צוליעב אירגענד וועלכע אנדער אורזאכע, דארפען דיא אלדערמען פון דער בארא עלעקטען

א מאַן צו פאַרנעהמען דיא שטעלע ביז דיא ענדע פון זיין טער־מין, און זיי עלעקטען איהם געוויינליך מיט א מאַיאָריטעט שטימען. אויב דיא אַלדערמען זיינען צוטהיילט פונקט אויף צוויי העלפט: איין העלפט וויל א געוויסען קאַנדידאַט און דיא צווייטע העלפט וויל אַן אַנדערען, דאַן האָט דער סיטי מעיאָר דאָס רעכט צו ענטשיידען ווער עס זאָל דיא שטעלע האָבען.

אין דיא קורצע צייט, וואָס דיעזער נייער טשאַרטער איז אין קראַפט, האָבען דיא גאָווערנאָרס אראָפּגעזעצט עטליכע באָראָה פרעזידענטס; און אין אַלע פעלע האבען זיי זייערע שטעלעס פאַרלאָרען, ווייל זיי האָבען זיך ארויסגעוויזען פאַר קאָרופּטע און אונעהרליכע.

דיא הויפט אויפגאַבען פון דעם באָראָה פרעזידענט זיינען פאָלגענדע:

1) ער דאַרף זעהן, אַז זיין באָראָה זאָל האָבען גוטע סטריטען. ער דאַרף בעשטימען וועלכע סטריטען צו פיקסען, וועלכע צו ברוקירען און וועלכע צו פלאַסטערען פון צייט צו צייט. ער קאָנ־טראָלירט אויך דיא בריקען און דיא טונעלען, וואָס געפינען זיך אין זיין באָראָה. ער דאַרף זעהן, אַז דיא סוערס זאָלען זיין אין אָרדנונג. אַלע קהל'שע געביידעס, אויסער סקוהלס, פאָליס סטיישאָנס און פייער־הייזער, וואָס ווערן געבויט אין א באָראָה, ווערען געבויט און אויפגעהאַלטען אונטער דעם באָראָה פרעזי־דענט'ס אויפזיכט. ער דאַרף אויך בעשטימען וואו און וויא אַזוי דיא קהל'שע בעדער פון זיין באָראָה זאָלען געבויט און אויס־געהאַלטען ווערען. ווען אימיצער וויל עפענען א נייע סטריט, אָדער צושליסען א סטריט אויף א געוויסע צייט, מוז ער דערויף קריעגען א פערמיט פון באָראָה פרעזידענט.

נאַטירליך, ער אַליין גיט זיך מיט דיא אַלע זאַכען ניט אָפּ. ער אַפּאָינטעט דערויף א קאָמישאָנער אָוו פּאָבליק וואָרקס, וועל־כער קאָנטראָלירט דאָס אַלעס. אָבער דיעזער קאָמישאָנער איז בלויז דעם באָראָה־פּרעזידענטס ארויסהעלפער, און מוז פאָלגען אַלעס, וואָס ער הייסט איהם.

2) דער באָראָה פּרעזידענט דאַרף אויך אכטונג געבען, אז די וואָס בויען נייע הייזער און געביידעס אין דער באָראָה, זאָלען זיי בויען נאָך דעם געזעץ נאָך. דערויף אַפּאָינטעט ער א סופּערינטענדענט אָוו בילדינגס, וועלכער האָט א גאנצען סטעף מיט אינספּעקטאָרס, וואָס גיעבען זיך מיט דער ארבייט אָפּ. דיעזער דעפּאַרטמענט איז זעהר א וויכטיגער, ווייל אין נויאָרק ווערען יעדען יאָהר אויפגעבויט פיעלע גרויסע אָפּפיס בילדינגס און טענעמענט הייזער, און דורך דיא פערנאכלעסיגונג פון דיא געזעצע קענען פעראורזאכט ווערען די גרעסטע אומגליקען. זאָגאַר איצטער, ווען עס איז דאָ א ספּעציעלער דעפּאַרטמענט אכטונג צו געבען דערויף, ווערען דיא הייזער געבויט זעהר שלעכט. פיעלע טענעמענטס און פעקטאָרים זיינען איינפאַכע פייערפּאַסטקעס. קען מען זיך שוין פאָרשטעלען וויא עס וואָלט געווען, אז דיא שטאָדט וואָלט גאָר קיין קאָנטראָל ניט געהאט איבער דעם.

3) דיא באָראָה פּרעזידענטען פון דיא צוויי קליינע באָראָהס ריטשמאָנד און קווינס קאָנטראָלירען אויך דעם סטריט קלינינג דעפּארטמענט אין זייערע באָראָהס. זיי דינגען דיא מענשען צו רייניגען דיא סטריטען און אוועקצונעהמען דיא שמוץ פון דיא באַררעלס און אָפּצוראַמען דעם שנעע פון דיא גאסען אין דיא ווינטער מאָנאַטען. אין דיא גרעסערע באָראָהס האָבען דיא באָראָה פּרעזידענטען דערמיט ניט צו טהאָן. דאָרט איז דאָ דערויף א ספּעציעלער סטריט קלינינג דעפּארטמענט און, וויא מיר וועלען שפּעטער זעהן, שטעהט דיעזער דעפּאַרטמענט דירעקט אונטער דעם קאָנטראָל פון א קאָמישאָנער און אינדירעקט אונטער דעם קאָנטראָל פון סיטי מעיאָר. דיעזע צוויי באָראָהס זיינען אָבער אַזוי קליין און דיא באָראָה פּרעזידענטען האָבען דאָרטען אַזוי ווייניג צו טהאָן, אז דער טשאַרטער האָט זיי איבערגעגעבען דיעזען דעפּארטמענט אויך.

4) דיא וויכטיגסטע ארבייט פון דיא באָראָה פּרעזידענטס איז צו העלפען אויסצואַרבייטען א בודזשעט פאר דער שטאָדט. דיעזע ארבייט ווערט געטהאָן פון אכט מענשען: פון

דעם מעיאָר, דעם קאָנטראָלער, דעם פּרעזידענט פון דיא באָארד אָף אָלדערמען און דיא פינף באָראָ פּרעזידענטס. דיזע אכט מענשען צוזאמען הייסען דיא באָארד אָוו „עסטימייט ענד אפּאָרשענמענט", דאָס הייסט דיא באָארד וואָס שאַצט אָפּ און בעשטימט וויפיעל דיא הוצאות פון דער שטאָדט פאַר דעם יאָהר זאָלען זיין און וויפיעל יעדע באָראָה און יעדער דעפּארטממענט פון דער שטאָדט פערוואלטונג זאָל בעקומען פאַר זיינע יעהרליכע עקספּענסעס. דיזע באָארד אָוו עסטימייט האָט אויך אַנדערע העכסט וויכטיגע אויפגאבען, וועלכע וועלען שפּעטער בעשפּראָכען ווערען.

## דיא לאָקאַלע באָארדס.

דער טשארטער האָט אויסער דיא פינף באָראָהס איינגעטהיילט דיא שטאָדט אין 25 קלענערע חלקים. יעדער חלק הייסט „לאָקאל אימפּרואוומענט דיסטריקט", און יעדערער פון זיי האָט אן איינענע לאָקאל באָראָה, וועלכע בעשטעהט פון דעם באָראָה פּרעזידענט פון דער באָראָה, אין וועלכען דער דיסטריקט געפינט זיך, צוזאמען מיט דיא אַלע אָלדערמען, וואס ווערען עלעקטעט אין דעם דיסטריקט. דיא אויפגאבען פון דיזע באָארדס איז צו דיענען אַלס א מין אַגענט צווישען דיא איינוואָהנער פון דעם דיסטריקט און דיא שטאָדט רעגיערונג. ווען דיא איינוואָהנער ווילען, אז דיא שטאָדט זאָל איינפּיקסען פאנארען אין געוויסע סטריטען, אָדער זיא זאָל אויסברוקירען א געוויסען בלאָק, אָדער אויפּפּיקסען א נייע סטריט, דאן ווענדען זיי זיך מיט א ביטע צו דער לאָקאַלער באָארד און דיא באָארד לייגט דאָס פאַר פאַר דיא באָארד אָוו עסטימייט, וועלכע בעשטימט צי דער פערלאַנג זאָל בעוויליגט ווערען צי ניט. דאָס זעלבע איז אויך, ווען אין א געוויסען דיסטריקט געפינען זיך אונאַנשטענדיגע הייזער אָדער געמבלינג פּלעצער אָדער געננס פון פארברעכער אָדער

פיעלע נויטהבעדירפטיגע ארימע־לייט. דיא בירגער קענען זיך דאן ווענדען צו דער לאקאל באארד, זיא זאל עפעס טהאן דיא לאגע צו פארבעסערען. דיא באארד לייגט דיא זאך פאר ענט־ווע־דער פאר׳ן סיטי מעיאר אדער זיא ווענדעט זיך צו דיא באארד אוו אלדערמען, זיא זאל אננעהמען א ביללל, וועלכער זאל דעם איבעל בעזייטיגען.

קיין געזעצליכע מאכט האבען דיזע באארדס גאר ניט. דער מעיאר, דיא באארד אוו עסטימייט און דיא באארד אוו אל־דערמען זיינען ניט מחויב אנצונעהמען דיא רעקאמענדיישאנס וואס זיי מאכען אדער בעפריעדיגען זייערע פאדערונגען. אבער א מאראלע קראפט בעזיצען זיי יע. דיא רעגיערונגס בעאמטע, וויסענדיג, אז זיי זיינען פאר דיא איינוואהנער פון דיא דיסט־ריקטען, פאר׳ן פאלק הייסט עס, הערען זיך צו צו זייערע פא־דערונגען און טרייען זיי צו בעפריעדיגען.

---

קאפיטעל 31.

## דער סיטי מעיאר.

דיא פראקטישע ארבייט אין דער שטאדט פערוואלטונג ווערט געטהאן דורך דעם מעיאר, דיא פינף בארא פרעזידענטס און דיא קעפ פון דיא פערשיעדענע דעפארטמענטס, אין וועלכע דיא ארבייט איז איינגעטהיילט. דער מעיאר איז דער העכסטער בעאמטער אין דער שטאדט רעגיערונג. ער ווערט עלעקטעט אויף פיער יאהר און בעקומט אלס געהאלט פופצעהן טויזענד דאלאר א יאהר (מיט 5 טויזענד דאלאר א יאהר מעהר וויא דער גאווערנאר). ווען ער איז ניט עהרליך אדער ער טהוט ניט זיין פליכט, ווייל ער איז ניט פעהיג, האט דער גאווערנאר א רעכט איהם אראפצוזעצען אין מיטען טערמין. פארלויפיג האט נאך קיינמאל ניט פאסירט, אז א מעיאר זאל אראפגעזעצט ווערען פון זיין אמט. מיט בארא פרעזידענטען האט עס שוין, וויא געזאגט, געטראפען עטליכע מאל.

דיא פערוואלטונגס־ארבייט איז איינגעטהיילט אין 15 דעפּאַרטמענטס, וויא צום ביישפּיעל: א פייער־דעפּאַרטמענט, א פּאָליס־דעפּאַרטמענט, א בילדינג־דעפּאַרטמענט א. ז. וו. דיא קעפּ פון 14 פון דיעזע דעפּאַרטמענטס ווערען אפּאָינטעט פון מעיאָר, דער 15טער ווערט ערוועהלט פון פאָלק. אויסער דיעזע „דעפּאַרטמענט קעפּ" אפּאָינטעט דער מעיאָר נאָך פיעלע בעאַמטע, און מיט עטליכע אויסנאַהמעס האט ער א רעכט צו יעדער צייט אראָבצוזעצען יעדען בעאַמטען, וואס ער אפּאָינטעט. דאס גיט דעם מעיאָר א געוואלדיגע מאכט איבער דער גאנצער שטאָדט־פערוואלטונג. ער קען צווינגען יעדען דע־פּארטמענט ער זאָל זיך פיהרען נאָך זיין ווילען, נאָך זיינע פּרינ־ציפּען און נאָך זיינע פּאָליסיס.

ספּעציעלע אויפגאַבען האט דער מעיאָר זעהר וויינינ. דער טשארטער בעפעהלט איהם בלויז ער זאָל יעדען יאָהר ארייגשי־קען צו דיא באָארד אָף אָלדערמען א פולען רעפּאָרט וועגען דיא פינאנסען פון דער שטאָדט־רעגיערונג, וועגען דיא ארבייט, וואס דיא רעגיערונג פיהרט אָן און דיא אויסבעסערונגען, וואס ווערען געמאכט אין דער שטאָדט. ער דארף אויך פון צייט צו צייט רעקאָמענדירען צום באָארד אָף אָלדערמען נייע געזעצע, וועל־כע זיינען, נאָך זיין מיינונג, נויטהיג פאר דער שטאָדט. דיא באָארד אָף אָלדערמען איז, נאטירליך, ניט געצוואונגען דיעזע רעקאָמענדיישאנס צו פאָלגען.

וויכטיגער וויא דאָס איז אָבער דיא אַלגעמיינע אויפגאבע וואס דער מעיאָר האט, נעמליך: אכטונג צו געבען אויף אַלעס, וואס ווערט געטהאָן אין דיא פערשיעדענע רעגיערונגס־דע־פּארטמענטס און זעהן, אז דיא געזעצע פון דער שטאָדט און פון סטייט רעגיערונג זאָלען פּינקטליך אויסגעפיהרט ווערען. אין דיעזער הינזיכט איז דער מעיאָר ווירקליך דער „פאטער פון שטאָדט". ווען דיא פּאָליציי טהוט ניט איהר ארבייט ריכטיג, ווען דיא שטאָדט ליידעט צופיעל פון פערברעכערס אדער דיא פּאָליסלייט זיינען צו חוצפה'דיג געגען פריעדליכע בירגער, קע־נען זיך דיא איינוואָהנער בעקלאגען צום מעיאָר און ער מאכט

דאַרויף אויפמערקזאַם דעם פּאָליס־קאָמישיאָנער. דאס זעלבע איז אויך ווען עס איז דאָ א טראָבעל מיט דיא ריינקייט פון דיא סטריטען אדער מיט דיא ארבייט פון דיא פּייערלייטע. וועגען דיא אַלע זאַכען קענען זיך דיא איינוואָהנער גלייך וועג־דען צום מעיאָר און ער אורטהיילט צי דיא קעפּ פון דיא דע־פּאַרטמענטס זיינען אין דעם שולדיג צי ניט. אויב ער געפינט אַז זיי זיינען שולדיג, ציהט ער דאַרויף זייער אויפמערקזאַמ־קייט און אויב דאס העלפט ניט אדער אויב דער קאָמפּליינט איז א צו גרויסער, א צו ערנסטער, קען ער דעם טשיעף פון דעם דע־פּאַרטמענט אַראָבזעצען און אַפּאָינטען אַן אנדערען אויף זיין פּלאַץ.

דאס איז אַלץ גערעדט וועגען דיא עפענטליכע ארבייט פון דיא דעפּאַרטמענטס. עס איז גאַנץ לייכט פאר א מעיאָר צו דערגעהן צי דיא פּאָליסלייט זיינען העפליך צום עולם צי ניט. ער קען אויך אַליין זעהן צי דיא סטריטען זיינען ריין אדער צי פייערען ווערען שנעל און גוט אַטענדעט. עס זיינען אבער דאָ זאַכען אין דיעזע אַלע דעפּאַרטמענטס, וועלכע ניט דער עולם און ניט דער מעיאָר קענען דערגעהן פון אויבען אויף. ווען, צום ביישפּיעל, א דעפּאַרטמענט איז קאָרופּט אין געלד־אנגעלעגענ־הייטען, ווען דיא הויכע בעאַמטע דאָרטען לאַטכענען און נעה־מען גרעפט פון דיא געלד וואס דיא שטאָדט בעוויליגט דעם דעפּאַרטמענט פאַר זיינע יעהרליכע הוצאות,—ווי אזוי קען דער מעיאָר דאס דערגעהן?

פאר דיעזען צוועק האט דער מעיאָר צוויי „קאָמישיאָנערס אָוו אַקאַונטס“, וועלכע ער אַליין אַפּאָינטעט. איינער פון דיעזע קאָמישיאָנערס מוז זיין אַ „סערטיפייט פּאָבליק אַקאַונטענט“, ד״ם הייסט, אַ מאַן וואָס האָט אַ דיפּלאָם פון דער סטייט רע־גיערונג, אַז ער איז אַן עקספּערט אויף בוק־קיפּינג און אויף ביזנעס חשבונות. דורך דיעזע צוויי בעאַמטע קען דער מעיאָר וויסען יעדע וויכטיגע איינצעלהייט ,וואָס קומט פאָר אין יעדען דעפּאַרטמענט און ער קען אויך האַלטען אַן אויג אויף דיא טהעטיגקייט פון דיא בעאַמטע אין דיא בּאָראָהס און אין דיא

קאונטים פון דער שטאָדט. דיא הויפּט אויפגאַבע פון דיא קאָמישיאָנערס איז, אַלע דריי מאָנאַט צו אונטערזוכען דיא ביכער פון דעם שטאָדט טרעזשורער און דעם שטאָדט קעשיער, און בעריכטען וועגען דער פינאַנציעלער לאַגע פון דער שטאָדט. ווען דער מעיאָר הייסט זיי, דאַן דאַרפען זיי דורכקוקען דיא חשבונות פון דיא פערשיעדענע דעפּאַרטמענטס און פון אַלע ערוועהלטע בעאַמטע פון דיא בּאָראָהס און דיא קאונטים פון דער שטאָדט. זיי דאַרפען אויך בעאָבאַכטען דיא מעטהאָדען אין וועלכע דיא אַרבייט אין דיא פערשיעדענע דעפּאַרטמענטס ווערען אָנגעפיהרט. ווען דיא קאָמישיאָנערס פערדעכטיגען, אַז עפּעס איז אין אַ דעפּאַרטמענט ניט גלאַט, האבען זיי דאס רעכט צו מאַכען אַ גרינדליכע אונטערזוכונג, זיי מעגען פאָררופען וועמען זיי ווילען נאָר אַלס עדות, און דיא וואָס ווערען פאָרגערופען מוזען קומען און מוזען ענטפערען אויף דיא פראַגען וואָס דיא קאָמישיאָנערס שטעלען זיי. דער געהאַלט פון דיעזע צוויי בעאַמטע ווערט בעשטימט פון די באָארד אָוו אָלדערמען און די באָארד אָוו עסטימייט. דיעזע צוויי באָארדס בעשטימען אויך וויפיעל געלד זיי זאָלען בעקומען פאר אַסיסטענטס און פאר אָנפיהרען דיא פערשיעדענע אונטערזוכונגען, אין פאַל אַזוינע אונטערזוכונגען זיינען נויטיג. דורך דיעזען קאָנטראָל איבער דיא אַסיסטענטס פון דיא קאָמישיאָנערס, קען דיא באָארד אָוו אָלדערמען אָדער דיא באָארד אָוו עסטימייט זיי שטערען אין זייער אַרבייט. יעדע אונטערזוכונג מוז קאָסטען אַ היבשע סומע געלד, און אַז קיין געלד איז ניטאָ, איז דיא אונטערזוכונג איינפאַך אונמעגליך.

דער מעיאָר האָט אַ גרויסע מאַכט אין דיא באָארד אָוו עסטימייט. דיעזע באָארד בעשטעהט פון אַכט פּערזאָן: דער מעיאָר, דער קאָנטראָלער, דער פּרעזידענט פון דיא באָארד אָוו אָלדערמען און דיא פינף בּאָראָה פּרעזידענטען. דיעזע אַכט פּערזאָן האָבען 16 וואוטס. דאס הייסט אָבער ניט, אַז יעדערער פון זיי האָט צוויי שטימען. מאַנכע האָבען צו דריי שטימען, מאַנכע צו צוויי שטימען און מאַנכע בלויז צו איינע. דער מע־

יאָר האָט דריי וואוטס און ער איז דערצו דער טשערמאַן ביי אַלע מיטינגען, וואס דיעזע באָארד האָט. דיא אויפגאבע פון דיזער באָארד איז, אויסצואַרבייטען דעם ביודזשעט, דיא רעגיערונגס עקספּענסעס פאר דריי יאָהר און צו בעשטימען וויפיעל געלד יעדער דעפּאַרטמענט זאָל בעקומען.

אין דער געזעץ־מאַכונג פון דער שטאָדט־רעגיערונג האט דער מעיאָר א גרעסערע מאַכט וויא דער גאָווערנאָר אין דער געזעץ מאַכונג פון דער סטייט רעגיערונג. דיא געזעצע פאר דער שטאָדט ווערען געמאַכט דורך דיא באָארד אָוו אַלדערמען. אבער איידער אן אָנגענומענער ביל ווערט א געזעץ, מוז ער אונטערגעשריעבען ווערען פון מעיאָר. אויב דער מעיאָר ווייזט דעם ביל צוריק, מוז דיא באָארד אָוו אַלדערמען איהם א צווייטען מאָל פערהאַנדלען, און ניט פריהער וויא צעהן טעג און ניט שפּעטער וויא 15 טעג נאָך דער צוריקווייזונג. אויב דער ביל געהט צום צווייטען מאָל דורך מיט א מאַיאָריטעט פון צוויידריטעל שטימען, ווערט ער א געזעץ, טראָץ דעם מעיאָר'ס צוריקווייזונג. מיט בילס, וואס האָבען צו טהאָן מיט געלד פראַגען, וויא, צום ביישפּיעל: פּאָרשלאַגען אז דיא שטאָדט זאָל בויען געביידעס אדער זאָל באָרגען געלד צוליעב א געוויסען צוועק, אָדער זיא זאָל ארויפלייגען א ספּעשעל טעקס אויף געוויסע זאַכען פאר א געוויסען צוועק, אַזוינע בילס אויב דער מעיאָר ווייזט צוריק, קענען ניט אָנגענומען ווערען, סיידען דריי פערטעל פון דיא באָארד אָוו אַלדערמען שטימט דעם צווייטען מאָל פאר זיי.

אן אונגעהויערע גרויסע מאַכט גיט דער טשאַרטער דעם מעיאָר אין בעצוג צו בעוויליגען „פּרענטשייזעס".*) אין ניו־יאָרק ווערען דיא פּרענטשייזעס בעוויליגט ענטוועדער דורך

---

*) א „פּרענטשייז" הייסט, ווען דיא רעגיערונג גיט א פּריוואַט קאָמפּאַניע דעם רשות (דאָס רעכט) צו בענוצען די קהל'ישע סטריטען און אַנדערע קהל'ישע פּלעצער פאר זייערע פּריוואַט ביזנעס. צום ביישפּיעל: ווען א קאָמפּאַניע בעקומט דאָס רעכט צו בויען א קאַר אין א געוויסע סטריט אָדער צו לייגען גאז פּייפּס אין געוויסע סטריטען, — הייסט עס, אז זיי האָבען „פּרענטשייז" דארויף. אמאָל גיט מען דיעזע פּרענטשייזעס פריי, און אמאָל מוז מען פאר זיי בעצאַהלען.

דיא באָארד אָוו עסטימייט אדער דורך דיא פּאָבליק סוירוויס קאָמישאָן. אין יעדען פאַל אבער, וועלגע פון דיא צוויי קער־פערשאפטען עס זאָל דעם „פרענטשייז" ניט געבען, האָט עס קיין ווערדע ניט, חיידען דער מעיאָר גיט זיין צושטימונג. אָבער אומוואָרפען דעם מעיאָר'ס ווילען אין דיעזער פראגע, קענען קיינע ניט פון דיא שטאָדט בעאַמטע.

דער סיטי מעיאָר אפּוינטעט זעהר פיעלע בעאַמטע. דער טשארטער גיט איהם דיא מאכט צו אפּוינטען ניט נאָר דיא טשיעפס פון אַלע דעפּארטמענטס, נאָר אַלע אנדערע קאָמישאָנערס און באָארדס און בעאַמטע, וועלכע ווערען ניט ערוועהלט פון פאָלק. אייניגע אזוינע בעאַמטע זיינען דאָ, וועלכע דער טשארטער הייסט אויסדריקליך אפּוינטען דורך אנדערע מענשען, ניט דורך דעם מעיאָר. איבער יענע, נאַטירליך, האָט דער מעיאָר קיין מאכט ניט. אזוינע בעאַמטע זיינען אָבער דאָ װעניג. דיא גרויסע צאָהל פון אפּוינטמענטס אָפּיסערס ווע־רען אפּוינטעט דורכ'ן מעיאָר.

און דיא אַלע בעאַמטע, וואס דער מעיאָר אפּאָינטעט, קען ער צו יעדער צייט אראָפּזעצען. דער טשארטער מאכט בלויז די פאָלגענדע אויסנאהמע: דיא מעמבערס פון די באָארד אָוו עדיו־קיישאָן, דיא טראָסטיעס פון דעם סיטי קאָלעדזש און דיא טראָסטיעס פון בעלוויאו און אַנדערע האספּיטאלס, און דיא בעאַמטע אין געריכטס הייזער, וויא: מעדזשיסטרייטס און קליינע דזשאָדזשעס.

דיא אורזאכע פאר דיעזע אויסנאַהמע איז, אום צו דער־ווייטערען דיעזע וויכטיגע עמטער פון פּאָליטישען איינפלוס. דיא פערפאסער פון טשארטער האָבען געוואָלט, אויף אזוי ווייט וויא מעגליך, בעוואָרענען, אז פאליטיקס פון פּאָליטישע פּאַר־טייען זאָלען קיין ראָלע ניט שפּיעלען אין דיא באָארד אָוו עדיו־קיישאָן, אין דיא קאָלעדזשעס, אין דיא האספּטאלס און אין די קאָורטס. אין אנדערע דעפּארטמענטס שפּיעלט פּאָליטיקס א וויכטיגע ראָלע. יעדער נייער מעיאָר אפּוינטעט געוועהנליך זיינע מענשען פאר דיא טשיעפס פון דיא דעפּארטמענטס. דאָס

איז אבער ניט דער פאלל מיט דיא דערמאנטע בעאמטע אין דיא באארד אוו עדיוקיישאן, האספיטאלס און זא ווייטער. א מעדזשיסטרייט, צום ביישפיעל, ווערט אפוינטעט אויף צעהן יאהר. ער דיענט דארום דורך דיא טערמינען פון דריי פערשיעדענע סיטי מעיארס. און צי דיא סיטי מעיארס וואס ווערען ערוועהלט נאכדעם, וויא ער האט זיין שטעלע בעקומען גלייכען איהם, צי ניט, קענען זיי איהם ניט טשעפען. דער טשארטער בעשיצט איהם.

דער מעיאר אפוינטעט אויף דיא דריי שטאדט קאמישאנערס פון דער סיוויל סוירוויס באארד. דיא אויפגאבע פון דיא סיוויל סוירוויס בעאמטע איז צו זעהען, אז אלע בירגער פון דער שטאדט זאלען האבען א גלייכע געלעגענהייט צו קריגען א שטעלע אין דער רעגיערונג און אז דיא שטאדט זאל נעהמען פאר אנגעשטעלטע דיא יעניגע, וואס זיינען אם בעסטען פעהיג צו טהאן דיא ארבייט. דיא הויפט סיוויל סוירוויס קאמישאן בעלאנגט צו דער סטייט רעגיערונג. אבער ניו יארק האט אן אייגענע קליינע קאמישאן פון דריי לייטע, וועמען דער מעיאר אפוינטעט. דיזע קליינע קאמישאן האט אליין קיין מאכט ניט. זיא מוז פאלגען אלעס, וואס דיא העכערע קאמשיאן פון דער סטייט רעגיערונג הייסט איהר, פון דיא סיוויל סוירוויס קאמישאנערס, וואס דער מעיאר אפוינטעט, טארען מעהר וויא צוויי ניט געהערען צו דער זעלבער פאליטישער פארטיי.

---

קאפיטעל 32.

## דער קאנטראלער.

דיא וויכטיגסטע אבטהיילונג אין דער שטאדט־פערוואלטונג איז, גראדע אזוי וויא אין אלע גרויסע געשעפטען, דער דעפארטמענט, וואס קאנטראלירט און וואס פאסט אויף אויף דיא פינאנצען. וויא עס איז שוין אויבען געזאגט געווארען,

ווערען דיא טשיעפס (דיא קעפ) פון אלע שטאָדט דעפּאַרט־מענטס אפּוינטעט דורכ'ן סיטי־מעיאָר. דער פינאַנץ דע־פּאַרטמענט איז אָבער אזוי וויכטיג, אז דער טשאַרטער פּאָדערט דאָס זיין הויפּט, זיין טשיעף זאָל ערוועהלט ווערען פון דיא בירגער. דיזער בעאַמטער הייסט דער „קאָנטראָלער". ער ווערט עלעקטעט אויף פיער יאָהר גראדע וויא דער מעיאָר, און ער בעקומט דיא זעלבע געהאַלט וויא דער מעיאָר, פופצעהן טוי־זענד דאָלאר א יאָהר, און אין דיא באָארד אָוו עסטימייט האָט ער דיא זעלבע צאָהל וואָוטס וויא דער מעיאָר, נעמליך דריי. ווען ער צייגט זיך ארויס אונפעהיג אָדער עס זיינען דאָ אויף איהם קלאַגען, אז ער איז ניט עהרליך, קען דער גאָווערנאָר איהם ארונטערזעצען פון זיין אמט אין מיטען טערמין.

דעם קאָנטראָלער'ס הויפּט אויפגאַבע איז אכטונג צו גע־בען, אז יעדער דעפּאַרטמענט זאָל פיהרען זיינע חשבונות ריכ־טיג און סיסטעמאַטיש און צו זעהן, אז יעדער סענט, וואָס ווערט אויסגעצאָהלט פון דער שטאָדט־קאַסע, זאָל אויסגע־צאָהלט ווערען געזעצליך. יעדער ביל פאר קאָנטראַקטען אדער פאר ווייַדזשעס, וואָס דיא שטאָדט רעגיערונג באצאָהלט, מוז דורכגעהן דורך דעם קאָנטראָלער'ס הענד. ווען ער געפינט, אז דער ביל איז ריכטיג, גיט ער ארויס א „ווארראנט" פאר דער סומע געלד. דיזער „ווארַאנט" בעפעהלט דעם שטאָדט־טרע־זשורער, ער זאָל דעם און דעם מאן בעצאָהלען אזא און אזא סומע געלד. אויף דעם ווארַאנט מוזען זיין אונטערגעשריעבען דעם קאָנטראָלער'ס נאָמען און דעם מעיאָר'ס נאָמען.

אויסער דיעזע הויפּט אויפגאַבע האָט דער פינאַנץ־דע־פּאַרטמענט נאָך פיעלע זאכען צו טהאָן. נאַטירליך האָט דער קאָנטראָלער א צאָהל ארויסהעלפער, דעפּיוטיס, וועלכע גי־בען זיך אָפּ מיט ספּעציעלע אַפּטהיילונגען פון דעם דעפּאַרט־מענט, און יעדער דעפּיוטי בעשעפטיגט צעהנדליגע און אָפט הונדערטע פערזאָנען. דיא עקספּענסעס פון דעם גאַנצען פי־נאַנץ־דעפּאַרטמענט טרעפט אָן אן ערך פון אָנדערהאלבען מיל־ליאָן דאָללאַר א יאָהר.

ארום און ארום האָט דער פינאַנץ־דעפּארטמענט זעקס ברענטשעס, זעקס ביוראָס. דיא ערשטע גיט זיך אָפּ מיט קאָלעקטען רענט פון מענשען, וואָס דינגען קהל'שע הייזער אָדער פּלאַץ. עס טרעפט זיך אמאָל, אז דיא שטאָדט קויפט אָפּ עטליכע בלאָק הייזער מיט'ן צוועק זיי שפּעטער ארונטער־צואווארפען און אויפבויען אויף דעם פּלאַץ א פּארק אָדער גע־ברויכען דעם פּלאַץ פאר אַן אנדער צוועק. צווישען דעם אָפּ־קויפען דיא הייזער און דעם אראָפּוואַרפען קען אמאָל גע־דויערען א לאַנגע צייט. דערווייל וואוינען אין זיי טענענטס, וועלכע דארפען צאָהלען רענט דער שטאָדט. אָט דיעזער רענט ווערט קאָלעקטעט פון דיעזער ביוראָ אין קאָנטראָלער'ס אָפּפיס. דאָס גלייכען איז אויך מיט געוויסע סטענדס אין פּארקס אָדער אונטער בריקען, וואָס דיא שטאָדט פאררענט. דיעזע ביוראָ קאָנטראָלירט אויך דיא קהל'שע מאַרקעטס. אָט, צום ביישפּיעל, דעם פיש־מאַרקעט אונטער דעם דילענסי סטריט בריק. דיא פּלעצער דאָרטען ווערען פארנאַנדערגעטהיילט דורך אָנגעשטעל־טע אין דיעזען דעפּארטמענט, און דיעזער דעפּארטמענט קאָ־לעקטעט אויך דיא איינצאָהלונגען, וואָס דיא פּעדלערס דארפען געבען.

דיא צווייטע ביוראָ האָט איהר אויפגאַבע צו קאָלעקטען דיא טעקסעס פון דיא שטאָדט־איינוואָהנער. זיא גיט זיך אָבער בלויז אָפּ מיט דיא רעגעלע טעקסעס. אָפט פּאסירט עס, אז עס ווערט ארויפגעלעגט א ספּעציעלער טעקס אויף א געוויסע אָפּ־טהיילונג פון דער שטאָדט, וואו געוויסע אויסבעסערונגען אין דיא סטריטען ווערען געמאַכט. צו קאָלעקטען דיעזע טעקסעס איז דאָ א בעזונדער ביוראָ. דאָס איז דיא דריטע ביוראָ. זיא קאָ־לעקטעט אויך דיא ריקשטעהענדע טעקסעס און טעקסעס פאר וואסער.

דיא פערטע ביוראָ האָט אלס איהר אויפגאַבע דורכצוקו־קען דיא ביכער פון דיא פערשיעדענע דעפּארטמענטס און זעהן צי דיא פינאַנסען שטימען. זיא בעשטעהט פון א גרויסע צאָהל „אָודיטאָרס", עקספּערטען אין בוכקיפּינג. דער קאָנטראָלער האָט

דיא מאכט צו בעשטימען וויא אזוי דיא ביכער פון דיא פערשיעדענע דעפּארטמענטס זאָלען געפיהרט ווערען. און דיא טשיעפס פון דיא דעפּארטמענטס מוזען בעפוילען זייערע בוכקיפּערס, זיי זאָלען פאָלגען אלעס, וואָס דיא אָודיטאָרס פון דער פערטער ביוראָ הייסען.

זעהר א וויכטיגע ביוראָ איז דיא נעקסטע, דיא פינפטע. זיא איז דיא שטאָדט טרעזשורי, כאָטש זיא בעלאנגט צו דעם פינאַנץ דעפּארטמענט און ווערט קאָנטראלירט הויפּטזעכליך פון דעם קאָנטראלער, ווערט דער טשיעף פון דיעזער ביוראָ אפּוינטעט ניט פון קאָנטראלער נאָר דירעקט פון מעיאָר. דיעזער טשיעף הייסט דער „סיטי טשעמבערליין“, ער איז אן איינפאַכער טרעזשורער און זיינע אויפגאבען זיינען דיא זעלבע וויא דיא אויפגאבען פון א טרעזשורער פון אירגענד וועלכער געזעללשאפט. ער נעהמט צו אלע געלדער וואס דיא שטאָדט בעקומט דורך טעקסעס, אָדער פון אירגענד וועלכען אנדער קוואל. דערנאָך לעגט ער דיא געלד אריין אין פערשיעדענע בענקס. ער אליין בעשטימט אין וועלכע בענקס. דער קאָנטראלער קען איהם אָבער אין דיעזען הינזיכט א דעה זאָגען. ווען דער קאָנטראלער הייסט איהם ארויסציהען דיא שטאָדטישע געלדער פון א געוויסער באנק, מוז ער דאָס פאָלגען. דער סיטי טשעמבערליין בעצאָהלט אויך אלע געלדער פאר דיא „וואראנטס“, וואס דער קאָנטראלער גיט ארויס. עס פערשטעהט זיך, אז דיא אלע זאַכען ווערען ניט געטהאָן פון סיטי טשעמבערליין אליין. ער האָט א גרויסע צאָהל קלוירקס און ארויסהעלפער. דעם טשעמבערליינס געהאַלט איז 12 טויזענד דאָלאר א יאָהר. און זיין גאנצער דעפּארטמענט קאָסט אן ערך פון נאָך פערציג, פופציג טויזענד דאָלאר א יאָהר.

דיא זעקסטע ביוראָ האָט אלס איהר אויפגאבע צו זאמלען און צונויפשטעלען פערשיעדענע סטאַטיסטיקס פאר דער שטאָדט.

איבער יעדען פון דיעזע זעקס בירעטשעס איז דאָ א טשיעף. אויסער דעם סיטי טשעמבערליין, ווערען אלע דיעזע

טשיעפס אפאינטעט פון דעם קאנטראלער. די פיעלע אנגעשטעל־
טע אין דיעזע ברענטשעס ווערען אפוינטעט דורך סיוויל סוויר־
ווים עקזאמינייישאנס, וועלכע זיינען אפען פאר יעדען בירגער.

---

## דער קארפאריישאן קאונסיל (שטאדט לאיער).

דיא שטאדט ווערט פון דער לעדזשיסלייטשור בעטראכט
אלס א קארפארייישאן, דאס הייסט, אלס אן ארגאניזירטע קאמ־
פאניע, וועלכע גיט זיך אפ מיט געוויסע ביזנעס אנגעלעגענהיי־
טען. דיא מעמבערס פון דער קאמפאניע זיינען אלע בירגער
פון דער שטאדט, און דיא ביזנעס איהרע איז דיא פערוואלטונג
פון אלע קהלשע אנגעלעגענהייטען: וויא דער פאלים דערפארט־
מענט, דער פייער דעפארטמענט, דיא סקוהלס, און זא ווייטער.

און אין דער ווירקליכקייט איז עס טאקי אזוי. דיא
שטאדט איז א גרויסע קארפארייישאן און פיהרט איהרע ביזנעס
אויפ'ן זעלבען ארט וויא גרויסע קארפארייישאנס. אלס אזעלכע,
מוז זיא האבען א לאיער, וואס איז גוט בעקאנט אין דיא ספע־
ציעלע געזעצע וועגען קארפארייישאנס. דיעזער לאיער הייסט
דער קארפארייישאן קאונסיל. ער ווערט אפוינטעט פון סיטי־
מעיאר און בעקומט אלס געהאלט פופצעהן טויזענד דאלאר א
יאהר. דער מעיאר קען איהם צו יעדער צייט אראפזעצען און
אפוינטען אן אנדערען.

דיעזער שטאדט לאיער מוז דיענען אלע פערשיעדענע דע־
פארטמענט פון דער שטאדט־רעגיערונג. ווען דער מעיאר, דיא
באארד אוו אלדערמען, אדער אירגענד וועלכער שטאדט בעאמ־
טער אדער שטאדט ביורא וויל זיך בעראטהען וויא צו
האנדלען אין בעצוג צו א געוויסען געזעץ, אדער וויל וויסען צי
זיא טהוט א געוויסע זאך געזעצליך, צי ניט, מוז דער קארפא־
ריישאן קאונסיל זיי געבען דיא נויטהיגע הילפע אדער אינ־
פארמיישאן. ווען דיא שטאדט דארף דורכפיהרען א שטיקעל

ביזנעס מיט פּריוואַט מענשען אדער פּריוואַט קאָמפּאַניעס, דאַרף ער זעהען, אז דיא זאַך זאָל געטהאָן ווערען געזעצליך. ער מאכט דיא קאָנטראַקטען, דיא ליעסעס און דיא דיעדס, ווען די שטאדט קויפט אָפּ אדער פערקויפט אדער פערדינגט אירגענד וועלכע זאַך צו א פּריוואַט קאָמפּאַניע. דיא שטאָדט קויפט אָפּט אָפּ שטיקער לאנד און הייזער פאר פערשיעדענע צוועקען. געוועהנליך טהוט זיא עס אויף אזא ארט, זיא שיקט ארויס עקספּערטען, וועלכע שאצען אָפּ דיא ווערדע פון דאָס לאנד אדער הויז, וואס זיא וויל אפּקויפען און דערנאָך צווינגט זיא דעם אייגענטהימער ער זאָל איהר דאס פערקויפען פאר דיעזען פּרייז. אמאָל מאכט זיך אָבער, אז דער אייגענטהימער ענטזאגט זיך צו נעהמען דעם פּרייז און זוכט זיך צו בעשיצען דורך א געריכט. דאַן איז עס דיא אויפגאבע פון דעם קאָרפּאָריישאָן קאָונסיל צו פערטרעטען אין קאָורט דער שטאָדט׳ס צד.

עס זיינען דאָ נאָך קייסעס, וואס דער קאָרפּאָריישאָן קאָונסיל מוז אויספייטען אין קאָורט פאר דער שטאָדט. ווען איינער בעצאָהלט ניט זיינע טעקסעס אדער שטראַף געלד, וואס א דזשאָדזש האָט צוגעפּסקענט ער זאָל בעצאָהלען, דאַן דאַרף דער קאָראָפּאָריישאָן קאָונסיל נעהמען געגען איהם געזעצליכע שריטע, און איהם צווינגען דורך קאָורט, ער זאָל דאס געלד בעצאָהלען.

דיא ארבייט פון דיעזען לאָיער איז אזוי' עהנליך צו דיא ארבייט פון פּריוואַט קאָרפּאָריישאָן לאָיערס, אז פיעלע פון זיי ווערען טראָסט לאָיערס נאָכדעם וויא זיי פארלאָזען זייערע פּלעצער. און דיא טראַסטס זיינען העכסט צופריעדען צוצונעהמען אזוינע לייט פאר זיך, ווייל זיי לוינט זיך צו האָבען אלס זייערע מענשען אזעלכע וועלכע ווייסען אללע שטאָדט אנגעלעגענהייטען אויסגעצייכענט, און וועלכע האָבען אמאָל געהאַלטען הויכע פּאָליטישע שטעלעס אין דער שטאָדט רעגיערונג.

טעמעני האָלל טרייעט אימער ארייצושטופּען געוועזענע קאָרפּאָריישאָן קאָונסילס אין סופרים קאָורט. וויא בעקאַנט, האָבען דיא פיהרער פון טעמעני האָלל פּריוואַט קאָמפּאַניעס,

וועלכע בעקומען אלערליי פּעטע דזשאבס פון דער שטאַדט רעגיערונג. זעהר אָפּט קומט אויס דיעזע קאָמפּאניעס זיך צו משפּט'ען מיט דער שטאַדט, אדער דער שטאַדט מיט זיי. עס איז דארום זעהר וויכטיג פאר טעמעני, אז דיעזע קאָרפּאָריישאָן קאָונסילס און דיא דזשאַדזשעס פון סופרים קאָורט זאָלען זיין איהרע. און דאס מיטצובריינגען, האט זיא געמאכט א מין מנהג, דאָס יעדער קאָראָפּאָריישאָן קאָונסיל, וואָס פיהרט זיך וויא איהר געפעהלט, ווערט ביי דער ערשטער געלעגענהייט נאָמינירט פאָר סופרים קאָורט דזשאָדזש. עס פערשטעהט זיך, אז אונטער דיא אומשטענדען וועט יעדער קאָונסיל זוכען צו געפעלען טעמעני, ווייל וועלכען לאָיער ווילט זיך דאָס ניט ארויפצוהויבען זיך צו אזא הויכע שטעלע? און נאָכדעם וויא ער בעקומט דיעזען אמט, ווען ער ווערט שוין א סופרים קאָורט דזשאָדזש, דיענט ער טעמענים אינטערעסען אויס דאנקבארקייט. ער וויים, אז ווען ניט טעמעני'ס נאָמינײשאָן, וואלט ער קיינמאָל ניט עלעקטעט געוואָרען.

עס פערשטעהט זיך, אז אליין טהאָן אזוי פיעל ארבייט קען דער קאָרפּאָריישאָן קאָונסיל ניט. ער האָט א גאנצען דעפּארטמענט, וועלכער בעשטעהט פון פיער ביוראָס און א גרויסע צאָהל ברענטשעס. אין איין ביוראָ גיט ער זיך אָפּ מיט קויפען, פערקויפען, רענטען, פעררענטען לאַנד אדער הייזער פאר דער שטאָדט. אין דער צווייטער ביוראָ גיט ער זיך אָפּ מיט קאָללעקטען שטראָף געלדער פון מענשען, וואס ווערען „געפיינט" פאר ניט פאלגען א געוויסען א געזעץ. אין א דריטער ביוראָ קאָלעקטעט ער „פּערזענליכע" טעקסעס פון מענשען, וואס זיינען הינטערשטעליג אין זייערע אָפּצאָהלונגען. אין דער פערטער ביוראָ גיט ער זיך אָפּ מיט טענעמענט הויז פראגען. עס זיינען דאָ זעהר פיעל געזעצע וועגען טענעמענט הייזער און דיא לענדלאָרדס טרייען אימער אויסצוטייטשען דיעזע געזעצע אזוי, אז זיי זאָלען קיין שום ממשות ניט האָבען. דער טענעמענט הויז דעפּארטמענט מוז, אלזאָ, האָבען א לאָיער זיין צד צו פערטהיידיגען, און דיעזע ביוראָ גיט איהם דיעזע נויטיגע הילפע.

אויסרעכענען אלע מעגליכע פעלע, אין וועלכע דיא שטאדט דארף זיך משפט'ען מיט פריוואט פערזאנען און פריוואט קאמ־פאניעס, וועט ביי אונז ניט סטייען דער פלאץ. וויא געזאגט, האט דיא שטאדט הונדערטע פערשיעדענע געשעפטען. זי מאכט יעדען יאהר הונדערטע פערשיעדענע קאנטראקטען. דא בויט זיא סקוהלס, דא מאכט זיא פארקס, דא שטעלט זיא אויף נייע דאקס, דא עפענט זיא אויף נייע סטריטען. דיא ארבייט ווערט כמעט אין אלע פעלע איבערגעגעבען צו קאנטראקטארס. זעהר, זעהר אפט פיהרען דיעזע פריוואט קאנטראקטארס ניט אויס די פונקטען פון קאנטראקט. זייערע לאיערס געפינען שוין א דריי־דעל, א צוטשעפעניס מיט וועלכען זיי צו פארענטפערען. דיא קייס מוז קומען אין קאורט און דיא שטאדט מוז אויך פערטיי־דיגט ווערען דורך לאיערס.

זעהר אפט ווערט דיא שטאדט רעגיערונג אנגעקלאגט פאר דעמעדזשעס. מענשען פאלען און ווערען פארוואונדעט אין סטריט אדער אין פארק, און זיי קליימען, אז דיא שטאדט איז פעראנטווארטליך, ווייל זיא האט איהרע סטריטען ניט געהאל־טען ריין גענוג. אזוינע קייסעס קומען פאר אין דיא הונדערטע יעדען יאהר. און פיעלע טויזענדער ווערען טאקי אויפגעמאנט פון דער שטאדט רעגיערונג. ביי דיא טרייעלס מוז דאך אבער דיא שטאדט האבען א לאיער, ער זאל איהר פערטהיידיגען. און דער קארפארייש'אן לאא דעפארטמענט טהוט דיעזע ארבייט.

דיעזער דעפארטמענט שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון קארפארייש'אן קאונסיל. ער האט עטליכע אסיסטענטס, וועמען ער אליין אפוינטעט, און אין יעדער ביורא און בראנטש זיינען אנגעשטעלט צעהנדליגע לאיערס, וועלכע ווערען אפוינ־טעט פון דעם קארפארייש'אן קאונסיל און זיינע אססיסטענטס נאכדעם, וויא זיי האלטען אויס א געוויסען סיוויל סוירוויס עקזאמינייש'אן.

## קאפיטעל 33.

## דיא באארד אוו אלדערמען.

אמאל האט דיא באארד אוו אלדערמען געהאט א גרויסע מאכט אין דער שטאדט פערוואלטונג. דיא שטאדט רעגיערונג איז דאמאלסט געווען ארגאניזירט אויף'ן זעלבען פלאן וויא דיא סטייט רעגיערונג איז ארגאניזירט. דיא באארד אוו אלדערמען האט דאן געשפיעלט אין דער שטאדט דיא זעלבע ראלע וואס דיא לעדזשיסלייטשור שפיעלט אין דער סטייט. אהן איהר פלעגט קיין זאך ניט געקענט געטהאן ווערען. זיא פלעגט בעשטימען אלע הוצאות פון דער שטאדט און האט גע־מאכט אלע געזעצע. דער מעיאר האט געהאט אונגעפעהר דיא זעלבע מאכט וויא דער גאווערנאר אין דער סטייט רעגיערונג. ער האט דיא בילס געדארפט אונטערשרייבען.

איצטער איז עס אבער גאנץ אנדערש. דיא באארד אוו אלדערמען האט פערלארען איהר אמאליגע מאכט. זיא איז ניט מעהר וויא א שאטען פון איהר אמאליגער וויכטיגקייט. שולדיג אין דעם איז זיא אליין. זיא האט אזוי מיסברויכט איהר מאכט, זיא האט אזוי פיעל געבודעלט און גע'גנב'עט, אז דיא סטייט לעדזשיסלייטשור האט ביי איהר ביסלאכווייז איהר מאכט צוגענומען. דיא אויפגאבען און דעה וואס איז איהר פערבליעבען איצטער זיינען לעכערליך ווייניג. עס איז ווירקליך א שאד דיא געלד וואס דיא שטאדט צאהלט אויס דיא אלדער־מען יעדען יאהר אלס געהאלט.

דיא באארד אוו אלדערמען בעשטעהט פון 73 מעמבערס. דיא שטאדט איז איינגעטהיילט אין 73 אלדערמענישע דיסט־ריקטען, און יעדער דיסטריקט ערוועהלט איין פערטרעטער. דיא עלעקשאנס ווערען אפגעהאלטען אלע צוויי יאהר. אויסער דעם ערוועהלט דיא גאנצע שטאדט א פרעזידענט פאר דיא באארד אוו אלדערמען, אין דער זעלבער צייט וואס זיא עלעק־טעט א מעיאר, און גראדע וויא דער מעיאר ווערט ער אויך

פֿערוועהלט אויף פֿיער יאָהר צייט. אָן אָלדערמען בעקומט אַלס געהאַלט צוויי טויזענד דאָלאַר אַ יאָהר. דער פּרעזידענט פֿון דיא באָארד אָוו אָלדערמען קריעגט פֿינף טויזענד דאָלאַר אַ יאָהר.

וויא געזאָגט, זיינען דיא אויפגאַבען פֿון דער באָארד אָוו אָלדערמען זעהר קליינע. זיא מאַכט געזעצע וועגען פּעדלערס אין דיא סטריטען, וועגען דעם פֿערקויף פֿון פֿייער קרעקערס, וועגען דיא אַרט און וויזע וויא אַזוי דיא קהל'שע קאַסע זאָל פֿערוואַלטעט ווערען, און דאָס גלייכען. און זאָגאר איבער דיעזע קליינינקייטען האָט זיא ניט דיא פֿולע מאַכט. יעדער ביל וואָס זיא נעהמט אָן, קען צוריקגעוויעזען ווערען פֿון מעיאָר. אויב דער מעיאָר ענטזאָגט זיך אַ ביל אונטערצושרייבען, קען איהם דיא באָארד אָוו אָלדערמען פֿערהאַנדלען אַ צווייטען מאָל, אָבער זיא מוז עס טהאָן ניט בעפֿאָר צעהן טעג און ניט שפּעטער וויא 15 טעג נאָך דער צוריקווייזונג. אויב צוויי דריטעל פֿון דיא אָלדערמען שטימען געגען דעם מעיאָר, דאַן ווערט דער ביל אַ געזעץ.

איבער דיא צוויי העכסט וויכטיגע פּונקטען אין דער שטאָדט פֿערוואַלטונג, נעמליך, איבער פֿראַנטשייזעס און איבער דעם באָדזשעט, האָט דיא באָארד אָוו אָלדערמען כמעט קיין שום דעה ניט. פֿון דיא צוויי זאַכען פֿלעגט זיא דאָס אמאָל ציהען איהר גרעפֿט און דערפֿאַר האָט מען ביי איהר איבער זיי דיא מאַכט כמעט אין גאַנצען צוגענומען.

וואָס אַנבעלאַנגט פֿראַנטשייזעס, האָט זיא לחלוטין גאָר קיין דעה ניט. איבערן באָדזשעט האָט זיא עטוואָס מאַכט. נאָכ־דעם ווי די באָארד אָוו עסטימייט ארבייט אויס דעם באָדזשעט, דיא הוצאות פֿון יעדען דעפּאַרטמענט פֿאַרן קומענדען יאָהר, ווערט עס פֿאָרגעלייגט פֿאַר דער באָארד אָוו אָלדערמען. דיא באָארד האָט קיין רעכט ניט דעם באָדזשעט צו פֿערגרעסערען, און טאָר אין איהם ניט אריינשטעלען קיין נייעם פּונקט. זיא קען איהם בלויז קלענער מאַכען, זיא קען זאָגען, צום ביישפּיעל, אַז אַנשטאָט אַנדערהאַלבען מיליאָן דאָלאַר פֿאַר עקספּענסעס,

זאל דער קאנטראללער קריעגען א מיליאן מיט א פערטעל. אבער זאגאר דאס איז פאר איהר ניט לייכט אויסצופיהרען. דער מעיאר קען אזא פארשלאג צו ענדערען דעם באדזשעט צוריקווייזען און דער געזעץ איז, דאס אין פינאנציעלע אנגעלעגענהייטען קען דיא באארד אוו אלדערמען ניט האנדלען געגען דעם מעיאר'ס וויטא, סיידען דריי פערטעל פון דיא מעמבערס שטימען דאפיר. צו קריעגען דריי פערטעל וואוטס פאר א געוויסען פארשלאג, ווען דער פארשלאג איז נאך דערצו געגען דעם מעיאר'ס ווילען, איז ניט קיין לייכטע זאך.

מיט איין זאך בלויז קען זיך דיא באארד אוו אלדערמען טרייסטען. איהר פרעזידענט האט א גרויסע מאכט אין דער שטאדט פערוואלטונג. ערשטענס, ווערט ער בעטראכט אלס דער וויס־מעיאר. ווען דער מעיאר שטארבט אין מיטען טערמין, אדער ווען ער איז אבוועזענד פון זיין אפיס צוליעב אירגענד װעלכע אורזאכע, פארנעהמט דער פרעזידענט פון דיא באארד אוו אלדערמען זיין פלאץ. ער איז אויך א מעמבער פון דיא באארד אוו עסטימייט און האט דארטען דריי שטימען, גראדע אזוי וויא דער מעיאר און דער קאנטראלער.

דיא פינף בארא פרעזידענטס ווערען בעטראכט אלס מיטגליעדער פון דיא באארד אוו אלדערמען. זיי קענען קומען צו דיא מיטינגען און אנטהייל נעהמען אין דיא פערהאנדלונגען וואס קומען דארטען פאר.

אין פאל אן אלדערמען שטארבט אין מיטען טערמין, דארף דיא גאנצע באארד ערוועהלען אן אנדערן אויף זיין פלאץ. דער נאכפאלגער מוז אבער בעלאנגען צו דער זעלבער פאליטישער פארטיי וויא דער וועמענס פלאץ ער פערנעהמט.

איין שטיקעל וויכטיגע מאכט האט זיך דאך „פערוואלנערט" ביי דיא באארד אוו אלדערמען. זיא קען מאכען געזעצע וועגען דיא נייע הייזער, וויא אזוי זיי זאלען געבויט ווערען, וואס פאר בוי באטעריאל דיא בילדערס זאלען מוזען געברויכען און זא ווייטער, און זא ווייטער. ס'איז ווערטה צו בעמערקען, אז זייט דיא לעצטע עטליכע יאהר האט טעמעני געזוכט אויס־

צונוצען דיעזע מאַכט פון דער באָארד אָוו אָלדערמען פאַר איה־
רע קאָרופּטע צוועקען, אָבער איהר האָט עס זיך ניט איינגע־
געבען.

## דיא באָארד אָוו עסטימייט ענד אפּאַרשענמענט.

ווער בעשטימט דעם באָדזשעט פון דער שטאָדט, דאָס
הייסט, וויא גרויס דיא הוצאות פון דער שטאָדט פערוואַלטונג
זאָל יעדען יאָהר זיין און וויפיעל געלד עס זאָל בעוויליגט ווערען
פאַר יעדער אָפּטהיילונג, פאַר דעם פּאָליס דעפּאַרטמענט,
פאַר'ן פייער דעפּאַרטמענט, פאַר'ן סטריט קלינינג דעפּאַרט־
מענט, און זאָ ווייטער?

אין פערשיעדענע שטעדט ווערט דיעזע העכסט וויכטיגע
פליכט אָנפערטרויט צו פערשיעדענע בעאַמטע. אין נויאָרק
ווערט עס איבערגעגעבען צו דער באָארד אָוו עסטימייט ענד
אפּאַרשענמענט, וועלכע בעשטעהט פון דיא אכט הויפּט בע־
אַמטע פון שטאָדט: פון מעיאָר, קאָנטראָלער, דער פּרעזידענט
פון דער באָארד אָוו אָלדערמען, און דיא פינף באָראָה פּרעזי־
דענטס. ניט אַלע אַכט פון דיזער באָארד האָבען אָבער די זעלבע
דעה דאָרטען. דיא ערשטע דריי, דער מעיאָר, דער קאָנטראָלער
און דער פּרעזידענט פון דער באָארד אָוו אָלדערמען האָבען
יעדער צו דריי וואָוטס. דיא צוויי באָראָה פּרעזידענטס פון
מאַנהעטען און פון ברוקלין האָבען יעדערער צוויי וואָוטס, און
דיא איבעריגע דריי באָראָה פּרעזידענטס, פון דיא בראָנקס,
קווינס און ריטשמאָנד, האָבען יעדערער צו איין וואָוט.

דיא באָארד אָוו עסטימייט האָט נאָך אויפגאַבען. זיא
בעוויליגט פּרעגטשייזעס, מיט דער צושטימונג פון סיטי מעיאָר.
אויב דיא שטאָדט דאַרף באָרגען געלד, קען זיא ניט, סיידען
דיעזע באָארד גיט דעם קאָנטראָלער דאָס רעכט ארויסצולאָזען
באָנדס.

אין אַלגעמיין גערעדט, איז דיעזע באָארד דער גאַנצער
בעל הבית איבער דער שטאָדט'ס פּאָקעט־בוך.

## קאפיטעל 34.

# דיא באארד אוו עדיוקיישאן.

ניו יארק גיט אוים יעדען יאהר אן ערך פון דרייסיג מיל־ליאן דאלאר אויף איהרע פרייע סקוהלס פאר קינדער און דער־וואקסענע, אויף פרייע לעקטשורס און אויף פרייע לייברעריס. דיא ערד און דיא געביידעס, וואס זיינען אפגעגעבען צו דיעזען צוועק, זיינען ווערטה נאהענט צו הונדערט מיליאן.

דיעזער ריעזיגער בילדונגס־דעפארטמענט ווערט קאנטראָ־לירט פון א באארד אוו עדיוקיישאן, וועלכע בעשטעהט פון 46 מעמבערס, וואס דער מעיאר אפוינטעט אויף פינף יאהר צייט. קיין געהאלט קריעגען דיעזע מעמבערס ניט; דאס ווערט פאר־רעכענט אלס אן עהרען־אמט. דער מעיאר קען אפוינטען וועמען ער וויל, ער מוז נאר אויסקלייבען א געוויסע צאהל פון יעדע בארא, כדי יעדע טהייל פון שטאדט זאל אין דער באארד זיין גענוג פארטראטען.

דיא באארד טהוט איהר ארבייט דורך קאמיטעס. דיא הויפט איז דיא עקזעקוטיוו קאמיטע, וועלכע מענעדזשט און קאנטראלירט אלע סקוהלס. נאטירליך, זיא אליין קען גאר ניט טהאן ,אלע איהרע פלענער מוזען פארגעלעגט ווערען פאר דער גאנצער באארד, וועלכע מיטעט יעדען מאנאט, און זיא מוז זיי גוטהייסען.

דיא פראקטישע ארבייט פון דער באארד ווערט געטהאן דורך דריי בעצאהלטע סופעראינטענדענטס, וואס דיא באארד אליין ערוועהלט אויף א פעריאד פון זעקס יאהר. איין סופער־אינטענדענט איז איבער דיא בילדינגס. זיין אויפגאבע איז, אויסצוארבייטען דיא פלענער פאר נייע סקוהלס, צו שליסען דיא קאנטראקטען מיט בילדערס און אכטונג צו געבען אויף דער ארבייט, בשעת דיא סקוהלס ווערען געבויט. ער מוז, נאטירליך, אליין זיין אן ארכיטעקט, ער זאל דיעזע ארבייט קענען פאר־

שטעהן. ווען דיא באָארד אפּוינטעט איהם, מוז ער איינלעגען סעקיוריטי, אז ער וועט ניט נעהמען קיין גרעפט און וועט ניט בעשווינדלען דיא שטאָדט.

ניו יאָרק האָט איבער פינף הונדערט פּאָבליק סקוהלס און אן ערך פון צוויי הונדערט פּריוואטע רעליגיעזע סקוהלס. דאָך איז פאר פיעלע טויזענדער קינדער קיין פּלאטץ ניטאָ. יעדען יאָהר בויט מען צו סקוהלס און עס פעהלט נאָך אלץ פּלאץ. דיא גרעסטע און דיא שעהנסטע סקוהל אין שטאָדט (זיא רעכענט זיך אויך פאר דיא גרעסטע סקוהל אין דער וועלט) שטעהט אויף העסטער סטריט, בעטווין נאָרפאָלק און עססעקס סטריטס. זיא האָט דער שטאָדט געקאָסט ניט וועניגער וויא א מיליאָן און דריי הונדערט טויזענד דאָלאר. אין איהר געהען אריין דריי טויזענד און פינף הונדערט קינדער.

דער צווייטער און דער וויכטיגסטער סופּעראינטענדענט איז דער סיטי סופּעראינטענדענט אוו סקוהלס. ער גיט אכטונג און פיהרט דיא ארבייט אין דיא סקוהלס. יעדען מאָנאט קומט ער צו דעם מיטינג פון דער באָארד און גיט אָפּ א בעריכט פון דעם פּראָגרעסס, וואס דיא סקוהלס מאכען. ער בעזוכט אויך דיא סקוהלס, זעהט וויא דיא טיטשערס לערנען און וויזט אָן אויף דיא פעהלערען, וואס זיי מאכען. דיעזער סופּעראינטענ־דענט מוז אליין זיין אן עקספּערט אין חכמת הלימוד (פּעדאגאָ־גיע), ער ארבייט אוים דיא קורסען אין יעדען קלאסס, וואס מען זאָל דאָרטען לערנען, וועלכע לימודים און וויפיעל פון יעדען לימוד. נאַטירליך, אלע זיינע פּלענער און מעטהאָדען מוזען פארגעלייגט ווערען פאר דער באָארד אָוו עדיוקיישאָן, און זיי טרעטען ניט אריין אין קראפט, סיידען דיא באָארד נעהמט זיי אָן.

איהם ארויסצוהעלפען אפּוינטעט דיא באָארד אכט אססאָ־שיאייט סופּעראינטענדענטס און 26 דיסטריקט סופּעראינטענ־דענטס. אלע ווערען זיי אפּוינטעט אויף זעקס יאָהר צייט. דיא דיסטריקט סופּעראינטענדענטס ווערען נאָמינירט פון דעם סיטי

סופעראינטענדענט און זיינע אכט אסאשיאייטס. דיא באארד עלעקטעט זיי אבער.

אלע פינף יאהר טהיילט דיא באארד איין דיא שטאדט אין זעקס און פערציג סקוהל דיסטריקטס. אין יעדען דיסטריקט איז דא א לאקאלע סקוהל באארד, וועלכע בעשטעהט פון זיעבען מעמבערס. פינף פון דיעזע מעמבערס ווערען אפוינטעט פון דעם באראה פרעזידענט פון דער באראה, וואו דער דיסטריקט געפינט זיך. דיא אנדערע צוויי זיינען א באארד אוו עדיוקיישאן מעמבער און א דיסטריקט סופעראינטענדענט. עס זיינען דא זעקס און פערציג מעמבערס אין דער באארד אוו עדיוקיישאן און 46 דיסטריקטען: איין מעמבער פאר יעדען דיסטריקט. דיסטריקט סופעראינטענדענטס זיינען אבער דא ניט מעהר ווי 26, קומט אויס, אז יעדער סופעראינטענדענט מוז דיענען אין צוויי לאקאל סקוהל באארדס.

אויפגאבען האבען דיעזע באארדס פיעלע. זיי דארפען בעזוכען דיא סקוהלס און זייערע דיסטריקטען, און זעהן, צי אללעס ווערט דארטען געפיהרט אין ארדנונג. אויב זיי געפינען, אז דיא סקוהלס זיינען צו ענג און אז מען מוז האבען נייע געביידעס, דארפען זיי עס רעפארטען צו דער באארד. זיי דארפען אויך טרייען אויפצוזוכען דעם פלאץ, וואו א נייע סקוהל קען אויפגעשטעלט ווערען פאר א קליינעם קאסט. אויב א לאקאל באארד געפינט, דאס איינער פון דיא סופעראינטענדענטס פערנאכלעסיגט זיין פפליכט, דארף זיא עס רעפארטען צו דער באארד אוו עדיוקיישאן.

אויב דיא עלטערען פון א שילער האבען א קלאגע צו מאכען געגען א פרינציפאל אדער א טיטשער, אדער אויב א פרינציפאל האט זיך צו בעקלאגען אויף א טיטשער, ווערט דיא קלאגע פארגעלעגט פאר דער לאקאל באארד, און זיא פסק'ענט, ווער עס איז גערעכט.

דער סופעראינטענדענט און זיינע אכט ארויסהעלפער אפוינטען אלע טיטשערס פאר דיא פאבליק סקוהלס. אפיציעל הייסט עס, אז דיא באארד אליין אפוינטעט זיי. אבער דיא סו-

פּערזאָנען, די שולן-באַאַמטע האָבן פאַרוואַלטונגס-באַפוגנישן, נאָר די פאַרוואַלטונג פון די שולן-אינסטיטוציעס איז אין די הענט פון צוויי הויפּט-באַאַמטע: דער דיסטריקט סופּערינטענדענט און דער דעפּיוטי סופּערינטענדענט.

פּעראינטענדענטס גיבען דיא קאנדידאטען פאר טיטשערס גע־וויסע עקזאמינײשאָנס. אויב זיי האלטען זיי אויס, אפּאָינטעט דיא באָארד דיעזע מענער און פרויען אויף דער ליסטע פאר לעהרער.

דיא באָארד אוו עדיוקיישאָן בעשטימט דעם געהאלט פון דיא טיטשערס. עס זיינען אָבער דאָ צוויי געזעצע, וואס בעגרע־נעצען דיעזע מאכט פון דער באָארד. ערשטענס מוזען אלע לעה־רער קריעגען גלייכע וויידזשעס. צווייטענס, מוזען זיי קריעגען יעדען יאָהר געהעכערט אזוי פיעל, אז אין פערלויף פון א גע־וויסע צאָהל יאָהרען זאָלען זיי בעקומען ניט ווענינער וויא א געוויסען געהאלט, וואס ווערט בעשטימט אין טשארטער. מיט א קורצער צייט צוריק איז אָנגענומען געוואָרען נאָך א געזעץ, אין בעצוג צו וויידזשעס, נעמליך, אז אלע טיטשערס, סיי מעננער און סיי פרויען זאָלען קריעגען דיא זעלבע געהאלט אויב זיי טהוען דיא זעלבע ארבייט. דאָס הייסט, אויב זיי זיינען לעה־רער אין דיא זעלבע קלאססען.

דער דריטער סופּעראינטענדענט קויפט אויף פאר דיא סקוהלס דיא נויטיגע „סופּפּליים", וויא, צום בייספּיעל: ביכער, שרייב פּייפּער, טשאָק, בלעק-באָרדס, טינט און זאָ ווייטער. ער מוז אויך איינלעגען סעקיורויטי, דאָס ער וועט זיינע פּפליכטען דורכפיהרען פּינקטליך און עהרליך.

צו דעם עדיוקיישאָן דעפּארטמענט בעלאנגען א חוץ דיא אלע פּאָבליק און היי סקוהלס, אויך צוויי קאללעדזשעס. דער סיטי קאללעדזש פאר בּאָיעס און דער נאָרמאל קאללעדזש פאר מיידלאך. דער סיטי קאלעדזש איז אין איין הינזיכט אן אויס־נאהם. ער ווערט קאָנטראלירט ניט פון דער באָארד אוו עדיו־קיישאָן, נאָר פון א בעזונדער באָארד אָוו טראָסטיעס, וועלכע בעשטעהט פון ניין לייטע, אפּוינטעט פון מעיאָר. דער נאָרמאל קאללעדזש ווערט יע אין גאנצען קאָנטראלירט פון דער באָארד אוו עדיוקיישאָן, גראדע אזוי וויא דיא פּאָבליק סקוהלס.

דיא פּרייע לעקטשורס וואס ווערען געגעבען ביי נאכט אין

דיא פּאבליק סקוהלס איז א טהייל פון דער ארבייט פון דער באארד אוו עדיוקיישאן. דיא פּראקטישע ארבייט ווערט אבער אנגעפיהרט פון דעם סופּערוויייזער אוו פּאבליק לעקטשורס, א בעצאהלטער אנגעשטעלטער. דיעזע שטעלע ווערט שוין פיעלע יאהרען געהאלטען פון דר. הענרי לייפּציגער, און ער האט פון זיין אפּטהיילונג געמאכט אזא ריעזיגען ערפאלג, דאס דיא אנדערע גרויסע שטעדט פון לאנד טהוען נאך זיין ביישפּיעל, קאפּיערען זיינע מעטהאדען. אין איין ווינטער ווערען אין ניו־יארק אפּגעהאלטען נאהענט צו זעקס טויזענד לעקטשורס, איבער צעהנדליגע פערשיעדענע טהעמאס, און יעדער לעקטשור ציהט הונדערטער צוהערער. אן ערך פון א מיליאן און א פערטעל מענשען בעזוכען דיא לעקטשורס אין פערלויף פון א ווינטער.

די פרייע לייברעריס האבען מיט דער באארד אוו עדיוקיישאן גאר ניט צו טהאן, אבער מיר רעדען דא וועגען זיי, ווייל זיי זיינען א טהייל פון דיא פרייע בילדונג, וואס דיא שטאדט גיט איהרע איינוואהנער. אין גאנצען צו דער שטאדט בעלאנגען דיא לייברעריס ניט. לכתחילה זיינען זיי געגרינדעט געווארען פון פּריוואט פאנדס, פון גרויסע נדבות פון מיליאנערען; און דיעזע מיליאנערען האבען דאן אפּוינטעט זייערע אייגענע טראסטיעס, וועלכע זאלען דיא לייברעריס קאנטראלירען. איצטער אבער שטייערט ביי דיא שטאדט טויזענדער דאלארס יעדען יאהר צו העלפען דיא לייברעריס אויפצוהאלטען. דיא גרויסע פּראכטפאלע לייברערי אויף פינפטע עוועניו צווישען דער 40טער און 42טער סטריט, איז געבויט געווארען אויף דער שטאדטס פּלאץ און פאר דער שטאדטס געלד. דאך איז דיא שטאדט אלץ ניט דיא בעל־הבית'טע איבער דיא לייברעריס. זיי ווערען קאנטראלירט פון א באארד אוו טראסטיעס פון 25 מעמבערס; און דיא שטאדט ווערט אין דיעזער באארד פערטראטען פון בלויז דריי מעמבערס, פון מעיאר, קאנטראלער און פּרעזידענט פון דער באארד אוו אלדערמען. דיא איבעריגע טראסטיעס האלטען זייער אמט אויף אייביג, און ווען איינער

פון זיי שטארבט אדער רעזיגנירט, ערוועהלען דיא איבעריגע אן אנדערען אויף זיין פלאטץ.

מיט איינינע יאהר צוריק האט קארנעגיע געשאנקען דער שטאדט נאהענט צו פינף און א פערטעל מיליאן דאלאר אויף צו בויען לייברעריס. ער האט דאס געלד נעגעבען אויף דער בעדינגונג, דאס דיא שטאדט זאל געבען דעם פלאץ און זאל זיך פערפפליכטען, דיא לייברעריס אויסצוהאלטען. דיא נדבה איז אויף דיעזע בעדינגונגען אנגענומען געווארען, און צעהנדליגע לייברעריס זיינען שוין אויפגעבויט געווארען אין דיא פערשיעדענע בארא'ס. דיעזע אלע לייברעריס געהערען איצטער אין גאנצען צו דער שטאדט; אבער אום דיא ארבייט פון אלע לייברעריס זאל אנגעפיהרט ווערען הארמאניש, האט זיא זיי „פארליעסט“ צו דיא טראסטיעס, וועלכע קאנטראלירען דיא איבעריגע פאבליק לייברעריס, און זיי אלע ווערען געפיהרט אויפ'ן זעלבען פלאן.

די אלע לייברעריס פון שטאדט זיינען ווערטה איבער אכ־צעהן מיליאן דאלאר. דיא שטאדט ספענדט אויף זיי נאהענט צו א מיליאן און א פערטעל דאלאר א יאהר.

דיא באארד אוו עדיוקיישאן האט זיך אין דיא לעצטע עטליכע יאהר גענומען פארברייטערען איהר טהעטיגקייט. זיא האט איינגעפיהרט וואקיישאן סקוהלס, וועלכע זיינען אפען פון אנפאנג דזשולאי ביז'ן מיטען אויגוסט. דארטען לערענט מען מיידלעך וויא צו קאכען און נעהען, און באיעס לעהרענט מען לייכטע ארבייט, וויא, פלעכטען העטס, שניצען און זא ווייטער. זיא האט אויך איינגעפיהרט רעקריאישען סענטערס, וואו באיעס קומען זיך צונויף נאכמיטאג און אין אבענד און אונטערהאלטען זיך אויף פערשיעדענע פארמען, דורך ליטע־ראַרישע און סאשעל קלאבס, דורך פערשיעדענע גיימס, פיזישע איבונגען און זא ווייטער. אין דיא ארימע קווארטאלען, וואו דיא קינדער האבען זיך ניט וואו אהין צו טהאן נאך סקוהל־שטונדען, זיינען דיעזע „סענטערס“ אן אויסגעצייכענטע זאך.

זיי זיינען אָפען דעם גאנצען יאָהר, אויסער דיא פּאָאר הייסע זומער מאָנאטען.

---

קאפּיטעל 35.

# דעפּארטמענט אָוו העלטה.

**אין אזא ריעזיגע שטאָדט וויא ניו יאָרק,** מוז דיא רעגיע־רונג שענקען ספּעציעלע אויפמערקזאמקייט צו היטען דעם געזונד פון דער בעפעלקערונג. מענשען לעבען דאָ אזוי ענג צונויפּגעפּרעסט. זיי קומען אין אזוינע נאָהענטע בעריהרונגען, אז אן אנשטעקענדע קראנקהייט קען זיך לייכט אריבערכאפּען פון איין מענשען צו א צווייטען, פון איין הויז צו א צווייטע, און זאָגאר פון איין בלאָק צו א צווייטען. דערצו איז דער פערקויף פון עסענוואַרג דאָ אזוי גרויס, און דיא מעטהאָדען פון צוריכטען געוויסע שפּייזען אזוי פיעל און אזוי פערשיעדען, אז עס איז לייכט דעם עולם צו פערגיפטען מיט צופוילטע אדער פערשטונקענע מאכלים. דיא רעגיערונג האָט, נאַטירליך, וועגען דעם אלעם געזאָרגט. זי האָט, צום ביישפּיעל, א געזעץ, אז א בוטשער טאָר ניט פערקויפען קיין אלטע פלייש, אָדער אז א בעקער טאָר ניט געברויכען קיין שלעכטע אייער אין זיין געבעק. אָבער ווער זאָל אויף דיא זאכען אכטונג געבען? דיא פּאָליציי האָט גענוג צו טהאָן מיט היטען דיא ארדנונג אין דיא סטריטען. צו דיעזען צוועק איז אין יאהר 1866 אָרגאַניזירט געוואָרען א בעזונדער דעפּארטמענט, אונטער דעם אויפזיכט פון דריי בעאַמטע, וועלכע רופען זיך דיא באָארד אָוו העלטה. דיעזע דריי בעאַמטע זיינען: א קאָמישאָנער אָוו העלטה, וועמען דער מעיאָר אפּוינטעט, דער פּאָליס קאָמישאָנער און דער העלטה אָפיסער אָוו דהי פּאָרט. דער לעצטער ווערט אפּוינטעט פון גאָווערנאָר, און ער איז גאָר א סטייט בעאַמטער. זיין הויפּט אויפגאבע איז, צו היטען דיא האַפענס און אכטונג צו געבען, אז פּאססאַזשירען וואס ליידען פון אנשטעקענדע קראנק־

היטען זאָלען ניט לאנדען. ער העלפט אָבער אויך דיא אנדערע צוויי פון דער באָארד היטען דיא געזונדהייט פון דער שטאָדט.

דיא אויפגאבען פון דיעזער באָארד זיינען, נאַטירליך, אויסצוהיטען דיא איינוואָהנער פון שטאָדט פון קראַנקהייטען, פון טוידט און פון סיבות. אויב דיא באָארד געפינט אוים, דאָס אין א געוויסער טענעמענט הויז איז א געפאהר צו וואָהנען, וויל זיא האלט ביים איינפאלען, אָדער ווייל אין איהר ווערט מען קראַנק, קען זיא בעפוילען, מען זאָל איהר אראָפּרייסען. עס איז דאָ א גאַנצע ליסטע פון „געזונדהייטס געזעצע", וואָס יעדער איינוואָהנער מוז פאָלגען. דיא באָארד אָוו העלטה גיט אכטונג, אז דיעזע געזעצע זאָלען פּינקטליך אָפּגעהיט ווערען. עס זיינען דאָ פופציג ספּעשעל פּאָליסלייט, וועלכע העלפען דיא באָארד אין איהר ארבייט.

דיא באָארד אָוו העלטה איז צוטהיילט אין צוויי ביוראָס: דיא סאַניטאַרע ביוראָ און דיא ביוראָ אָוו רעקאָרדס. דיא סאַני־טאַרע ביוראָ אליין איז איינגעטיילט אין עטליכע צווייגען; יעדע גיט זיך אָפּ מיט א ספּעציעלע אָפּטהיילונג פון דער אר־בייט.

איין אָפּטהיילונג בעשטעהט פון אינספּעקטאָרס, וועלכע געהען ארום אין דיא הייזער, דיא פעקטאָריעס, דיא סטאָרס, די יארדס און זעהען, צי דיא געזונדהייטס געזעצע ווערען אָפּגע־היט. ווען אן איינוואָהנער האָט א קאָמפּליין צו מאכען וועגען דעם, צום ביישפּיעל: אז לעבען זיין הויז ליעגט א גע'פּגר'טער פערד, אדער אז אין יארד שטעהט א טייכעל שמוציגע וואַ־סער, שרייבט ער צו דיעזען ברענטש, און אן אינספּעקטאָר ווערט גלייך געשיקט.

א צווייטע אָפּטיילונג האלט אן אויג אויף דיא עסענוואַרג וואָס עס ווערט פערקויפט אין שטאָדט. זיא שיקט אינספּעק־טאָרס אין דיא שלאַכט הייזער, דיא האָלסייל מארקעטס, וואו מען פערקויפט פיש, טשיקענס, גרינסען, פרוכט און זאָ ווייטער. און אויב זיי געפינען דאָרטען צופוילטע אָדער אלטע וואארע, נעהמען זיי עס צו און פערניכטען עס. אָפּטמאָל קומען דיא

אינספּעקטאָרס אין דיא ריטייל מארקעטס, וויא: אויף העסטער סטריט אָדער בעלמאָנט עוועניו אין בראָנזוויל, און פערכאפּען דיא שלעכטע וואארע אויף דיא פּושקארטס.

אכטונג צו געבען אויף דעם געזונד פון דיא קליינע קינדער אין דיא סקוהלס, איז דאָ א בעזונדערע אפּטהיילונג, וועלכע בעשטעהט פון א צאָהל דאָקטוירים און נוירסעס. ווען דיא נוירס אין א פּאָבליק סקוהל זעהט, אז א שילער איז קראַנק, שיקט זי איהם גלייך אהיים. דיא נוירס בעזוכט איהם דאן אין דער היים, און אויב דיא פאמיליע איז צו ארים צו שיקען נאָך א דאָקטאָר, זאָגט זיא פארנאַנדער דער מוטער, וואס זיא האָט צו טהאָן, צו אָפּשיקען אין א האָספּיטאַל, אָדער צו געברויכען געוויסע היימישע רפואות. דיא דאָקטוירים בעזוכען פון צייט צו צייט יעדען קלאס רום און עקזאמינירען דיא אויגען, דיא העלזער, דיא האָאָר פון דיא שילער, און אויב זיי געפינען, אז איינער ליידעט פון א קראנקהייט, לאָזען זיי גלייך וויסען זיינע עלטערען.

א בעזונדערע אפּטיילונג איז פאראן פאר אנשטעקענדע קראנקהייטען. יעדער דאָקטאָר מוז גלייך מעלדען אין באָארד אָוו העלטה וועגען אזוינע פעלע וויא: דיפטעריא, סקארלעט־פיבער און דאָס גלייכען. דיא באָארד אָוו העלטה שיקט א אינספּעקטאָר, וועלכער זעהט, צי דער פאציענט ליעגט אָפּגע־זונדערט פון דיא אנדערע מענשען אין הויז. ער קלעפּט גלייך אויף א צעטעל אויפ'ן טיהר מיט'ן נאָמען פון דער קראנקהייט, דיא שכנים זאָלען דיא הויז אויסמיידען. אויב דער אינספּעק־טאָר געפינט אויס, דאָס דער פאציענט ליעגט אין אזא פּלאַץ וואו אַנדערע קענען זיך פון איהם שנעל אננעהמען, נעהמט ער איהם צו אין האָספּיטאַל.

פאר אזוינע אַנשטעקענדע קראנקהייטען, וויא קאָנסאָמפּ־שאָן און טייפאָיד, איז דאָ נאָך א בעזונדערע אפּטיילונג. דער דעפּארטמענט האָט אויך פאר שווינדזיכטיגע האָספּיטאַלס און קליניקס. דער דעפּארטמענט שיקט אויך צו קאָנסאָמפּטיווס פרייע דאָקטוירים און פרייע נוירסעס, וועלכע זאָגען דיא קראַנ־

קע וואָס צו טהאָן, וויא צו פיהרען זיך אין זייער אלטעגליכען לעבען, וואס צו עסען, וואס פאר א מעדיצין צו נעהמען און זא ווייטער.

דיעזע ביוראָ האָט אויך א ברענטש וואו מען גיט קינדער ארויס „וואָרקינג פייפערס“. דיא באָארד אָוו העלטה דארף אבכונג געבען, אז קינדער אונטער 14 יאָהר זאָלען ניט געהן ארבייטען אין דיא פעקטאָריעס, און קינדער צווישען דעם עלטער פון 14 ביז 16 יאָהר זאָלען מעגען ארבייטען נאָר דאן, אויב זיי קענען לעזען און שרייבען ענגליש. אין דיעזער אפטיילונג פארהערט מען זיי, צי זיי קענען לעזען און שרייבען, און מען אונטערזוכט צי זיי גיבען אָן זייער ריכטיגען עלטער.

א בעזונדער אפטהיילונג איז אויך דאָ פאר שטעלען פאָקען. אין די סקוהלס שטעלט מען די קינדער פאָקען אלע צוויי־דריי יאָהר. ווען דיא באָארד אָוו העלטה דערוויסט זיך אז אין א געוויסע סטריט איז אימיצער קראנק געוואָרען אויף פאָקען, שיקט זיא אוועק אין יענעם קווארטאל א גאנצען סקאדראָן דאָקטוירים, וועלכע געהען אין דיא סטאָרס און אין דיא טענעמענט הייזער און אין דיא פעקטאָריעס און שטעלען פריי פאָקען יעדען וואס וויל נאָר. אין פאל עס הערט זיך פיעלע אזוינע פעלע און דיא שטאָדט האָט מורא פאר א פאָקען ־ מגפה, ווערען אינספעקטאָרס צושיקט איבער אלע טיילען פון שטאָדט און זיי שטעלען אלעמען פאָקען איבער געוואלד. דיעזע אפטהיילונג שטעלט אויך בייבים פאָקען צו יעדער צייט פריי.

דער דעפארטמענט האָט א צאָהל האָספיטאלס פאר קראנקע וואס ליידען פון אנשטעקענדע חולאת׳ן.

א העכסט וויכטיגע אפטיילונג האָט דיזע ביוראָ, וועלכע בעשטעהט פון כעמישע ארבייטס צימערען. דאָרטען ווערען כעמיש אנאליזירט פערשידענע צוגעריכטע עסענווארגען, וואס ווערען פערקויפט אין דיא גראָסעריס און אויך דיא וואסער וואָס מיר טרינקען און דיא מילך וואס דיא פערשיעדענע פירמעס פערקויפען. אויב דיא אונטערזוכונג בעווייזט, דאָס א געוויסע שפייז ענטהאלט שעדליכע שטאָפען, פערוועהרט מען

איהר ווייטער צו פערקויפען. מיט מילך איז דאס זעלבע. אויב דיא אנאליזירונג בעווייזט, דאס דיא וואסער איז ניט ריין גע־נוג, לאזט דיא באארד אוו העלטה גלייך וויסען דעם וואסער דעפארטמענט, ער זאל זעהן געפינען מיטלען, דיא וואסער ריי־נער צו מאכען.

אין דיא זעלבע כעמישע לאבאראטאריעס ווערען אויך אונ־טערזוכט פריי דיא שפייעכץ און דיא בלוט פון מענשען, וואס ווילען בעשטימט וויסען, צי זיי ליידען פון געוויסע קראנקהיי־טען. איינער, צום ביישפיעל, האט א פערדאכט, אז ער איז אנגעשטעקט מיט קאנסאמפשאן. דער בעסטער וועג אויסצוגע־פינען צי דער פערדאכט איז אמת, איז צו מאכען א כעמישע אונטערזוכונג איבער דיא שפייעכץ פון דעם מאן אדער דיא פרוי. אויב ער איז אדער זיא מיט דער קראנקהייט ווירקליך אנגעשטעקט, דאן וועט דער כעמישער אנאליז בעווייזען דיא אנוועזענהייט פון געוויסע באציללען אין דיא שפייעכץ. א פריי־וואט דאקטאר נעהמט עטליכע דאלאר פאר אזא שטיקעל אר־בייט. דיא באארד אוו העלטה טהוט עס פאר יעדען פריי.

אין דיעזער אפטהיילונג ווערען אויך געמאכט עקספערי־מענטען מיט פערשיעדענע סארטען מילך פאר קינדער. די רע־זולטאטען פון דיעזע עקספערימענטען ברייגגען פיעל נוצען. זיי בעווייזען, וועלכע מילך איז גוט פאר בייבים, און וועלכע איז שעדליך. ווען דיא באארד אוו העלטה דערגעהט עפעס א נייעס וועגען דיא זאכען, א נייעס וואס קען גוטעס טהאן דעם עולם, דרוקט זיא דאס גלייך אפ אויף צירקולארס און צוטיילט זיי אין דיא טענעמענט הייזער איבער'ן גאנצען שטאדט.

דיא באארד אוו העלטה האט א ספעציעלע אפטהיילונג וואס גיט זיך אפ מיט אויסרויכערען הייזער וואו עס זיינען גע־לעגען פאציענטען מיט אנשטעקענדע קראנקהייטען. זיא טהוט עס מיט געוואלד, אויב דיא איינוואהנער פון דיא הייזער ווי־לען דאס ניט ערלויבען.

די צווייטע ביורא אין דעם דעפארטמענט האלט די סטא־טיסטיקס פון שטאדט, דארטען ווערט פערשריבען יעדע חתונה,

יעדער געבורטה און יעדער טוידטען פאל, וואס קומט פאר אין שטאדט. דיא סטאטיסטיקס וואס ווערען געזאמעלט אויף דיע־זען ארט, זיינען וויכטיג און אינטערעסאנט. אט צום ביישפיעל, ווייס מען פון זיי, אז אין דעם יאהר 1907 האט מען אין ניו־יארק געשפיעלט 51097 חתונות. געבארען געווארען אין דעם זעלבען יאהר זיינען 120,720 בייבים און געשטארבען זיינען 79205 מענשען. פון דיא אלע געבארענע בייבים האבען נא־הענט צו 69 פראצענט געהאט אימיגראנטקעס פאר מאמעס. מעהרסטע טוידטען פעללע זיינען געוועז פון ניומאניא. נעקסט אויף דער ליסטע זיינען געוועז שווינדזיכטיגע. א גרויסע צאהל זיינען געשטארבען פון צוקער־קראנקהייט און פון א ראק. פון יעדע הונדערט טוידטע איז איינער געוועז א זעלבסטמארד פאל.

דיא באארד אוו העלטה קאסט אפ דער שטאדט ניו יארק נאהענט צו דריי מיליאן דאלאר א יאהר.

---

קאפיטעל 36.

## דער פאליס דעפארטמענט.

עס איז כמעט ניטא קיין איין גרויסע שטאדט אין אמע־ריקא, וועלכע קען שטאלצירען מיט א פאלקאם עהרליכען, פאל־קאם צופריעדענשטעלענדען פאליס דעפארטמענט. דיא הויכע פאליס בעאמטע זיינען דיא ווערק־צייג פון דיא קאררופטע מא־שין פאליטישענס, און ווען דיא עלטסטע זיינען קאררופט, דאן קענען דיא אנדערע ניט זיין בעסער. אלע ווייסען, דאס דיא פא־ליציי איז א נאהענטער מחותן מיט דיא ערגסטע עלעמענטען פון שטאדט, אז זיא נעהמט „פראטעקשאן" פון געמבלינג היי־זער און פון אונאנשטענדיגע פלעצער, און אז זיא מאכט אפט יד אחת מיט פערברעכער.

דאך, וויא שלעכט און פארדארבען דיעזער דעפארטמענט איז, איז ער דאך איינער פון דיא וויכטיגסטע אין שטאדט. אין

ניו יארק בעשטעהט ער פון צעהן טויזענד מענשען, און ער קאסט אפ ניט ווענינער וויא 15 מיליאן דאלאר א יאהר.

אן דער שפיצע פון פאליס דעפארטמענט שטעהט דער פאליס קאמישאנער, וועלכער ווערט אפוינטעט פון מעיאר אויף פינף יאהר צייט. ארא‏פזעצען קענען איהם ענטוועדער דער מעיאר אדער דער גאווערנאר צו יעדער צייט. אויב ער ווערט איין מאל אראפגעזעצט, טאר ער א צווייטען מאל שוין ניט אפוינטעט ווערען. דעם קאמישאנערס געהאלט איז זיעבען טויזענד און פינף הונדערט דאלאר א יאהר.

אויפגאבען און פליכטען האט דער פאליס קאמישאנער א גאנץ פולע. ער אפוינטעט דיא ערשטע זאך דריי דעפיוטי קאמישאנערס, וועלכע שטעהען אין גאנצען אונטער זיין קאנטראל. ער קען צו יעדער צייט זיי אראפוואַרפען און אפוינטען אנדערע אויף זייערע פלעצער. דיא פאליסלייט אליין ווערען אויך פון איהם אפאינטעט, אבער איבער זיי האט ער ניט דיא גאנצע דעה. דיא קאנדידאטען פאר פאליסלייט מוזען דורכמאכען א סיוויל סוירוויס עקזאמינייש‏אן, איידער זיי קענען אפוינטעט ווערען, און דער קאמישאנער איז פערפליכטעט צו אפאינטען פריהער דיא יעניגע קאנדידאטען, וועלכע נעהמען אויס אין דיא עקזאמינייש‏אנס. דער געזעץ בעשיצט אויך דיא פאליסלייט נאכדעם וויא זיי זיינען שוין אפוינטעט. דער קאמישאנער טאר זיי ניט ענטזאגען פון זייערע שטעללעס, סיידען ער האט א גענינגענדע אורזאכע דאפיר. נאטירליך, ווען דער קאמישאנער וויל פון א פאליסמאן פטור ווערען, קען ער עס לייכט אויספיהרען. דער טשארטער גיט דעם קאמישאנער א פולע רעכט צו שטעלען א פאליסמאן אין וואס פאר א סטריט ער וויל. ער קען דארום דעם אונגעווינשטען פאליסמאן הייסען אויספילען אלע מאל א נייעם פלאץ, ד. ה. ער קען איהם שיקען היינט אין איין עק שטאדט און מארגען אין א צווייטען עק שטאדט. איין טאג קען ער איהם שיקען אין קוני איילענד, דעם צווייטען טאג אין דיא בראנקס, דעם דריטען טאג אין ברוקלין, ביז וואנען יענעם ווערט דאס לעבען אזוי פער־

מיאוס׳ט, אז ער וועט פון דעם דעפּארטמענט אליין אנטלויפען.

דער פּאָליס קאָמישאָנער בעשטימט וויפיעל סטיישאָן־הייזער די שטאָדט זאָל האָבען, און וואו די סטיישאָן הייזער זאָלען זיין. אלעס וואס דער דעפּארטמענט דארף האבען: פּאטרול וועגען, פערד, פוירניטשור פאר די סטיישאָן הייזער און זאָ ווייטער, ווערען געקויפט דורך דעם פּאָליס קאָמישאָנער. ער דארף נאָר פריהער קריגען די צושטימונג פון דער באָארד אָוו עסטימייט ענד אפּאָרשענמענט. פּאָליסלייט ווערען אויך געהערט דורך דעם קאָמישאָנער.

אום די ארבייט פון דעם דעפּארטמענט זאָל קענען אָנגעפיהרט ווערען סיסטעמאטיש, איז די שטאָדט איינגעטיילט אין קליינע חלקים. יעדער חלק הייסט א „פּריסינקט“ און אין יעדען פּריסינקט איז דאָ א סטיישאָן הויז, און צו יעדען סטיישאָן הויז בעלאנגען א געוויסע צאָהל פּאָליסלייט, וועלכע דארפען אכטונג געבען אויף די סטריטען פון דעם פּריסינקט.

דער קאָמישאָנער און זיינע דריי דעפּיוטיס קאָנטראָלירען דעם גאנצען דעפּארטמענט. אונטער זיי זיינען דאָ א צאָהל פּאָליס אינספּעקטאָרס. יעדער אינספּעקטאָר דארף אכטונג געבען אויף א געוויסע צאָהל פּריסינקטס, וועלכע שטעלען צונויף א דיסטריקט. אויב דער קאָמישאָנער דערגעהט אז אין דעם דיסטריקט איז די ארדנונג שלעכט, אדער אז דאָרטען ווערען בעגאנגען פערברעכענס, האלט ער דעם אינספּעקטאָר פעראַנטוואָרטליך. ער בעזוכט אלע סטיישאָן הייזער אין זיין דיסטריקט, זעהט צו דאָרטען ווערט אלעס געטהאָן וויא געהעריג איז, און ער שיקט אלע מאָל וועגען דעם אָפטע רעפּאָרטס צום קאָמישאָנער. עלעקשאָן טאָג דארף דער אינספּעקטאָר זעהן, אז אין די "ואוטינג פּלעצער זאָל אלעס צוגעהן אין פאָלקאָמענער ארדנונג."

אונטער די אינספּעקטאָרס שטעהען די פּאָליס קעפּטיינס. אין יעדען סטיישאָן הויז איז דאָ א קעפּטיין. אלע פריהמאָרגען דארף ער זעהן, צי די פּאָליסלייט זיינען אלע אנוועזענד אין סטיישאָן הויז און דארף זיי צושיקען אויף זייערע

פּאָסטען. ער דאַרף יעדען אָנצייגען די סטריטען און די בלאָקען, אין וועלכע ער מוז זיך דעם גאנצען טאָג געפינען. די קעפּטיינס דאַרפען אויך בעזוכען די דזשאַנק שאָפּס, די סעקאָנד הענד סטאָרס, די פּאָן שאָפּס, די עמפּלאָימענט ביוראָס, און זעהען, צו דאָרטען ווערען ניט אָפּגעטהאָן קיין פאַרברעכענס. מאַנכע עמפּלאָימענט ביוראָס ווערען געברויכט אלס מארקעטס פאר „ווייסע שקלאַפען". אין די איבעריגע דערמאָנטע פּלעצער געפינט מען אָפט גע'גנב'עטע סחורה, וואס גנבים פערקויפען דאָרטען. ווען די קעפּטיינס וואָלטען ווירקליך געטהאָן זייער פּליכט אין דיעזען הינזיכט, און ס'וואָלטען די פּלעצער שטענדיג בעזוכט געוואָרען, וואָלטען דורך דעם פיעל פאַרברעכענס אויסגעראָטען געוואָרען פון שטאָדט.

די קעפּטיינס מאכען אָפּט „ריידס" (אָבלאַוועס) אויף געמבלינג הייזער. דאָס איז זייער פּפליכט. זיי דאַרפען אויך אכטונג געבען אויף אלע ביבליאָטהעקען, וואס יעדער סטיישאָן הויז האָט פאר די רעזערוו פּאָליסלייט, וועלכע זיינען געצוואונגען דאָרטען צו זיצען ביי טאָג און ביי נאכט. יעדען טאָג מאכט דער קעפּטיין אוים א רעפּאָרט וועגען די טהעטיגקייט פון זיין סטיישאָן הויז און פון זיינע פּאָליסלייט און שיקט איהם אָפּ אין פּאָלים העדקוואָדערס. אויב אין דעם פּריסינקט קומען דורכ'ן טאָג פאר פעללע פון אנשטעקענדע קראנקהייטען, מוז דער קעפּטיין זיי מעלדען אין זיין רעפּאָרט.

נעקסט צו די קעפּטיינס זיינען די סארדזשענטס. זיי פארנעהמען די קעפּטיינס פּלעצער, ווען די לעצטע זיינען אבוועזענד. זיי זיצען אויך געוועהנליך לעבען דעם דעסק אין סטיישאָן הויז, אָדער זיי געהען ארום איבער די סטריטען פון פּריסינקט און זעהען, צי די פּאָליסלייט טהוען זייער ארבייט. אין יעדען סטיישאָן הויז איז דאָ א סקוהל, א קלאַסס, וואו מען לערענט די גרינע פּאָליסלייט זייערע פּפליכטען, וויא זיי זאָלען עם אם בעסטען און אם לייכטסטען דורכצופיהרען. די סארדזשענטס זיינען די טיטשערס פון דיעזע קלאַסען.

אונטער די סארדזשענטס זיינען די „ראונדסמען".

## קאַפּיטעל 37.

## דער סטריט קלינינג דעפּאַרטמענט.

אין קליינע שטעדט שטעהט די ריינינונג פון די סטרי־טען אונטער דעם אויפזיכט פון פּאָלים דעפּאַרטמענט. אין ניו־יאָרק איז דאָס אויך געווען דער פאַל ביז מיט עטליכע און צוואַנציג יאָהר צוריק, ווען דער ריעזיגער וואוקס פון דער בע־פעלקערונג האָט ארויפגעלעגט אויף דעם פּאָליס דעפּארטמענט אזוי פיעל שווערע אויפגאַבען, אַז ער האָט זיך מיט זייטיגע ארבייט ניט געקענט מעהר אָפּגעבען. די לעדזשיסלייטשור האָט דארום ארגאַניזירט א ספּעציעלען סטריט קלינינג דע־פּארטמענט, וועלכער דאַרף זעהן, אַז די גאַסען פון שטאָדט זאָ־לען אימער זיין ריין. דער נייער טשארטער, וואס ניו יאָרק האָט בעקומען, ווען ברוקלין, סטעטען איילענד און אנדערע ארומיגע שטעדטלאַך זיינען צונויפגעשמאָלצען געוואָרען אין איין גרוי־סע שטאָדט, האָט געמאַכט געוויסע ענדערונגען אין דיעזען דעפּארטמענט.

דיזער דעפּאַרטמענט איז ניט פאַר גאַנץ גרייטער ניו יאָרק. ער איז בלויז פאר די גרויסע באָראָס: מאַנהעטטען, בראָנקס און ברוקלין. אין ריטשמאנד און קווינס בעלאַנגען די אויפ־גאַבען פון ריינינגען די סטריטען צו די באָראָה פּרעזידענטען. דער דעפּאַרטמענט שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון א סטריט קלינינג קאָמישאָנער, וועלכער ווערט אַפּוינטעט פון מעיאָר, און בעקומט אלס געהאַלט זיעבען טויזענד און פינף הונדערט דאָלאַר א יאָהר. דער אַפּוינטמענט איז ניט אויף קיין בע־שטימטען טערמין. דער מעיאָר קען איהם אראָפּזעצען ווען ער וויל.

די צאָהל פון די אָנגעשטעלטע אין דעם דעפּאַרטמענט, זייערע וויידזשעס און זאָ ווייטער, ווערען בעשטימט אין טשאַר־טער. דעם קאָמישאָנערס אויפגאַבע איז, צו זעהן, אז די גאַ־

סען זאָלען אויסגעקעהרט און אויסגערייניגט ווערען; אז דיא בארדעלס מיט די אַשעס און שמוץ זאָלען אוועקגענומען ווערען, און אז ווינטער צייט זאָל מען פון דיא סטריטען אוועקנעהמען דעם שנעע און דיא אייז. ער דארף אויך מאכען רולס וואו און וויא אזוי דיא בארדעלס זאָלען ארויסגעשטעלט ווערען אויף דיא סיידוואָקס. דיעזע רולס טרעטען אריין אין קראַפט בלויז ווען זיי ווערען גוטגעהייסען פון דיא באָארד אָוו אָלדערמען. די שנעע און אייז ווערען ניט גערייניגט פון דעם דעפּאַרטמענט גופא. דער קאָמישאָנער גיט עס איבער צו פּריוואַט־מענשען. ער האָט דאָס רעכט צו מאכען קאָנטראקטען מיט דיעזע לייט פאר עטליכע ווינטערען מיט אמאָל (אָבער פאר ניט מעהר וויא פינף יאָהר) זיי זאָלען אַפּראמען דיא שנעע פאר אזא און אזא פּרייז. דיא קאָנטראקטען מוזען אבער גוטגעהייסען ווערען פון דער באָארד אָוו עסטימייטס און אַפּאָרשענמענט.

דיא שמוץ וואס דיא סטריט קלינער קעהרען צונויף, און וואָס עס ווערט ארויסגעוואָרפען פון דיא הייזער, איז ווערט א סך געלד. וויא דאָס געהט און שטעהט, האָט עס קיין ווערדע ניט, אָבער ווען מען סארטעוועט פארנאַנדער דיא אַלע זאכען, וואָס געפינט זיך דאָרטען: דיא ביינער בעזונדער, דיא שמאַטעס בעזונדער, דיא פּייפּער בעזונדער, — דאן קען מען יעדע זאך בעזונדער פערקויפען פאר געוויסע צוועקען. פון דיא ארויסגעוואָרפענע עסענוואַרגען קען מען אויך דורך געוויסע כעמישע פּראָצעסען מאכען „פערטיליזערס״, שטאָפען פאר מיסטיגען דיא פעלדער, און דאָס קען אויך אריינברייגנען גוטע געלד.

דיא שטאָדט אליין וויל זיך אָבער ניט באַדערען מיט קלייבען, סארטעוועון און לייטערען דיא שמוץ. זיא פערקויפט עס דארום צו פּריוואַט קאָמפּאַניעס און יענע באַדערען זיך שוין און מאכען דערפון גוטע געלד. דער קאָמישאָנער האָט דאָס רעכט צו אונטערהאנדלען מיט קאָמפּאַניעס וועגען דעם. דיא קאָנטראקטען וואָס ער מאכט מיט זיי אָבער טאָרען ניט זיין אויף לענגער וויא פינף יאָהר, און איידער זיי טרעטען אריין

אין קראפט, מוזען זיי גוטגעהייסען ווערען פון דיא באָארד אוף עסטימייטס.

דיא ארבייט פון רייניגען דיא סטריטען ווערט געטהאָן אויף אַ גאנץ איינפאכען וועג. דיא שטאָדט איז איינגעטיילט אין אַ געוויסע צאָהל סטריט קלינינג דיסטריקטען. איבער יע־דען דיסטריקט איז דאָ אַ סופעראינטענדענט, און יעדער סו־פעראינטענדענט האָט אונטער זיך אַ געוויסע צאָהל קעהרער. דער סופעראינטענדענט גיט יעדען פון זיינע מענשען אַ געווי־סע צאָהל בלאָקען, וועלכע ער מוז האַלטען ריין. אויב אַ סטריט ווערט אַ טאָג ניט געקעהרט, ווייס דער סופעראינטענדענט גלייך ועמען צו האַלטען פעראנטוואָרטליך דאפיר.

אין דיא גאַסען וואו דיא בעפעלקערונג איז קליין, ווערט געקעהרט איין מאָל אַ טאָג. דיא ענגע סטריטען, איבערהויפט דיא, וואו עס שטעהען פושקארטס, ווערען געקעהרט צוויי, דריי, זאָגאר פיער מאָל אַ טאָג. זומער־צייט ווערען דיא גאַסען געוואַשען דורך פייפס, אָדער בעשפריצט דורך שפּריץ־וועגען.

וויא געזאָגט, ווערט דיא שמוץ פערקויפט צו פריוואַט קאָמפּאניעס, וועלכע סאָרטירען עס און פערקויפען עס פאַר פערשיעדענע צוועקען. דיא אַשעס ווערט געברויכט צו פער־שיטען געוויסע זומפּיגע פּלעצער און צו פערגרעסערען געוויסע אינזלען ארום דער שטאָדט. אָט, צום ביישפּיעל, איז אין איסט ריווער לעבען דעם בראָנקס ריווער דאָ אַן אינזעל מיט'ן נאָמען רייקער'ס איילענד, וועלכער איז מיט איינינע יאָהר צוריק גע־ווען 87 אַקער יבשה, דיא איבעריגע לאַנד פון אינזעל, אַן ערך פון 292 אַקער, איז געלעגען אונטערן וואַסער, ניט זעהר טיעף, אָבער דאָך אונטערן וואַסער. דיא שטאָדט האָט מיט איהרע אַשעס אַ גרויסע טהייל פון דיעזען אינזעל אָנגעפילט, און מיט דער צייט וועט דיא גאַנצע 292 אַקער זיין יבשה, און דער אינ־זעל וועט ווערטה זיין מיט הונדערטע טויזענדע דאָלארס מעהר וויא בשעת מען האָט איהם אָנגעהויבען אָנצופילען.

אַ בעגריעף וויפיעל עס קאָסט ריין צו האַלטען דיא סטרי־טען פון דער שטאָדט, קען מען זעהען פון דיא פאָלגענדע צי־

פערען. פארן יאהר 1909 האט דער סטריט קלינינג דעפארט־
מענט בעקומען פאר זיינע עקספענסעס גענויע זיעבען און א
האלב מיליאן דאלאר. אין דיא בארא־אהם קווינס און ריטשמאנד
האבען דיא בארא פרעזידענטען פארן זעלבען יאהר בעקומען
א האלבען מיליאן דאלאר. ארום און ארום אלזא האט דיא
רייניגונג פון דיא גאסען יענעם יאהר בעטראפען אן ערך פון
אכט מיליאן. איצטער, נאטירליך, קאסט עס א סך מעהר. אין
אלע דעפארטמענטס ווערען דיא הוצאות גרעסער פון יאהר צו
יאהר, ווייל דיא שטאדט האלט אין איין וואקסען, אי אין דער
בעפעלקערונג, אי אין איהר פיזישע גרויס. איהרע טעקס
סטאטיסטיקער האבען אויסגערעכענט, דאס אין דעם יאהר
1906 האט נויארק געספענדט אויף סטריט קלינינג אזוי פיעל
געלד וויא דיא גרויסע שטאדט באפלא האט דאמאלסט אויס־
געגעבען אויף איהר גאנצע שטאדט פערוואלטונג.

---

## קאפיטעל 38.

### דעפארטמענט פון וואסער, געז און עלעקטריק.

אין דער הינזיכט פון וואסער, איז ניו יארק סאציאליסטיש.
דיא שטאדט־רעגיערונג פערזארגט אלע איינוואהנער מיט וואַ־
סער, און, וויא מיר וועלען שפעטער זעהן, מאכט זיא דערפון
א גאנץ שעהנעם פראפיט. דיא געז און עלעקטריק אבער גע־
הערען צו פריוואט קאמפאניעס, און דיא שטאדט־רעגיערונג איז
געצוואונגען דאס צו קויפען ביי זיי פאר איהר אייגענעם גע־
ברויך, צו בעלייכטען דיא סטריטען, דיא קהל'שע געביידעס און
דיא פארקס.

נויארק פערצעהרט אן ערך פון א האלבען ביליאן גאלונען
וואסער א טאג. איצטער בעקומט זיא עס פון פערשיעדענע
קוועלען. פאר מאנהעטען און דיא בראנקס ציהט מען דיא

וואַסער פון קראָטאָנאַ ריווער, וועלכער געפינט זיך אַן ערך פון פערציג מייל פון שטאָדט. ברוקלין נעהמט איהרע וואַסער פון געוויסע טייכען און ברונעמס אין לאָנג איילענד. אין קווינס און אין ריטשמאָנד זיינען דאָ אַ צאָהל פּריוואַט קאָמפּאַניעס, וואָס האָבען פערשיעדענע קוועלען, פון וועלכע זיי פערזאָרגען די איינוואָהנער מיט וואַסער.

די וואַסער־פראַגע איז יאָהרען לאַנג געווען איינע פון די וויכטיגסטע אין די פּאָליטיקס פון דיעזער סטייט, ביז זי איז ענדליך געסעטעלט געוואָרען אין דעם יאָהר 1905. עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אויפזוכען אַ קוואַל, פון וועלכען מען זאָל קענען ציהען גענוג וואַסער פאַר דער גאַנצער שטאָדט, אום מען זאָל קענען, ערשטענס, פּטור ווערען פון די פיעלע קליינע פּריוואַט קאָמפּאַניעס אין קווינס און אין ריטשמאָנד, און, צווייטענס, מען זאָל ניט דאַרפען ציטערען אַלע ווייל‌ע. טאָמער וועט אויסברעכען אַ וואַסער־הונגער, וויא עס איז געווען דער פאַל מיט עטליכע יאהר צוריק. נאָך אַ לאַנג־יאָהריגען קאַמפּף איז אין יאהר 1905 ענדליך אריינגעבראַכט געוואָרען אַ ביל אין אַלבאַני, אַז דער מעיאָר פון ניו יאָרק זאָל אַפּוינטען אַ „באָארד אָוו וואָטער סופּפּליי“, וועלכע זאָל אויפזוכען אַ קוואַל פאַר ניו יאָרק, און זאָל אויסאַרבייטען פּלענער, וויא אַזוי מען זאָל די וואַסער דורכפיהרען צו דער שטאַדט. דער ביל איז דורכגעגאַנגען. די באָארד האָט דאַן בעשלאָסען צו ציהען וואַסער פון געוויסע טייכען פון די קעטסקילל בערג. דאָס איז אַ שטרעקע פון אַ 140 מייל. די טונעלען פאַר פּייפּס פאַר דיעזע וואַסער ליעגען אין געוויסע פּלעצער אונטער דעם האָדסאָן ריווער. אום אַריבערצוברייגגען די וואַסער קיין ברוקלין, זיינען דאָ טונעלען אונטער'ן איסט ריווער אויך. פאַר סטעטען איילענד האָט מען געלייגט פּייפּס אונטער די „נעררואָוס“, נעבען גרויסען אַטלאַנטישען מעער. מען האָט אויסגערעכענט, אַז די גאַנצע

אונטערנעהמונג וועט אָבקאָסטען ניט וועניגער וויא 161 מי־ליאָן דאלאר.

דיעזע ארביים איז געטהאָן געוואָרען פון א ספעשעל באָארד. דער וואסער דעפּארטמענט האָט מיט איהר גאָר ניט צו טהאָן. נאַטירליך, ווען אלץ וועט פארטיג ווערען, וועט דיא ספּעשעל באָארד אָפּגעשאפט ווערען און דער „פּלענט“ וועט געשטעלט ווערען אונטער דער אויפזיכט און קאָנטראָל פון דעם דעפּארטמענט.

איצטער גיט זיך דער וואסער דעפּארטמענט אָפּ מיט דיא עקזיסטירענדע וואסער־קוואלען. אויף דער שפּיצע פון דיעזען דעפּארטמענט שטעהט א קאָמישיאָנער, וועלכער בעקומט $7550 א יאָהר און ווערט אפּוינטעט פון סיטי מעיאָר. ער אליין האט זיין אָפיס אויף פּארק ראָו און גיט זיך אָב מעהרסטענס מיט מאנהעטען. אין דיא איבריגע פיער באָראָהס זיינען דאָ ברענטש־אָפיסעס אונטער דער אויפזיכט פון דעפּיוטי קאָמי־שיאָנערס, וועלכע דער קאָמישיאָנער אליין אַפּאָינטעט.

אויסגאבען האָט דיעזער קאָמישאָנער א גאנץ פולע. ער דארף דיא ערשטע זאך זעהען, דער דער שטאָדט זאָל ניט פעה־לען קיין וואסער, און דיא וואסער זאָל זיין גוטע. אויסערדעם שטעהט דיא בעלייכטונג פון דיא סטריטען אונטער זיין אויפ־זיכט. ער דארף מאכען קאָנטראקטען מיט דיא געז און עלעק־טריק קאָמפּאניעס, און דארף דינגען מענשען וועלכע זאָלען דיא לאָמפּען אָנצינדען און פארלעשען. (אין שטאָדט געפינען זיך ניט וועניגער וויא 75 טויזענד פּאָנארען אין דיא סטריטען). ער דארף אויך אכטונג געבען אויף דיא פּריוואט־וואסער קאָמ־פּאניעס, וואס פארקויפען וואסער צו דיא איינוואָהנער. ערש־טענס, דארף ער זעהען, צי דיא וואסער איז ריין, צי זיא ווערט גענומען פון א גוטען קוואל, און צווייטענס, דארף ער אכטונג געבען דיא קאָמפּאניעס זאָלען ניט רייסען קיין צו הויכע פּריי־זען. ער האָט דאָס רעכט צו בעשטימען וויפיעל די קאָמפּאניעס זאָלען טשארדזשען. אויב דיא קאָמפּאניעס קליימען אז דעם קאָמישאָנערס פּרייז איז א צו ניעדעריגער, קענען זיי דיא

פראגע פאָרברענגען אין קאָורט און איהר איבערגעבען צו א דזשאָדזש, ער זאָל ענטשיידען.

דער קאָמישיאָנער דארף אויך פון צייט צו צייט אונטערזוכען דיא עלעקטרישע ליכט, די מיטערס און די דראָטען, וואָס דיא קאָמפּאניעס פיקסען איין אין שטאָדט. ער דארף עקזאַמינירען דיא געז וואָס ווערט פערקויפט צו דיא איינוואָהנער און זעהן, צי נארט מען ניט דעם עולם. אויב ער האָט נייע פּלענער וועגען ציהען עלעקטרישע דראטען און געז פּייפּס, דארף ער זיי פאָרלעגען פאר דער באָארד אָוו אָלדערמען, און אויב זיי געפעללען איהר, קען זיא זיי אָננעהמען אלס א געזעץ. דער קאָמישאָנער איז דער זעלבער פאר דעם גאנצען דעפּארטמענט. אָבער דיא ארבייט איז צוטהיילט אין צוויי ברענטשעס. איין ברענטש גיט זיך אָפּ מיט דיא וואסער און דער צווייטער — מיט געז און עלעקטריק.

דיא עקספּענסעס פון דיעזען דעפּארטמענט זיינען ניט קיין גרויסע. פאר דעם יאָהר 1909, האָט דיא באָארד אָוו עסטימייט איהם בעוויליגט ניט מעהר וויא עטוואָס איבער זעקס און א האלב מיליאָן דאָלאר. דערפון האָט מען אויסגעצאָהלט איבער פיער און א פערטעל מיליאָן דאָלאר צו פּריוואט געז און עלעקטריק קאָמפּאניעס פאר בעלייכטען דיא סטריטען, דיא מארקעטס און דיא קהל'שע געביידעס. דער וואסער דעפּארטמענט האָט געקאָסט גענויע צוויי מיליאָן דאָלאר.

אינטערעסאנט איז דער פאָלגענדער פאקט. פון דיא וואסער, וועלכע בעלאנגט צו דער שטאָדט, מאכט דיא שטאָדט איבער אָכט מיליאָן דאָלאר אַ יאהר פּראָפיט. געז און עלעקטריק, וואס דיא שטאָדט קויפט ביי פּריוואט־קאָמפּאניעס קאָסט איהר אָב איבער פיער מיליאָן דאָלאר. פארוואָס, אלזא, זאָל דיא שטאדט ניט האָבען איהר אייגענע געז און עלעקטריק?

## קאפיטעל 39.

## דער פייער־דעפארטמענט.

דיזער דעפּארטמענט ווערט אויף געפיהרט פון א קאַ־מישיאָנער, וועמען דער מעיאָר אפּאָינטעט מיט א געהאלט פון 7500 דאָלאר א יאהר. דער קאָמישיאָנער אפּאָינטעט צוויי דעפּיוטיס, איינעם פאר מאנהעטען, בראנקס און ריטשמאנד און דעם צווייטען פאר ברוקלין און קווינס. אויסער זיי אפּאָינ־טעט אויך דער קאָמישיאָנער אלע איבעריגע בעאמטע פון דעם דעפּארטמענט. ער קען אויך אנשטעלען און ענטזאגען פייער־לייטע, וועלכע קומען ניט נאָך געוויסע בעדינגונגען פון געזעץ. ביים אנשטעלען, מוז דער קאנדידאט דורכמא־כען א געוויסען עקזאמינעישאן; און איידער א פייערמאן ווערט ענטזאגט מוזען געגען איהם געמאכט ווערען קלאגען און דער קאָמישיאָנער דארף אונטערזוכען צי דיא קלאגען זיינען גוט בעגרינדעט.

דער טשארטער לויטעט, דאס דער פייער־דעפּארטמענט זאָל איינגעטהיילט ווערען צום וויניגסטענס אין דריי ביוראס. איינע, אכטונג צו געבען, אז דיא פייערען זאָלען וואָס שנעלער אויסגעלאָשען ווערען און אז דאס פייער און וואסער זאָלען אנ־מאכען וואס וויניגער שאדען. דיא צווייטע ביורא בעשטעהט פון אינספּעקטאָרס, וועלכע גיבען אכטונג אויף די סטאָרס און אויף דיא סטאָריידזש הייזער, וואו מען האלט און וואו מען פערקויפט געוויסע ברען־שטאפען, וויא, צום ביישפּיעל, פּול־ווער, דינאמיט, פייערקרעקערס א. ז. וו. דיא שטאָדט האט גע־וויסע ספּעציעלע געזעצע וועגען דיעזע פּלעצער און דיעזע ביורא דארף זעהן, אז דיא געזעצע זאָלען ריכטיג אבגעהיט ווערען. דיא דריטע ביורא האט אלס איהר אויפגאבע צו אונטערזוכען דיא אורזאכען פון אלע פייערען, און זעהן אויסצוגעפינען צי זיי זיינען ניט קיין געמאכטע.

דיא ערשטע ביורא איז, פערשטעהט זיך, דיא וויכטיג־סטע. צו איהר געהערען דיא אלע פייער סטיישאן הייזער, וואו דיא אינדזשינס און דיא פייער־וועגען געפינען זיך און דיא אלע פייערלייטע, וועלכע גיבען זיך אפ דירעקט מיט לעשען פייערען און מיט איינדעקען דיא זאכען אין דיא הייזער נאך א פייער.

אנקומען אלס פייערמאן איז ניט אזוי לייכט. דער קאנדידאט דארף זיין ניט אינגער וויא 21 יאהר און ניט עלטער פון 31 יאהר. ער מוז אויך זיין געזונד, שטארק און וויליג צו ארבייטען. דאס איז קערפערליך. גייסטיג מוז ער אויך נאכקומען געוויסע פאדערונגען. ער דארף קענען לעזען און שרייבען ענגליש. ער מוז וויסען אביסעל חשבון, זיין בעקאנט מיט דיא סטריטען, פעררים און דיא פראמינענטע געביידעס פון שטאדט.

ווען דער קאנדידאט געהט דורך דעם עקזאמען אין דיא דערמאהנטע פונקטען, ווערט ער אנגעשטעלט אויף פראבע. בייניאכט דארף ער זיין אין סטיישאן און בייטאג מוז ער זיך לערנען דיא פראקטישע זייט פון זיין ארבייט אין א קלאס, וואס איז ספעציעל ארראנזשירט אין דיא העדקוואדערס פון דעפארטמענט. דארטען לערנט מען איהם, צום ביישפיעל, וויא צו קלעטערען אויף לייטערס, וויא צו שפרינגען פון הויכע פלאארס אין נעצען און וויא אונטערצושטעלען נעצען פאר אנדערע. דיא פראבע געדויערט 30 טעג, און אויב ער ציינט זיך ארויס פעהיג, קומט ער אן אין פערטען קלאס פון דעפארטמענט, וואו זיין געהאלט איז אכט הונדערט דאלאר א יאהר. דער טשיעף פון דיעזער ביורא בעקומט זעקס טויזענד דאלאר א יאהר.

דיא צווייטע ביורא האט אויך גאנץ וויכטיגע ארבייט. וויא געזאגט, איז איהר הויפט אויפגאבע צו זעהן פערמיידען פייערען. דיא פייערלייטע, וואס ארבייטען אין דיעזער אבטהיילונג, זיינען ניט מעהר וויא אינספעקטארס. זיי בעזוכען דיא אלע פלעצער, וואו ברען־מאטעריאל ווערט געהאלטען און אונטערזוכען צי דער איינענטהימער דארטען היט אפ דיא געזעצע וועגען זיי. דיעזע ביורא האט עס אויסגעפיהרט, אז

יעדער וואס האלט ברען־מאטעריאל זאל מוזען האבען ליימענס. ווען א גראסערי מאן וויל פערקויפען קעראסין, מוז ער דארויף ארויסנעהמען א לייסענס.

דיא דריטע ביורא בעשטעהט פון צוויי פייער־מארשאלס און זייערע אסיסטענטס. זיי בעזוכען יעדען פלאץ, וואו עס איז פארגעקומען א פייער און מאכען א שטרענגע אונטערזוכונג. עס איז אלעמען בעוואוסט, דאס א גרויסע צאהל פון דיא פייערען זיינען געמאכטע. ווען דיא מארשאלס פערדעכטיגען א געוויסען פייער, לאזען זיי ווענען דעם גלייך וויסען דער פאליציי און מיט דער הילפע פון דעטעקטיוס טרייען זיי דעם שולדיגען צו געפינען.

דער לעבען פון א פייערמאן איז אימער אין גרויס געפאהר. פיעלע פון זיי ווערען טאקע יעדען יאהר דער׳הרג׳עט און פערקריפעלט. דער דעפארטמענט האט דארום איינגעפיהרט פענסיאנס פאר זיינע מיטגליעדער אין אזוינע פעלע. ווען א פייערמאן ווערט אזוי שווער פערקריפעלט, אז ער קען מעהר גאר קיין ארבייט ניט טהאן, בעקומט ער אלס פענסיאן א העלפט פון זיינע וויידזשעס, אזוי לאנג וויא ער לעבט. אויב ער קומט אום אין א פייער, קריגען די יורשים דעם זעלבען פענסיאן, א העלפט פון דיא וויידזשעס, כל־זמן זיי לעבען. אין פאל פון א נאטירליכען טויט, בעקומט דיא אלמנה און דיא יתומים א געוויסע סומע געלד, פון דריי הונדערט ביז טויזענד דאלאר. אלע פייערלייט, וועלכע האבען אפגעדיענט צוואנציג יאהר אין דעפארטמענט, קענען אויך רעזיגנירען און בעקומען אלס פענסיאן א העלפט פון זייער רעגולאר געהאלט.

דיא פאלגענדע ציפערען וועלען דיא לעזער געבען א בעגריף וועגען דיא גרויס פון פייער־דעפארטמענט און וועגען זיינע עקספענסעס. אין דעם יאהר 1909 האט דער דעפארטמענט בעשעפטיגט 4244 מענשען. זיינע עקספענסעס אין יענעם יאהר זיינען געווען נאהענט צו זיבען און א האלב מיליאן דאלאר. פאר דעם יאהר 1910 האט דיא באארד אוו עסטימייט און אפארשענמענט פאר דעם פייער־דעפארטמענט בעוויליגט נא־

הענט צו אכט מיט א פירטעל מילליאן. איצטער זיינען זיינע עקספענסעס פיעל גרעסער, און ער האט אויך נעווים א גרע־סערע צאהל אנגעשטעלטע.

דיא מיינונגען פון דיא פייער עקספערטען און פון דיא פייער אינשורענס קאמפאניעס שיינט צו זיין, אז נויארק האט גע־דארפט האבען א פיעל גרעסערען פייער דעפארטמענט, וויא זיא האט. א ספעציעלע קאמישאן, וואס איז אפאינטעט געווארען דיא זאך צו אונטערזוכען, האט אין 1905 אנגעוויזען אויף פיעל חסרונות אין דעם איצטיגען דעפארטמענט. זיא האט גע־ראטהען ,ווי אזוי די פעהלערען אבצושאפען. געקאסט וואלט עס אויך ניט קיין סך: עטוואס איבער א מילליאן דאלאר. ביז איצטער, אבער, איז נאך גארניט געטהאן געווארען. ליידען דערפון, ליידען נאטירליך דיא איינוואהנער. ערשטענס, ווערט פיעל אייגענטהום פערניכטעט דורך פערמיידליכע פייערען, און צווייטענס, נעהמען דיא קאמפאניעס גרויסע אינשורענס, וויילי דיא געפאהר איז גרויס.

---

## קאפיטעל 40.

### דער טענעמענט הויז־דעפארטמענט.

דריי פערטעל פון דיא איבער פיער מיליאן איינוואהנער אין ניו יארק וואהנען אין טענעמענט הייזער. געזעצע וועגען ריינקייט און לופט און ליכט אין טענעמענט הייזער האט ניו יארק אימער געהאט. אבער ביז דעם יאהר 1902 זיינען דיעזע געזעצע געווען א טויטער בוכשטאב. דאמאלסט האט דער פא־ליס דעפארטמענט, דער פייער־דעפארטמענט און דיא באארד אוו העלטה אויף דיא טענעמענט־הייזער ווייניג אכטונג געגע־בען. זיי האבען צו דיעזען צוועק בעשעפטיגט אן ערך פון פיער הונדערט אינספעקטארס. אבער דיעזע לייט האבען גאר ניט

געטהאן. זיי פלעגען זיך בלויז פון צייט צו צייט זעהען מיט די לענדלארדס, אפנעהמען זייערע פאר דאלאר כאבאר, און אריינשיקען דעם רעפארט, אז אלעס איז אלל־רייט.

דער רעזולטאט איז געווען, דאס דיא לאגע פון דיא טענעמענט הייזער איז געווארען שרעקליך. אין דיא ארימע קווארטאלען האבען מענשען געוואהנט אין פינסטערע שמוציגע קברים, וואו קיין שטראהל זון פלעגט קיין מאל ניט אריינקומען. דיא פייער עסקייפס און דיא טרעפ זיינען געווען צובראכען און פארשטעלט און פערלייגט מיט שמוץ. און דאס האט געפיהרט צו דיא שרעקליכסטע טראגעדיעס אין פאלל פון פייער. דיא סינקס און דיא טאילעטס זיינען געווען שמוציג און צובראכען. דיא אונריינקייט, דיא פינסטערנים און דיא ענגשאפט פלעגט פערשורזאכען דיא ערגסטע קראנקהייטען. עס זיינען געווען גאנצע בלאקען וואו א געוויסע צאהל קינדער פלעגען יעדען יאהר אויסשטארבען פון דיפטעריא, סקארלעט פיבער, זומער־קאמפליינס און זא ווייטער. עס זיינען געווען געוויסע טענעמענט הייזער, וואו א געוויסע צאהל מענשען פלעגען יעדען יאהר אנגעשטעקט ווערען מיט קאנסאמפשאן.

ווען דיא פאקטען זיינען בעקאנט געווארען איבער'ן שטאדט, האט דיא אלגעמיינע מיינונג געפאדערט, אז עפעס זאל געטהאן ווערען, און נאך פיעל ארבייט איז ענדליך ארגאניזירט געווארען דער טענעמענט האוז דעפארטמענט מיט א ספעשעל קאמישאנער. אין אלבאני זיינען אויך אנגענומען געווארען א לאנגע רייהע נייע טענעמענט האוז געזעצע, וואס האבען זיך געציעלט דיא ערגסטע איבלען אויסצוראטען. דיזער נייער דעפארטמענט איז ארגאניזירט געווארען דעם ערשטען יאנואר, 1902. דער קאמישאנער ווערט אפוינטעט פון מעיאר מיט דעם געוועהנליכען געהאלט פון 7500 א יאהר. טראטץ דעם, וואס דיזער דעפארטמענט איז ווייט פון פאלקאמענהייט און וואס דיא טענעמענט האוז געזעצע זיינען נאך ניט די ריכטיגע, איז דיא לאגע אין פערלויף פון דיא לעצטע צעהן יאהר פארבעסערט געווארען אויף עטליכע הונדערט פראצענט. דיא

אַלטע פאַרפעסטיגטע טענעמענט הייזער פערשווינדען און דיא נייע וואס ווערען געבויט זיינען קיין ערך ניט בעסער וויא זיי.

דער טענעמענט האוז דעפּאַרטמענט איז איינגעטיילט אין פיער ביוראָס. דיא ערשטע הייסט דיא עקזעקוטיוו ביוראָ. איהר אויפגאבע איז, צו פיהרען דיא קאָררעספּאָנדענץ פאר דעם דעפּאַרטמענט. ווען א טענענט האָט אַ קלאָגע צו מאַכען וועגען דיא הויז וואו ער וואָהנט, שרייבט ער צו דיעזער ביוראָ. נאָכ־דעם וויא דיא הויז ווערט אונטערזוכט, דורך אַ צווייטע ביוראָ, קריעגט דיא עקזעקוטיוו ביוראָ א רעפּאָרט וועגען דעם, און אויב עס איז נויטיג, שרייבט זיא צום לענדלאָרד, ער זאָל מאַכען גע־וויסע „רעפּאָרמס". אַלע אָרדערס צו לענדלאָרדס וועגען „וויי־אָליישאָנס" קומען אָן פון דיעזער ביוראָ, און אויב דער לענד־לאָרד וויל קריגען אביסעל מעהר צייט, אָדער ער וויל זיך ענט־שולדיגען פאר דעם „וויאָליישאָן", דארף ער שרייבען צו דיע־זער ביוראָ.

דיא וויכטיגסטע ארבייט פון דעם דעפּארטמענט טהוען די נעקסטע צוויי ביוראָס: דיא ניו בילדינג ביוראָ און דיא אָלד־בילדינג ביוראָ. דיא ניו בילדינג ביוראָ גיט אַכטונג, דאָס אַלע נייע טענעמענט הייזער זאָלען געבויט ווערען נאָך'ן געזעץ נאָך. איידער א לענדלאָרד פאנגט אָן צו בויען א הויז, מוז ער אַלע זיינע פּלענער פון דער הויז פארלעגען פאר דיעזער ביוראָ. ער מוז בעווייזען, וויא גרויס יעדער צימער וועט זיין, וואו דיא פייער עסקייפּס וועלען זיין, וויפיעל ווינדאָוס יעדער צימער וועט האָבען, וואו דיא סינקס און דיא טאָילעטס וועלען זיין געבויט און זאָ ווייטער און ווייטער. אויב די פּלענער שטימען מיט דיא פאָדערונג פון געזעץ, קריגט ער א פּערמיט דיא הויז צו בויען. דיא ביוראָ בענוגענט זיך אָבער ניט מיט זעהן דיא פּלענער. דיא גאנצע צייט וואס דיא הויז ווערט געבויט, האלט זיא אויף איהר אָן אויג, אָן אינספּעקטאָר בעזוכט איהר פון צייט צו צייט, און זעהט, צי די פּלענער ווערען ריכטיג אויסגעפאָלגט. ווען דיא הויז ווערט אין גאנצען פערטיג, טאָר דער לענדלאָרד איהר ניט עפּענען ביז וואנען דיא ביוראָ בעקוקט אין איהר יע־

דע זאך און געפינט אז אלעס איז אללרייט. אויב דער לענד־לארד לאזט אריין א טענענט איידער ער בעקומט דעם לעצטען פערמיט פון דער ביורא, מעג דער טענענט וואהנען אהן רענט. דיא ביורא קען אויך דאן הייסען דעם וואסער דעפארטמענט, ער זאל דער הויז קיין וואסער ניט געבען.

דיא אלד האוז ביורא גיט אכטונג אויף אלטע הייזער. זיא האט א גרויסע צאהל אינספעקטארס, וועלכע בעזוכען פון צייט צו צייט יעדע טענעמענט־הויז און בעקוקען איהר, צי זיא ווערט געהאלטען ריין. צו דיא פייער עסקייפס זיינען ניט צובראכען, צו דיא טרעפ זיינען גאנץ, צו עס ווערען ארויסגעשטעלט גענוג באררעלס פאר דיא מיסט, צו דיא טענענטס קריגען גענוג וואסער און זא ווייטער. יעדער אינספעקטאר האט זיין דיסטריקט, און ער מוז אכטונג געבען אויף אלע הייזער, וואס געפינען זיך דארטען. דער געזעץ איז, דאס אזוינע הייזער, וואו דיא רענט איז קנאפער וויא 21 דאלאר א מאנאט, מוזען בעזוכט ווערען פון אן אינספעקטאר, צום וועניגסטענס איין מאל א מאנאט. הייזער, וואו דיא רענט איז טהייערער, דארפען ניט בעזוכט ווערען אזוי אפט. ווען עס קומט אן א קלאגע ועגען א געוויסע הויז, ווערט אן אינספעקטאר געשיקט זאפארט. דיא ביורא שיקט אויך אפטע אינספעקטארס אין הייזער, וועלכע זיינען שטארק פערנאכלעסיגט, און אין וועלכע געוויסע „וויאלייִשאנס" מוזען ניט דערלאזען ווערען.

עס פאסירט זעהר זעלטען, אז א לענדלארד זאל ניט פאלגען אן ארדער פון טענעמענט האוז דעפארטמענט. אבער דיא וואס פאלגען ניט, ווערען ארעסטירט און דער געזעץ איז גאנץ שטרענג מיט זיי. זיי ווערען געווהנליך בעשטראפט מיט מעהר געלד ווי דער פאלגען דעם ארדער וואלט זיי געקאסט; און דיא שטראף בעפרייט זיי ניט פון דעם ארדער. זיי קריעגען אביסעל מעהר צייט, און אויב זיי פאלגען אלץ ניט, ווערען זיי ווידער ארעסטירט, און דיא צווייטע שטראף איז א פיעל שווערערע וויא דיא ערשטע.

אין דיעזע צוויי ביוראָס איז דיא מעגליכקייט פאַר קאָר־רופּציאָן, פאר גרעפּט זעהר שטאַרק. דיא אינספּעקטאָרס זע־העו זיך מיט דיא לענדלאָרדס אליין, און פאר לענדלאָרדס לוינט זיך אָפּט אונטערצושמירען דיעזע לייט מיט א פּאָר דאָלאר, זיי זאָלען ניט דערזעהן געוויסע זאכען. דער געזעץ איז דארום זעהר שטרענג מיט אינספּעקטאָרס, וואס נעהמען כאבאר. זיי קענען בעשטראפט ווערען מיט א יאָהר פּריזאָן אדער מיט פינף הונדערט דאָלאר קעש. זיי פערליערען אויך זייערע דזשאבס און קענען שוין קיין מאָל ניט צוריק אַזעלכעס בעקומען.

דיא פערטע ביוראָ פון דיעזען דעפּארטמענט איז אויך זעהר א וויכטיגע. זיא הייסט, דיא ביוראָ אוו רעקאָרדס. זיא האַלט דעם רעקאָרד, דיא „בעשרייבונג פון דיא היסטאָריע“ פון יעדע טענעמענט הויז. דאָרטען, איז, צום ביישפּיעל, בע־שריעבען, וויפיעל מענשען עס זיינען אין דער הויז געשטאָרבען אין פערלויף פון יעדען יאָהר. פון וואס פאר א קראנקהייטען די טענענטס האָבען דאָרטען געליטען. איבערהויפּט פון וואס פאר אן אַנשטעקענדע קראַנקהייטען. יעדע דיספּענסערי און האָספּיטאָל פון שטאָדט מוז יעדע וואָך אריינשיקען א רעפּאָרט אין טענעמענט האוז דעפּארטמענט וועגען דיא חולאת׳ן אין דיא טענעמענט־הייזער. דיא פּאָליציי דאַרף אויך רעפּאָרטען אין דיעזע ביוראָ וועגען דיא אַרעסטען וואָס זיא מאַכט יעדע וואָך אין דיא טענעמענט הייזער. דער טענעמענט האוז דע־פּארטמענט ווייסט דארום וואס פּאר א מענשען עס וואָהנען אין יעדע הויז און וואס פאר א קראנקהייטען דארטען קומען פּאָר אם מייסטענס.

דיזע רעקאָרדס ברענגען אפּט פּראקטישע נוצען. זעהר אָפּט זיינען שלעכטע טאָילעטס אדער שלעכטע סינקס שולדיג פּאר געוויסע אנשטעקנדע קראנקהייטען. ווען דער דעפּארט־מענט געפינט אויס, אז א געוויסע הויז האָט צופיעל קראנקהיי־טען פעללע, שיקט זיא איהרע אינספּעקטאָרס אויסצוגעפינען דיא אורזאכען: צו אונטערזוכען דיא סינקס און דיא טאָילעטס. עס פּאסירט אויך, דאָס אויב א הויז נעהמט צו צופיעל קרבנות

א יאהר, בעפעהלט דער דעפארטמענט זיא זאל אין גאנצען אראפגעריסען ווערען. אט, צום ביישפיעל, האט דער דעפארטמענט „פערארורטהיילט" א גאנצען בלאק הייזער, וואו עס פלעגען יעדען יאהר א געוויסע צאהל מענשען קראנק ווערען אויף קאנסאמפשאן. דיא ווענד און דיא פלאארס פון דיא רומס זיינען דארטען וואהרשיינליך געווען אנגעזאפט מיט שווינדזוכטס - באציללען, און דיא שוואכערע טענענטס פלעגען אנגעגריפען ווערען פון דער קרענק.

איידער דער טענעמענט האוז דעפארטמענט איז ארגאניזירט געווארען האט ניו יארק געהאט גאנצע סטריטען אין די רעכטע טענעמענט הויז קווארטאלען, וואו עס פלעגען וואהנען פראסטיטוטקעס. אויף עללען סטריט, צום ביישפיעל, איז יעדער סטופ געווען דיא היים פון אן אונאנשטענדיגע ביזנעס. דיא פאליציי, וועלכע האט דאן געהאט דיא טענעמענט הייזער אונטער איהר קאנטראלע, האט ביי דיעזע פרויען גענומען כאבאר, און זיי פלעגען גאר ניט זעהען. אין יאהר 1901 האט די לעדזשיסלייטשור צוזאמען מיט דעם ביל צו גרינדען א נייעם דעפארטמענט, דורכגעפיהרט צוויי וויכטיגע געזעצע וועגען פראסטיטוציאן אין דיא טענעמענט הייזער. דער ערשטער געזעץ זאגט, דאס א לענדלארד, וועלכער מאכט ניט צו מופען אן אונאנשטענדיגען פלאץ פון זיין הויז אין פינף טעג צייט, נאכדעם וויא דער טענעמענט האוז דעפארטמענט בעפעהלט איהם דאס צו טהאן, זאל בעשטראפט ווערען מיט טויזענד דאלאר. דער צווייטער געזעץ איז, דאס א פראסטיטוטקע, וועלכע פיהרט איהרע געשעפטען אין א טענעמענט האוז, זאל פערשיקט ווערען אויף זעקס מאנאטען איבער'ן וואסער.

מיט דעם וואפען פון דיעזע צוויי געזעצע איז עס דעם דעפארטמענט געלונגען צו פערטרייבען דיא פראסטיטוטקעס פון דיא טענעמענט הייזער אין גאר א קורצער צייט.

ווען דער דעפארטמענט האט זיך ארגאניזירט, האבען פיעלע מורא געהאט, אז ס'וועט זיך אויסלאזען מיט גאר ניט. די טענעמענט הויז אויפזיכט איז אימער געווען אזוי שוואך, דיא

לענדלאָרדס זיינען געווען אזא געוואלדיגע מאכט אין פּאָליטיקס און דיא אינספּעקטאָרס זיינען געווען אזוי שרעקליך קאָרופּט, דאָס קיינעם האָט זיך ניט געגלויבט, אז עס וועט ווען עס איז געלינגען עפּעס אויפצוטהאָן. דער ערשטער קאָמישאָנער איז אָבער געווען אַן ערנסטער איבערגעגעבענער און העכסט עהר־ליכער מענש. ער האט זיך צו דער ארבייט גענומען מיט גרויס ענערגיע און מיט א סך ענטהוזיאזמוס, און האָט אלעמען אי־בערראשט מיט זיינע רעזולטאטען. דעם ערשטען גוטען שריט זיינעם האָט ער געמאכט מיט דעם, וואס ער האָט ענטזאגט אלע אינספּעקטאָרס און אָנגעשטעלט נייע. דיא נייע מענשען האָט ער געקראגען דורך סיוויל סוירוויס עקזאמינייישאָנס, און פיעלע יונגע לייט, וועלכע האָבען געענדיגט קאללעדזש, האָבען דיא שטעלעס בעקומען. דער אָנפאנג איז געווען א גוטער. ווען דער ערשטער קאָמישאָנער האָט רעזיגנירט, איז דער דעפּארט־מענט פיעל ערגער געוואָרען.

דער דעפּארטמענט בעשעפטיגט איצטער ארום פינף הונ־דערט אינספּעקטאָרס, און דיא עקספּענסעס זייערע זיינען נאָ־הענט צו א מיליאָן דאָלאר א יאָהר.

---

## קאַפּיטעל 41.

## דעפּאַרטמענט אָוו דאָקס ענד פּעררים.

דיא ברעגען פון דיא טייכען, וואס רינגלען ארום ניו יאָרק האבען פון דיא סאַמע פריהעסטע צייטען בעלאַנגט צו קהל, צו דער שטאָדט־רעגיערונג. ביז מיט א יאהר פערציג צוריק האט אבער דיא רעגיערונג ניט פערשטאַנען דיא וויכטיגקייט פון דיעזע ברעגעס פאר דער ענטוויקלונג פון דעם האַנדעל, פון דעם פערקעהר צווישען דיא ארומיגע אינזלען. איהר פאליסי איז דאָן געווען צו פערקויפען דיא לאַנד לעבען דיא טייכען; און פּריוואַט קאָמפּאַניעס האבען דאָרטען אויפגעבויט דאָקס און פּעררים און פון זיי געמאכט מיליאָנען.

אין 1870 האט דיא רעגיערונג זיך געכאפּט, אז זיא האט געמאכט א מיסטייק. פון דאן אן האט זיא איהר פּאליסי געענדערט. ניט נאר האט זיא געסטאפּט צו פערקויפען דיא לאנד ארום דיא ברעגען, וועלכע זיא האט נאך געהאט; זיא האט אויך גענומען אויסקויפען דיא פערקויפטע ברעגעס און האט אליין גענומען בויען דאקס און פּיערס. דאן איז דאס גע־גרינדעט געווארען דער „דאקס און פעררים דעפּארטמענט“. אין דיא 40 יאהר פון זיין עקזיסטענץ האט דיזער דעפּארט־מענט אויסגעגעבען נאהענט צו הונדערט מיליאן דאלאר אויף צוריק אבצוקויפען דיא ברעגעס און דיא פעררים און אויף בויען דאקס און ענטוויקלען דיא ברעגען אין אלגעמיין.

איצט איז דיא שטאדט צוריק דיא בעל הבית'טע אויף דיא ברעגען פון דיא טייכען. א טהייל דערפון בענוצט זיא פאר איהרע אייגענע צוועקען. זיא דארף, צום ביישפּיעל, דאקס פאר ארא פּלייגען דיא מיסט, א פּלאץ פאר זומער־בעדער, פּלאץ פאר ריקריאיישאן פּיערס און זא ווייטער. דיא לעצטע צייט האט דיא שטאדט אויך אפּגעקויפט איינינגע פעררים און זיא ברויכט דאקס פאר דיא שיפען. זיא האט אויך פייער־שיפלאך און פייער־סטיישאנס ארום דיא ברעגען. אבער דאס אלעס פערנעהמט גאר א קליינע טהייל פון דיא צעהנדליגע מיילען ארום דיא טייכען. דיא מעהרסטע דאקס ווערען גע־ברויכט פאר האנדעל. דיא גרעסטע ריילראוד קאמפּאניעס ברייננען אהין אריין דיא פראכט פון אלע טהיילען פון לאנד. ביי דיא האפענס געפינען זיך הונדערטע פעקטארים, וועלכע שיקען פון דארטען ארוים זייער וואארע. הייגט ווערען אין דיא דאקס געבויט שיפען און פראכט וואגאנען. אהן דיא דאקס וואלט אונמעגליך געווען אנצופיהרען דיא ביזנעס אין ניו יארק איין טאג.

דיזע פּריוואט קאמפּאניעס, דיא ריילראודס, דיא מאנו־פעקטשורערס, דיא שיף איינענטהימער און זא ווייטער, קענען איצט ניט, וויא אמאל, דיא דאקס אפּקויפען. זיי קענען זיי בלויז רענטען אדער נעהמען אויף ליעס. דיזע דאקס טראגען

אריין דער שטאָדט איבער דריי און א האַלב מיליאָן דאלאר א יאהר.

דער דעפּארטמענט ווערט געפיהרט פון א קאָמישיאָנער, וועמען דער מעיאָר אפּאָינטעט מיט א געהאַלט פון $7500 א יאהר. ער אפּאָינטעט א דעפּיוטי קאָמישיאָנער און דיא סעק־רעטערע פאר זיין אייגענעם אָפיס. ער אפּאָינטעט אויך דיא צוויי טויזענד מענשען, וואס ווערען אין זיין דעפּארטמענט בעשעפטיגט.

דיא פליכטען און אויפגאַבען פון דיעזען קאָמישיאָנער זיי־נען אי א סך אי פון דער העכסטער וויכטיגקייט. איבער דיא דאָקס, פּעררים און ברעגען, וואס געהערען צו דער שטאָדט האט ער פאָלקאָמע קאָנטראָל; און איבער דיא דאָקס, וועלכע בעלאַנגען נאָך צו פּריוואט קאָמפּאַניעס, האט ער אויך א היבשע דעה. ווען ער דענקט, אז א געוויסער פּריוואט האַפען דאַרף בעסער געהערען צו דער שטאָדט, קען ער דיא אייגענטהי־מער צווינגען זיי זאָלען איהם פערקויפען.

דיא פּעררים וואס בעלאַנגען צו דער שטאָדט קענען דורך דעם דאָק קאָמישיאָנער פּעררענט ווערען צו א פּריוואט קאָמ־פּאַניע אויף ניט לייגגער וויא 2 יאהר. ער מוז אבער דארויף קריגען ערלויבניס פון דער סינקינג פאָנד קאָמישאַן און מוז מאַכען אַן אָפענעם אָקשאַן אדער אַדווערטייזען אין דיא ציי־טונגען, דאס דער יעניגער וואס וועט געבען דעם העכסטען פּרייז וועט דיא פּעררי בעקומען. דיא פּונקטען פון דעם ליעס מוזען גוט־געהייסען ווערען פון דער זעלבער „סינקינג פאָנד קאָמישאַן".

דאָקס קען ער ניט פערליעסען אויף לייגגער וויא צעהן יאהר. דיעזע ליעסעס מוזען אויך געגעבען ווערען אין אַן אָפּען אָקשאַן. און דיא ליעסעס קענען בלויז געמאַכט ווערען סיידען דיא סינקינג פאָנד קאָמישאַן גיט דעם קאָמישיאָנער ערלויבניס אנצונעהמען דיא קאָנדישאַנס פון א געוויסע איינצעלנע קאָמפּאַניע.

אויסער דעם דארף דער קאמישיאנער זעהן, אז דיא דאקס זאלען זיין אין גוטען ארדנונג. ער קען אויך בויען נייע דאקס ווען ער געפינט עס פאר נויטיג און קען מאכען רולס צו רעגולירען דיא אלע פערליעסטע דאקס.

דער טשארטער פערזאגט איהם, דאס אויב א באראה־פרעזידענט בעט ביי איהם פלאץ איינצופיקסען זומער־בעדער אין א טייך, מוז ער איהם דעם פלאץ געבען. ער מוז אויך בעזארגען דעם סטריט קלינינג דעפארטמענט מיט דאקס אב־צולייגען דיא שמוץ. דיא באארד אוו העלטה קען פון איהם פאדערען ער זאל בויען רעקריאיישאן פיערס און זאל איהר גע־בען פלאטץ ביים ברעג טייך פאר געוויסע האספיטאל ארבייט.

אין דיא לעצטע עטליכע יאהר האט דיא שטאדט אפגע־קויפט אייגענע פעררים, וועלכע לויפען איצט אונטער איהר בעל־הבית'ישקייט. אין 1905 האט זיא איבערגענומען דיא סטעטען איילענד פעררי, מיט א יאהר שפעטער האט זיא אפ־געקויפט דיא סאוטה ברוקלין פעררי. ביז איצט האט דיא שטאדט צו זיי יעדען יאהר צוגעלייגט נאהענט צו דריי פערטעל מילליאן דאלאר.

דיא נייע בריקען און דיא טונעלען אונטער דעם האדסאן ריווער האבען רואינירט דיא ביזנעס פון דיא פעררים. מאנכע פון זיי האבען באנקראטירט אין גאנצען. אנדערע האלטען אין אונטערגעהן. מאנכע בירגער זיינען מיט דער מיינונג, אז דיא שטאדט דארף דיא אלע פעררים אפקויפען און זעהן זיי זאלען לויפען ווען זאגאר זיא וועט צו זיי צולייגען א סך געלד. זיי גלויבען, אז דיא ביסעל מענשען, וועלכע וועלען זיך מיט זיי בענוצען, וועלען דערפון זעהר פיעל געניסען, ווייל א רייזע אויף א שיפעל יעדען טאג, ווויא קורץ זיא זאל ניט זיין, איז אי געזונד, אי אנגענעהם, פיעל גרינגער און אנגע־נעהמער וויא צו פאהרען אין דיא טונעלען אדער זאגאר אין א פערשטיקטע קאר איבער א בריק. דער טשארטער גיט דעם קאמישיאנער ספעציעלע ערלויבנים אבצוקויפען דיזע פעררים, אפילו דיא עטליכע, וואס האבען אויפגעגעבען ביזנעס. דיא

שטאָדט פערמאָגט איצט ארום און ארום 38 פערדים. צוויי אָפּערירט זיא אליין און 36 זיינען פערליעסט צו פּריוואט־קאָמפּאַניעס.

---

## קאַפּיטעל 42.

### דער ברידזש דעפּאַרטמענט.

עס איז אונגעוועהנליך פאַר א שטאָדט צו האָבען א ספּעציעלען ברידזש דעפּאַרטמענט. ניו יאָרק האט עס אויך ניט געהאט ביז דעם יאהר 1898. ווען איהר בעפעלקערונג איז אבער געוואקסען אין דיא מיליאָנען און דיא מענשען האבען זיך גענומען פערשפּרייטען איבער דיא גרענעצען פון דעם קליינעם מאַנהעטען אינזעל, איז דיא „בריקען פראַגע“ געוואָרען אזוי וויכטיג, אַז א בעזונדער דעפּארטמענט אין דער שטאָדט־פערוואלטונג איז בעשאפען געוואָרען. און דיעזער דעפּאַרט־מענט ווערט איצט בעטראַכט אלס איינער פון דיא נויטיגסטע.

ווען איהר וועט בעטראַכטען דיא לאַנד קארטע פון ניו יאָרק וועט איהר זעהן, אַז זיא איז דורכגעשניטען פון טייכען. דער צענטראַלער פּונקט פון דער שטאָדט, דיא הארץ פון דער שטאָדט איז דער מענהעטען אינזעל. ער איז אבער קליין און שמאָל. פון ברוקלין איז ער אפּגעטהיילט דורך דעם איסט ריווער, פון דיא בראנקס דורך דעם הארלעם ריווער, פון סטע־טען איילענד דורך דעם גרויסען ניו יאָרק בעי, און פון דיא קליינע שטעדט אין לאָנג איילענד אויך דורך דעם איסט ריווער.

אָהן דיא בריקען וואָלט עס אונמעגליך געווען פאַר ניו־יאָרק צו ווערען אזוי גרויס און צו פערנעהמען אזא וויכטיגען פּלאַץ אין דעם האנדעל און אין דיא אינדוסטריען פון לאַנד. דער קליינער מענהעטען אינזעל וואָלט מעהר וויא א העלפט פון דער איצטיגער בעפעלקערונג פון גרייטער ניו יאָרק ניט ארויפ־נעהמען. איצט קומען מיליאָנען מענשען יעדען טאָג אין מענ־

העטטען בלויז פאר ביזנעס און אויך פאר ארבייט. וואהנען וואהנען זיי אין דיא אנדערע טהיילען פון שטאדט, וועלכע זיינען בעהעפט מיט מענהעטען דורך בריקען. מאנכע זאגען נביאות, אז עס וועט קומען א צייט ווען גאנץ מענהעטען וועט געברויכט ווערען בלויז פאר ביזנעס־צוועקען, און אז קיין וואהנונגען וועלען דארט גאר ניט זיין. ווען דיא אלע מענשען, וואס טהוען ביזנעס און ארבייטען אין מענהעטען, וואלטען דארטען אויך געמוזט וואהנען, וואלט דער וואוקס איהרער זיך אפגעשטעלט מיט יאהרען צוריק.

ארום און ארום האט ניו יארק איצט איבער פופציג ברי־קען, וועלכע שטעהען אונטער דער אויפזיכט פון ברידזש דע־פארטמענט. דיא וויכטיגסטע פון זיי אלע זיינען נאטירליך דיא פיער הייננג־בריגען איבער דעם איסט ריווער.

דער ערשטער בריק איבער דעם איסט ריווער איז פאר־טיג געווארען אין דעם יאהר 1883. דאס איז דער ברוקלין ברידזש. איהם אויפצובויען האט געדויערט דרייצעהן יאהר און ער האט אפגעקאסט דיא צוויי שטעדט, ניו יארק און ברוקלין (דאמאלס זיינען זיי נאך ניט געווען פעראייניגט), איבער צוויי און צוואנציג און א האלב מיליאן דאלאר. פון אנפאנג איז דיעזער בריק געשטאנען אונטער דער קאנטראל פון א קאמישאן, אפאינטעט פוןביידע שטעדט. דיא ערשטע 14 יאהר האט דיא שטאדט אליין געהאט א קאר ליין איבער׳ן בריק. פון דיעזע קארס און פון אבצאהלונגען, וואס זיא פלעגט נעהמען פון איבערפאהרענדע עקספרעסען האט זיא אין דיא 14 יאהר איינגענומען ארום 16 מיליאן און 900 טויזענד דאלאר. דיא עקספענסעס פאר דיעזער צייט זיינען אבער געווען איבער 17 און א האלב מיליאן דאלאר.

אין 1898 האט דיא שטאדט ערלויבט דיא עלעווייטעד־ליינס פון ברוקלין אריבערצופיהרען זייערע טריינס איבער׳ן בריק. דיא קאמפאניעס האבען, נאטירליך, פאר דיעזער ער־לויבניס געצאהלט א געוויסע רענט. שפעטער אביסעל זיינען

געלייגט געוואָרען טרעקס פאר דיא ברוקלינער קארס אריבער-צופאָהרען דעם בריק.

איצט צאָהלט יעדע קאר פינף סענט פאר אריבערפאָהרען דעם בריק הין און צוריק. דיא שטאָדט בעקומט אויך רענט פון דיא עלעווייטעד טריינס. פון דעםטוועגען לייגט זיא צו צו דיעזען בריק שעהנע עטליכע טויזענד דאָלאר יעדען יאָהר. דיא קאר קאָמפּאַניעס און דיא טריין קאָמפּאַניעס, וועלכע בענוצען זיך מיט דעם בריק, מאכען מיליאָנען פון דער שטאָדט, וואס האט דעם בריק געבויט, און צאָהלט נאָך איצט פּראָצענט פאר דיא געלד, וואס זיא האט אין איהם אינוועסטעט. זיא לייגט צו איהם צו!

דער צווייטער בריק איבער'ן איסט ריווער, דער וויליאמס-בורג ברידזש, איז פארטיג געוואָרען אין 1903. געקאָסט האט ער איבער 23 און א פערטעל מילליאָן. ער איז פיעל לייגגער און פיעל ברייטער פאר'ן ברוקלין ברידזש. אויף איהם ליעגען פיעל קאר ליינס און צוויי עלעווייטעד ליינס. זיין לייגג איז 7200 פוס און זיין ברייט 118 פוס. דער ברוקלין ברידזש האלט בלויז 6500 פוס דיא לייגג און 85 פוס דיא ברייט. אויסהאל-טען איהם אבער קאָסט וויינינגער וויא דעם ברוקלין ברידזש— אן ערך פון 270 טויזענד דאלאר א יאהר. זיין איינגאהמע פון קארס און טריינס איז כמעט דיא זעלבע סומע. דיא ביידע בריקען זיינען אין מיטען 135 פוס איבער'ן וואסער.

דער דריטער בריק, קווינסבאָראָה ברידזש, איז פארטיג געוואָרען אין 1909. ער איז נאָך לייגגער פאר דעם וויליאמס-בורג ברידזש — 7636 פוס. דערפאר אבער ווערט ער אין מיטען אונטערגעשפּארט פון זיילען, ווייל ער ציהט זיך ארי-בער איבער דעם בלעקוועלס איילענד, וועלכער איז דאָרטען גראדע אין מיטען איסט ריווער. געקאָסט האט ער בלויז 17 מיליאָן און אכט הונדערט טויזענד דאלאר.

דער פערטער און לעצטער ברידזש איז פארטיג גע-וואָרען אין לעצטען מאָנאט פון 1909. דאס איז דער מענ-העטען ברידזש, וועלכער ליעגט גאר ניט ווייט פון ברוקלין

ברידזש. איהם צו בויען האט מען געמוזט אנקויפען א סך זעהר ווערטהפאָלע לאנד, און דארום האט ער געקאָסט נאָהענט פון 28 מיליאָן דאלאר. ער ווערט פעררעכענט פאר דעם בעסטען און שעהנסטען צווישען דיא אָלע פיער בריקען.

דיא בריקען איבער דעם הארלעם ריווער און איבער דעם בראנקס ריווער זיינען וויא מילבען אין פערגלייך מיט דיעזע העננג־בריקען. דער גרעסטער פון זיי ווערט איצט געבויט איבער דעם ספייטען דייוויל קריק. ער וועט קאָסטען אן ערך דריי מיליאָן דאלאר.

דיעזע אָלע גרויסע און קליינע בריקען שטעהען אלזא אונטער דער אויפזיכט פון ברידזש דעפארטמענט. אויף דער שפיצע פון דיעזען דעפארטמענט איז א קאָמישיאָנער, וועלכער ווערט אפאינטעט פון מעיאָר און בעקומט אלס געהאלט 7500 דאלאר א יאהר. זיין אויפגאבע איז ניט בלויז אכטונג צו געבען אויף דיא עקזיסטירענדע בריקען. ער דארף אויך האלטען אן אויג אויף דעם וואוקס פון דער בעפעלקערונג און זעהן צי עס איז ניט נויטיג אויפצובויען נייע בריקען אין געוויסע געגענדען, אום צו געבען דער בעפעלקערונג א געלעגענהייט זיך צו פערשפרייטען אין דיא גרעסערע טהיילען פון שטאדט. נאטירליך, ער אליין קען אזוינע בריקען ניט בויען, ער קען אבער דאס רעקאָמענדירען צום מעיאָר און צו דיא באארד אָוו אָלדערמען, און זיי קענען נעהמען דיא נויטיגע שריטע.

דיא בריקען קאָסטען אָפּ דער שטאָדט נאָהענט צו א מיליאָן דאלאר א יאהר, טראָץ דעם וואס זיא קאָלעקטעט נאָהענט צו צוויי דריטעל מיליאָן פון דיא קארס און דיא טריינס. צו דיעזער הוצאה דארף מען אויך צורעכענען דיא עטליכע מיליאָן וואס זיא צאָהלט יעדען יאהר אלס פּראָצענט אויף דיא 90 מיליאָן, וואס זיא האט אנגעבאָרגט דיא פערשיעדענע בריקען צו בויען.

## קאַפּיטעל 43.

## דער פּאַרק דעפּאַרטמענט.

ניו יאָרק האט מעהר פּאַרקס וויא אירגענד וועלכע אַנ־דערע שטאָדט אין דיעזען לאַנד. אריינרעכענענדיג דיא אַלע קליינע פּאַרקעלעך, וואס זיינען צוזיים און צושפּרייט איבער אַלע טהיילען פון שטאָדט, גרייכט זייער צאָהל ביז איבער הונ־דערט. דיא ערד אַליין, וואס זיי פערנעהמען, איז אין 1909 ווערטה געווען איבער 500 מיליאָן דאָלאר. איצט איז עס געוויס ווערטה א סך מעהר. היינט ענטהאַלטען זיי צעהנדליגע געביידעס, הונדערטע טויזענדע בוימער און פערשיעדענע פּלאַנצונגען, וואס ווערען אויך געשאַצט אין פיעלע מיליאָנען.

דיעזע אַלע פּאַרקס שטעהען אונטער דער אויפזיכט פון דריי פּאַרק קאָמישיאָנערס, וועלכע ווערען אַפּאָינטעט פון סיטי מעיאָר. זייער געהאַלט איז פינף טויזענד דאָלאר א יאהר. איין קאָמישיאָנער גיט זיך אָפּ מיט דיא פּאַרקס אין מענהעטען און ריטשמאָנד, דער צווייטער מיט דיא פּאַרקס אין דיא בראָנקס, און דער דריטער מיט דיא פּאַרקס אין ברוקלין און אין קווינס. דער ערשטער פון דיא דריי איז דער פּרעזידענט פון דער קאָמישאָן.

דיא מעהרסטע צייט גיט יעדער קאָמישיאָנער אָפּ פאַר זיין אייגענע אַפּטהיילונג. ער דאַרף אַכטונג געבען, דאָס זיינע פּאַרקס זאָלען ברייננגען דיא גרעסטע נוצען פאַר דאָס פּאָלק, אַז זיי זאָלען געהאַלטען ווערען ריין און שעהן, אַז זיי זאָלען האָבען בענק, שפּאַציער־פּלעצער, מוזיק און זאָ ווייטער.

דיא דריי לייטע פון דער פּאַרק־קאָמישאָן האַלטען אָפּ אָפּט מיטינגען און ארבייטען אויס רולס וועגען דיא פּאַרקס, וויא דיא בעזוכער זאָלען זיך דאָרטען מוזען אויפפיהרען, דיא שטונדען ווען געוויסע פּאַרקס זאָלען זיין אָפען, וואס פאַר א שטראָף מען זאָל געבען דעם פערלעצער פון דיא רולס און דאָס גלייך־

כען. נאַטירליך, זייער אפּשטימונג אַליין איז ניט גענוג. זיי מוזען דיעזע רולס פאָרלייגען פאר דיא באָארד אָוו אָלדערמען, און אויב זיי ווערען דאָרטען אנגענומען, טרעטען זיי אריין אין קראַפט אַלס געזעצע. יעדער קאָמישיאָנער אפּאָינטעט אַלע פּאַרק אנגעשטעלטע נאָך דיא סיוויל סוירוויס לאָא נאָך. אויב ד״א באָארד אָוו עסטימייטס גיט זיי דיא ערלויבניס, מעגען זיי אויך אפּאָינטען א „לענדסקייפּ ארכיטעקט", וועלכער זאָל זיי העלפען מאַכען פּלענער פאר אויסבעסערען און פערשעהנערען דיא פּאַרקס. דיעזער „ארכיטעקט" איז געוועהנליך אַן אַרטיסט, אדער א מענש, וואס איז בעוואוסט פאר זיין ערדלען געשמאַק אין שענקייט.

אויסער דיא דריי קאָמישאנערס האט דיעזער דעפּאַרט־מענט אַן „ארט קאָמישאן", וועלכע בעשטעהט פון דיא פּאָל־גענדע פּערזאָנען: דער מעיאָר, דיא פּרעזידענטען פון דער ניו־יאָרק פּאָבליק לייברערי, פון דער ברוקלין אינסטיטוט אָוו ארט ענד סייענסעס און פון דעם מעטראָפּאַליטען מיוזעאום אָוו אַרט; א מאהלער, א סקולפּטאר, אַן ארכיטעקט און דריי ביר־גער, וועלכע זיינען אַליין ניט קיין קינסטלער. דיא אַלע מעמ־בערס פון דיעזער קאָמישאָן, אויסער דיא ערשטע דריי, נאַ־טירליך, ווערען אפּאָינטעט פון מעיאָר. ער מוז אבער דיא לייטע אויסקלייבען פון א ליסטע, וואס ער בעקומט פון א פערבאַנד פון דיא פּראָמינענטסטע קינסטלער אין לאַנד. קיין בעצאָהלט קריגען דיעזע קאָמישאָנערס ניט. דאָס ווערט בעטראַכט פאר א גרויסע עהרע צו זיין אין דיעזער קאָמישאָן.

דיא אַרט קאָמישאָן האט אַלס איהר אויפגאַבע צו אונ־טערזוכען יעדע קונסטווערק, וואס דיא שטאָדט וויל קויפען און בעשטימען צי זיא איז ווערטה געקויפט צו ווערען, און אויך וואו מען זאָל איהר אוועקשטעלען. ווען א רייכער מאַן וויל שענקען דער שטאָדט א בילד אדער א סטאַטוע, מוז דיא קאָ־מישאָן פריהער זעהן צי דיא מתנה פערדיענט דעם נאָמען קונסטווערק און צי דיא שטאָדט דאַרף איהר נעהמען צי ניט. ווען דזשייקאָב שיף האט געוואָלט אויפבויען דעם פאונטיין

אויף ראָטגערס סקווער האט ער דארויף געמוזט קריגען דיא צושטימונג פון דיעזער קאָמישאָן.

קהל'שע הייזער, בריקען און אנדערע געביידעס, ווערען אויפגעשטעלט הויפטזעכליך פאר פראַקטישע נוצען. פון דעסטוועגען ווערען זיי אויך בעטראַכט אַלס א ציערונג פאר דער שטאָדט, און דיא בעאַמטע מוזען זעהן זיי זאָלען זיין שעהן פאר דער אויג. דעריבער ערקלערט דער טשאַרטער, דאס דיא פּלעַנער פון אַלע אַזוינע געביידעס מוזען גוט־געהייסען ווערען פון דיעזער אַרט קאָמישאָן. אַלס קינסטלער און מבינים אויף שעהנקייט קענען דיעזע לייטע פאראויסזאָגען פון דיא פּלענער וויא דיא געביידעס וועלען אויסזעהן ווען זיי וועלען פאַרטיג זיין און צי זיי וועלען דיא שטאָדט שעהנער מאַכען צי ניט. נאַטירליך, אויב דיא געביידע איז א קליינע און ניט קיין וויכטיגע האט דער מעיאָר אדער דיא באָארד אָוו אָלדערמען דאס רעכט צו בעטען דיא אַרט קאָמישאָן, זיא זאָל די פּלעַנער דורכלאָזען וויא זיי זיינען. אויב דיא געביידע דאַרף אבער קאָסטען א פערטעל מיליאָן דאלאר אדער מעהר, קענען זיי אזא פערלאַנג גאר ניט מאַכען. דיא קאָמישאָן האט עס דאַן אַלס איהר פליכט ניט צו דערלאָזען, אַז דיא שטאָדט זאָל אויסגעבען אַזוי פיעל געלד אָהנע צו פערגרעסערען דורך דעם איהר שעהנקייט.

מיט דיא פּאַרק קאָמישיאָנערס האט דיעזע אַרט קאָמישאָן גארניט צו טהאָן. עס איז אויך ניט גאר ריכטיג צו זאָגען, אַז זיא איז א טהייל פון דעם פּאַרק דעפּאַרטמענט. אבער זיא שטעהט נעהענטער צו דיעזען דעפּאַרטמענט וויא צו אירגענד אנדערען. קונסטווערק ווערען געוועהנליך אַוועקגעשטעלט אין פּאַרקס; אַלע בעריהמטע סטאַטועס וואס דיעזע שטאָדט האט געפינען זיך אין פּאַרקס און אויף קהל'שע סקווערס. דיא קונסט מיוזעאומס זיינען אויך מייסטענס אין דיא פּאַרקס.

איינ־גע אינטערעסאַנטע פאַקטען וועגען דיא גרעסערע פּאַרקס פון שטאָדט וועלען דאָ זיין אם פּלאַץ.

דער גרעסטער פּאַרק אין מענהעטען איז דער סענטראַל

פארק. ער פערנעהמט 84 אקער לאנד און ענטהאלט איבער א האלבען מיליאן בוימער און אן ערך פון צעהן טויזענד סיטס. אין איהם זיינען אויך דא זעקס לייקס און צוויי רעזער־וואארס. דיא צוויי וויכטיגסטע געביידעם דארטען איז דער מע־טראפאליטען מיוזעאום אוו ארט און דער אמעריקאן מיוזעאום אוו נעטשורעל היסטארי.

דער פראספעקט פארק אין ברוקלין ווערט פעררעכענט אלס איינער פון דיא שעהנסטע פארקס אין דער וועלט. ער פערנעהמט 516 אקער.

דיא גרעסטע פארקס פון שטאדט געפינען זיך אין דיא בראנקס. זיי זיינען נאך נייע און ניט גוט אויסגעארבייט. אבער זיי זיינען שוין איצט גענוג שעהן און אנציהענד. דיא וויכטיגסטע דריי פארקס דארטען זיינען: דער בראנקס פארק, וואן קארטלאנד פארק און פעלהעם בעי פארק.

אין 1909 האט דיא שטאדט געספענדעט אויף איהרע פארקס דריי און א פערטעל מיליאן דאלאר. אין דעם איז שוין געוועזן אריינגערעכענט דיא עקספענסעס פאר דיא קהל'שע בעדער, פלעי גראונדס, מיוזעאומס, אקוואריום, באטאנישע גארטענס און בוימער אין די סטריטען.

---

## קאפיטעל 44.

## דעפארטמענט אוו קארעקשאן.

אין ניו יארק ווערען יעדען יאהר טויזענדע מענשען פער־שיקט אין דיא פריזאנס אויף קירצערע אדער לייננגערע טערמי־נען. ווען דער פערברעכער איז שולדיג אין גאר א שווערען פערברעכען, וויא, צום ביישפיעל, מארד אדער א פערזוך אויף מארד, אדער ערשטער גראד רויב, דאן ווערט ער פערשיקט אין סינג־סינג אדער אין אן אנדער פריזאן, וועלכע בעלאנגט צו דער סטייט רעגיערונג. לייכטערע פערברעכער זעצט מען אריין

אין א שטאָדט־פּריזאָן, און אזוינע שטאָדט־פּריזאָנס האט ניו־יאָרק א היבשע ביסעל, ווארום זיא דארף טאַקע א היבשע ביסעל. אין 1907 זיינען אין דיא ניו יאָרקער פּריזאָנס געווען איינגע־שפּארט ניט וויינ־יגער וויא זעכציג טויזענד מענער, פרויען און קינדער.

אכטונג צו געבען אויף דיא אַלע פּריזאָנס און אויף דיא אונגעהויערע גרויסע צאָהל ארעסטאַנטען, איז דאָ דער „דע־פּארטמענט אָוו קאָרעקשאָן". אויף דער שפּיצע פון דיזען דע־פּארטמענט שטעהט א קאָמישיאָנער, וועלכער ווערט אַפּאָינ־טעט פון מעיאָר מיט א געהאַלט פון זיבען טויזענד און פינף הונדערט דאלאר א יאהר.

ארום און ארום האט דיא שטאָדט 10 פּריזאָנס מיט צוויי ברענטשעס. ערשטענס, איז דאָ דיא טומס אויף סענטער סטריט, וואו מען האַלט ארעסטאַנטען בעפאָר דיא טרייעלס און ביז וואַנען מען פיהרט זיי אָפּ אין דעם פּריזאָן, צו וועלכען זיי זיינען פער'משפּט געוואָרען. אויסער דיא טומס זיינען נאָך פאראַן זעקס סיטי פּריזאָנס אין פערשיעדענע טהיילען פון מאנהעטען און דיא בראַנקס. דיא צוויי הויפּט פּריזאָנס זייי־נען אויף בלעקוועלס איילענד. דאס איז דיא פּעניטענטשערי און דיא וואָירק האוז. אויף הארט'ס איילענד געפינט זיך דיא רעפאָרמאַטאָרי פאר יונגע פערברעכער און אויך א ברענטש פון דער וואָירק האוז. א צווייטער ברענטש פון דער וואָירק האוז איז דאָ אויף רייקער'ס איילענד, וואו מען בויט איצט א ריעזי־גען נייעם פּריזאָן.

דער קאָמישיאָנער מוז גוט אַכטונג געבען אויף דיא אַלע פּריזאָנס. אין יעדען פון זיי איז דאָ א סופּעראינטענדענט און א צאָהל וועכטער, וועלכע ווערען אפּאָינטעט פון קאָמישיאָנער. יעדער סופּעראינטענדענט מוז האַלטען א רעקאָרד פון יעדען פּריזאָנער וויא ער פיהרט זיך אויף און וואס פאר א מידות ער בעזיצט. דער רעקאָרד ווערט אפּגעשיקט צום קאָמישיאָ־נער און ווערט דאָרטען געהאַלטען אויף שטענדיג. אין פאַל א בעפרייטער ארעסטאַנט ווערט נאָך אמאָל ארעסטירט, קען

דיא פּאָליציי פון דיעזע רעקאָרדס זעהר פיעל לערנען וועגען איהם, און דער דזשאַדזש קען אויך גרינגער בעשטימען וואס פאר א שטראף דיעזער מאַן פערדיענט.

אין וואירקהויז פערשיקט מען גאר קליינע פערברעכער, וויא, צום ביישפּיעל, שיכורים, פּראָסטיטוטקעס און דאס גלייכען. דיא ערנסטערע פערברעכער זעצט מען אריין אין דער פּעניטענטשערי. נאָכ'ן געזעץ נאָך מוזען דיא פּריזאָנערס זאָגאר דאָרטען בעהאנדעלט ווערען מענשליך. זיי דארפען ארבייטען אין דיא פערשיעדענע שעפּער אדער ביי דיא פערשיעדענע בילדינגס, וואס געפינען זיך דאָרטען. שלאָגען טאָר מען זיי ניט. אויב איינער פאָלגט ניט דיא רולס פון פּריזאָן אדער ער טהוט אָפּ אן עולה געגען א צווייטען פּריזאָנער, אדער געגען א וועכטער, קען איהם דער סופּרעאינטענדענט בלויז בעשטראפען מיט „סאָליטארי קאָנפיינמענט“, דאס הייסט, מען שפּארט איהם איין אין א בעזונדערען סעלל און מען גיט איהם בלויז ברויט מיט וואסער. כל זמן ער זיצט אבער אין דיעזען איינזאמען חדר מוז מען אויף איהם ספּעציעל אכטונג געבען. דער פּריזאָן דאקטאר מוז איהם יעדען טאָג בעזוכען און זעהן, צי ווירקט אויף איהם ניט דיא שטראף צו שטארק. אמאָל קען דער שלעכטער, האלב־פינסטערער צימער, דער גראָבער עסען און דיא אומעטיגקייט דעם פּריזאָנער קראנק מאכען אדער משוגע מאכען. ווען דער דאקטאר זעהט, אז דער פּריזאָנער איז צו שוואך פאר דער שטראף, דארף ער הייסען מען זאָל איהם ארויסלאָזען.

ווען אן ארעסטאנט ענדיגט זיין טערמין און דארף ארויסגעהן, גיט מען איהם א נייעם סוט און אן אָווערקאָוט, וואס זיינען ווערטה 18 דאלאר. א פרוי קריעגט א דרעס און א העט. דערצו בעקומט ער אויך פינף דאלאר אין קעש, ער זאָל האבען מיט וואס איבערצוקומען ביז וואנען ער וועט זיך צו עפּעס צושלאָגען.

אין דער רעפאָרמאטאָרי אויף הארט'ס איילענד פערשיקט

מען יונגע פערברעכער צווישען 16 און 30 יאהר. דאָרטען בעהאַנדעלט מען דיא פּריזאָנערס פיעל בעסער וויא אין א גע־וועהנליכען פּריזאָן. דיא צימערען, דער עסען און דער לעבען אין אַלגעמיין איז דאָרטען פיעל בעסער. דיא ארעסטאַנטען געהען א האַלבען טאָג אין סקוהל. דעם אַנדערען האַלבען טאָג ארבייטען זיי. פאַר דיא, וואס קענען ניט קיין טרייד איז דאָרטען פאַראַן א טרייד־סקוהל, וואו מען קען זיך אויסלערנען צו זיין א שניידער, א שוסטער, א וועבער, א פיינטער און זאָ ווייטער. דיא יונגע באָיעס לערנט מען אויך קארפּענטריי און מען גיט זיי לעסאָנס אין קערפּערליכע איבונגען.

דיעזער העכסט וויכטיגער אינסטיטושאַן ווערט קאָנטראָ־לירט פון א ספּעשעל באָארד אָוו פּאַראָל, וועלכע ווערט אַפּאָינ־טעט פון מעיאָר. דער קאָמישיאָנער שטעהט אָן דער שפּיצע פון דיעזער באָארד. דיא פּריזאָנערס, וואס ווערען אהין פער־שיקט, קריגען קיין מאָל ניט קיין בעשטימטען טערמין פון דזשאָדזש. דיא באָארד זעהט פון דער אויפפיהרונג פון דיא ארעסטאַנטען אין דיא פערשיעדענע פּריזאָנס, וויא לאַנג עס איז נויטיג זיי דאָרטען צו האַלטען. מאַנכע לאָזט זיא ארויס שנעל, אַנדערע האַלט זיא לענגער.

דיא אויבערשטע בעשרייבונג וועגען דיא פּריזאָנס איז א טהעאָרעטישע. דער געזעץ פאָדערט, אַז אַזוי זאָלען זיי גע־פיהרט ווערען. אין דער ווירקליכקייט אבער ווערען דיא פּרי־זאָנערס ניט בעהאַנדעלט אַזוי מענשליך. מען טאָר זיי טאַקע ניט שלאָגען, אבער מען שלאָגט גענוג. דיא געשיכטען וואס דיא בעפרייטע פּריזאָנערס דערצעהלען זיך אָן זיינען שוידער־ליך. עס ווענדט זיך, נאַטירליך, אָן דעם סופּעראינטענדענט, אויב ער איז א גוטער מענש, איז דיא פּריזאָנערס גוט; אַזא מזל האבען אבער די ארעסטאַנטען, אז די סופּעראינטענדענטס איבער זיי זיינען כמעט שטענדיג מענשען מיט הענקערשע נאַטורען. אויב זיי זיינען דאס ניט בעפאָר, ווערען זיי אַזעלכע נאָך א שטיקעל צייט.

דיא רעפאָרמאַטאָרי פאַר דיא יונגע פערברעכער איז אויך

ניט אזא גן־עדן ווי דיא טהעארעטיקער מאהלען אפ. דער פאקט איז, דאס זעהר א קליינע צאהל פון דיא בעפרייטע ארעס־טאנטען ווערען ווירקליך רעפארמירט. דיא מעהרסטע פון זיי פערבלייבען דערנאך דיא זעלבע פערברעכער וויא בשעת מען האט זיי פערשיקט, און א היבשע צאהל ווערען נאך ערגער. דיא רעפארמאטארי האט אויף זיי א פערקעהרטע ווירקונג.

## קאפיטעל 45.

### דער טעקס דעפארטמענט.

דיא שטאדט־פערוואלטונג פון ניו יארק קאסט אפ מעהר וויא 160 מיליאן דאלאר א יאהר. א קליינע טהייל פון דיעזער ריעזיגער סומע מאכט דיא שטאדט פון איהרע אייגענע ביזנעס. זיא האט, צום ביישפיעל, פעררים, דאקס, מארקעטס, וואסער, וועלכע טראגען איהר אריין שעהנע עטליכע מיליאן א יאהר. דיא איבעריגע אבער מוז זיא קריגען דורך צינזען, דורך טעקסעס. דיא איינוואהנער פון דער שטאדט צאהלען דיעזע טעקסעס ענט־וועדער דירעקט אדער אינדירעקט.

עס זיינען דא פערשיעדענע קוועלען, דורך וועלכע דיא שטאדט בעקומט איהרע טעקסעס. דיא צוויי הויפט־קוועלען זיינען „ריעל פראפערטי טעקס" און דער „פוירסאנעל טעקס". איידער מיר געהען ווייטער, וועלען מיר קלאהר מאכען דיא בעדייטונג פון דיעזע צוויי אויסדריקע.

ווען מען רעדט וועגען „פראפערטי" אין בעצוג צו טעק־סעס מיינט מען געוועהנליך ריעל עסטייט. דאס הייסט, אזא אייגענטהום וואס מען קען ניט איבערפיהרען פון איין פלאץ אויף א צווייטען, וויא, צום ביישפיעל, לאנד און הייזער. „פוירר־סאנעל טעקס" איז אן אבצאהלונג אויף דיא גאנצע אייגענטהום

וואס א מענש פערמאָגט: קעש געלד, שערס אין ביזנעס, דזשי־לערי, הויז פאָרניטשור און זאָ ווייטער.

דער ניו יאָרקער טעקס דעפּאַרטמענט גיט זיך אָפּ אין גאַנצען מיט בעשטימען די וועדרע פון די ריעל עסטייט און פון די פערזענליכע אייגענטהום וואס די מענשען פון שטאָדט בעזיצען. נאכדעם וויא זיי ווערען פערטיג מיט דיעזער ארבייט בעשטימט די באָארד אָוו אָלדערמען וויפיעל טעקסעס יעדער פון דיעזע אייגענטהימער זאָל צאָהלען, דאס הייסט, זיא בעשטימט אז יעדער וואס בעזיצט ענטוועדער ריעל עסטייט אדער „פערזענליכע“ אייגענטהום זאָל צאָהלען אַלס טעקס א געוויסען פּראָצענט דערפון. איינקאָלעקטען דיעזען טעקס געהערט שוין צו א צווייטע קערפּערשאַפט, צו דעם קאָנטראָלער און זיינע ארויסהעלפער.

דיעזע ארבייט פון אפּשאַצען יעהרליך די וועדרע פון אזוי פיעל הונדערטע מיליאָנען אייגענטהום איז ניט בלויז א שווערע זאַך, נאר אויך א פעראַנטוואָרטליכע. אַלע גיבען צו, דאס אין דיעזען דעפּאַרטמענט הערשט זעהר פיעל אונעהר־ליכקייטען און פאַלשקייטען. פאר א טהייל דערפון איז דאס פאָלק אליין פעראַנטוואָרטליך, דאס הייסט, די רייכערע קלאַ־סען פון פאָלק וועלכע זיינען די דירעקטע*) צאָהלער פון די טעקסעס, און פאר א טהייל זיינען פעראַנטוואָרטליך די דיע־נער פון פאָלק, די אנגעשטעלטע אין טעקס דעפּאַרטמענט. די „אסעסאָרס“ (שאַצערס) ווערען אונטערגעקויפט און די ציפערען, וואס זיי גיבען אריין, זיינען ניט די ריכטיגע.

דער טעקס דעפּאַרטמענט ווערט געפיהרט פון א באָארד פון זיבען מעמבערס וואס ווערט אַפּאָינטעט פון סיטי מעיאָר. דער מעיאָר בעשטימט אויך ווער פון די זיבען זאָל זיין דער פּרעזידענט פון דער באָארד. דיעזער פּרעזידענט קריעגט אַכט

*) מיר זאגען בלויז דירעקטע, אין דער אמת׳ן אבער ווערען די טעקסעס בעצאָהלט פון פאָלק, פון ארימען פאָלק. פאר יעדען דאָלאר טעקסעס פאר א הויז, וואס דער לענדלאָרד בעצאָהלט, ציהט ער ארויף אויף די רענט נאָך מעהר.

טויזענד דאלאר א יאהר; דיא איבעריגע זיבען קריגען מיט טויזענד דאלאר א יאהר ווענינער. אום בעסער צו פערמיידען גרעפט און קאררופציאן אין דעם דעפארטמענט, איז דא א פונקט אין דעם טשארטער, אז מעהר וויא פינף פון דיא זיבען טארען ניט זיין פון דער זעלבער פאליטישער פארטיי. איינער פון דיא באארד מוז אויך זיין א לאיער, ווייל דעם דעפארטמענט קומט אפט אוים צו האנדלען מיט פראגען, צו וועלכע א בע־קאנטשאפט מיט לאא איז זעהר נויטיג.

דיא באארד אפאינטעט עטליכע און זעכציג דעפוטי טעקס קאמישאנערס און א לאנד מעסטער מיט א געוויסע צאהל אסיסטענטס. דער מעסטער טהיילט איין דיא שטאדט אין קווארטאלען, און מעסט אוים דיא גרוים פון דיא לאטס, וועלכע בעלאנגען צו פערשיעדענע אייגענטהימער. דערנאך ווערט יע־דער פון דיעזע לאטס און פון דיא הייזער, וואס שטעהען אויף דיעזע לאטס בעזוכט פון א דעפיוטי, וועלכער שאצט אפ איהר ווערדע.

דיא דעפיוטי קאמישיאנערס פאנגען אן זייער ארבייט אין שאצען דיא ווערדע פון דיא ריעל עסטייט דעם ערשטען דיענסטאג אין סעפטעמבער. זיי בעטראכטען פערזענליך יע־דע הויז און טרייען צו דערגעהן פון ריעל עסטייט אגענטען וויפיעל דיא פערשיעדענע הייזער זיינען ווערטה. זיי פער־שרייבען דיא ציפערען אין א בוך, און ווען זיי ווערען פערטיג שווערען זיי פאר א נאטארי פאבליק, אז זיי האבען קיין שום פאלשקייט ניט בעגאנגען, אז זיי האבען יעדע הויז און לאט געשאצט עהרליך, אויף וויא וויים זיי האבען נאר געקענט. דער בוך ווערט איבערגעגעבען צו דער באארד אוו קאמישיאנערס.

דיא דעפיוטים מוזען זייער ארבייט ענדיגען בעפאר דעם ערשטען מאנטאג אין אפריל. דריי מאנאטען ווערען פער־בראכט אין אונטערזוכען דיעזע רעפארטס און אין רעווידירען פיעלע פון זיי.

אין דיעזע דריי מאנאטען גרייט דער קאנטראלער אויף צו א רעפארט וועגען דער שטאדט׳ס פינאנציען. ער רעכענט

אוים וויפיעל געלד דיא שטאדט טרעזשורי פערמאגט, וויפיעל איינקונפט זיא וועט האבען פון פערשיעדענע קוועלען אין פערלויף פון יאהר און וויפיעל איהר וועט פעהלען צו דעקען דיא הוצאות פון בודזשעט. דיא צוויי רעפארטס פון דיא באארד אוו טעקסיישאן און פון דעם קאנטראלער, ווערען דעם ערשטען מאנטאג אין דזשולייי אריינגעשיקט צו דער באארד אוו אלדערמען און פון זיי בעשטימט זיא, וואס פאר א טעקס ארויפצולייגען אויף דיא אייגענטהום.

דיא קאמישיאנערס בעשטימען אויף דיא פערזענליכע אייגענטהום וואס דיא איינוואהנער פון שטאדט האבען, דאס הייסט וויפיעל קעש געלד זיי האבען אין דיא בענק, וויפיעל זייערע וואהנונגען זיינען ווערטה, וויפיעל סטאקס און באנדס זיי האבען אין פערשיעדענע ביזנעס און זא ווייטער. דאס צו בעשטימען איז כמעט אונמעגליך. א פרעמדער מענש קען ניט אויסגעפינען וויפיעל איינער פערמאגט און זאכען, וועלכע מענשען קענען פערבעהאלטען. דער פערזענליכער טקס ווערט דארום בעטראכט איינפאך אלס א שפאס. דיא רייכסטע מיליאנערען צאהלען אפט א קלענערען פערזענליכען טעקס וויא מיטעלע גבירים. דיא קאמישיאנערס שאצען טאקי זייער פערמעגען אפ אין גרויסע מיליאנען, אבער זיי קומען אין טעקס דעפארטמענט און שווערען, אז זייער פערמעגען איז פיעל, פיעל קלענער. דיא קאמישיאנערס האבען קיין מעגליכקייט ניט זייער ווארט אפצולייקענען און זיי זיינען געצוואונגען דעם טעקס צו פערקלענערען.

דעם פערזענליכען טעקס צאהלען עהרליך בלויז אלמנות און יתומים פון גרויסע גבירים. זייער געלד איז געוועהנליך אינוועסטעט אין ריעל עסטייט אדער אין רעגיערונגס-באנדס און עס איז זעהר לייכט אויסצוגעפינען ריכטיג וויא גרויס דער קאפיטאל איז. דיא מיליאנערען וואס האנדלען אבער אויף וואלל סטריט, דיא חברה, וועלכע קויפען און פערקויפען סטאקס פאר שווערע מיליאנען, זיי קענען זיך לייכט מאכען וויא קבצנים. זייער געלד פליסט פון איין פלאץ אין א צווייטען, פון

איין געשעפט אין אן אנדערען. מען קען עס קיין מאל ניט אנבאפען און זאגען: אט איז דאס.

דיא טעקס־ביכער ליעגען אפען פאר'ן פובליקום פון צווייטען מאנטאג אין יאנואר ביז אפריל. אין דיעזע דריי מאנאטען קען יעדער געטעקסטער מענש אריינקומען אין אפיס פון טעקס דעפארטמענט אויסגעפינען וויא גרויס זיין טעקס איז און אויב ער האט עטוואס אויסצוזעצען, קען ער זיך מיט זיין קאמפליינט ווענדען צום טעקס קאמישיאנער. אין דיעזע דריי מאנאטען ווארפען דאס דיא פיעלע מיליאנערען אראפ פון זיך דיא פערזענליכע טעקסעס. פון ריעל עסטייט טעקסעס פטור ווערען איז ניט לייכט. דיא דעפיוטי־קאמישיאנערס שאצען געוועהנליך אפ דיא לאטס און דיא הייזער פאר פיעל וועניגער וויא זייער ריכטיגע ווערדע, און דיא לענדלארדס מאכען בעסער א שווייג. זיי ווייסען, אז אויב זיי וועלען נעהמען קאמפליינען און מען וועט מאכען א גענויערע אונטערזוכונג וועלען זיי נאך דארפען צוצאהלען.

דעם 15טען סעפטעמבער ווערן דיא ליסטען מיט דיא טעקסעס ארויסגעשיקט צום טעקס רעסיווער אין דעם קאנטראלער'ס דעפארטמענט. דער סיטי קלוירק מאכט אויס א ווארראנט, אין וועלכען ער שווערט, אז דיא ליסטען זיינען ריכטיגע. דיזער ווארראנט ווערט אונטערגעשריעבען פון דעם פרעזידענט פון דיא באארד אוו אלדערמען און פון דעם סיטי קלוירק. דיעזער ווארראנט גיט עס דעם טעקס רעסיווער דיא געזעצליכע רעכט איינצומאהנען דיא סומען אויף וויפיעל יעדער איז אין דיא ליכטען געטעקסט.

דעם ערשטען אקטאבער פאנגט מען אן דיא טעקסעס צו קאלעקטען. דיא יעניגע, וועלכע בעצאהלען דיא געלד בעפאר דעם ערשטען נאוועמבער, קריגען זעקס פראצענט דיסקאונט. דיא וואס בעצאהלען ניט ביז'ן ערשטען דעצעמבער מוזען, פערקעהרט, צוצאהלען איין פראצענט. דיא וואס שיקען ניט אריין דיא געלד ביז'ן ערשטען יאנואר, מוזען צוצאהלען זיבען פראצענט פאר דיא גאנצע דריי מאנאטען.

דער געזעץ גיט דעם רעסיווער דאס רעכט צוצונעהמען פון דעם לענדלאָרד זיין הויז אדער זיין לאָט, אויב ער איז אויף זיי שולדיג טעקסעס פאר דריי יאהר צייט. דיא שטאָדט מעג דאַן דיעזע פערשולדיגטע ריעל עסטייט פערקויפען אין אָוקשאָן, אפנעהמען פאר זיך דיא טעקס־געלד און דיא איבעריגע אפגע־בען דעם לענדלאָרד. זעהר זעלטען אבער בענוצט זיך דיא שטאָדט מיט דיעזער מאכט. זיא ווארט אָפט פיעל לייגגער וויא דריי יאהר. ווען זיא איז שוין געצוואונגען דיא אייגענטהום צו פערקויפען, פערקויפט זיא עס אויף דער בעדינגונג, דאס דער ערשטער אייגענטהימער זאָל איהר מעגען אויסצאָהלען אין פערלויף פון א געוויסע צאָהל יאהרען. אויף אזוי ווייט טרייט דיא רעגיערונג פאַר'ן הינטערשטעליגען טעקס צאָהלער אז ער זאָל וואס ווייניגער ליידען.

רעליגיעזע און טשאריטי אנשטאַלטען זיינען פריי פון טעקסעס. עס זיינען אין ניו יאָרק דאָ טשוירטשעס, האספיטאלס, קאלעדזשעס, דיספענסעריס, האָומס, א. ז. וו., וועלכע האבען ריעל עסטייט אין דעם ווערטה פון צעהנדליגע מיליאָנען דאלארס און קיין טעקסעס נעהמט מען ביי זיי ניט.

---

## דיא איינקינפטע, הוצאות, חובות, „סינקינג פאָנדס" און טעקסעס פון ניו יאָרק.

דיא פאָלגענדע ציפערען וועלען דעם לעזער געבען א בע־גריעף וויא ריעזיג דיא פינאנצען פון דער ניו יאָרקער שטאָדט־רעגיערונג זיינען:

דיא לאַנד, דיא געביידעס און דיא סטריט פרענטשייזעס פון שטאָדט זיינען פון טעקס דעפּארטמענט אפגעשאצט אין אכט ביליאָן און 100 מיליאָן דאלאר.

דיא יונייטעד סטייטס רעגיערונג האט אין דער שטאָדט ניו יאָרק אייגענטהום פאר איבער 71 מיליאָן.

די לאנד און די הייזער, וואס בעלאנגען צו דער שטאדט רעגירונג זיינען ווערטה איבער 420 מיליאן.

די טשווירטשעס, סקוהלס, האספיטאלס און אנדערע אנשטאלטען, וועלכע צאהלען ניט קיין טעקסעס, זיינען ווערטה איבער 300 מיליאן.

די הוצאות פון דער שטאדט פאר איין יאהר בעטרעפט אן ערך פון 170 מיליאן.

טעקסעס אין ניו יארק ווערט געצאהלט אן ערך $1.70 פאר יעדע הונדערט דאלאר.

ניו יארק האט חובות אויף איבער 600 מיליאן דאלאר.

די ניו יארקער פארקס זיינען ווערטה 501 מיליאן דאלאר.

די געלד, וואס די שטאדט קאלעקטעט איין יעדען יאהר פון דאקס־ רענט, מארקעטס־רענט, רייללראוד און קאר פרענ־טשייזעס, קאורט פיינס, וואסער־רענט, פעררי רענט א. ז. וו. ווערט געברויכט אלס א „סינקינג פאנד" אויסצוצאהלען אלטע חובות און פראצענט אויף חובות. א ספעציעלע „סינקינג פאנד" קאמיטע גיט אויף דיעזע איינקינפטע אכטונג. די קא־מיטע בעשטעהט פון מעיאר, קאנטראלער, טשעמבערליין, דער פרעזידענט פון דער באארד אוו אלדערמען און דער טשערמאן פון דער פינאנץ קאמיטע פון דער באארד אוו אלדערמען.

---

## קאפיטעל 46.

### די סיוויל סערוויס קאמישאן.

די ניו יארקער שטאדט־רעגירונג האט ארום און ארום אן ערך זיעבעציג טויזענד בעאמטע און אנגעשטעלטע. פון די 70 טויזענד ווערען גאר א קליינע צאהל עלעקטעט פון פאלק. די איבעריגע ווערען אפאינטעט פון די העכערע בעאמטע. ווי אזוי, אלזא, ווערען דיעזע אפאינטמענטס געמאכט? ווי

אַזוי, צום ביישפּיעל, קען א בירגער קריגען א שטעלע אין איי־נעם פון דיא פיעלע דעפּאַרטמענטס? וויא אַזוי קען מען קריגען א דזשאַב אַלס פּאָליסמאַן אדער פייערמאַן?

אמאָליגע יאהרען פלעגט מען דיעזע דזשאַבס קריגען אויסשליסליך דורך פּאָליטישען „פּולל“. אויב איינער האט בע־לאַנגט צו דער הערשענדער פּאַרטיי און האט געהאַט ווער עס זאָל פאר איהם א גוט וואָרט זאָגען צום העכערען בעאַמטען, וואס האט דיא אַפּאָינטמענטס געמאַכט, פלעגט ער דיא שטעלע קריגען. אויב ניט, איז פאר איהם קיין האָפנונג ניט געווען.

איצט איז אבער דיעזער איבעל ביז א געוויסען גראַד אב־געשאַפט געוואָרען. אין גאַנצען איז דיא מאַכט פון „פּולל“ נאָך ניט געבראָכען, אבער אַזוי הפקר, וויא אַמאָל, איז עס ניט. דער סטייט האט א געזעץ, אַז אַלע בירגער מוזען קריגען דעם זעלבען טשענס צו בעקומען א רעגיערונגס־שטעלע, און אויס־קלייבען פאר דיא שטעלעס זאָל מען ניט דיא יעניגע, וואס האַ־בען „פּולל“, נאר דיא, וואס בעווייזען, אַז זיי זיינען בעסער געלערנט, מעהר פעהיג דיא שטעלע צו פערנעהמען. צו דיעזען צוועק איז אין אַלע גרויסע שטעדט דאָ א סיוויל סוירוויס קאָ־מישאָן. אין ניו יאָרק בעשטעהט זיא פון דריי פּערזאָן, וועלכע ווערען אַפּאָינטעט פון מעיאָר. דער פּרעזידענט פון דיעזער באָארד בעקומט זעקס טויזענד דאלאר א יאהר; דיא אַנדערע צוויי בעקומען צו פינף טויזענד. דיא קאָמישאָן האט אויך א סעקרעטער און אן אסיסטענט סעקרעטער און א גרויסע צאָהל קלוירקס, וועלכע טהוען דיא טעכנישע אַרבייט.

דיעזע קאָמישאָן שטעהט אין פערבינדונג מיט אַלע שטאָדט־דעפּאַרטמענטס. ווען איינער פון דיעזע דעפּאַרטמענטס דאַרף האבען מענשען, לאָזט ער וויסען דער קאָמישאָן און דיא קאָמישאָן אנאַנסירט, דאס אַלע דיא, וועלכע ווילען פאר דיע־זע שטעלען טרייען, זאָלען זיך צוגרייטען אבצוגעבען אן עקזאַ־מען אין געוויסע פרימעטען, וועלכע פאָדערען זיך צו דער שטעלע. צום ביישפּיעל, דער טענעמענט האוז דעפּאַרטמענט דאַרף האָבען אינספּעקטאָרס. אום צו קענען דיעזע אַרבייט

טהאן ריכטיג, מוזען דיא אנגעשטעלטע וויסען דיא טענעמענט־הויז געזעצע, זיי מוזען אויך פערשטעהן אייניגערמאסען וויא דיא פלאמבינג אין א הויז איז צונויפגעשטעלט; זיי דארפען קענען שרייבען ענגליש, אויסלעגען גוט און צונויפשטעלען זאצען, אום זיי זאלען קענען אריינשיקען רעפארטס וועגען דיא הייזער, וואס מען שיקט זיי אונטערזוכען. אלזא גיט דיא סיוויל סוירוויס קאמישאן דיא אלע קאנדידאטען, וועלכע שלאגען זיך פאר פאר דיעזע ליידיגע דזשאבס, אן עקזאמינייישען אין דיא אלע פרימעטען: שרייבען ענגליש, וויסען די טענעמענט־הויז געזעצע, פערשטעהן דעם געבוי פון א טענעמענט־הויז, חשבון׳ען א. ז. וו. דיא עקזאמינייישאן פייפערס ווערען איבערגעקוקט פון געוויסע עקזאמינערס אין דער סיוויל סוירוויס קאמישאן אין זיי שטעלען אוים דיא נעמען פון דיא ערפאלגרייכע קאנדידאטען אויף א ליסטע. דער וואס קריעגט דעם העכסטען מא־ק, דער וואס האלט אוים דעם עקזאמען אם בעסטען, איז דער ערשטער אויף דער ליסטע; דער וואס קריעגט אביסעל א קלענערען פראצענט איז דער צווייטער און זא ווייטער ביז דעם לעצטען.

דיעזע ליסטע ווערט איבערגעשיקט צום קאמישיאנער פון טענעמענט־האוז דעפארטמענט און ער מוז דיא ליידיגע שטעלעם געבען צו דיא מענשען אויף דער ליסטע, ניט צו קיין אנדערע. און דער וואס שטעהט פריהער אויף דער ליסטע, מוז בעקומען דעם ערשטען טשאנס.

אין גאנצען בעגרענעצט פון דיעזער ליסטע איז ער ניט. דער געזעץ גיט דעם קאמישיאנער דאס רעכט אויסצוקלייבען איינעם פון דיא בעסטע דריי. דאס הייסט, אויב ער דארף אפאינטען איין מענשען, איז ער ניט געצוואונגען צו נעהמען דעם מאן, וועלכער שטעהט דער סאמע ערשטער אויף דער ליסטע. ער מעג פעררופען צו זיך דיא ערשטע דריי אויף דער ליסטע און פון דיא דריי אויסקלייבען דעם איינעם, וועלכער געפעלט איהם אם בעסטען.

דער קאָמישיאָנער האָט אויך דאָס רעכט צו נעהמען דיעזע נייע אנגעשטעלטע אויף א פּראָבע אויף עטליכע וואָכען, און אויב אם ענדע פון דיעזער צייט געפינט ער, דאס טראָץ דעם, וואס זיי זיינען דיא עקזאַמינײשאַנס גוט דורכגעגאנגען, טויגען זיי פאר זיין ארבייט ניט, קען ער זיי ענטזאַגען. ער מוז אבער דאַן ווידער זיך ווענדען צו דער ליסטע און אויסקלייבען פון דאָרטען דיא נייע מענשען. נאכדעם וויא אן אנגעשטעלטער האַלט אויס זיי פּראָבע און דער קאָמישיאָנער נעהמט איהם אַלס א שטענדיגען מענשען, קען ער איהם אָהן א געניגענדער אורזאַכע דערנאָך ניט ענטזאַגען. דארויף גיט שוין דיא סיוויל סוירוויס קאָמישאַן אַכטונג. ענטזאַגטע רעגיערונגס-אנגעשטעלטע קענען זיך אימער ווענדען צו דער קאָמישאַן, זיא זאָל זיך פאר זיי אננעהמען און זיא טהוט עס אויך. ענטזאַגען אזוינע אנגעשטעלטע צוליעב פּאָליטיקס איז איצט ניט לייכט.

ניט אַלע שטאָדט-ארבייטער ווערען אפּאָינטעט אויף דעם דערמאָנטען אופן, דורך סיוויל סוירוויס עקזאַמינײשאַן. פון דיא 70 טויזענד בעאַמטע און אנגעשטעלטע אין דער שטאָדט-פערוואַלטונג שטעהען 28 טויזענד ניט אונטער דער סיוויל סוירוויס קאָמישאַן; די 18 טויזענד סקוהל-טיטשערס ווערען אויסגעקליעבען דורך דיא באָארד אָוו עקזאַמינערס און פון דער באָארד אָוו עדיוקײשאַן. עס זיינען דאָ א 700 אַנדערע, וועלכע ווערען אפּאָינטעט פון דיא פערשיעדענע בעאַמטע אָהן שום עקזאַמינײשאַנס אדער קאָנקורסען. דאס זיינען דיא סעקרעטערע און דיא הויפּט אסיסטענטס און ליוטענאַנטען.

דיא פּראָסטע ארבייטער, וויא, צום ביישפּיעל, סטריט קלינערס, דאָק הענד, פּאַרק אנגעשטעלטע א. ז. וו. ווערען אויך ניט עקזאַמינירט פון סיוויל סוירוויס קאָמישאַן. דיא קאַנדידאַטען ווערען בלויז אונטערזוכט פון דאָקטוירים צי זיי זיינען פיזיש שטאַרק גענוג צו טהאָן דיא ארבייט, פאר וועלכע זיי שלאָגען זיך פּאָר, און זיי ווערען אויך אויסגעפרעגט צי זיי האבען ניט קיין שלעכטע געוואָהנהייטען, צי זיי טרינקען ניט צופיעל, צי זיי זיינען עהרליך א. ז. וו.

עס זיינען דא א קליינע צאהל שטעלעס, אן ערך פון פיער טויזענד, וועלכע ווערען קאנטראלירט פון דער סיוויל סוירוויס קאמישאן, אבער ניט מיט אזא שטרענגקייט, וויא דיא אנדערע שטעלעס. דיא קאנדידאטען מוזען דורכגעהן א געוויסען עקזאמען, אבער נאכדעם וויא זיי געהען דעם עקזאמען דורך, קענען דיא בעאמטע אפאינטען פאר דיא שטעלעס וועמען זיי ווילען, דא איז קיין פראגע ניט ווער עס שטעהט דער ערשטער אויף דער ליסטע און ווער דער לעצטער. צו דיעזע קלאס שטעלען געהערען אזוינע וויא ארויסהעלפער אין האספיטאלס, וועכטערס און דאס גלייכען.

---

## קאפיטעל 47.

## דיא געזעצע וועגען בויען נייע קאר ליינס און סאבוויים.

דיא סטריטען פון דער שטאדט געהערען צו קהל, צו דער רעגיערונג. ווען אימיצער וויל דארטען עפעס בויען אדער מאכען געשעפטען, מוז ער דארויף קריגען דיא ערלויבניס פון דער רעגיערונג. נאטירליך, ווען דיא שטאדט גיט איין מענשען אדער איין קאמפאניע דאס רעכט צו בויען א קאר־ליין אין א געוויסע סטריט, קען א צווייטער שוין דיעזע רעכט ניט האבען. ערשטענס איז עס א פיזישע אונמעגליכקייט; מעהר וויא איין קאר־ליין קען א סטריט ניט האבען; און, צווייטענס, וועט זיך דעם צווייטען ניט לוינען מעהר דאס צו טהאן. אט דיעזע אויסשליסליכע רעכט, אלזא, וואס דיא שטאדט גיט צו געוויסע פערזאנען אדער קאמפאניעס צו בענוצען זיך מיט דיא קהל׳שע סטריטען דארטען צו בויען קארליינס, עלעווייטעד ליינס, סאבוויים, טעלעגראף־סלופעס, געז־פייפס און זא ווייטער, רופט מען „פרענטשייזעס“.

אמאָל פלעגען דיא פרענטשייזעס פון דער שטאָדט ניו יאָרק אין גאַנצען קאָנטראָלירט ווערען פון דער לעדזשיסלייטשור אין אָלבאַני. אין יענע יאהרען האט זיך זעהר גוט געלוינט צו זיי אן אסעמבלימען אדער א סטייט סענאַטאָר. פאר יעדען פרענטשייז פלעגען דיעזע לייטע פון דיא מיליאָנערסקע קאָמפּאַניעס בעקומען טויזענדער דאלארס כאַבאַר. דיא שטאָדט אינטערעסען איז זיי אין זינען ניט געלעגען. ווען עטליכע קאָמפּאַניעס האבע צווישען זיך געקעמפפט פאר א געוויסע „פרענטשייז“, לאָמיר זאָגען, פאר דאס רעכט צו בויען א קאַר־ליין אין אַ געוויסע סטריט, פלעגט יעדע פון זיי אַראָפּשיקען אַ „לאָביאיסט“, אַן אגענט, אין אָלבאַני און דיעזע לאביאיסטס פלעגען זיך זעהן מיט דיא ליעדערס פון דיא פּאָליטישע מאַשינען און פלעגען אנבאָטען יעדער זיין פרייז. דיא קאָמפּאַניע, וואס האט געגעבען מעהר כאַבאַר, האט דעם „פרענטשייז“ בעקומען.

איצט זיינען פיעלע רעפאָרמעס געמאַכט געוואָרען אין דיעזען הינזיכט. דיא קהל'שע סטריטען זיינען שוין ניט אַזוי הפקר וויא אַמאָל. זיי ווערען פיעל מעהר קאָנטראָלירט פון דער שטאָדט רעגיערונג; און דיא הויפט „פרענטשייזעס“ קענען שוין ניט אַוועקגעגעבען ווערען אָהן דיא צושטימונג פון דיא שטאָדט־בעאַמטע, און דיא אַנדערע „פרענטשייזעס“, וועלכע ווערען נאָך קאָנטראָלירט פון דער לעדזשיסלייטשור, קענען אויך ניט אַזוי לייכט פערשאַכערט ווערען. דער סאָציאַליסטישער געדאַנק, אַז דיא רעגיערונג אליין זאָל בויען דיא אַלע נויטיגע זאַכען, דיא קארס, דיא סאָבוויים, דיא געז פלענטס און זאָ ווייטער, וואַקסט און געווינט אַלץ מעהר אנהייננער צווישען עולם, און דיא בעאַמטע וואגען ניט צו מאַכען דיא זעלבע שאַכער־מאַכער־ביזנעס וויא אַמאָל.

דיא קאָנסטיטושאַן פון דער סטייט און דער טשאַרטער פון דער שטאָדט ענטהאַלטען ריעלע וויכטיגע פונקטען וועגען פרענטשייזעס. דאָ וועלען מיר איבערגעבען דיא וויכטיגסטע פון זיי:

1) א „פרענטשייז" מאָר ניט אווּעקגעגעבען ווערען פאַר מעהר וויא 25 יאהר. נאָך דיא 25 יאהר דאַרף מען איבער־אַ־נייעס אפּשאַצען וויפיעל דער פרענטשייז איז ווערטה און אויב דיא קאָמפּאַניע וויל בעצאָהלען דעם פּרייז, קען זיא קריגען דעם פּרענטשייז אויף נאָך 25 יאהר. מעהר אבער ניט.

2) ווען דיא צייט, אויף וועלכער דער פרענטשייז איז אוועקגעגעבען געוואָרען, ענדיגט זיך, דאַרף דיא שטאָדט ענטוועדער דיא גאַנצע אייגענטהום צונעהמען פאַר זיך אומזיסט אדער זיא דאַרף דאפיר בעצאָהלען וויפיעל עס איז ווערטה. עס ווענדט זיך אויף וואס פאַר א בעדינגונגען דער פּרענטשייז איז געגעבען געוואָרען. אויב דיא בעדינגונג איז געווען, דאס דיא אייגענטהום זאָל נאָך דער צייט געהערען צו דער שטאָדט, דאַרף דיא שטאָדט אפּשאַצען וויפיעל דאס איז ווערטה און בעצאָהלען דעם פּרייז.

3) נאכדעם וויא דיא שטאָדט נעהמט איבער אזא פּרענטשייז, קען זיא דערמיט טהאָן וואס זיא וויל. זיא קען עס אליין אפּערירען אדער זיא קען עס אוועקגעבען א פּריוואַט קאָמפּאַניע ליעם אויף א געוויסער צייט.

4) אין יעדען פרענטשייז מוז איינגעשריבען ווערן א פּונקט, דאָס דיא קאָמפּאַניע זאָל דאָס פּאָלק גוט בעהאַנדלען. אויב דער פּרענטשייז איז פאַר א קאר־ליין, דאַרף דאָרטען אויסדריקליך געזאָגט ווערען וויא אָפט דיא קארס מוזען אין דער סטריט לויפען, וויפיעל דיא קאר־פעיר זאָל זיין און אַז דיא קארס מוזען געהאַלטען ווערען אין גוטער אָרדנונג, עס דאַרף דאָרטען אויך אויסגעשריעבען ווערען דייטליך וויא אַזוי דיא קאָמפּאַניע זאָל בעשטראָפט ווערען, אין פאַל זיא פיהרט איהרע פערפּליכטונגען ניט דורך.

5) איידער א פרענטשייז ווערט אוועקגעגעבען מוזען דיא שטאָדט־בעאַמטע אַלע זיינע פּונקטען פערעפענטליכען פאַר'ן עולם. זיי מוזען געדרוקט ווערען 20 טעג אין „סיטי רעקאָרד" און צוויי מאָל אין צוויי טעגליכע צייטונגען (דער מעיאָר בעשטימט אין וועלכע). דיא עקספּענסעס פאַר דיעזע אדווער־

טייזמענטס דארפען גערעקט ווערען פון דער קאָמפּאַניע, וואָס זוכט דעם פרענטשייז צו קריגען.

6) א פרענטשייז טאָר ניט אוועקגעגעבען ווערען אין איי־לעניש. פון דעם טאָג וואס דיא באָארד אָוו עסטימייט נעהמט אויף דיא פראַגע ביז דעם טאָג, וואס זיא שטימט ענדליך אָפּ דעם פרענטשייז אבצוגעבען, מוזען פערלויפען צום וויינינגסטען דרייסיג טעג.

7) דיא שטאָדט בעאַמטע, וועלכע מוזען זייער צושטימונג געבען פאר א „פרענטשייז" איז דיא באָארד אָוו עסטימייט. דיעזע באָארד בעשטעהט פון אכט מיטגליעדער, וועלכע האבען צוזאמען 16 וואוטס. דריי פערטעל פון דיעזע וואוטס זיינען נויטיג דאפיר, אז א פרענטשייז זאָל אוועקגעגעבען ווערען צו א געוויסער קאָמפּאַניע.

8) איידער א פרענטשייז קען בעוויליגט ווערען מוז דער מעיאָר פון דער שטאָדט געבען זיין צושטימונג.

---

## דיא רעפּיד טרענזיט „פרענטשייזעס".

דיא קאר און סאָבוויי פראַגע איז פאר ניו יאָרק געווען דיא שווערסטע צו לייזען זייט דיא לעצטע 25 יאהר. מיר האַבען דאָ קיינמאָל ניט געהאט גענוג קארס און דער עולם איז קיין מאָל ניט צופריעדען געווען מיט דיא קאָרס, וואס ער האט געהאט. דיא לעדזשיסלייטשור האט דורך פערשיעדענע געזעצע געטרייט דיא לאַגע צו פערבעסערען, אבער פאָרלויפיג האט זיך איהר דאָס זעהר וויניג איינגעגעבען.

אין 1891 האט דיא לעדזשיסלייטשור אנגענומען א געזעץ, אז דיא רעגיערונג זאָל אפּאָינטען א באָארד פון רעפּיד־טרענזיט קאָמישיאָנערס, וועלכע זאָל אויסארבייטען פּלענער אויף צו בויען דיא ערשטע סאָבוויי. דיא ערשטע פראַגע איז געווען ווער עס זאָל דיא סאָבוויי בויען: פּריוואַט קאָמפּאַניעס

צו דיא שטאָדט. דיעזע פראַגע איז איבערגעגעבען געוואָרען צו א פאָלקס־אבשטימונג. אין 1894 האבען די בירגער מיט אן אונגעהויער גרויסע מאַיאָריטעט בעשלאָסען, אז דיא שטאָדט אליין זאָל דיא סאָבוויים בויען און זיי האַלטען אלס איהר אייגענטהום. דיעזער בעשלוס איז אבער נאר טהיילווייז דורכגעפיהרט געוואָרען. דיא שטאָדט האט דיא סאָבוויים געבויט. דיא געלד דארויף האט זיא געבאָרגט. נאכדעם וויא אַלעס איז פארטיג געוואָרען האט דיא רעגיערונג בעשלאָסען זיי אוועקצוגעבען אויף ליעס צו א פריוואט־קאָמפּאַניע, וועלכע זאָל בויען טריינס און איינפיקסען סטיישאנס אויף איהרע אייגענע הוצאות. דיא בעדינגונגען פון דיעזען „ליעס" זיינען געווען זעהר גינסטיג פאר דער קליקע מיליאָנערען, וואס האט איהם געקראַגען. דער טערמין פון דעם ליעס איז געווען פופציג יאהר און דיא קאָמפּאַניע האט דאס רעכט ביים ענדע פון דיעזער צייט צו דינגען דיא סאָבוויי אויף נאָך 25 יאהר. דיא שטאָדט וועט אבער דאַן קענען בעטען בעסערע בעדינגונגען. דיא ערשטע פופציג יאהר דאַרף דיא קאָמפּאַניע צאָהלען דער שטאָדט דיא פּראָצענט אויף דיא געלד, וואס עס האט געקאָסט דיא סאָבוויי צו בויען און איין פּראָצענט פון קרן. עס איז אויסגערעכענט געוואָרען, דאס אם ענדע פון דיא פופציג יאהר וועט דיא קאָמפּאַניע אויף אזא אופן אויסצאָהלען דיא גאַנצע געלד, וואס דיא שטאָדט האט אין דער סאָבוויי אריינגעלייגט און דיא שטאָדט וועט דאַן קענען צונעהמען דיא סאָבוויי פאר זיך אָהן א סענט שולדען; זיא וועט נאר דאַרפען דער קאָמפּאַניע בעצאָהלען דיא געלד, וואס זיא, דיא קאָמפּאַניע, האט אין דיא ביזנעס אריינגעלייגט צו בויען דיא טריינס, דיא פּאוער־הייזער, דיא פוירניטשור אויף דיא סטיישאנס און זאָ ווייטער.

ווען דער קאָנטראַקט איז געשלאָסען געוואָרען אין דעם יאהר 1904, האט דער גרויסער עולם ניט בעגריפען אויף וויא ווייט ער איז פון דיא „ליעסערס" בעשווינדעלט געוואָרען. שפּעטער אבער, ווען מען האט איינגעזעהן וואס פאר א אונגעהויער גרויסע פּראָפיטען דיא סאָבוויי מאַכט, איז פון אַלע

זייטען געוואָרען א געשריי. דיא קאָמפּאַניע האָט איינפאַך פאר אומזיסט פון דער שטאָדט געקראגען א גאָלד־מינע. ווען דיא שטאָדט וואָלט אליין דיא סאָבוויי געהאלטען, וואָלט זיא איהרע חובות אויף איהר אויסגעצאָהלט ניט אין פופציג, נאר אין א פינפטעל פון דיעזער צייט, און זיא וואָלט פון איהר דער־נאָך געצויגען מיליאָנען דאלאר פראָפיט יעדען יאהר. מיט דיא געלד וואָלט זיא געקענט בויען נייע סאָבוויס און דער עולם וואָלט ניט געצוואונגען געווען זיך צו שטיקען און דריקען אויף דיא טריינס, וויא עס איז איצט דער פאַל.

דיעזע אונצופריעדענהייט פון עולם מיט דיא אַרט און וויי‍זע וויא אזוי דיא ערשטע סאָבוויי איז פערשאַכערט געוואָ־רען, האט געפיהרט דערצו, דאס דיא לעדזשיסלייטשור האט אין 1909 דיא רעפּיד טרענזיט געזעצע געענדערט. אָט זיינען דיא הויפּט־פּונקטען פון דעם איצטיגען געזעץ:

1) דעם ערשטען שריט אין בויען א נייע קאר־ליין אדער א נייע סאָבוויי מוז נעהמען דיא פּאָבליק סווירוויס קאָמישאָן, א קערפּערשאַפט, וואס ווערט אפּאָינטעט פון גאָווערנאָר. זיא ארבייט אוים דיא פּלענער וואו און וויא אזוי דיא נייע ליינס זאָלען געבויט ווערען און זיא גיט איבער דיא פּלענער צו דער באָארד אָוו עסטימייט.

2) אויב דיעזע באָארד הייסט גוט דיא פּלענער, טרייט דיא קאָמישאָן צו קריגען דיא איינוויליגונג פון דיא לענד־לאָרדס אין דיא סטריטען, וואו דיא קאר־ליין דארף געבויט ווערען. זיא טרייט עס פריהער מיט גוטען. אויב אבער דיא לענדלאָרדס וויליגען מיט גוטען ניט איין, קען זיך דיא קאָמי־שאָן ווענדען צו דער אפּעלייט דיוויזשאָן פון סופּרים קאָורט זיא זאָל דיא לענדלאָרדס צווינגען דאס צו טהאָן. דיא קאָורט איז דיא איינציגע, וואס האט א רעכט דאס צו טהאָן. זיא קען פּסק'ענען, אז דיא אינטערעסען פון דער גאנצער בעפעלקערונג פאָדערען, אז דיא לענדלאָרדס אין דיא געוויסע סטריטען זאָלען ליידען. אמאָל האבען דיא לענדלאָרדס געוויסע טענות; זיי קענען אנווייזען, דאס קאר־ליינס קענען זייער סטריט אוים־

מיידען אדער אז עס וועט גלייכער זיין דיא ליין צו ציהען דורך אן אנדער סטריט. דיא קאורט הערט דיעזע טענות אויס און זיא גיט ארויס איהר פסק.

3) ווען דיא קאמישאן ווערט פארטיג מיט דיא לענד-לארדס, ארבייט זיא אויס דיא איינצעלהייטען פון איהרע פלע-נער און דיא פונקטען וועגען דער ארט און וויייזע, אין וועלכע זיא וויל דיא ליין אדער דיא סאבוויי זאל געבויט ווערען און דאן אדווערטייזט זיא דיעזע פונקטען און מאכט אן אויפרוף צו דיא אלע, וואס ווילען זיך אונטערנעהמען דיא ארבייט צו טהאן, זיי זאלען איינשיקען א סטייטמענט וויפיעל זיי וואל-מען דאפיר פערלאנגט.

4) דיא קאמישאן קען דיא ארבייט איבערגעבען צו וועמען זיא וויל. זיא מוז אבער פריהער קריגען דיא צושטימונג פון דער באארד אוו עסטימייט.

דיא קאמישאן און דיא באארד אוו עסטימייט האבען דאס רעכט צו מאכען א קאנטראקט מיט א פריוואט קאמפאניע, זיא זאל דיא סאבוויי אדער דיא קאר ליין בויען און דערנאך האלטען דיא ביזנעס פאר זיך. אין אזא פאל אבער מוזען דיא פאלגענדע בעדינגונגען אפגעהיט ווערען:

1) דיא פריוואט קאמפאניע קען קריגען א קאנטראקט בלויז אויף צוואנציג יאהר. ביים ענדע פון דיעזער צייט קען דיא שטאדט איהר לאזען האלטען דיא ביזנעס אויף נאך א צייט, אדער זיא קען עס צונעהמען פאר זיך. אין צווייטען פאל מיז דיא שטאדט בעצאהלען דיא געלד וואס דיא קאמפאניע האט אריינגעלייגט אין בויען דיא סאבוויי אדער קאר ליין און 15 פראצענט אויף דיא געלד.

2) אויב דיא שטאדט לאזט דער קאמפאניע דיא ביזנעס האלטען אויף ווייטער, ווערט דאס פעררעכענט אלס א טהייל פון דער בעצאהלונג, און ווען דיא שטאדט נעהמט שפעטער דיא ליין אוועק, מוז זיא דיעזע טהייל אראפרעכענען פון דעם קרן, וואס דיא קאמפאניע האט אין דעם אינוועסטעט.

3) די שטאָדט מוז די גאַנצע צייט, וואס די פּריוואַט קאָמפּאַניע האַלט די ליין, בעקומען א העלפט פון די נעט פּראָפיטען. פריהער רעכענט מען אראָפּ אַלע עקספּענסעס, די טעקסעס, די געלד, וואס ווערט אוועקגעלייגט אַלס רעזערוו, די פּראָצענטען אויף די געלד, וואס די קאָמפּאַניע האט אין די ביזנעס אריינגעלייגט און אויב עס בלייבט נאָך דאן עפּעס איבער, ווערט עס צוטהיילט אין צוויי גלייכע העלפט. איינע נעהמט די קאָמפּאַניע, און די צווייטע—די שטאָדט.

דאס איז גערעדט, אויב די קאָמפּאַניע בויט די סאָב־וויי אדער די קאר־ליין אויף איהרע אייגענע געלד. אויב די קאָמישאָן בעשליסט אבער, אַז די שטאָדט אליין זאָל די ארבייט טהאָן, אַזוי וויא אין דעם פאַל פון דער ערשטער סאָב־וויי, און דערנאָך די ליין אוועקגעבען א פּריוואַט אויף ליעס, מוזען די פאָלגענדע בעדינגונגען אפּגעהיט ווערען:

1) אויב די פּריוואַט קאָמפּאַניע טהוט א טהייל פון דער ארבייט, דאס הייסט, אויב זיא בויט די טריינס און פּוירנישד די סטיישאַנס, דאַן קען די שטאָדט איהר געבען א ליעס אויף צוואַנציג יאהר, אבער ניט לייננער וויא צוואַנציג יאהר.

2) אויב די קאָמפּאַניע לייגט גאר קיין געלד ניט אריין, דאס הייסט, אויב די שטאָדט מאכט אַלעס אליין, קען די קאָמפּאַניע ניט קריגען קיין ליעס אויף מעהר וויא צעהן יאהר.

דאס זיינען די אַלגעמיינע רעפּיד טרענזיט געזעצע. עס זיינען אבער פאַראַן צעהנדליגע איינצעלהייטען, וועלכע זיינען פאר׳ן גרויסען עולם שווער צו פערשטעהן. איינער האט אַמאָל מיט רעכט בעמערקט, אַז עס איז לייכטער א סאָבוויי צו בויען, וויא צו פערשטעהן די געזעצע וועגען בויען א סאָבוויי.

---